

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כודעש-זשורנאַל

■

אָרגאַן פון שרײַבער-פאַרבאַנד פון פססר

■

דערשײַנט פון 1961

■

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע

4

אַפּרעל

1987

# אינהאַלט





■

# דער וועג אין זאַא יאָרהונדערט.
# די סאָוועטישע פּראָגראַם פון א נוקלעארלאָזער וועלט

דעם 15 יאַנוואר 1986 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן די דערקלערונג פונעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון צק קפּסס מ. ס. גאָרבאַטשאָוו. ס'איז שווער איבערצושאַצן איר באַדײַטונג. אין איר איז דאָך פאָר־מולירט די פּראָגראַם וועגן שאַפן ביזן סאָף פונעם איצטיקן יאָרהונדערט א נוקלעארלאָזע וועלט און ליקווידירן אַלע מינים וואָפן פון מאַסן־פאַרניכטונג, אײַנגעשלאָסן דאָס כעמישע וואָפן.

די דאָזיקע דרייסטע איניציאַטיוו פון היסטאָרישן באַדײַט האָט געעפנט א נײַ קאַפּיטל אינעם קאַמף פאַר ליקווידירן די געפאַר פון א נוקלעארער קאַטאַסטראָפע, פאַרן אויסלעבן פון דער מענטשהײַט. קיינמאָל פריִער איז ניט ארויסגעטראָגן געוואָרן אויף דער באַהאַנדלונג פון די רעגירונגען, אפן מישפּעט פון די פעלקער אזא קאָנקרעטע, גראַנדיעזע לויט די מאַסשטאַבן און נאָבעלע לויט די צילן פּראָגראַם. צוזאַמען דערמיט איז איר נײַקייט געוואָרן א דירעקטער ארויסרוף יענער רוטין־פילאָסאָפיע, וועלכע זעט די וועלט ווי אין א צעבראָכענעם שפּיגל, וועלכע פאַרײדיקט אין די צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען דעם פּרינציפּ פון א „גרויסער דובינקע".

דער אימפּעריאַליזם, קווידעמקאָל דער אַמעריקאַנישער, קלאַמערט זיך אקשאָנעסדיק אין דער פּאָליטיק, וואָס האָט שוין אָפּגעלעבט אירע יאָרן. די אָרעמקײַט פונעם אַלטן אויפן פון פּאָליטישן דענקען אַנטפּלעקט זיך אינעם גאַנצן קרײַז פון שאַרפסטע צווישנפעלקערלעכע פּראָבלעמען. דאָס איז — דער באַוואָפענונגס־געיעג און די שטרעבונג צו פאַרשפּרייטן אים אין קאָסמאָס, שאַפן אַלץ נײַע און נײַע מינים געווער פון מאַסן־פאַרניכטונג, נוקלעארע אויספּרוּוון, פאַרשטאַרקן די געווײנלעכע באַוואָפענונגען, צעבלאָזן רעגיאָנעלע קאָנפליקטן. פרעגט זיך: וויפל קאָן מען לעבן מיטן נעכטיקן טאָג, ניט הערן די פאָדערונגען פון מיליאָנען, לײַגן און מאַכן אָן אָנשטעל, אז דאָס אַלץ ווערט קלוימערשט געטאָן לעשעם דעם שאָלעם?

די פּראָגראַם, וועלכע איז ארויסגערוקט געוואָרן אין דער סאָוועטישער דערקלערונג, קלינגט ווי אן אַליאַרם־גלאָק און רופט צו אײַנהיטן דעם שאָלעם, פאַרטיידיקן די ציוויליזאַציע. די דערקלערונג פאַרקערפּערט אין זיך א נײַעם אויפן פון פּאָליטישן דענקען, גייט ארויס פון דעם, אז די הײַנטצײַטיקע וועלט איז א ווידערשפּרעכיקע, אָבער זי איז קעגנזײַטיק אָפּהענגיק, אין א גרויסער מאָס א גאַנצהײַט־לעכע. אין דער נוקלעאַר־קאָסמישער ערע איז נויטווענדיק א קאָנסטרוקטיווע, שעפערישע מיטאַרבעט צווישן מעלוכעס און פעלקער אין די מאַסשטאַבן פון דער גאַנצער פּלאַנעטע. מע דאַרף פאַרמײַדן א נוקלעארע קאַטאַסטראָפע, מע דאַרף שאַפן א מעגלעכקײַט, אז די ציוויליזאַציע זאָל אויסלעבן, מע דאַרף געמײנזאַם, אין די אינטערעסן פון אַלע פעלקער און פון יעדן פאָלק באַזונדער, לייזן די זיך פאַרשאַרפנדיקע אַלגעמײן־מענטשלעכע פּראָבלעמען.

דער XXVII צוזאַמענפאָר פון קפּסס האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט און אָנגענומען די יעסוידעס פון אן אַלץ־ארומכאַפּנדיקער סיסטעם פון צווישנפעלקערלעכער זיכערהײַט. בעטאָך גייט א רייד וועגן א געשמעלץ פון דער פילאָסאָפיע פון פאָרמירן א געפאַרלאָזן שאָלעם מיטן פּלאַן פון קאָנקרעטע און ענערגישע מײַסים פון אונדזער לאַנד אויף דער וועלט־אַרענע.

א באַזונדערע וואָג דער ארויסגערוקטער אין דער דערקלערונג פּראָגראַם גיט צו דער פאַקט, וואָס עס האָט זי פּראָקלאַמירט א גרויסע און מעכטיקע מעלוכע, וועלכע איז בעקויעך צו לייזן באַ־ליביקע וויסנשאַפטלעך־טעכנישע אויפגאַבן. דער מאַטעריעלער און אינטעלעקטועלער פּאָטענציאַל פּר־נעם סאָוועטנפאַרבאַנד גאַראַנטירט די מעגלעכקײַט צו שאַפן באַליביקן וואָפן, אויב מע וועט אונדז צו דעם צווינגען. אויף א גרעסערער, ווי פאַר אַנדערע, געפאַרלאָזיקײַט פּרעטענדירט ניט אונדזער מעלוכע, אויף א קלענערער וועט זי ניט אײַנגיין. אונדזער אידעאַל איז — א וועלט אָן געווער און גוואַלדטאַט. אין דעם זעען מיר דעם אויסדרוק פונעם הומאַניזם פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, אירע נאָבעלע ווערטן.

די לאַגע אין דער וועלט איז נאָך אַלץ א קאָמפּליצירטע און געשפּאַנטע. און ניט געקוקט דערויף דאַרף מען אָפּמערקן, אז פאַר דעם פאַרגאַנגענעם יאָר האָט דער נײַער אויפן פון פּאָליטישן דענקען אָנגעהויבן זיך מאַטעריאַליזירן אין די צווישנפעלקערלעכע באַציִונגען, ער גייט ארײַן אין דער פּראַק־טיק פון דער וועלט־פּאָליטיק. אונדזער פאָלק, אונדזער לאַנד קאָנען מיט רעכט שטאָלצירן, וואָס אין דעם זין איז די וועלט שוין הײַנט ניט אזא, ווי זי איז געווען מיט א יאָר צוריק.

באַם סאָוועטנפאַרבאַנד גייט זיך ניט פאַנאַנדער דאָס וואָרט מיט טאַט. די דערקלערונג האָט געדינט אַלס יעסאָד, אַלס אויסגאַנג־פּונקט פאַר וויכטיקע צווישנפעלקערלעכע אַקציעס פון אונדזער לאַנד, וועלכע העלפן מיט פאַנאַנדערצובינדן א סאַך קאָמפּליצירטע קנופּן אין דער וועלט־פּאָליטיק.

אין דער זעלבער צײַט האָט זי געדינט אַלס מעכטיקער סטימול פאַר אַלע פרידנסליבנדיקע קרעפטן, פאַר די רעאַל דענקענדיקע פּאָליטישע טוער אָנצוהייבן קאָנקרעט באַטראַכטן און לייזן די רײַפגעוואָרענע, ברענענדיקע פּראָבלעמען, וועלכע שטייען פאַר דער צווישנפעלקערלעכער געמיינשאַפט. די הייך, פונוואַנען די וועלט האָט דערזען די רעאַלע פּראָגראַם פון אַ נוקלעאַרלאָזן שאָלעם, איז געוואָרן דער סאָוועטיש־אַמעריקאַנישער צוזאַמענטרעף אויפן העכסטן ניוואָ אין רייקיאַוויק. דאָרט איז פולקום באַשטעטיקט געוואָרן, אַז די דערקלערונג — דאָס איז ניט קיין „אוטאָפּישער לאָזונג”, ניט קיין „טרוים, זאָל זײַן אַ פּרעכטיקער”, ווי עס באַהויפּטעט עמעץ־וועער אויפן מײַרעוו, נאָר אַ דירעקטע ריכט־ליניע צו טאַט, אַ קאָנקרעטער פּלאַן, צו דער רעאַליזירונג פון וועלכן מע קאָן צוטרעטן טייקעף.

אויב די פּשאַ זײַנען געקומען אין דער הויפּט־שטאָט פון איסלאַנד פּאַקטיש מיט ליידיקע הענט, האָט פּסטר אָוועקגעלייגט אויפן אונטערהאַנדלונג־טיש קאָנקרעטע פאָרשלאָגן וועגן סטראַטעגישן וואָפן, וועגן די ראַקעטעס פון מיטלער ווײַטקײַט, איבער פראַגן פון קאָנטראָל, פון אָפּשטעלן די נוקלעאַרע אויספּרוּוון, פון ניט־מיליטאַריזירן דעם קאָסמאָס. דאָס איז געווען אַ שעפערישע אַנטוויקלונג פון די גרונטשטעלן, וועלכע זײַנען פאַרפיקסירט אין דער דערקלערונג פון 15 יאַנואַר 1986. בײַס די ניט־לײַכטע, שאַרפע דיסקוסיעס, אַדאַנק דער בייגעוודיקײַט, וועלכע ס'האָט אַרויסגעוויזן דער סאָוועטישער צד, איז דערוויזן געוואָרן, אַז קעדײַ ליקווידירן די געפאַר, וואָס לויערט איבער דער מענטשהײַט, איז נייטיק אַ גוטער ווילן, ס'איז נייטיק איבערגיין פון וואָרט צו טאַט.

אין רייקיאַוויק האָבן זיך באַשטעטיקט אויך די נעווי־עסדיקע ווערטער אין דער דערקלערונג וועגן דעם, אַז אויפהענגען אַ שלאָס אויף דער לייזונג פון דער קאָסמאָס־פּראָבלעם באַטײַט — ניט וועלן אָפּשטעלן דעם באַוואָפענונג־געיעג אויף דער ערד. דאָס מאָל איז דורכגעלאָזט געוואָרן דער היסטאָרישער שאַנס בלויז דערפאַר, ווײַל די איצטיקע אַדמיניסטראַציע פון פּשאַ, געפינענדיק זיך אין די הענט פונעם קריגס־אינדוסטריעלן קאָמפּלעקס, האָט ניט געוואָלט אָדער איז ניט געווען פעיִק אָפּזאָגן זיך פון דער פאַנטאַזיע וועגן דער סטראַטעגישער שוץ־איניציאַטיוו צוליב אַ רעאַלער אָנטוואָפענונג. מיט דער הילף פון זײַן פּלאַן וועגן „שטערן־מילכאָמעס” סטאַרעט זיך וואַשינגטאָן ווידער דערגרייכן פאַר זיך אַ מיליטערישן פאָרצוג, ברעכן דעם זיך געשאַפענעם מיליטעריש־סטראַטעגישן פּאַריטעט. אַזאַ פּאָזיציע פּאַרט זיך ניט מיט נוקלעאַרער אָנטוואָפענונג.

אַ וויכטיקע באַדײַטונג האָט דער אייראָפּעיִשער אַספּעקט פון דער נוקלעאַרער פּראָבלעם. אונדזער קאָנטינענט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם גרעסטן און אַמערסטן אויפרײַסגעפערלעכן נוקלעאַרן אַרסענאַל אויף דער פּלאַנעטע. באַזונדערע זאָרג רופט אַרויס דאָס דיסלאָצירן אין אַ ריי לענדער פון מײַרעוו־אייראָפּע אַמעריקאַנישע ראַקעטעס פון ערשטן קלאַפּ. קעדײַ איבעררהאַקן אויך אָט דעם גאָרדיִעוו־קנופּ, האָט דער סאָוועטנפאַרבאַנד פאָרגעלייגט, אַלס ערשטן ראַדיקאַלן טראָט, ליקווידירן שוין אויפן ערשטן עטאַפּ פון דער רעאַליזירונג פון דער פּראָגראַם אַלע ראַקעטעס פון מיטלער ווײַטקײַט פון פּשאַ און פּסטר אין דער אייראָפּעיִשער זאָנע.

אין וואַשינגטאָן, און אויך אין אייניקע מײַרעוו־אייראָפּעיִשע הויפּט־שטעט, וואָלט מען געוואָלט צעשלעפּן צוביסלעך דעם פּאַקעט פון די סאָוועטישע פאָרשלאָגן, וועלכער איז אָוועקגעלייגט געוואָרן אויפן אונטערהאַנדלונג־טיש אין דער איסלענדישער הויפּט־שטאָט, אָנעמען פון אים בלויז דאָס, לויט וואָס דער סאָוועטנפאַרבאַנד גייט אײַן אויף האַנאָכעס, ניט געבן אָנשטאָט דעם גאָרניט. נאָך מער, געוויסע קרײַזן אויפן מײַרעוו וואָלטן געוועזן ניט קעגן אָפּגעבן אין אַרכיוו די גרעסטע דערגרייכונג, וועלכע עס שטעלן מיט זיך פאָר די רייקיאַוויקער צונויפגערעדטקײַטן, און עפשער אויך מאַכן אַן אָנשטעל, אַז זיי האָבן ביכלאַל ניט עקזיסטירט. דערבײַ ווערט ווידער צעבלאָזן דער שוין נימעס געוואָרענער מיף וועגן דער „סאָוועטישער מיליטערישער דראָונג”.

די קעגנער פון נוקלעאַרער אָנטוואָפענונג טײַנען, אַז דער סאָוועטנפאַרבאַנד טרעט אַרויס פאַר ליקווידירן דאָס נוקלעאַרע וואָפן בלויז צוליב דעם, קעדײַ גאַראַנטירן פאַר זיך אַ פאָרצוג אויפן געביט פון געוויינלעכע באַוואָפענונגען. אינצווישן האָט דער סאָוועטנפאַרבאַנד צוזאַמען מיט זײַנע פאַרבינדעטע לויטן וואַרשעווער אָפּמאַך נאָך אין יונ פאָריקן יאָר אַרויסגערוקט אַ פאָרשלאָג וועגן אַ קאָמפּלעקסישער און טיפער פאַרקלענערונג פון די באַוואָפנטע קרעפטן און פון געוויינלעכע באַוואָפענונגען אין אייראָפּע, פון דער אַטלאַנטיק ביזן אוראַל. אָבער קיין האַסקאָמע פון די נאַטאָ־לענדער אויף אַ קאָנקרעטער באַהאַנדלונג פון די דאָזיקע פאָרשלאָגן איז נאָך ביז איצט ניט אָנגעקומען.

דער באַשטאַנדטייל פונעם סאָוועטישן אָנטוואָפענונגס־פּלאַן, וועלכער איז אַרויסגערוקט געוואָרן אין דער דערקלערונג פונעם 15 יאַנואַר, איז — פולקום ליקווידירן צום סאָף פונעם יאָרהונדערט דאָס כעמישע וואָפן, איינעם פון די געפערלעכסטע און באַרבאַרישע מיטלען פון מאַסן־פאַרניכטונג. קיין זאַכלעכן ענטפער פונעם מײַרעוו אויף די אָנטשפּרעכיקע קאָנקרעטע פאָרשלאָגן, וועלכע ס'האָבן אַרויסגערוקט דער סאָוועטנפאַרבאַנד, די אַנדערע לענדער פון דער סאָציאַליסטישער געמיינשאַפט, איז אויך דערווײַל ניט באַקומען געוואָרן.

דער נײַער אויפֿן פֿון פּאָליטישן דענקען, אַף וועלכן עס שטיצט זיך די דערקלערונג, באַגעגנט אַף זײַן וועג ניט ווייניק באַריערן. און פֿונדעסטוועגן זײַנען מיר איידעס, ווי אַזוי זי ווערט שוין פֿאַרקערפּערט אין לעבן. אַזוי, לעמאָשל, האָט די קאָנסטרוקטיווע מיטאַרבעט פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד מיט די אַנדערע אָנטיילנעמער פֿון דער שטאָקהאָלמער קאָנפֿערענץ איבער די מיטלען פֿון פֿאַרשטאַרקן דעם צוטרוי, פֿון געפֿאַרלאָזיקײַט און אַנטוואָפֿענונג אין אייראָפּע מיטגעווירקט דערפֿאָלגרײַך צו פֿאַרענדיקן די דאָזיקע קאָנפֿערענץ. די רעזולטאַטן, וועלכע זײַנען דערגרייכט געוואָרן אין שטאָקהאָלם, האָט אונדזער מעלוכע אַקשאָנעסדיק פֿאַרגעלייגט און לייגט פֿאָר צו אַנטוויקלען אין ווין אַף דעם אָרדנטלעכן צוזאַמענטרעף פֿון די פֿאָרשטייער פֿון די מעלוכעס — אָנטיילנעמער פֿון דער אַלאייראָפּעיִשער באַראַטונג.

די אַרויסגערוקטע אין דער דערקלערונג פּראָגראַם האָט אַ שײַכעס ניט נאָר צו די סאָוועטיש-אַמעריקאַנישע באַציִונגען און צו אייראָפּע. זי כאַפּט אַרום די גורלעס פֿון מיליאָנען מענטשן, דערונטער פֿון יענע, וועלכע לעבן אין אַזיע, אַפֿריקע, לאַטײַן-אַמעריקע. די דערקלערונג האָט אַרײַנגעטראָגן אַ וויכטיקן בײַשטײַער אין דער געמיינזאַמער מיט אַלע לענדער זוכונג פֿון אַן אַלגעמיינעם, קאָמפּלעקסישן צוגאַנג און פֿאָרמירונג פֿון אַ סיסטעם פֿון אַ געפֿאַרלאָזן און פֿעסטן שאָלעם. דערצו זײַנען געווען געריכטעט אויך די פֿאָרשלאָגן, וועלכע ס'האָט אַרויסגעזאָגט דער גענעראַל-סעקרעטאַר פֿון צק קפּסס אין וולאַדיוואָסטאָק, וועגן גאַראַנטירן די זיכערהײַט אין אַזאַ וויכטיקן ראַיאָן פֿון דער וועלט, ווי אַזיע און דער באַסיין פֿון שטילן אָקעאַן.

אַ גרויסער טראָט אין דער זאַך פֿון מאַטעריאַליזירן דעם נײַעם אויפֿן פֿון פּאָליטישן דענקען איז די דעלי-דעקלאַראַציע, וועלכע איז אונטערגעשריבן געוואָרן אין נאָיאַבער 1986 בײַסן סאָוועטיש-אינדישן צוזאַמענטרעף אַפֿן העכסטן ניוואָ. אין איר זײַנען פֿאַרפֿיקסירט די פּרינציפּן פֿון אַ פֿרײַען פֿון נוקלעאַרן וואָפֿן און ניט-ווילקירלעכן שאָלעם, פֿון גוואַלדטאַט און סינע, פֿון פֿאַרדאַכט און פּאַכעד.

וועגן דעם, אַז דער נײַער אויפֿן פֿון פּאָליטישן דענקען לייגט זיך דורך אַ וועג אינעם באַוווּסטזײַן פֿון די פֿעלקער, גייט אַרײַן אין דער פּראַקטיק פֿון צווישנפֿעלקערלעכע באַציִונגען, זאָגט איידעס די ווענדונג פֿון די „זעקס מעלוכעס פֿון פֿיר קאָנטינענטן", וועלכע טרעטן אַרויס פֿאַר וואָס גיכער אָפּשטעלן די יאָגעניש פֿון נוקלעאַרע באַוואָפֿענונגען און ניט דערלאָזן אַרויסגיין דעם וואָפֿן אין קאָסמאָס. וועגן דעם זעלבן רעדט אויך דער „כאַראַרער אויפֿרוף" פֿון דער באַוועגונג פֿון ניט-צושטיין צו בלאָקן, אין וועלכן ס'האָט מיט קראַפֿט און קאַטעגאָריש געקלונגען דער רוף צו אָפּשטעלן דעם באַוואָפֿענונגס-געיעג און ליקווידירן דאָס נוקלעאַרע וואָפֿן, צו צונויפֿבינדן דווקא די פּראָבלעמען פֿון אַנטוואָפֿענונג און פֿון אַנטוויקלונג. גראָד אַזוי דאַרף מען אָפּשאַצן אויך דאָס, וואָס די גענעראַל-אַסאַמבלײ פֿון דער אָונאָ האָט באַוויליקט די קאָנצעפּציע פֿון אַן אַלץ-אַרומנעמענדיקער סיסטעם פֿון צווישנפֿעלקערלעכער זיכערהײַט, וועלכע ס'האָט פֿאָרגעשלאָגן אַ גרופּע סאָציאַליסטישע לענדער.

די דערקלערונג פֿונעם 15 יאַנוואַר 1986 איז געווען אַ נײַע קאָנקרעטע אַנטפּלעקונג פֿון דער פֿרידנסליבנדיקער אויסערן-פּאָליטיק פֿון קפּסס, פֿון אונדזער מעלוכע. דאָס סאָוועטישע פֿאָלק האָט הייס באַוויליקט און אונטערגעשטיצט אירע שטעלן. עס זעט אין זיי אַן אָרגאַנישע באַהעפֿטונג פֿון אונדזער אויסערנפּאָליטישן קורס מיט די פּלענער פֿון דער אינערלעכער איבערבויונג, מיט דער פֿאַרשנעלערונג פֿונעם גאַנצן לעבנס-פּראָצעס אין אונדזער געזעלשאַפֿט און איז איבערפֿולט מיט אַ פֿעסטער אַנטשלאָסנקײַט פֿאַרמערן מיט דער אייגענער מי די קראַפֿט און די מעכטיקײַט פֿון אונדזער סאָציאַליסטיש פֿאָטערלאַנד, וואָס איז אַ זיכערע פֿעסטונג פֿאַר דער זאַך פֿון שאָלעם אין דער גאָרער וועלט. איינציִיטיק באַטראַכט אונדזער פֿאָלק דעם פּלאַן פֿון אַנטוואָפֿענונג, וועלכן ס'אַנטהאַלט די דערקלערונג, ווי די העכסטע אַנטפּלעקונג פֿון זײַן אינטערנאַציאָנאַלן כויוו, פֿון דער זאָרג ניט נאָר וועגן דעם לעבן פֿונעם איצטיקן דאָר, נאָר אויך פֿון די קומענדיקע אײַנוווינער אַף דער ערד.

די דערקלערונג פֿונעם גענעראַל-סעקרעטאַר פֿון צק קפּסס איז געמאַכט געוואָרן אין סאַמע אָנהייב פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן שאָלעם-יאָר, וועלכן ס'האָט געמאָלדן די אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַראייניקטע נאַציעס. ווען דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד איז אַרײַנגעטראָטן אין אָט דעם יאָר, האָט אַף זײַנע נוקלעאַרע פּאָליגאָנען שוין פֿינף כאָדאָשים געהערשט שטילקײַט. מיר האָבן פּראָלאָנגירט דעם מאָראַטאָריִום אַף נוקלעאַרע אויפֿרײַסן, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס אַנדערע האָבן פֿאָרגעזעצט צו פֿאַרפֿולקומען דאָס טויט-וואָפֿן. דאָס פּראָלאָנגירן מיצאַד אונדזער לאַנד דעם מאָראַטאָריִום אויך נאָך דעם 1 יאַנוואַר פֿון הײַנטיקס יאָר — ביזן ערשטן אַמעריקאַנישן אויפֿרײַס — איז נאָך איין שאַנס, קעדײ אוועקשטעלן אַן עפֿעקטיוון באַריער אַפֿן וועג פֿון דעם נוקלעאַרן באַוואָפֿענונג-געיעג.

דאָס 1987 יאָר האָט איבערגענומען די עסטאַפֿעט פֿונעם צווישנפֿעלקערלעכן שאָלעם-יאָר. דער סאָוועטנפֿאַרבאַנד וועט אויך ווײַטער קאָנסעקווענט און אײַנגעשפּאַרט קעמפֿן פֿאַר דעם, אַז דער קאָמפּלעקס פֿון די אויסערנפּאָליטישע איניציִאַטיוון, וועלכע זײַנען אַרויסגערוקט געוואָרן אין מ. ס. גאָרבאַטשאָווס דערקלערונג, זאָל פֿאַרקערפּערט ווערן אין לעבן, אַז די מענטשהײַט זאָל באַגעגענען דאָס 2000 יאָר אונטער אַ פֿרידלעכן הימל, זײַענדיק זיכער אין איר צוקונפֿט.

(„פּראַוודאַ", 15 יאַנוואַר 1987)

# 70 יאָר אָקטיאַבער

פון אונדזער ליטעראַטור־אוצר

## נײַע איבערזעצונגען



איסאַק באַבעלס פּיעסע „דער אונטערגאַנג“ (*«Закат»*) איז ביז הײַנט נאָך ווייניק באַוווּסט דעם ברייטן לייענער. אין דער איבערזעצונג אויף ייִדיש ווערט זי פאַרעפנטלעכט דאָס ערשטע מאָל. „אונטערגאַנג“ באַטײַט דאָ דער קראַך פון אַ גאַנצער סאָציאַלער סיסטעם, פון דעם פּאַראַזיטאַרן, קאַפּיטאַליסטישן קלאַס אין צאַרישן רוסלאַנד. דאָס איז אַ פּיעסע פונעם גאָרקי־נוסעך. און מאַקסים גאָרקיס שאַפונג, ווי באַוווּסט, ליגט אין יעסאָד פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם אין דער רוסישער און פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער ליטעראַטור.

אונדזער לייענער, גלייבן מיר, וועט מאַסקים זײַן, אַז די פּיעסע „דער אונטערגאַנג“ האָט פאַרדינט צו דערשײַנען אין דער רובריק „70 יאָר אָקטיאַבער־רעוואָלוציע“.

רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“

## איסאַק באַבעל

# דער אונטערגאַנג

(פּיעסע אין אַכט בילדער)

**פּערזאָנען:**

| | | |
|---|---|---|
| מענדל קריק | — דער אייגנטימער פון אַ טראַנספּאָרט־פירמע | |
| נעכאַמע | — זײַן ווײַב, 60 יאָר אַלט | |
| בעניע | — אַ יונגער פּראַנט, 26 יאָר אַלט | זייערע קינדער |
| ליאָווקע | — אַ קאַוואַלעריסט אין אורלויב, 22 יאָר אַלט | זייערע קינדער |
| דווירע | — אַן אַלטע מויד, 30 יאָר אַלט | זייערע קינדער |
| אַריע־לייב | — אַ שאַמעס אין בעסמעדרעש פון די באַלעגאָלעס, 65 יאָר אַלט | |
| איוואַן פּיאַטירובל | — אַ קאָוואַל, מענדלס פרײַנט, 50 יאָר אַלט | |
| ניקיפאָר | — עלטערער קוטשער בא די קריקס, 50 יאָר אַלט | |
| בען־זכאַריע | — דער ראָוו אויף מאָלדאַוואַנקע, 70 יאָר אַלט | |

פאָמין — צושטעלער, פאָדריאַדטשיק, 40 יאָר אַלט
יעוודאָקיע פאָטאַפּאָווּנע — האַנדלט מיט אויפּעס אויפֿן מאַרק, אַ דיקע זקיינע, אויסגעקרימט אַף
כאַלאָדענקאָ — איין זייט, אַ שיקאָרניצע, 50 יאָר אַלט
מאַרוסיע — איר טאָכטער, 20 יאָר אַלט
ריאַבצאָוו — דער אייגנטימער פון אַ טראַקטיר
מיטיע — קעלנער אין טראַקטיר
מיראָן פּאָפּיאַטניק — שפּילער אַף אַ פּלייט אין ריאַבצאָווס טראַקטיר
מאַדאַם פּאָפּיאַטניק — זיין ווייב
אורוסאָוו — אַן אומלעגאַלער אַדוואָקאַט
סעמיאָן — אַ פּליכטוואַטער פּויער
באָבריניעץ — אַ טומלדיקער ייִד, מאַכט אָן אַ ראָש, באַשער ער איז רייך
ווייַנער — אַ גוויר, אַ שטאַמלער
מאַדאַם ווייַנער — אַ גווירנטע
קלאַשע זובאַריאָוואַ — אַ מערבערעסע פרוי
מעסיע באָיאַרסקי — דער אייגנטימער פונעם גאַלאַנטעריע־געשעפט „שעדעווער"
סיענקע טאָפּון
כאַזן צוויבאַק } — בעניעס פרייַנט
מיראָן
אַ ייִד
קוילעס פונעם טראַקטיר

# ערשטע סצענע

דער עסצימער אין קריקס היים. אַ נידעריקער צימער מיט אַלע סימאָנים פונעם אַלטן בירגערלעכן סטיל. פּאַפּירענע בלומען, קאָמאָדן, אַ גראַמאָפאָן, פּאָרטרעטן פון ראַבאָנים. אין דער זעלבער שורע אַ מישפּאָכע־פּאָטאָ פון די קריקס. געשטאַלטן, ווי פאַרשטיינערטע, מיט אויסגעגלאָצטע אויגן, מיט פּלייצעס, ברייטע ווי שאַפעס.

אין עסצימער איז דער טיש צוגעגרייט פאַר געסט. אויפֿן טיש — פלעשער וויין, קאָנפיטיורן און קיכלעך. דער טיש איז באַדעקט מיט אַ רויטן טישטעך. בעסאַמע קריק פאַרבריט טיי. אין דער זייט, אַף אַ קליין טישל, שטייט אַ סאַמאָוואַר. אין צימער געפינען זיך: די אַלטע נעכאַמע, אַריע־לייב, ליאָווקע אין אַ פּאַראַד־מונדיר פון קאַוואַלעריע. זיין געל הינטל אָן אַ דאַשעק זיצט אויפֿן קאָפּ אַ ביסל קרום, זיין פּאָנעם האָט אַ ציגל־קאָליר, די שינעל — אָנגעוואָרפן אַף די אַקסלען; די קרומע שווערד שלעפּט זיך נאָך אים. בעניע קריק איז אָנגעטאָן אין אַ קאָלירטן אָנצוג, זעט אויס ווי אַ שפּאַניער אַף אַ דאָרפס־פאַרווייַלונג; שטייט פאַרן שפּיגל און בינדט איבער זיין שניפּס.

אַריע־לייב: נו, גוט, ליאָווקע, אויסגעצייכנט. אַריע־לייב, דער שאַדכן פון מאָלדאַוואַנקע און דער שאַמעס פונעם באַלעגאָלע־בעסמעדרעש, ווייסט שוין איצט, וואָס עס איז אַזוינס שנייַדן לאָזעס. צוערשט שנייַדט מען לאָזעס, און דערנאָך שנייַדט מען מענטשן. מאַמעס שפּילן ניט קיין שום ראָליע אין אונדזער לעבן... קלער מיר אָבער אויף, ליאָווקע, פאַרוואָס טאָר ניט אַזאַ קאַוואַלעריסט, ווי דו, פאַרשפּעטיקן פון זיין אורלויב, כאָטש אויף איין וואָך, ביז זיין שוועסטער וועט זיך ניט פאַרזיכערן איר גליק?

ליאָווקע (פּלאַצט פון געלעכטער, אין זיין גראָבער שטים פּילט מען דונער־קלאַנגען): אַף אַ וואָך!.. איר זענט אַ יאָלד שעבעיאָלד, אַריע־לייב. פאַרשפּעטיקן אַף אַ וואָך!.. איין קלייניקייט! קאַוואַלעריע איז אייך ניט קיין פּאָשעטע פּעכאָטע. קאַוואַלעריע קאָן שפּייַען אַף אייַער פּעכאָטע. גענוג, כ׳זאָל פאַרשפּעטיקן אַף איין שאָ, און באַלד פאַרבעט מיך דער וואַכמיסטער צו זיך אין צימער, לאָזט פון מיר אַרויס די געדערעם, און נאָך אַלעמען גיט ער מיך איבער צום מישפּעט. און יעדן קאַוואַלעריסט מישפּעטן דריי גענעראַלן, דריי גענעראַלן מיט מעדאַלן פאַר דער טערקישער מילכאָמע.

אַריע־לייב: דאָס טוען זיי מיט אַלעמען, צי נאָר מיט די ייִדן?

ליאָווקע: אַ ייִד, וואָס האָט זיך געזעצט אַף אַ פערד, האָט אויפגעהערט צו זיין אַ ייִד. ער איז שוין געוואָרן אַ רוס. איר זענט עפּעס אַ טיפּעש, אַריע־לייב! וואָס פאַר אַ שייַכעס האָט עס מיט ייִדן?

אין דער האַלב־אָפענער טיר באַווייַזט זיך דאָס פּאָנעם פון דווירע.

דווירע: מאַמעניו! מע קאָן גיכער פאַרלירן דעם קאָפּ, איידער געפינען עפּעס בא דיר. ווו האָסטו, מאַמעניו, פאַרשטעקט מייַן קלייד?

נ ע כ א מ ע (קוקט ניט אף קײנעם, שעפּטשעט עפּעס אונטער דער נאָז): גיב אַ קוק אין דער קאָמאָדע.

ד וו י ר ע: שױן געקוקט — ניטאָ.

נ ע כ א מ ע: אין שאַפע.

ד וו י ר ע: אין שאַפע איז אױך ניטאָ.

ל י אָ וו ק ע: װאָס פאַר אַ קלײד?

ד וו י ר ע: דאָס גרינע, מיט אַ סטענגע.

ל י אָ וו ק ע: דוכט זיך, אַז דער טאַטעניו האָט עס צוגעלאַקכנט...

האַלב אָנגעטאָן, אַנגעפּודערט, די האָר אַפן קאָפּ פאַרפּלאָכטן, גײט אַרײַן דװוירע אין צימער. הױך געוואַקסן, דיק.

ד וו י ר ע (מיט אַ היכצערן קאָל): אוי, כ'שטאַרב!

ל י אָ וו ק ע (צו דער מאַמען): האָסט זיך אַוועקגעזעצט, קוליגאַנקע אײנע, אַרױסגערעדט פאַר אים, אַז באַיאַרסקי װעט קומען הײַנט זיך אָנקוקן מיט דװוירען. האָסט זיך אַרױסגערעדט. אָנגעמאַכט אַ כאַסענע! פון דער פרי אָן האָב איך אים שױן באַמערקט. האָט אײַנגעשפּאַנט „שלוימע האַמעלעכן" און מושקען, אַפּגעגעסן פּרישטיק, אָנגעזױפּט זיך מיט בראַנפן, װי אַ כאַזער, עפּעס גרינװאָרג געשלײַדערט אַפן װאָגן און באַלד אַרױס פונעם הױף.

ד וו י ר ע: אוי, כ'שטאַרב! (ברעכט אױס מיט אַ געװײן, רײַסט אַראָפּ פון פּענצטער דעם פּאַרהאַנג, טאַפּטשעט אים מיט די פיס און װאַרפט נאָכדעם צו דער אַלטער.) נאַ, קאָנסט עס נעמען!..

נ ע כ א מ ע: נעם אַ מיסע מעשונע! מעג זײַן נאָך אַפילע הײַנט!

דװוירע לױפט אַרױס מיט אַ געװײן. די אַלטע באַהאַלט דעם פּאַרהאַנג אין דער קאָמאָדע.

ב ע נ י ע (פאַרבינדט זײַן האַלדזטוך): איר פאַרשטײט, מײַנע ליבע, דעם טאַטעשי איז אַ שאָד דער נאַדן.

ל י אָ וו ק ע: אַזעלכע פאַרצעפּס דאַרף מען קױלענען אָן אַ כאַלעף!

אַ ר י ע־ל ײ ב: ס'פּאַסט ניט אַזױ צו רעדן װעגן דעם אײגענעם טאַטן.

ל י אָ וו ק ע: טאָ זאָל ער ניט זײַן קײן לאַבוז.

אַ ר י ע־ל ײ ב: דער טאַטע איז דאָך מיט אַ שאַבעס עלטער פון דיר.

ל י אָ וו ק ע: טאָ זאָל ער ניט זײַן קײן גראַבער־יונג.

ב ע נ י ע (שטעקט אַרײַן אין האַלדזטוך אַ פּערל־שפּילקע): מיט אַ יאָר צוריק האָט סיאַמקע מונש געװאָלט נעמען דװוירען, אָבער דעם טאַטעשי, פאַרשטײט איר מיך, איז אַ שאָד געװען דער נאַדן. האָט ער פון סיאַמקעס פאַרצעף אַ בלוטיקע קאַשע געמאַכט און פון אַלע טרעפּ אים אַראָפּגעװאָרפן.

ל י אָ וו ק ע: אַזעלכע פאַרצעפּס דאַרף מען קױלענען אָן אַ כאַלעף!

אַ ר י ע־ל ײ ב: װעגן אַזאַ שאַדכן, װי איך, שטײט אין איבן־עזרא אַזױ געשריבן: „אױב דו, מענטש אײנער, האָסט בעדײַע צו פאַרנעמען זיך מיט ליכט־פּראָדוקציע, טאָ זײַ זיכער, אַז די זון װעט זיך אָפּשטעלן אקוראַט אין סאַמע מיטן פונעם הימל און װעט קײנמאָל ניט פאַרגײן..."

ל י אָ וו ק ע (צו דער מאַמען): דער אַלטער קױלעט אונדז הונדערט מאָל אין טאָג, און דו, מאַמע, שטײסט װי אַ דראַנג. אין יעדער רעגע קאָן דאָך דער כאָסן אַרײַנקומען...

אַ ר י ע־ל ײ ב: װעגן מיר איז אין איבן־עזרא אָנגעשריבן: „זאָל דיר נאָר אײַנפאַלן צו פאַרנעמען זיך מיט נײען טאַכריכים, און דער מענטש װעט טײקעף אופהערן צו שטאַרבן, װעט לעבן לעולם ועד, אָמײן!"

ב ע נ י ע (פאַרבונדן דעם האַלדזטוך, אַראָפּגעװאָרפן פון קאָפּ דאָס קאַלירטע טיכל, װאָס האָט אונטערגעהאַלטן די פּריזור, אָנגעטאָן אַ קורצן פּידזשאַק, אָנגעגאָסן אַ גלעזל בראַנפן): לעכאַים פאַר אַלע אָנװעזנדע!

ל י אָ וו ק ע (מיט אַ גראָב קאָל): לעכאַים, צו געזונט!

אַ ר י ע־ל ײ ב: זאָל זײַן מיט מאַזל!

אין צימער שאַרט זיך אַרײַן מעסיע באַיאַרסקי, אַ קײַלעכדיק לעבעדיק מענטשעלע, פּלאָפּלט אָן אַ סאָף.

ב אַ י אַ ר ס ק י: שאַנאָװאַניע! שאַנאָװאַניע! (שטעלט זיך פאָר.) באַיאַרסקי... אָנגענעם... זײער אָנגענעם... שאַנאָװאַניע...

אַ ר י ע־ל ײ ב: איר האָט געזאָלט זײַן, לײזער, פיר אַזײגער און איצט איז זעקס...

ב אַ י אַ ר ס ק י (זעצט זיך צו, נעמט בײַ דער אַלטער אַ גלאָז טײ): ריבוינעשעלױלעם, מיר װױנען אין אָדעס, און בײַ אונדז אין אָדעס זײַנען פאַראַן אַזױנע קלײַענטן, װאָס רײַסן מאַמעש אַרױס

די נעשאַמע פון אײַך, פונקט אַזוי ווי מע רײַסט אַרויס אַ קערנדל פון דעם טײַטל. ס׳זײַנען פאַראַן גוטע־פרײַנט, וואָס זײַנען גרייט אײַך אופֿצופֿרעסן צוזאַמען מיט אײַער אַנצוג, אָן זאַלץ, מיט איין וואָרט — מיר האָבן אַ וואַגאָן מיט צאָרעס, טויזנט סקאַנדאַלן. פֿרעגט זיך, ווו געפֿינט מען צײַט צו טראַכטן וועגן דעם אייגענעם געזונט? און צו וואָס דאַרף אַ סוכער געזונט? קום באַוויזן אויסצובאָדן זיך אין יאַם, און באַלד צו אײַך געקומען.

אַ ר י ע־ל ײַ ב: איר באָדט זיך אין יאַם, לייזער?

באַ י אַ ר ס ק י: יעדן צווייטן טאָג, ווי אַ זייגער.

אַ ר י ע־ל ײַ ב (צו דער אַלטער): פֿופֿציק קאָפּיקעס מוז מען אויסלייגן פֿאַר יעדער באָד.

באַ י אַ ר ס ק י: ריבוינעשעלוילעם, נאָך פֿאַראַן בא אונדז אין אָדעס יונגער ווײַן, אַ גריכישער מאַרק, פֿאַנקאָני...

אַ ר י ע־ל ײַ ב: הייסט עס, אַז איר, לייזער, זײַט אָן אָפּטער גאַסט בא פֿאַנקאָנין?

באַ י אַ ר ס ק י: יאָ. כ׳גיי אָפּט אַרײַן אין פֿאַנקאָניס צוקערניע.

אַ ר י ע־ל ײַ ב (טריומפֿירנדיק): (צו דער אַלטער.) ער באַזוכט פֿאַנקאָנין! דרײַסיק קאָפּיקעס מוז מען בא פֿאַנקאָנין איבערלאָזן, אויב ניט פֿערציק...

באַ י אַ ר ס ק י: זײַט מיר מויכל, אַריע־לײַב, וואָס איך, כאָטש ייִנגער פֿון אײַך, וועל אײַך איבעררײַסן. פֿאַנקאָני קאָסט מיך טעגלעך אַ רובל און אָפּט אַ רובל מיט 50 קאָפּיקעס.

אַ ר י ע־ל ײַ ב: ווײַזט זיך אַרויס, אַז איר, לייזער, זײַט אָן אויסבערענגער, אַ יִימאַך־שמויניק, איר האָט ניט קיין גלײַכן אין דער וועלט. פֿאַר דרײַסיק רובל לעבט אַ מישפּאָכע, ווו קינדער לערנען זיך אויף פֿידל שפּילן. אייניקע שפּאָרן נאָך אָפּ אַ קאָפּיקע.

אין צימער „שווימט" אַרײַן דווירע, אַנגעטאָן אין אָן אָראַנזש־קאָליר־קלייד. אירע גראָבע פֿיס שטעקן אין געשנורעוועטע שיך.

אַ ר י ע־ל ײַ ב: אָט איז אונדזער ווערע.

באַ י אַ ר ס ק י (רײַסט זיך אויף פֿון שטול): שאַנאָוואַניע! באַיאַרסקי.

ד ווי ר ע (הייזעריק): זייער אָנגענעם.

אַלע זעצן זיך.

ל י אָ וו ק ע: אונדזער ווערע איז היינט אַ ביסל פֿאַרטשאַדעט פֿונעם פּרעסל.

באַ י אַ ר ס ק י: פֿאַרטשאַדעט ווערן פֿונעם פּרעסל קאָן יעדער איינער, אָבער אָן אָרנטלעכער מענטש צו זײַן, דאָס קאָן שוין ניט יעדער איינער.

אַ ר י ע־ל ײַ ב: דרײַסיק רובל כוידעשלעך — דעם הונט אין גאָרגל אַרײַן. לייזער, איר האָט ניט געהאַט קיין רעכט געבוירן צו ווערן.

באַ י אַ ר ס ק י: איך בעט בא אײַך טויזנט מאָל מעכילע, אַריע־לײַב, אָבער וועגן באַיאַרסקין דאַרפֿט איר אַלץ וויסן; באַיאַרסקי אינטערעסירט זיך ניט ביכלאָל מיטן קאַפּיטאַל — קאַפּיטאַל איז אַ גאָרנישט. באַיאַרסקין אינטערעסירט דאָס גליק אַליין. כ׳פֿרעג אײַך, טײַערע, וואָס דרינגט אַרויס פֿונעם פֿאַקט, אַז מײַן פֿירמע פֿאַרקויפֿט אין איין כוידעש הונדערט פֿופֿציק אָנצוגן, פֿלוס צו דעם הויזן מיט אַלע צוגאָבן און מאַנטלען?

אַ ר י ע־ל ײַ ב (צו דער אַלטער): לייגט אַרויף אויף יעדן אָנצוג פֿינף רובל, אויב ניט צען.

באַ י אַ ר ס ק י: וואָס האָב איך פֿון מײַן פֿירמע, ווען מיך אינטערעסירט נאָר דאָס גליק אַליין?

אַ ר י ע־ ל ײַ ב: לייזער, אויף דעם וועל איך אײַך ענטפֿערן: ווי נאָר מיר וועלן, באָרעכהאַשעם, דערפֿירן אונדזער געשעפֿט צו אַ לײַטישן טאַכלעס, אָן שאַרלאַטאַנסטווע, וועט איר זײַן גליקלעך ביז צום טויט, איר זאָלט מיר לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר... דאָס זאָג איך אײַך אַלס שאַמעס, ניט אַלס שאַדכן.

ב ע נ י ע (גיסט אָן ווײַן): זאָלן אונדזערע ווונטשן אויסגעהערט ווערן!

ל י אָ וו ק ע (מיט אַ גראָב קאָל): לאָמיר אַזוי געזונט זײַן!

אַ ר י ע־ל ײַ ב: זאָל זײַן מיט מאַזל!

באַ י אַ ר ס ק י: כ׳האָב גערעדט וועגן פֿאַנקאָנין. הערט אויס, מעסיע קריק, אַ מײַסעלע וועגן אַ ייִדן, אַ כוצפּעניק... כ׳קום היינט אַרײַן צו פֿאַנקאָנין, די צוקערניע איז פֿולגעפּאַקט, ווי, לעהאַווידל, דער בעסמעדרעש אין יאָמקיפּער. מענטשן פֿאַרבײַסן, שפּײַען אויף דער פּאָדלאָגע, דײַגען זיך. איינער האָט אַ דײַגע, ווײַל זײַנע געשעפֿטן זײַנען אים ניט געלונגען, דער צווייטער, ווײַל דעם שאָכן איז טאַקע יאָ געלונגען. דערעכאַגאָוו, איז ניטאָ קיין אָרט, ווו זיך אוועקצוזעצן. אָבער דאָ גייט מיר אַנטקעגן מעסיע שאַפּעלאָן, אַ זייער שיינער פֿראַנצויז... זײַט וויסן, אַז אַ שיינער פֿראַנצויז איז אַ זעלטנהײַט... גייט ער מיר אַנטקעגן און פֿאַרבעט מיך צו זײַן טישל. „מעסיע באַיאַרסקי, — זאָגט ער

צו מיר אויף פּראָנצוויזיש, — כ'שאַנעווע אײַך אַלס פירמע, און וואָס שײַעדער מיר, האָב איך אַן אויסער־געווײַנלעכן ווערטל צו א פוטער".

ל י אָ ו ו ק ע: א ווערטל?

ב אַ י אַ ר ס ק י: געוואַנט. אַן איבערצײַכטער פאַר א פוטער... "א וואונדערבאַרער פוטער־ווערך, — זאָגט ער צו מיר אויף פּראַנצויזיש, — און כ'פאַרבעט אײַך אַלס פירמע "שדעוווער" אויסצוטרינקען מיט מיר צוויי קופלען ביר און פאַרבײַסן מיט צען ראַקעס".

ל י אָ ו ו ק ע: כ'האָב ליב ראַקעס!

א ר י ע־ל ײ ב: זאָג נאָך, אַז דו האָסט ליב זשאַבעס.

ב אַ י אַ ר ס ק י: איר וועט מיר זיכער מוחל זײַן, מעסיע קריק, ווען כ'וועל זאָגן, אַז א ייִד דאַרף ניט ליב האָבן קיין ראַקעס. כ'גיב עס אײַך איבער אַלס מײַן לעבנס־באַמערקונג. א ייִד, וואָס געפינט האַנאַע אין ראַקעס, קאָן זיך באַגיין מיט ווײַבער אויף אַן אויפן, וואָס איז אפילו ניט דערלויבט; ער קאָן דערציילן א פעטן וויץ באַם טיש. און אויב אַזאַ ייִד האָט נאָך קינדער, טאָ וואַקסן זיי אויס הונדערט־פּראָצענטיקע אויסוואורפן און ביליאַרדיסטן. כ'האָב עס אײַך איבערגעגעבן אַלס מײַן לעבנס־באַמערקונג.

איצט הערט אויס א געשיכטע וועגן א ייִד א כוצפעניק.

ב ע נ י ע: באַיאַרסקי!

ב אַ י אַ ר ס ק י: כ'בין דאָ.

ב ע נ י ע: רעכן מיר אויס, באַיאַרסקי, מער־ווייניקער, וויפל קאָן מיך קאָסטן א ווינטער־אַנצוג, פאַרשטייט זיך, פּרימאַ סאָרט.

ב אַ י אַ ר ס ק י: א צוויי־רייַיקער, צי אַן איין־רייַיקער?

ב ע נ י ע: אַן איין־רייַיקער.

ב אַ י אַ ר ס ק י: די פּאָלעס, לויט אײַער ווילן, קײַלעכדיקע, צי שפּיציקע?

ב ע נ י ע: קײַלעכדיקע.

ב אַ י אַ ר ס ק י: פון מײַן, צי פון אײַער געוואַנט?

ב ע נ י ע: פון דײַן געוואַנט.

ב אַ י אַ ר ס ק י: וואָס פאַר א מאַטעריאַל האָט איר בעדייע — ענגלישן, לאָדזשער, אָדער פּאָשעט מאָסקווער?

ב ע נ י ע: וועלכער איז בעסער?

ב אַ י אַ ר ס ק י: ענגלישער געוואַנט, מעסיע קריק, איז א גוטער געוואַנט, לאָדזשער געוואַנט איז ווי א זאַק מיט צייכענונגען, מאָסקווער געוואַנט — א זאַק אָן צייכענונגען.

ב ע נ י ע: נעמען מיר ענגלישן!

ב אַ י אַ ר ס ק י: צוגאָבן — מײַנע צי אײַערע?

ב ע נ י ע: דײַנע.

ב אַ י אַ ר ס ק י: וויפל זאָל עס אײַך קאָסטן?

ב ע נ י ע: און וויפל דאַרף עס מיך קאָסטן?

ב אַ י אַ ר ס ק י (באַגײַסטערט פּלוצלינג מיט א געדאַנק): צום ראַוו, מעסיע קריק, וועלן מיר ניט גיין!

א ר י ע־ל ײ ב: גיין, איר וועט ניט גיין.

ב אַ י אַ ר ס ק י: צום ראַוו וועלן מיר ניט גיין. יאָ, כ'האָב אָנגעהויבן וועגן פּאַנקאָנין...

ס'דערהערט זיך א געדריש פון געקאָוועטע שטיוול. ס'קומט אַרײַן מענדל קריק מיט דער בײַטש אין האַנט, און ניקיפאָר, דער עלטערער קוטשער.

א ר י ע־ל ײ ב (דערשראָקן): זײַט באַקאַנט, מענדל, מיט מעסיע באַיאַרסקין.

ב אַ י אַ ר ס ק י (רײַסט זיך אויף): שאַנאָוואַניע! באַיאַרסקי.

רווישנדיק מיט די געקאָוועטע שטיול און ניט קוקנדיק אויף קיינעם, גייט דער אַלטער דורך דעם צימער, וואַרפט אַוועק די בײַטש, זעצט זיך אַוועק אויף דער קושעטקע און ציט אויס זײַנע לאַנגע, גראָבע פיס. ניקאַמע זעצט זיך צו אויף די קני און ציט אַראָפּ פון אים די שטיוול.

א ר י ע־ל ײ ב (פּאַרהיקעט זיך): מעסיע באַיאַרסקי האָט אונדז דאָ דערציילט וועגן זײַן פירמע. בעמעשער פון איין כוידעש פאַרקויפט ער הונדערט פופציק אַנצוגן.

מ ע נ ד ל: טאָ וואָס זאָגסטו, ניקיפאָר?

נ י ק י פ אָ ר (שפּאַרט זיך אָן אין דער טיר און פאַרקוקט זיך אויף דער סטעליע): איך זאָג, באַלע־באָס, אַז מענטשן לאַכן פון אונדז.

מ ע נ ד ל: פאַרוואָס זשע לאַכן מענטשן פון אונדז?

נ י ק י פ אָ ר: מענטשן טײַנע, אַז בא אײַך אין שטאַל זײַנען פאַראַן טויזנט באַלעבאַטים און זיבן פרײַטיקן אין איין וואָך... נעכטן האָט מען געפירט אין פּאַרט ווייץ. בין איך געלאָפן אין קאַנטאָר געלט

אַפּנעמען, און די פון קאַנטאַר האָבן מיך מעשאַלייער געווען. דאָ איז געווען — זאָגן זיי — דער יונגער באַלעבאָס, בענטשיק, און געהייסן אַפּטראָגן דאָס געלט אין באַנק אַרײַן.

**מענדל:** געהייסן?

**ניקיפאָר:** געהייסן.

**נעכאַמע** (איין שטיול שוין אַראָפּגעצויגן, מענדל דערלאַנגט איר זײַן צווייטן פוס. די אַלטע קוקט מיט סינע, וואַרטשעט דורך די פאַרשטשעמעטע ציין): **זאָלסט דעם מאָרגן ניט דערלעבן, דו פֿײַניקער...**

**מענדל:** טאָ וואָס זאָגסטו, ניקיפאָר?

**ניקיפאָר:** כ'זאָג, אַז ליאָווקע האָט זיך הײַנט גראָב געפֿירט.

**בעניע** (טרינקט ווײַן): **פאַר דעם, עס זאָלן מעקײַעם ווערן אַלע אונדזערע ווונטשן.**

**ליאָווקע:** לעכאַים און צום געזונט!

**ניקיפאָר:** הײַנט האָט מען די קליאַטשע „פרייליין" צום קאָוואַל געבראַכט אונטערקאָווען. פאַלט אַרײַן אין קוזניע ליאָווקע, עפנט דאָס מויל און באַפעלט פּיאַטירובלען דעם שמיד צוקלאַפּן צו די פֿאַדקאָוועס גומי. דאָ קום איך אַרײַן. צי זײַנען מיר פּאַליציאַנטן, אָדער קייסאַרים, ווי, לעמאָשל, ניקאָליי דער צווייטער, אַז מיר זאָלן גומי צו די פאַדקאָוועס צוקלאַפּן? דער באַלעבאָס האָט ניט באַפוילן...

ליאָווקע ווערט רויט ווי אַ בורעק און שרייט: „ווער איז דײַן באַלעבאָס?"
נעכאַמע האָט אַראָפּגעצויגן דעם צווייטן שטיול. מענדל שטייט אויף, שלעפּט אַראָפּ דעם טישטעך פון טיש צו זיך. דאָס טיש־געשיר, די קאָנפיטורן און קיכלעך — אַלץ פאַלט מיט געבראַזג אַראָפּ אויף דער פּאָדלאָגע.

**מענדל:** ווער זשע איז דײַן באַלעבאָס, ניקיפאָר?

**ניקיפאָר** (אומעטיק): **איר זײַט מײַן באַלעבאָס.**

**מענדל:** **און אויב איך בין דײַן באַלעבאָס** (גייט צו צו ניקיפאָרן און כאַפּט אים אָן בײַ די פּאָלעס פון זײַן קאַפטאַן), **און אויב איך בין דײַן באַלעבאָס, טאָ שלאָג יעדן איינעם, וואָס וואָגט אַרי־בערצוטרעטן די שוועל פון מײַן שטאָל, האַק אים דער נעשאָמע, אין די אָדערן, איבער די אויגן...**
(טרייסלט ניקיפאָרן און שטופּט אים אָפּ פון זיך.)

אײַנגעבויגן, שלעפּנדיק די באָרוועסע פיס, גייט מענדל אַדורך דעם צימער ביז צום אַרויסגאַנג, נאָך אים שלעפּט זיך ניקיפאָר.

**נעכאַמע:** זאָלסט ניט דערלעבן דעם פרימאָרגן, דו פֿײַניקער...

**אַריע־לייב:** אויב כ'וועל אײַך זאָגן, לײַזער, אַז דער אַלטער האָט קיין קורסן פון איידעלע פרײַלנס ניט פאַרענדיקט...

**באָיאַרסקי:** וועל איך עס אָנעמען בעמונע, אָן אײַער ערנוואָרט.

**בעניע** (דערלאַנגט די האַנט באָיאַרסקין): **קומט אַרײַן אַן אַנדערס מאָל.**

**באָיאַרסקי:** ריבוינעשעלוילעם, אין אַ מישפּאָכע קאָן אַלץ פּאַסירן. אַמאָל איז הייס, אַמאָל איז קאַלט. שאַנאָוואַניע! שאַנאָוואַניע! כ'וועל אַן אַנדערס מאָל קומען (פאַרשווינדט).

בעניע שטייט אויף, פאַרייכערט אַ פּאַפּיראָס, פאַרוואַרפן איבערן אָרעם דאָס עלעגאַנטע מאַנטל.

**אַריע־לייב:** וועגן אַזאַ שאַדכן, ווי איך, שטייט אין איבן־עזרא אַזוי געשריבן: „זאָל דיר אײַנ־פאַלן צו פאַרנעמען זיך מיט נײַען טאַכריכים..."

**ליאָווקע:** אַזעלכע פאַרצעפּס דאַרף מען אָן אַ כאַלעת קוילענען!

דוווירע וואַרפט זיך אין דעם פּאַטעל און וויינט יאָמערלען

**ליאָווקע.** אַ גוט־מאָרגן! דוווירע פאַלט שוין כאַלאַשעס...

אין צימער קומט אַרײַן ניקיפאָר. בעניע לייגט איבער זײַן מאַנטל אין דער לינקער האַנט, און מיט דער רעכטער פּאַטשט ער ניקיפאָרן.

**בעניע:** שפּאַן אײַן דעם גניאַדן אין דער דראָזשקע.

**ניקיפאָר** (פון דער נאָז רינט אים בלוט): **געגנוג געדינט, מאַכט אַ כעזשבן.**

**בעניע** (גייט צו זייער נאָענט צו ניקיפאָרן און רעדט מיט אַ צערטלעכער שטים): **הײַנט וועסטו מיר אַרויסלאָזן דײַן נעשאָמע, אָן אוונטברויט, טײַערער ניקיפאָר מײַנער!**

# צווייטע סצענע

נאכט. קריקס שלאָפצימער. א בלויער פּאַס פון דער לעוואָנע־שײַן פאַלט אַרײַן דורכן פענצטער. מענדל און נעכאמע ליגן אף א ברייט בעט. זײַנען צוגעדעקט מיט איין קאָלדרע. א גרויע און שמוציקע, מיט צעפּאַטלטע האָר, זיצט נעכאמע אין בעט און וואָרטשעט אָן אויפהער.

**נעכאמע:** בא אנדערע איז ווי בא לײַטן. מע נעמט אָף מיטיק צען פונט פלייש, מע קאָכט א יויך, מיט קאָטלעטן, קאָמפּאָט. דער טאַטע קומט פון דער ארבעט, אלע זעצן זיך צום טיש, מענטשן עסן, מענטשן לאַכן... און בא אונדז? ריבוינעשעלוילעם, ווי שרעקלעך פינצטער איז אין מײַן שטוב!

**מענדל:** לאָז לעבן, נעכאמע, שלאָף!

**נעכאמע:** בעניע, אזא בענטשיק, אזא ליכט אין קאָפּ, איז אָף אזא וועג ארוף. הײַנט איין פּריסטאַוו, מאָרגן א צווייטער פּריסטאַוו... הײַנט האָט מען אָף א שטיקל ברויט, מאָרגן פּאַרקאָווועט מען די פיס אין קייטן.

**מענדל:** לאָז אָפּעטעמען, נעכאמע! שלאָף!

**נעכאמע:** אזא ליאַוועקע. דאָס קינד וועט זיך אומקערן פונעם מיליטער און באלד זיך לאָזן אָף גאזלאָנעס. ווײַל ער האָט דען אן אנדער ברייירע? דער טאַטע איז אן אויסוווּרף. דער טאַטע דערלאָזט ניט צום געשעפט די אייגענע קינדער.

**מענדל:** מאַך נאכט, נעכאמע. שלאָף!

**נעכאמע:** דער ראַוו האָט געזאָגט, ס׳הייסט רעב זכאריע... ס׳וועט קומען א נײַער כוידעש, האָט געזאָגט רעב זכאריע, און כ׳וועל מענדלען ניט ארײַנלאָזן אין בעסמעדרעש. יידן וועלן מער ניט לאָזן.

**מענדל** (וואַרפט פון זיך אראָפּ די קאָלדרע, זעצט זיך אוועק לעבן דער אלטער): **וואָס וועלן מיך דײַנע יידן ניט לאָזן?**

**נעכאמע:** ס׳וועט קומען ראָשכוידעש, האָט געזאָגט רעב זכאריע...

**מענדל:** וואָס וועלן מיך דײַנע יידן ניט לאָזן? און וואָס האָבן מיר דײַנע יידן געגעבן?

**נעכאמע:** זיי וועלן דיך ניט ארײַנלאָזן, ניט ארײַנלאָזן אין בעסמעדרעש.

**מענדל:** געגעבן האָבן מיר די יידן א צעבראָכענע קאָפּיקע. געגעבן דיך, אלטע שקאַפּע, און דעם דאַזיקן קייוועף מיט וואנצן...

**נעכאמע:** און וואָס האָבן דיר די קאצאַפּן געגעבן, וואָס האָבן די קאצאַפּן דיר געגעבן?

**מענדל** (לייגט זיך אנידער): **אוי, ס׳א שקאַפּע אָף מײַן קאָפּ!**

**נעכאמע:** בראַנפן האָבן דיר די קאצאַפּן געגעבן, א פּיסק, פול מיט קלאָפּעס. א ווילדן פּיסק, פונקט ווי בא א הונט. צוויי און זעכציק יאָר אלט, ריבוינעשעלוילעם, און הייס איז ער ווי אן אויוון, געזונט ווי אן אויוון.

**מענדל:** רײַס מיר ארויס די ציין, נעכאמע, גיס ארײַן אין מײַנע אָדערן יידישע יויך, בייג מיר אײַן דעם רוקן.

**נעכאמע:** הייס ווי אן אויוון... ריבוינעשעלוילעם, א בושע פאר מיר! (נעמט איר קישן און לייגט זיך אנידער אף דער ערד, אינמיטן דעם פּאַס לעוואָנע־שײַן. ס׳איז שטיל. אָבער באלד הייבט זי אָן צו וואָרטשען.) פרײַטיקצונאכטס גייען מענטשן ארויס פאר דער שטוב, מענטשן שפּילן זיך מיט זייערע אייניקלעך...

**מענדל:** מאַך שוין נאכט, נעכאמע!

**נעכאמע** (וויינט): **מענטשן שפּילן זיך מיט די אייניקלעך...**

עס קומט ארײַן בעניע אין שלאָף־וועש.

**בעניע:** עפּשער וועט שוין זײַן גענוג אָף הײַנט? ווי מיינט איר, יונגע פּאָר?

מענדל הייבט זיך אויף, קוקט אפּן זון מיט שפּאַנונג.

**בעניע:** עפּשער זאָל איך גיין אין האָטעל זיך אויסשלאָפן?

**מענדל** (שטייט אוף פון בעט. אזוי ווי דער זון, אנגעטאָן אין שלאָף־וועש): **דו... דו האָסט געוואָגט ארײַנצוגיין?!**

**בעניע:** באַצאָלן צוויי רובל, קעדיי זיך אויסצושלאָפן?

**מענדל:** באַנאַכט ביסטו ארײַנגעקומען?

**בעניע:** דאָס איז מײַן מאַמע. דו הערסט, דו — זופניאַק?

דער פאָטער און דער זון שטייען אָנגעשטרענגט איינער אנטקעגן דעם צווייטן.

**מענדל:** באַנאַכט ביסטו ארײַנגעקומען?

# דריטע סצענע

דער טראַקטיר אויפן פּריוואַזני פּלאַץ. ס'איז נאַכט. דער באַלעבאָס פונעם טראַקטיר, ריאַבצאַוו, א שוואַכער און שטרענגער מענטש, לייענט די ביבל. זײַנע פאַרשטויבטע האָר זײַנען צעקעמט אויף ביידע זײַטן פונעם שטערן. אויף דער עסטראַדע זיצט דער שטיל־געהאַרכזאַמער פּלייט־שפּילער מיראַן פּאַפּיאַטניק (פּאַפּולער גערופן „מאַיאָר״). זײַן פּלייט ציט אַרויס א שוואַכן ציטערדיקן ניגון. בא איין טיש שפּילן שוואַרצוואַנציקע און גראָוהאָריקע גריכן אין בייגער־שפּיל מיט סיענקע טאַפּונען — בעניע קריקס פרײַנט. פּאָר סיענקען ליגט אויפן טיש א צעשפּאָלטענע קאַוועניע און א מעסער. ס'שטייט א פלאַש מאַלאַגע־ווײַן. צוויי מאַטראַסן שלאָפן, האַלטנדיק זייערע אײַזערנע אָרעמס אויפן טיש. אין ווײַטן ווינקל ציט זײַן סאָדע־וואַסער דער צושטעלער פּאַמין. די בעגילופנדיקע פּאַטאַפּאַווינע באַמיט זיך אים עפּעס צו דערקלערן. באַם ערשטן טיש שטייט מענדל קריק. ער איז שיקער, צעהיצט, לעבן אים — אורוסאָוו, דער ווינקל־אַדוואָקאַט.

**מענדל** (קלאַפּט מיטן פויסט אין טיש): **ס'איז פינצטער! האַלטסט זיך מאַמעש ווי אין א קיי־ווער, ריאַבצאָוו, אין א שוואַרץ־פינצטערן קייווער!**

מיטיע, דער קעלנער, אַן אַלטיטשקער, מיט גראָוו־זילבערנע האָר, פאַרקעמט אויף א יאַזש, ברענגט צו טראָגן א לאָמפּ און שטעלט אים אַוועק פאַר מענדלען.

**מענדל: כ'האָב געהייסן — אַלע לאָמפּן! און א כאַר האָב איך אויך באַשטעלט! כ'האָב געהייסן אָנצינדן אַלע לאָמפּן אין טראַקטיר.**

**מיטיע: נאַפט אָבער, פאַרשטייסטו, גיט מען אונדז דאָ ניט בעכינעם. באַגרײַף עס.**

**מענדל: ס'איז פינצטער.**

**מיטיע** (צו ריאַבצאָוון): **דער גאַסט וויל מער ליכט.**

**ריאַבצאָוו: א רובל.**

**מיטיע: כ'שרײַב אויס איין רובל.**

**ריאַבצאָוו: איך קוויטיר א רובל.**

**מענדל: אורוסאָוו!**

**אורוסאָוו: כ'בין דאָ.**

**מענדל: וויפל, זאָגסטו, בלוט פליסט אַריבער דורך מײַן האַרץ?**

**אורוסאָוו: בעהעסקעם מיט דער וויסנשאַפט פּאָמפּעט איבער דאָס האַרץ פון א מענטשן אין מעשעך פון איין טאָג צוויי הונדערט פּוד בלוט. אין אַמעריקע דאַקעגן איז מען דערגאַנגען, אַז...**

**מענדל: שטיי, שטיי! און אויב כ'וועל וועלן קיין אַמעריקע פאָרן, וועל איך קאָנען?**

**אורוסאָוו: אַן סאָפעק. זיך אַוועקגעזעצט, און דו פאָרסט...**

פּאַטאַפּאַווינע גייט צו הינקענדיק צום טיש.

**פּאַטאַפּאַווינע: מאַמע טײַערע! מיר פאָרן דאָך, מענדל, ניט קיין אַמעריקע, נאָר קיין בעסאַ־ראַביע, גערטנער צו קויפן.**

**מענדל: זאָגסט, אַז אַוועקגעזעצט זיך, און מע פאָרט?**

**אורוסאָוו: בעהעסקעם מיט דער וויסנשאַפט, פאָרט מען דורך פיר יאַמען: דורכן שוואַרצן יאַם, יאָנישן יאַם, עגעישן און מיטללענדישן יאַם; דורך צוויי אָקעאַנען: דעם אַטלאַנטישן און שטילן.**

**מענדל: האָסט דאָך אויך געזאָגט, אַז א מענטש קאָן אַריבערפליִען דעם יאַם.**

**אורוסאָוו: קאָן.**

**מענדל: און איבער בערג, איבער הויכע בערג קאָן א מענטש פליִען?**

**אורוסאָוו** (אַנטשלאָפן): **קאָן.**

**מענדל** (דריקט מיט די הענט זײַן קודלאַטן קאָפּ): **ס'איז ניטאָ קיין סאָף און ס'איז ניטאָ קיין גרענעץ...** (צו ריאַבצאָוון.) **כ'וועל פאָרן! כ'פאָר קיין בעסאַראַביע.**

**ריאַבצאָוו: און וואָס וועסטו טאָן אין בעסאַראַביע?**

**מענדל: וואָס כ'וועל וועלן, דאָס וועל איך טאָן.**

**ריאַבצאָוו: און וואָס ווילסטו וועלן?**

**מענדל: הער מיך אויס, ריאַבצאָוו, כ'לעב נאָך...**

**ריאַבצאָוו: וואָס פאַר א לעבן, ווען גאָט האָט שוין א ציילעמל אויף דיר אַוועקגעשטעלט.**

**מענדל: ווען האָט עס גאָט אַוועקגעשטעלט אויף מיר א ציילעמל?**

**ריאַבצאָוו: ווי אַלט ביסטו?**

יעפים לאדיזשענסקי. **עסקיזן פון א דעקאָראַציע צו אי. באבעלס פיעסע „דער אונטערגאנג"**





מיכאַל לעווין. עסקיזן צו קאָסטיו־מען צו אי. באבעלס פיעסע „דער אונטערגאַנג": קלאַשע, באַיאַרסקי, בעניע







**אַ קאָל פֿון דער טיף פֿונעם טראַקטיר:** צוויי און זעכציק יאָר האָט אים שוין אויסגעשלאָגן.

**ריאַבצאָוו:** אַזויאַרום, האָט שוין דער אייבערשטער צוויי און זעכציק צײַלעמלעך אױף דיר אָוועקגעשטעלט.

**מענדל:** איך בין דורכגעטריבענער פֿון גאָט אַליין.

**ריאַבצאָוו:** פֿונעם רוסישן גאָט, אָבער ניט פֿונעם ייִדישן.

מיטיע טראָגט אַרײַן נאָך אַ לאָמפּ. עס גייען אַרײַן איינע נאָך די אַנדערע פֿיר פֿעטע און פֿאַרשלאָפֿענע מיידן. יעדע פֿון זיי האַלט אין האַנט אַ ברענענדיקן לאָמפּ. דאָס ליכט באַגיסט מאַמעש דעם טראַקטיר.

**מיטיע:** אָט איז ווי בעשאַס פּייסעך. מיידן, שטעלט אים אַרום, דעם טײַוול, מיט די לאָמפּן!

די מיידן שטעלן די לאָמפּן אויפֿן טיש פֿאַר מענדלען; די שײַן פֿאַלט אױף זײַן רויט פּאָנעם.

**אַ קאָל פֿון דער טיף פֿונעם טראַקטיר:** מיר מאַכן פֿון דער נאַכט טאָג, רעב מענדל?

**מענדל:** ס'איז ניטאָ קיין סאָף.

**פּאָטאַפּאָווגע** (שלעפּט אורוסאָוון פֿאַרן אַרבל): כ'בעט בא אײַך אַ ביסל כעסעד, כאַשעווער הער, טרינקט אויס מיט מיר אַ גלעזל. כ'האַנדל מיט אויפּעס אויפֿן מאַרק, און די פֿויערים וואָלטן מיר טאָמיד געוואָלט אַרײַנדרייען פֿאַראַיאָריקע הינער. מײַן טאַטעניו איז געווען אַ גערטנער, אַ גערטנער שעבעגערטנער. און איך, ווי נאָר אַן עפּלבוים ווערט ווילד ערגעץ, מאַך איך פֿון אים צוריק אַן איידעלן עפּלבוים.

**אַ קאָל פֿון דער טיף פֿונעם טראַקטיר:** פֿון מאָנטיק ווערט אַ זונטיק, רעב מענדל?

**פּאָטאַפּאָווגע** (איר בלוזקע צעעפֿנט זיך אויף אירע פֿעטע בריסטן. דער בראַנפֿן, די היץ און די אייגענע עקזאַלטאַציע פֿאַרשפּאַרן איר דעם אָטעם): מענדל וועט פֿאַרקויפֿן זײַן געשעפֿט. גאָט וועט העלפֿן, און מיר וועלן באַקומען געלט. דעמלט פֿאָרן מיר אַוועק מיט אונדזער טעכטערל, אונדזער טײַבעלע, צו די גערטנער. הערט נאָר אויס, פּאַניע, בלומען פֿון ליפּע־ביימער וועלן זיך שיטן אויף אונדז... מענדעלע, מײַן האַרציקער.

**מענדל** (גייט צו צום בופֿעט): וואָס פֿאַר אַן אויגן האָב איך געהאַט! הער מיך איצט אויס, ריאַבצאָוו. געהאַט האָב איך אויגן, ווי טעלעסקאָפּן, און צו וואָס האָבן זיי מיר געדינט? מײַנע פֿיס זײַנען געווען שנעלער פֿון לאָקאָמאָטיוון, מײַנע פֿיס שפּאַנען איבערן יאַם, און צו וואָס האָב איך זיי באַנוצט? פֿונעם פֿרעס־טיש צום אַפּטריט, פֿונעם אַפּטריט צום פֿרעס־טיש... מיטן פּיסק האָב איך פֿאַד־לאַגעס פֿאַרקערט, אָבער איצט וועל איך גערטנער האָדעווען!

**ריאַבצאָוו:** האָדעווע. ווער לאָזט דיך ניט?

**אַ קאָל פֿונעם טראַקטיר:** ס'וועלן זיך געפֿינען אַזעלכע, וואָס לאָזן ניט, אַז זיי וועלן אָנטרעטן אויפֿן ווײַדל, וועסטו אים ניט אַרויסרײַסן.

**מענדל:** כ'האָב געהייסן זינגען לידער. קלעזמער, אַ מיליטערישן ניגון! רײַס ניט די געדערעם... לעבעדיק! נאַכאַמאָל!

**מיטיע** (צו אורוסאָוון): מעג שוין פּאַמין צוגיין?

**אורוסאָוו:** ס'איז נאָך צײַט. (צום קלעזמער.) שטאַרקער, מאַיאָר!

**אַ קאָל פֿונעם טראַקטיר:** מע דאַרף ניט שטאַרקער, דער כאַר איז געקומען. פּיאַטירובל האָט אים צוגעטאַשטשעט.

עס קומט אַרײַן דער כאָר — בלינדע אין רויטע העמדער. זיי פֿאַרטשעפּען זיך אין די שטיגן, טאַפּן דעם וועג מיט דער הילף פֿון שטעקנס. עס פֿירט זיי פּיאַטירובל, אַ שמיד, אַ קאַלבויניק, מענדלס פֿרײַנט.

**פּיאַטירובל:** פֿון שלאָף האָב איך זיי, די טײַוואָלאָנים, אַרויסגעריסן. „מיר וועלן ניט זינגען, — האָבן זיי געטײַנעט, — נאַכט, — זאָגן זיי, — הערשט אויף דער גאַנצער וועלט, געגנוג זיך אָנגעזונגען..." און ווייסט איר כאַטש, — זאָג איך, — פֿאַר וואָס פֿאַר אַ מענטשן איר שטייט?

**מענדל** (לויפֿט צו צום רעפּרעזענטאַנט, דעם געשטופּלטן הויכן בלינדן): פֿעדיע, כ'פֿאָר קיין בעסאַראַביע.

**בלינדער** (מיט אַ נידעריקן טיפֿן באַס): אַ גליקלעכע רײַזע, באַלעבאָס!

**מענדל:** אַ ליד, פֿעדיע, זינג אַ ליד.

**בלינדער:** עפּשער „דער רומפּולער יאַם", „סלאַוונאָיע מאָריע"?

**מענדל:** אַ ליד.

**בלינדע** (גרייטן צו די גיטאַרעס, הייבן אָן צו זינגען מיט א באַס־שטים):

Славное море — священный Байкал,
Славный корабль — омулевая бочка,
Эй, баргузин, пошевеливай вал:
Плыть молодцу недалечко.

**מענדל** (וואַרפט אין פענצטער א פּוסטע פלאַש): **טראַך!**

**פּיאַטירובל: אַט א יאַט, א מאַמזער!**

**מיטיע** (צו ריאַבצאָוון): **וויפל קאָסט א שויב?**

**ריאַבצאָו: איין רובל.**

**מיטיע: כ׳פאַרשרייב איין רובל.**

**בלינדע** (זינגען):

Долго я тяжкие цепи носил,
Долго скитался в горах Акатуя,
Старый товарищ бежать пособил,
Ожил я, волю почуя...

**מענדל: טראַך!**

**פּיאַטירובל: א שעד, ניט קיין אַלטער!**

**שטימען פונעם טראַקטיר: הוליעט מיט פּאַסאַן!**

**— קיין שום פּאַסאַן — געוויינלעך...**

**— געוויינלעך איז עס ניט. עפּשער איז אים עמעצער געשטאָרבן?**

**— קיינער איז ניט געשטאָרבן. הוליעט געוויינלעך.**

**— אָבער וואָס פאַר א סיבה? פאַרוואָס האָט ער זיך אזוי צעהוליעט?**

**ריאַבצאָו: גיי זוך דאָ א סיבה. איינער האָט געלט — הוליעט ער, א צווייטער האָט ניט קיין געלט — הוליעט ער פאַר אַגמעסנעפעש. אז א מענטש וויל הוליען, איז יעדע סיבע גוט.**

דאָס געזאַנג קלינגט אַלץ שטאַרקער. אין צעקלאַפּטן פענצטער ציטערט א שטערן. די פאַרשלאָפענע מיידן האָבן זיך אויסגעשטעלט בא די טירן, אוועקגעלייגט די הענט אונטער די בריסטן און זיך אָנגעשלאָסן צום כאָר. דער מאַטראָס קאַטשעט זיך אָף די צעקראַטשעטע לאַנגע פיס און זינגט מיט א רייִנער טענאָר־שטים:

Шилка и Нерчинск не страшны теперь,
Горная стража меня не поймала.
В дебрях не тронул прожорливый зверь,
Пуля стрелка миновала...

**פּאַטאַפּאַווונע** (שיקער און גליקלעך): **מענדעניו, מאַמע ליבע, קום, טרינק אויס מיט מיר לעכאַים פאַר אונדזער טעכטערל.**

**פּיאַטירובל: דעם פּאַרטיע פון דער פּאַטשט האָט ער מאַקעס רעצאַך געשלאָגן, און איר מיינט, אז ער איז אַלט. געגאַנוועט האָט ער טעלעגראַפישע סלופּעס, געטראָגן אהיים אָף דער פּלייצע.**

Шел я и ночью и средь бела дня,
Вкруг городов озирался я зорко,
Хлебом кормили крестьянки меня,
Парни снабжали махоркой...

**מענדל: בייג מיר איַין דעם רוקן, נעבאַכמע, גיס אַריַין אין מיַינע אָדערן א ביסל ייִדישע יויך...** (וואַרפט זיך אָף דער פּאָדלאָגע, וואַלגערט זיך, קרעכצט, לאַכט.)

**שטימען פונעם טראַקטיר: פּונקט ווי א העלפאַנד!**

**— כ׳האָב געזען, ווי העלפאַנדן וויינען אויך.**

**— זאָגסט א ליגן, העלפאַנדן וויינען ניט.**

**— כ׳האָב אַמאָל צערייצט א העלפאַנד אין זאָאָלאָגישן גאָרטן.**

**מיטיע,** (צו אורוסאָוו): **מעג שוין פאַמען צוגיין, צי עס איז נאָך ניט צייַט?**

**אורוסאָוו: נאָך ניט צייַט.**

דער כאָר זינגט מיט אַלע קויכעס.

Славное море — священный Байкал,
Славный мой парус — кафтан дыроватый,
Эй, баргузин, пошевеливай вал.
Слышатся грома раскаты...

מיט פריילעך־יאַמערדיקע שטימען זינגען די בלינדע די לעצטע סטראָפעס. גערעדיקט, הייבן זיי זיך אוף פון זייערע ערטער און גייען ארויס ווי לויט א באפעל.

מיטיע: שוין?

סאָליסט: גענוג.

מענדל (אופגעשפרונגען פון דער פאָדלאָגע, טופּעט מיט די פיס): א מיליטער־מארש! קלעזמער, נאָר לעבעדיק!

אורוסאָוו: דער בעסטער מאָמענט.

מיטיע גיט א צייכן פּאָמינען, וואָס זיצט אין ווײַטן ווינקל. פּאָמין לויפט שנעל צו מענדלס טיש.

פּאָמין: אָן אַנגענעמע זיצונג!

אורוסאָוו (צו מענדלען): איצט, מײַן ליבינקער, ווי מע זאָגט, גענוג געהוליעט, אָבער אַרבעטן איז קיינמאָל ניט גענוג. (נעמט ארויס א פארשריבענעם בויגן.) נו, אלזאָ, לייענען?

פּאָמין: אויב ס'איז שוין גענוג צו טאנצן, טאָ קאָן מען לייענען.

אורוסאָוו: איבערלייענען דעם סאכאקל?

פּאָמין: מײַן האסקאָמע אף דעם פאָרשלאָג האָט איר.

מענדל (גלאָצט אויס די אויגן אף פּאָמינען און רוקט זיך אָפּ): כ'האָב דאָך געהייסן זינגען!

פּאָמין: מיר וועלן נאָך זינגען, און הוליען אויך, און ווען דער טויט וועט קומען, וועלן מיר שטארבן.

אורוסאָוו (לייענט זייער ניט דײַטלעך): „אפן סמאך פון די אויבן־אויסגערעכנטע פונקטן, טרעט איך אָפּ וואסילי פּאָמינען אלע מײַנע אייגענע רעכט אף מײַן טראנספּאָרט־פירמע לויט דער בײַגעלייגטער אינווענטאר־רעשימע".

פּיאַטירובל. פּאָמין, וואָלסט כאָטש פארשטאנען, דו פּיאַץ איינער, וואָס פאר א פערד דו באקומסט! די דאָזיקע פערד האָבן 16 מיליאָן פוד ווייץ אריבערגעפירט, א האלבע וועלט קוילן איבערטראנספּאָרטירט. צוזאמען מיט די דאָזיקע פערד נעמסטו בא אונדז צו גאנץ אָדעס...

אורוסאָוו: „...אלץ פאר סאכאקל צוועלף טויזנט רובל, פון וועלכע איין דריטל צאָלט מען אויס באם אונטערשרײַבן דעם דאָזיקן אָפּמאך, דאָס איבעריקע, דאקעגן..."

מענדל (שטרעקט אויס א פינגער אין דער ריכטונג פונעם טערק, וואָס רייכערט אָן כיישעק זײַן ליולקע): און דער אָט דאָרטן קוקט אף מיר ווי א שויפעט.

פּיאַטירובל: ווירקלעך, זיצט ווי א שויפעט... נו, טרינקט! (צו פּאָמינען): ווי כ'גלייב אין גאָט — כ'וואָלט באלד א סאָף מאכן מיט דעם דאָזיקן פארשוין.

פּאָמין: און עפשער ניט...

ריאבצאָוו: מאך זיך ניט נאריש, טיפּעש! דער פארשוין איז א טערק, א הייליקער מענטש.

פּאָטאפּאָוונע: (זשליאָקעט ווײַן פּאמעלעך און לאכט פון צופרידנקײַט): כ'בין דעם טאטנס טאָכטער! מאמעש א קאָפּיע!

פּאָמין: דאָ, מײַן טײַערער, אקוראט דאָ שרײַב אונטער.

פּאָטאפּאָוונע (שלאָגט לײַכט פּאָמינען אין ברוסט): דאָ האלט ער, דאָ האלט וואסקע די פּויטעקע, דאָ האָט ער דאָס געלט!

מענדל: כ'דארף זיך אונטערשרײַבן, זאָגסטו?.. (שארקעט מיט די שטיוול איבערן גאנצן צימער, גייט צו צום טערק און זעצט זיך צו צו אים.) וויפל מיידן האָב איך אין מײַן לעבן געהאַט, מײַן ליבינקער, וויפל גליק געהאט! א הויז אופגעשטעלט און צוויי זין דערצויגן — און אלץ צוזאמען, ליבינקער, איז ווערט צוועלף טויזנט. און דערנאָך קאפּוט — דער מענטש קאָן שוין פייגערן.

דער טערק פארבייגט זיך, לייגט צו די האנט צום הארצן און צום שטערן. מענדל קושט אים אין די ליפּן פאָרזיכטיק און צערטלעך.

פּאָמין (צו פּאָטאפּאָוונען): הייסט עס, אז איך שפּילט א כויזעק מיט מיר?

פּאָטאפּאָוונע: ער וועט זיכער פארקויפן, פּאניע וואסיל, כ'זאָל דאָ אפן אָרט פייגערן, אויב ער וועט ניט פארקויפן!

מענדל (קערט זיך אום, דרייט מיטן קאָפּ): ס'ווילט זיך ברעכן!..

מיטיע: פארשטייט זיך, ס'איבלט. מע דארף באצאָלן!

מ ע נ ד ל: פֿאַשאָל!

מ י ט י ע: נייִן, צוערשט באַצאָל.

מ ע נ ד ל: כ׳וועל דיך האַרגענען.

מ י ט י ע: וועסט באַשטראָפֿט ווערן.

מ ע נ ד ל: גיי אוועק, כ׳וויל שלאָפֿן.

מ י ט י ע: דו באַצאָלסט ניט? מענטשן, כ׳וועל אים באַלד קוילענען.

פּ י אַ ט י ר ו ב ל. וואַרט נאָך אַ ביסל מיטן קוילענען. וויפֿל ציסטו פֿון אים אַרויס פֿאַר אַ פֿלאַש?

מ י ט י ע (צענקאַנטע): כ׳בין אַ בייזער יאַט. כ׳קאָן טאָן אַ ביס...

מענדל וואַרפֿט אַרויס פֿון די קעשענעס געלט, הייבט דערביי ניט אויף די אויגן. די מאַטבייעס קייַקלען זיך אַף דער פּאָדלאָגע. מיטיע פֿויזעט, קלייַבט זיי צונויף. אַ פֿאַרשלאָפֿענע מויד בלאָזט אין די לאָמפּן און פֿאַרלעשט זיי. ס׳ווערט פֿינצטער. מענדל מיטן קאָפּ אַפֿן טיש שלאָפֿט.

פּ אַ מ י ן (צו פּאַטאַפּאַוונען): פֿאַרוואָס פֿאַרלויפֿסטו דעם וועג? וואָס קלאַפּסטו מיט דער צונג, פּאַכעסט מיט איר ווי אַ הונט מיטן ווידל? האָסט קאַליע געמאַכט די גאַנצע סימכע!

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע (ווישט אויס די טרערן פֿון די קנייטשן אַפֿן פּנים): פּאַניע וואַסיל, ס׳איז מיר אַ שאָד מייַן טעכטערל.

פּ אַ מ י ן: זשאַלעוועו עמעצן דאַרף מען אויך קאָנען.

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע. די זשידעס האָבן זיך ווי די לייַז פֿאַרשפּרייט אַרום אונדז.

פּ אַ מ י ן: פֿאַר אַ קלוגן מענטשן איז אַ ייִד ניט קיין געפֿאַר.

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע: פּאַניע וואַסיל, ער וועט אומבאַדינגט פֿאַרקויפֿן. אַ ביסל וועט ער זיך רייַצן, אָבער צום סאָף פֿאַרקויפֿן.

פּ אַ מ י ן (פֿאַמעלעך, אויפֿגעצאַרנט): און טאָמער וועט ער ניט פֿאַרקויפֿן, גיב איך דיר אַ שוווע, דו געמיינע נעווייַלע, אַ שוווע אַף יעזוס קריסטוס, אַף אונדזער אַלמעכטיקן, אַז ווי נאָר מיר וועלן זיך אומקערן אַהיים, וועל איך פֿון דיר רייַסן פּאַסן...

## פֿערטע סצענע

אין פּאַטאַפּאַוונעס מאַנסאַרדע. די אַלטע איז אָנגעטאָן אין אַ נייַ העל קליידל. זיצט אַפֿן פֿענצטער און כאַפּט אַ שמועס מיט איר שכיינע. דורכן פֿענצטער זעט מען דעם פּאַרק און דעם גלאַנציקן יאַם. אַפֿן טיש ליגט אַ פּעקל אָנגעקריפּטע זאַכן: אַ קופּאָן מאַטעריאַל, דאַמען־שיכלעך, אַ זייַדענער רעגן־שירעם.

ד ע ר ש כ יי נ ע ס ק אַ ל: וואָלסט אַמאָל צו אונדז אַרייַנגעקומען... באַווייזן זיך צווישן מענטשן...

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע: יאַ, כ׳וועל קומען.

ד ע ר ש כ יי נ ע ס ק אַ ל: צוועלף יאָר האָבן מיר דאָך האַנט בײַ האַנט אַפֿן מאַרק געהאַנדלט מיט אויפֿעס, און אַט, נאַ דיר — אויס פּאַטאַפּאַוונע.

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע: ס׳באַקומט זיך, אַז איך בין אַף אייביק ניט פֿאַרמישפּעט צו האַנדלען מיט אויפֿעס. ניט באַשערט בלויז זיך צו מוטשען...

ד ע ר ש כ יי נ ע ס ק אַ ל: ווייַזט זיך אַרויס, אַז ניט אַף אייביק.

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע: אַלע וועלן זיכער גרויסע אויגן אַף פּאַטאַפּאַוונען אויסגלאָצן...

ד ע ר ש כ יי נ ע ס ק אַ ל: נאָך וויאַזוי! יעדער איינער וויל געפֿינען זייַן גליק. כאָטש פֿון אונטער דער ערד.

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע (לאַכט און פֿון געלעכטער טרייסלט זיך איר גאַנצער פֿעטער קערפּער): אַזאַ מויד, זעסטו, האָט ניט יעדער איינער.

ד ע ר ש כ יי נ ע ס ק אַ ל: מע זאָגט, אַז זי איז אַ דאַרע.

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע: דאָס פֿלייש בײַ די ביינער, מייַן ליבע, איז דאָס סאַמע בעסטע...

ד ע ר ש כ יי נ ע ס ק אַ ל: מע זאָגט, אַז די זין גראָבן אַ גריבל פֿאַר אייַך.

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע: די מויד וועט זיי אַריבערציִען אַף איר זייַט.

ד ע ר ש כ יי נ ע ס ק אַ ל: געוויס.

פּ אַ ט אַ פּ אַ וו נ ע: ס׳שייַנט, אַז דער אַלטער וועט מייַן מויד ניט פֿאַרלאָזן.

ד ע ר ש כ יי נ ע ס ק אַ ל: ווער רעדט וועגן דעם? אייניקע בילן נאָר. ניט אַלע קאָנען עס באַגרייַפֿן.

פאָטאפאָוונע: פאוואָליע וועלן זיי עס באַגרײַפן. איך אַליין פאַרשטיי. און וואָס רעדט מען וועגן דעם לײַוונט?

דער שכײַנעס קאָל: מע רעדט, אַז דער אַלטער האָט אײַך צוואַנציק אַרשין געשענקט...

פאָטאפאָוונע: פּופּציק!

דער שכײַנעס קאָל: אַ פּאָר שיכעלעך...

פאָטאפאָוונע: דרײַ פּאָר.

דער שכײַנעס קאָל: די אַלטע פאַרליבן זיך אַף טויט.

פאָטאפאָוונע: ס'שײַנט, ניט נאָר אַף האַנדלען מיט אויפּעס זײַנען מיר פאַרמישפּעט.

דער שכײַנעס קאָל: ס'שײַנט ניט פאַרמישפּעט. פאַל צו אונדז אַרײַן. האָסט מיט וואָס זיך צו באַרימען.

פאָטאפאָוונע: כ'וועל קומען. זײַ געזונט, מײַן ליבינקע.

דער שכײַנעס קאָל: זײַ געזונט, טײַערע.

פּאָטאפּאָוונע קריכט אַראָפּ פונעם פענצטער, דריפּטשעט זינגענדיק, עפנט די שאַפע, קריכט אַרויף אַף אַ שטול, קעדיי צו דערלאַנגען די העכערע פּאָליצע, ווו ס'איז שטייט אַ קרוג מיט נאַליווקע. טרינקט, פאַרבײַסט מיט אַ קרעם־רעדל. אין צימער קומט אַרײַן מענדל, אָנגעטאָן יאָמטעוודיק, און מאַרוסיע.

מאַרוסיע (מיט אַ קלינגענדיק קאָל): אָט ווו אונדזער פייגעלע איז אַרופגעקראָכן. לויף שנעל, מאַמע, צו מאַשקען אין קראָם אַרײַן.

פאָטאפאָוונע (קריכט אַראָפּ פון שטול): וואָס זאָל איך קויפן?

מאַרוסיע: קאַוועניעס, אַ פלאַש ווײַן, געריכערטע פיש, פינף שטיק. (צו מענדלען.) גיב איר אַ רובל.

פאָטאפאָוונע: איין רובל איז ווייניק.

מאַרוסיע: מאַך זיך ניט טאַמעוואַטע. ס'וועט זײַן גענוג. עס וועט נאָך בלײַבן אַ רעשט.

פאָטאפאָוונע: ס'וועט זײַן ווייניק.

מאַרוסיע: ס'וועט סטײַען. קום אין אַ שאָ אַרום (שטופּט אַרויס די מאַמע, פאַרמאַכט די טיר אַפן שלאָס.)

פאָטאפאָוונעס קאָל. כ'וועל זיצן פאַרן טויער. אויב ס'וועט נייטיק זײַן — טאָ רוף מיך.

מאַרוסיע: גוט. (וואַרפט אַוועק דעם קאַפּעליוש אַף אַ שטול, צעלאָזט די האָר, פאַרפלעכט דעם גאָלדענעם צאָפּ. מיט אַ שטאַרק קאָל זעצט זי פאָר אַן איבערגעריסענע מײַסע): געקומען אַפן בעסוילעם, גיב איך אַ קוק — שוין איינס אַזייגער. נאָך אַלע לעווײַעס, מע זעט קיינעם ניט, נאָר אין די קוסטעס קושן זיך פּאָרלעך. מײַן טויף־פאָטער האָט אַ שיינעם קייווער — מאַמעש אַ וווּנדער. כ'האָב אַוועקגעשטעלט די קוטיע, די צוויי פלעשער מאַדעראַ־ווײַן, וואָס דו האָסט מיר געגעבן, און באַלד זיך געלאָזט צום פאָטער יאַהאַן. דער פאָטער יאַהאַן איז שוין זייער אַלט; אויגן האָט ער בלויינקע. זיכער קענסטו אים. (מענדל קוקט אַף מאַרוסיען מיט פאַרגעטערונג, ציטערט און שעפּטשעט אַן ענטפער. ס'איז אָבער ניט פאַרשטענדלעך.) דער גאַלעך האָט אַ טפילע געטאָן, און איך האָב אים אָנגעגאָסן אַ גלעזל מאַדעראַ, דאָס גלעזל צוערשט אויסגעווישט מיטן האַנטעך. ער האָט אויסגעטרונקען, כ'האָב נאָכאַמאָל אָנגעגאָסן... (מאַרוסיע האָט פאַרפלאָכטן איר צאָפּ, זיך עק צעלאָזט, זי זעצט זיך אַוועק אַפן בעט, צעשנורעוועט די געלע, הויכע און מאָדנע שיכלעך.) קסיענקע, ווידער, פונקט ווי ס'וואָלט ניט געווען דער קייווער פון איר טאַטן, זיצט אָנגעבלאָזן און באַרויגעז, ווי אַ מויד אַף דער קאַשע, אויסגעמאַליעוועט, אָנגעפּודערט, פּרעסט דעם כאָסן מיט די אויגן. סערגיי איוואַנאָוויטש, ווידער, האַלט אין איין שמירן פאַר מיר קאַנאַפּקעס... זאָג איך, קסיענקען אַפצולאַכעס: „פאַרוואָס, — זאָג איך, — פאַרנעמט איר זיך ניט מיט קסיעניע מאַטווייעוונען, אײַער קאַלע?" געזאָגט, און איך באַמערק קיין... שום רווישעם ניט. דײַן ווײַן האָבן מיר אויסגעזשליאָקעט ביז צום דעק. (מאַרוסיע ציט פון זיך אַראָפּ די שיכלעך און די זאָקן. באָרוועס גייט זי צו צום פענצטער און פאַרציט דעם פאָרהאַנג.) די טויף־מאַמע האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען, באַלד אָבער האָט זי באַקומען ראָזעווע קאַלירן אַפן פּאָנעם. פונקט ווי אַן איידל מיידל שיין געוואָרן; ווונדערלעך שיין... איך האָב אויך אַ ביסל אויסגעטרונקען, און צו סערגיי איוואַנאָוויטשן (מאַרוסיע דעקט אַף די קאָלדרע): — הײַדאַ, געפּאָרן, סערגיי איוואַנאָוויטש, אַפן לאַנזשעראָן זיך באָדן! און ער — הײַדאַ, געפּאָרן! (מאַרוסיע לאַכט הילכיק, ציט אַראָפּ פון זיך דאָס קלייד, דאָס אויסטאָן זיך גייט שווער.) און קסיענקעס פּלייצעס, זעסטו, זײַנען פול מיט פּרישטשעס, און שוין דרײַ יאָר, זינט זי האָט אירע פּיס געוואַשן... דאָ האָט זי איר פּיסק אַף מיר צעעפנט (מאַרוסיעס קלייד איז נאָך ניט אינגאַנצן אַראָפּגעצויגן, פאַרדעקט נאָך איר קאָפּ). — אַז כ'האַלט קלוימערשט פּאַסאָן, אַז כ'בין אויסגערעכנט, כ'בין אַזאַ און אַזעלכע, כ'בין גיריק אַף דעם אַלטנס געלט, אָבער סאַפּקאַלסאַף וועט מען מיר פונעם געלט אָפּזאָגן... כ'בין איר ניט שולדיק געבליבן און אַרויס מיט לאַשן: — ווייסטו וואָס, קסיענקע, זאָג איך, מײַנע הינט, קסיענקע, זאָלסטו בעסער ניט רייצן... סערגיי איוואַנאָוויטש הערט זיך צו צו אונדזער שמועס און פּלאַצט מאַמעש פון

געלעכטער! (מיט א נאקעטער האנט נעמט מארוסיע ארום מענדעלן, ציט פון אים אראָפּ זײַן פּידזשאַק און װאַרפט אװעק אף דער ערד.) נו, קום צו מיר, זאָג עפּעס מאַרוסיענקע...

מ ע נ ד ל: מאַרוסיענקע!

מ אַ ר ו ס י ע: זאָג: מאַרוסיענקע, מײַן ליכטיקע זון!

דער אלטער כריפּעט, ציטערט, מע קאָן ניט אונטערשיידן, צי ער לאַכט, צי ער װיינט.

# פינפטע סצענע

דער בעסמעדרעש פון די באַלעגאָלעס אף מאָלדאַװאַנקע פּריטיקצײַנאַכטס. דער אוילעם דאַװנט. ס'ברענען ליכט, באַם אָמעד שטייט דער כאַזן צוױבאַק אין טאַלעס. אף זײַנע פּיס — הױכע שטיװל. די יידן טײַנען זיך אויס מיטן ריבוינעשעלוילעם, דרייען זיך ארום לענגויס דעם בעסמעדרעש, האַלטן זיך אין איין שאַקלען, שפּײַען. און פּלוצלינג, װי ס'װאָלט אף זיי אראָפּגעפאַלן א בראָכע פון ערגעץ־װוּ, הייבן זיי אָן הילכיק אונטערצוזינגען דעם כאַזן. זייערע קוילעס קלינגען מעשוגענעדיק. אין א װײַלע ארום װערט שטילער. דער אוילעם װאַרטשעט עפּעס אונטער דער נאָז און באַלד נאָכדעם ברעכט ער אויס אפּסניי מיט א קאָל, דאָס מאָל איז דאָס קאָל ענלעך צו א רעװעדיקן אָקס. אין דער טיף פּוינעם בעסמעדרעש זיצן אײַנגעבויגן איבער א בלאַט געמאָרע צװיי אַלטיטשקע יידן — הױכע, דאַרע, מיט הױקערס. זייערע בערד זײַנען געל. דער שאַמעס, אַריע־לייב, שפּאַנט בעקאָװעדיק צװישן די בענק רייען. אף דער ערשטער באַנק זיצט א גראָבער פעטער ייד, זײַנע באַקן זײַנען באַװאַקסן. האַלט צװישן די פּיס א צעניאַריק ייִנגל, שטופּט אים אין די הענט אַרײַן א סידער. אף א באַנק אין דער זײַט זיצט בעניע קריק. הינטער אים זיצט סיענקע טאַפּען. זיי האַלטן זיך, װי זיי װאָלטן ניט געקענט איינער דעם אַנדערן.

כ אַ ז ן (זינגט מיט א נוסעך): לכו נרננה ליי, נדיעה לצור ישענו.

די באַלעגאָלעס כאַפּן אונטער די אינטאָנאַציע, א געװריש פון דאַװנען.

כ אַ ז ן: ארבעים שנע אָקוט בדור ואומר. (שטילערהייט.) אַריע־לייב, שטשורעס!

אַ ר י ע־ל ײ ב: שירו ליי שיר חדש. אוי, זינגט דעם אייבערשטן א נײַע ליד. (גייט צו צו א ייִד, װאָס איז פאַרטיפט אין טפילע.) די פּרײַזן אף היי?

ע ר ש ט ע ר י י ד: געשטיגן.

אַ ר י ע־ל ײ ב: אף װיפל?

ע ר ש ט ע ר י י ד: אף צװיי און פופציק קאָפּיקעס.

אַ ר י ע־ל ײ ב: מירן דערלעבן, װעט זײַן זעכציק.

כ אַ ז ן: לפני יי כי בא לשפוט הארץ... אַריע־לייב, שטשורעס!

אַ ר י ע־ל ײ ב: גענוג געשריגן, שיײַגעץ!

כ אַ ז ן: נאָך איין שטשור און... כ'מאַך א בראָך.

אַ ר י ע־ל ײ ב (װי ס'װאָלט גאָרניט פּאַסירט): לפני יי כי בא, כי בא. אוי, כ'שטיי, כ'שטיי פאַר דעם ריבוינעשעלוילעם... װי האַלט עס מיטן האָבער?

צ װ ײ ט ע ר י י ד (ניט איבערײַסנדיק מיספּאַלעל צו זײַן): איין רובל און פיר, א רובל און פיר...

אַ ר י ע־ל ײ ב: מע קאָן אראָפּ פון זינען!

צ װ ײ ט ע ר י י ד (שאָקלט זיך אַלץ שטאַרקער): ס'װעט דערגיין ביז א רובל און צען.

אַ ר י ע־ל ײ ב: מע קאָן אראָפּ פון זינען! לפני יי כי בא, כי בא...

אַלע דאַװנען. אין דער שטילקייט דערהערט מען איבערגעריסענע טויבלעכע װערטער, מיט װעלכע ס'טוישן זיך אויס בעניע קריק און סיענקע טאַפּען.

ב ע נ י ע (אָנגעבויגן איבערן סידער): נו!

ס י ע נ ק ע (הינטער בעניעס פּלייצעס): ס'איז דאָ א געשעפט.

ב ע נ י ע: ס'איז ניטאָ קיין געשעפט.

ס י ע נ ק ע: א הורט געשעפט.

ב ע נ י ע: װאָס איז דאָ צו נעמען?

ס י ע נ ק ע: גערוואנט.

ב ע נ י ע: א סאך געוואנט?

ס י ע נ ק ע: א סאך.

ב ע נ י ע: א פּאָליצ‍יִאַנט?

ס י ע נ ק ע: קיין פּאָליציִאַנט וועט ניט זײַן...

ב ע נ י ע: דער נאכט־סטאָראָזש?

ס י ע נ ק ע: דער סטאָראָזש איז בלאָטירט.

ב ע נ י ע: די שכיינים?

ס י ע נ ק ע: די שכיינים זײַנען מאסקים צו שלאָפן.

ב ע נ י ע: וואָס ווילסטו האָבן פון דעם געשעפט?

ס י ע נ ק ע: א העלפט.

ב ע נ י ע: אויס געשעפט!

ס י ע נ ק ע: דערלייגסט דעם טאטנס ירושע?

ב ע נ י ע: כ׳דערלייג דעם טאטנס ירושע.

ס י ע נ ק ע: און וויפל גיסטו?

ב ע נ י ע: אויס געשעפט!

ס׳דערהערט זיך א שאָס. דער כאזן צוויבאק האָט דערשאָסן א שטשור, וואָס איז דורכגעלאָפן לעבן אָמעד. די דאוונער גלאָצן אויס די אויגן אפן כאזן. דאָס ייִנגעלע, געהאַלטן פעסט אײַנגעקלאַמערט צווישן די קני פון זײַן טאטן, פּרוּווט זיך ארויסרײַסן. אריע־לייב איז פארגליווערט. זײַן מויל איז ברייט צעעפנט. די מיספּאלעלים האָבן פארריסן זייערע גלײַכגילטיקע פּענעמער.

א ד י ק ע ר פ א ר ש ו י ן (מיט האָריקע באקן): צוויבאק, דאָס איז א כוליגאנישער נומער!

כ א ז ן: לויטן קאָנטראקט, האָב איך געזאָלט דאוונען אין א בעסמעדרעש און ניט אין א מײַז־קאמער. (באקוקט דעם רעוואָלווער, ווארפט ארויס די הילזע.)

א ר י ע־ל יי ב: אוי, א לאָבוז, אוי, א כאם!

כ א ז ן (ווײַזט מיטן רעוואָלווער אף דעם דערשאָסענעם שטשור): כאפּט א קוק אפן שטשור, ייִדן! רופט צונויף מענטשן. זאָלן די מענטשן זאָגן, אז דאָס איז ניט קיין בעהיימע...

א ר י ע־ל יי ב: לאָבוז! לאָבוז! לאָבוז!!

כ א ז ן (קאלטבלוטיק): גענוג מיט די שטשורעס!

פארהילט ארום זיך דעם טאלעס, לייגט צו צום אויער דעם קאמערטאָן. דאָס ייִנגל האָט זיך, ענדלעך, ארויסגעריסן פון דעם טאטנס קני, א שפרונג געטאָן צו דער הילזע, אופגעהויבן און געמאכט פּלייטע.

ע ר ש ט ע ר י יִ ד: א גאנצן טאָג יאָגט זיך א מענטש נאָך א קאָפּיקע. געקומען אין בעסמע־דרעש כאפּן א שטיקל פארגעניגן און — נא דיר!

א ר י ע־ל יי ב (ריטשעט מאמעש): ייִדן, ער איז א שארלאטאן! ייִדן, איר ווייסט לעגאמרע ניט, וואָס עס קומט דאָ פאָר! די ארענדארן גיבן דעם לאָבוז צען רובל מער... גיי צו די ארענדארן, לאָבוז איינער! קוש זיי דאָרטן, ווו דו באדארפסט זיי קושן!

ס י ע נ ק ע (קלאפּט מיט דער פויסט אין סידער): זאָל זײַן שטיל! געפונען א פּאסיק אָרט צו מאכן א יאריד...

כ א ז ן (פײַערלעך): מזמור לדוד!

אלע דאוונען.

ב ע נ י ע: נו?

ס י ע נ ק ע: פאראן מענטשן.

ב ע נ י ע: וואָס פאר א מענטשן?

ס י ע נ ק ע: גרוזינער.

ב ע נ י ע: מיט געווער?

ס י ע נ ק ע: מיט געווער.

ב ע נ י ע: פונוואנען זיך גענומען?

ס י ע נ ק ע: וווינען לעבן אײַער קוינע.

ב ע נ י ע: וועלכער קוינע?

ס י ע נ ק ע: וואָס קויפט אײַער געשעפט.

ב ע נ י ע: וואָס פאר א געשעפט?

ס י ע נ ק ע: אײַער געשעפט — פּלאָטפאָרמעס, דאָס הויז, דעם גאַנצן טראַנספּאָרט.

ב ע נ י ע (דרייט זיך אויס): ביסט מעשוגע?

ס י ע נ ק ע: ר'האָט אַליין געזאָגט.

ב ע נ י ע: ווער געזאָגט?

ס י ע נ ק ע: מענדל האָט געזאָגט, דײַן טאַטע... פֿאָרט מיט מאַרוסקען קיין בעסאַראַביע, גערטנער קויפֿן.

א טפּילע־גערויש.

ב ע נ י ע: מעשוגע.

ס י ע נ ק ע: אַלע וויסן שוין.

ב ע נ י ע: שווער זיך!

ס י ע נ ק ע: כ'זאָל אַזוי מאַזל האָבן!

ב ע נ י ע: שווער זיך אױף דער מאַמען!

ס י ע נ ק ע: כ'זאָל אַזוי זען באַם לעבן מײַן מאַמען!

ב ע נ י ע: נאָך אױף עפּעס שווער, דו מענווול!

ס י ע נ ק ע (מיט פֿאַראַכטונג): ביסט א טיפּעש!

כ א ז ן: ברוך אתה אדוני!

# זעקסטע סצענע

בא די קריקס אין הויז. זון־אונטערגאַנג. זיבן אַזייגער אין אָונט. בא דער שטאַל אױף א וואָגן מיט א סטאַרטשענדיקן דישעל זיצט בעניע און רייניקט זײַן רעוואָלווער. ליאָווקע, אָנגעשפּאַרט אין טויער פֿון דער שטאַל. אריע־לייב טײַטשט אויס די סוידעספּולע באַדײַטונג פֿון „שיר־האשירים" דעם קלײנעם ייִנגע־לע, וואָס איז פֿרײַטיקצונאַכטס אַנטלאָפֿן פֿון בעסמעדרעש. ניקיפֿאָר דרייט זיך אָן א ציל איבערן הויף. מע זעט, אַז עפּעס באַמרויִקט אים.

ב ע נ י ע: די צײַט לויפֿט. לאָז עס איבער דער צײַט.

ל י אָ וו ק ע: קוילענען, צו אַלדי רוכעס!

ב ע נ י ע: ווען עס קומט די צײַט, גיי איר אַראָפּ פֿונעם וועג. זאָל זי אירס אָפּטאָן.

א ר י ע־ל י י ב: „שיר־האשירים" לערנט אונדז — „באַנאַכט האָב איך געזוכט אױף מײַן געלעגער די, וועמען איך האָב ליב". וואָס זשע זאָגט אונדז ראַשע דערויף?

נ י ק י פ אָ ר (צו אריע־לייבן, אָנווײַזנדיק אױף ביידע ברידער): זיך אָוועקגעשטעלט בא דער שטאַל, ווי די צוויי דעמבעס.

א ר י ע־ל י י ב: אָט וואָס ראַשע לערנט אונדז: „באַנאַכט — דאָס הייסט, סײַ באַנאַכט און סײַ באַטאָג. כ'האָב געזוכט אױף מײַן געלעגער... ווער האָט געזוכט? — פֿרעגט ראַשע. דאָס פֿאָלק ייִסראָעל האָט געזוכט, די, וועמען איך האָב ליב... וועמען האָט ליב דאָס פֿאָלק ייִסראָעל? — פֿרעגט ראַשע. דאָס פֿאָלק ייִסראָעל האָט ליב די טוירע, די טוירע האָט ליב דאָס פֿאָלק ייִסראָעל...

נ י ק פ אַ ר: און צו וואָס, פֿרעג איך, דאַרף מען סטאַרטשען אָן א פֿאַרוואָס בא דער שטאַל?

ב ע נ י ע: שרײַ מער!

נ י פ אָ ר (לויפֿט אַהין און אַהער איבערן הויף): וואָס שײַעך שרײַען, ווייס איך... די כאַמוטעס פֿאַרשווינדן. וועמען כ'וועל וועלן, קאָן איך כוישעד זײַן.

א ר י ע־ל י י ב: דער אַלטער לערנט דאָס קינד טוירע, און דו שטערסט אים, ניקיפֿאָר.

נ י ק י פ אָ ר: טאָ פֿאַרוואָס סטאַרטשען זיי בא דער שטאַל, ווי צוויי פֿאַרשיווע דעמבעס?

ב ע נ י ע (צענעמט אױף שטיקלעך דעם רעוואָלווער, רייניקט אים): כ'זע, ניקיפֿאָר, אַז דו ביסט א ביסל צעטומלט.

נ י ק י פ אָ ר (שרײַט, אָבער אין זײַן געשריי איז ניטאָ קיין קויעך): כ'האָב ניט געשווירן אױף אײַערע כאָמוטעס! אויב איר ווילט וויסן, האָב איך א ברודער אין דאָרף, ער איז נאָך בא די קויכעס! ער וועט מיך, אויב ס'גייט אײַך אָן, מיט אָפּענע אָרעמס אופֿנעמען.

ב ע נ י ע: שרײַ, שרײַ זיך אָן פֿאַרן טויט.

נ י ק י פ אָ ר (צו אריע־לייבן): אַלטער, קלער מיר אויס, פֿאַרוואָס טוען זיי אַזוי?

א ר י ע־ל י ב (גלאָצט אויס זײַנע אויסגעבליאַקעוועטע אויגן אױפֿן פֿורמאַן): אײנער טײַטשט אויס די טוירע און דער צווייטער ריטשעט ווי א בעהיימע. דאַרף עס אַזוי זײַן אױף דער וועלט?

ניקיפאָר: קוקסט, אַלטער? און וואָס זעסטו? (גייט אוועק.)

בעניע: שטאַרק אויפֿגערעגט געוואָרן איז אונדזער ניקיפאָר.

אריע־לייב: אַף מײַן געלעגער, באַנאַכט האָב איך געזוכט. וועמען געזוכט? — לערנט אונדז ראַשע.

ס׳קלײַנע יונגעלע. ראַשע לערנט אונדז — כ׳האָב געזוכט די טוירע.

ס׳הערן זיך שטאַרקע קולעס. ס׳קומען אַרײַן מענדל, באָבריניעץ, ניקיפאָר, פּיאַטירובל — שיקער.

באָבריניעץ (מיט אַ שטיל קאָל): אויב ניט דו, מענדל, טאָ ווער וועט אָפּפֿירן מײַן ווײַץ אין פּאָרט אַרײַן? אויב ניט דו, מענדל, טאָ צו וועמען זאָל איך גיין?

מענדל: ס׳זײַנען נאָך פֿאַראַן אַנדערע, אַכוץ מענדלען, אַף דער וועלט. פֿאַראַן אויך אַנדערע וועגענער, אַכוץ מײַנע.

באָבריניעץ: ניטאָ אין גאַנץ אָדעס קיין אַנדערע, אויסער דײַנע וועגענער...

מענדל (קוקט ניט אַף די זין): ווער דרייט זיך אַרום מײַן שטאַל?

ניקיפאָר: זיך אַוועקגעשטעלט, ווי די פּאַרשיווע דעמבעס.

באָבריניעץ: שפּאַן מיר מאָרגן אײַן צוויי פּאָר, מענדל, וועסט אָפּפֿירן דאָס ווײַץ, אָפּנעמען געלט, אויסליידיקן אַ גלעזל, וועסטו זינגען אַ לידל... אוי, מענדל, מענדל!

פּיאַטירובל: אוי, מענדל!

מענדל: פֿאַרוואָס דרייען זיי זיך אַרום מײַן שטאַל?

ניקיפאָר: באַלעבאָס, האָט ראַכמאַנעס, האַספּאַדי פּאָמילוי...

מענדל: נו?

ניקיפאָר: באַלעבאָס, מאַך פֿלײַטע פֿונדאַנען, ווײַל דײַנע זין...

מענדל: וואָס מײַנע זין?

ניקיפאָר: דײַנע זין ווילן דיך שלאָגן.

בעניע (אַראָפּגעשפּרונגען פֿון וואָגן, אײַנבייגנדיק דעם קאָפּ, זאָגט דײַטלעך): ס׳איז מיר אויסגעקומען צו הערן פֿון פֿרעמדע מענטשן — מיר און מײַן ברודער ליאָווקען, אַז דער טאַטעשי האָט בעדייע צו פֿאַרקויפֿן דאָס געשעפֿט, און וועלכן עס שטעקט אויך אַ לויט פֿון אונדזער שוויס...

די שכנים, וואָס אַרבעטן אויפֿן הויף, קומען אָן אַלע נעענטער צו די קריקס.

מענדל (קוקנדיק אַף דער ערד): מענטשן, באַלעבאַטים!

בעניע: צי האָבן מיר גוט געהערט — איך און מײַן ברודער ליאָווקע?

מענדל: מענטשן און באַלעבאַטים! קוקט אַף מײַן בלוט! (הייבט אויף דעם קאָפּ.) אַף מײַן בלוט, וואָס הייבט אויף די האַנט אַף מיר...

בעניע: צי האָבן מיר גוט געהערט — איך און מײַן ברודער ליאָווקע?

מענדל: אוי, נעמען וועט איר ניט! (וואַרפֿט זיך אַף ליאָווקען, קערט אים איבער, גיט אים אַ פּאָר פּעטש.)

ליאָווקע: אוי, מיר וועלן נעמען! (דער הימל ווערט רויט פֿון שקיע־קאָליר. דער אַלטער און ליאָווקע פֿאַרקאַטשען זיך אַזש הינטער דער שטאַל.)

ניקיפאָר (אָנגעשפּאַרט באַ דער וואַנט): אוי, סאַראַ כעט!

באָבריניעץ: ליאָווקע, דעם טאַטן?!

בעניע (פֿאַרצווייפֿלט): ניקישקע, כ׳זאָל אַזוי ניט וויסן פֿון גליק, ער האָט דאָך דער נעקייווע צו די פּיס געוואָרפֿן אַלץ — די פֿערד, דאָס הויז, דאָס לעבן!

ניקיפאָר: אוי, סאַראַ כעט.

פּיאַטירובל: נעמט זיי נאָר ניט פֿונאַנדער, ווײַל כ׳וועל האַרגענען! אוועק! נאָר ניט פֿאַנאַנדערנעמען!

פֿון הינטער דעם שטאַל הערט מען כריפּען און קרעכצן.

פּיאַטירובל: ס׳איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן אַף דער וועלט אַזאַ, וואָס זאָל זיך אַן אייצע געבן מיט מענדלען.

אריע־לייב: גיי אוועק פֿונדאַנען, איוואַן...

פּיאַטירובל: איך וועט זיך אַף הונדערט רובל!

אריע־לייב: גיי אוועק פֿונדאַנען, איוואַן...

דער אלטער און ליאָוקע קאטשען זיך ארויס פון הינטער דער שטאַל, הייבן זיך אויף, אָבער מענדל וואַרפט ליאָוקען נאָכאמאָל אַף דער ערד.

**באַבריניעץ:** ליאָוקע, דעם טאַטן?!

**מענדל:** ווּעסט ניט געווינען! (טרעט ליאָוועקן מיט די פיס.)

**בעניע:** אוי, מיר וועלן געווינען! (מיט אַלע קויכעס טוט ער א זעץ מיטן הענטל פונעם רעוואָלווער דעם טאַטן איבערן קאָפּ. ס'ווערט שטיל. אַלע נידעריקער לאָזן זיך אַראָפּ די ברעננענדיקע ווּעלדער אין דער שקיִע).

**ניקיפאָר:** איצט איז שוין א סאָף צו אים!

**פּיאַטיראָובל** (אײַנגעבויגן איבער דעם אומבאַוועגלעכן מענדלען): מענדל!...

**ליאָוקע** (הייבט זיך אויף, טשעפּעט זיך מיט די הענט פאַר דער ערד, וויינט און שפּרינגט אונטער אַף איין פוס): אונטערן בויך האָט ער מיך געשלאָגן, אַזאַ הונט!

**פּיאַטיראָובל:** מענדל!

**בעניע** (ווענדט זיך צו די מענטשן, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן): וואָס האָט איר דאָ פאַרגעסן?

**ליאָוקע** (קרומע ריטשקעס טרערן און בלוט רינען פון זײַן פּאָנעם): אונטערן בויך האָט ער מיך געשלאָגן, דער הונט!

**פּיאַטיראָובל:** (גייט אוועק): צוויי קעגן איינעם.

**אריע־לייב:** גיי אוועק פונדאַנען, איוואַן.

**פּיאַטיראָובל:** צוויי קעגן איינעם. א כאַרפּע און א בושע אַף גאַנץ מאָלדאַוואַנקע! (גייט אוועק, ספּאָטיקעט זיך.)

אריע־לייב לייגט צו צו מענדלס קאָפּ א נאַסן האַנטעך. אין דער טיף פון הויף דרייט זיך ארום צעטומלט נעכאַמע, קניט אנידער לעבן אריע־לייבן.

**נעכאַמע:** מענדל, זאָג עפּעס.

**באַבריניעץ** (מיט א שוואַכער שטים): גענוג געשפּאַסט, אַלטער לעץ!

**נעכאַמע:** רוף זיך אָפּ!

**באַבריניעץ:** שטיי אויף, דו אַלטער פלייצע־טרעגער, שווענק דורך דײַן האַלדז, גיס אַרײַן אין זיך א גלעזל!

אַף דער ערד זיצט ליאָוקע מיט צעקראַטשעטע פיס, שפּײַט ארויס לאַנגע סטענגעס בלוט.

**בעניע** (פאַרטרײַבט די נײַגעריקע צושויער): צוריק! אָפּטרעטן!

שטילשווײַגן. אָוונט. א בלויע פינצטערניש, אָבער איבער דער פינצטערניש איז דער הימל נאָך רויט, צעגליט, מיט אויסגעקריצטע לעכער.

## זיבעטע סצענע

קריקס וועגענער־מאַגאַזין. צונויפגעוואָרפענע אין א הויפן כאָמוטן, אויסגעשפּאַנטע בריטשקעס, פערד און א וואָגן מיט זאַכן. מע זעט א שייל פון הויף. אין דער טיר, בא א קליין טישל, זיצט בעניע און שרײַבט. סעמיאָן, אַן אַלטער, פליכעוואַטער, א ביסל ניט מיט אַלעמען פויער, האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אים. אין דער נאָענט דרייט זיך ארום מאַדאַם פּאָפּיאַטניק. אין הויף, אַף א וואָגן מיט א סטאַרטשענדיקן דישעל, זיצט מיט אַראָפּגעלאָזטע פיס מיראָן פּאָפּיאַטניק — „מאַיאָר". בא דער וואַנט שטייט אָנגעשפּאַרט א נײַע שילד מיט גאָלדענע אויסיִעס: „טראַנספּאָרט־אונטערנעמונג — מענדל קריק און זין". די שילד איז באַפּוצט מיט א קראַנץ פּאַדקאָוועס און געקרייצטע בײַטשן.

**סעמיאָן:** כ'וויל פון גאָרניט וויסן. מע דאַרף מיר באַצאָלן.

**בעניע** (רײַסט ניט איבער דאָס שרײַבן): רעדסט גראָב, סעמיאָן.

**סעמיאָן:** מע דאַרף מיר באַצאָלן... אויב ניט, רײַס איך עס ארויס פון האַלדז!

**בעניע:** גוטער מענטש, ס'גלוסט זיך מיר שפּײַען אַף דיר.

**סעמיאָן:** ווו האָסטו דעם אַלטן פאַרשטעקט?

**בעניע:** דער אַלטער איז קראַנק.

סעמיאַן: אַף דער דאַזיקער וואַנט האָט ער פֿאַרשריבן, וויפֿל ס'קומט פֿאַרן האָבער, וויפֿל פֿאַר דעם היי — אַלץ גענוי. און ער האָט באַצאָלט. צוואַנציק יאָר האָב איך עס פֿאַר אים געפֿירט, קיין אומלע ניט געהאַט.

בעניע (שטייט אויף): פֿאַר אים האָסטו געפֿירט, און פֿאַר מיר וועסטו ניט פֿירן. ער האָט געשריבן אַף דער וואַנט, און איך וועל ניט שרײַבן. ער פֿלעג באַצאָלן, און איך וועל עפּשער ניט באַצאָלן, ווײַל...

מאַדאַם פּאַפּיאַטניק (באַקוקט דעם פּויער מיט אַ פֿײַנטלעכן בליק): אַ טיפּעש איז ער־גער פֿון אַלץ.

בעניע: ...ווײַל דו קאָנסט באַ מיר אויסצײַען די פּיס, אײדער וועסט אויספּייען וועטשערע צו עסן, דו גוטער מענטש.

סעמיאַן: מע דאַרף באַצאָלן.

מאַדאַם פּאַפּיאַטניק: קיין פֿילאָסאָפּקע בין איך ניט, נאָר ס'דאַכט זיך מיר, אַז אַף דער וועלט לעבן אַזוינע מענטשן, וואָס וואָלטן לעגאַמרע ניט געטאָרט לעבן אַף דער וועלט.

בעניע: ניקיפּאָר!

ס'קומט אַרײַן ניקיפּאָר, קוקט קרום און רעדט, ניט־ווילנדיק.

ניקיפּאָר: אָט בין איך.

בעניע: וועסט מאַכן אַ כעזשבן מיט סעמיאָנען, און נעמען וועסטו פֿון הײַנט אָן באַ גראַשעווען.

ניקיפּאָר: ס'זײַנען געקומען די אַרבעטער און פֿרעגן, וועך עס וועט זיך מיט זיי אָפּרעדן.

בעניע: איך וועל זיך מיט זיי אָפּרעדן.

ניקיפּאָר: די וועשערן מאַכט דאָרט אַ ליאַרעם. דער באַלעבאָס האָט באַ איר גענומען אַ סאַמאָוואַר פֿאַר אַ מאַשקן. פֿרעגט, באַ וועמען זאָל זי דעם סאַמאָוואַר אויסקויפֿן?

בעניע: באַ מיר אויסקויפֿן... מיט סעמיאָנען מאַך אַ סאַך ביז צום ספּאַד. באַ גראַשעווען נעם פֿינף הונדערט פּוד היי.

סעמיאַן (פֿאַרכידעשט): פֿינף הונדערט? צוואַנציק יאָר געפֿירט...

מאַדאַם פּאַפּיאַטניק: פֿאַר אייגן געלט קאָן מען האָבן אי היי, אי האָבער און אַפֿילע עפּעס בעסערס פֿון היי.

בעניע: האָבער — צוויי הונדערט.

סעמיאַן: פֿון פֿירן זאָג איך זיך דאָך ניט אָפּ.

בעניע: פֿאַרגעס מײַן אַדרעס.

סעמיאָן קנײַטשט זײַן היטל אין די הענט, דרייט מיטן קאָפּ, גייט אוועק און קערט זיך אום, און לאָזט זיך ווײַטער גיין.

מאַדאַם פּאַפּיאַטניק: איין פּאַסקודנער מוזשיק, און אַזוי אײַך אויפֿגערעגט! גאָט מײַנער, ווען די מענטשן וואָלטן ניט פֿאַרגעסן, ווער ס'איז זיי עפּעס שולדיק! נאָך הײַנט זאָג איך צו מײַן מאַיאָר: מאַנעלע, מײַן ליבינק מאַנעלע, מענדל קריק האָט באַ אונדז פֿאַרדינט אַף די דאָזיקע צוויי רובל...

בעניע: וואָס פֿאַר אַ צוויי רובל?

מאַדאַם פּאַפּיאַטניק: ס'איז ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן. איין גאָט אין הימל ווייסט, אַז ס'איז ניטאָ וועגן וואָס צו רעדן... דעם לעצטן דאָנערשטיק איז מעסיע קריק געווען אין אָן אויסער־געוויינלעכער שטימונג, באַשטעלט מיליטערישע מוזיק... וויפֿל מאָל האָט ער באַשטעלט, מאַיאָר?

מאַיאָר: מיליטערישע — נײַן מאָל.

מאַדאַם פּאַפּיאַטניק: און נאָכדעם — טענץ...

מאַיאָר: איין און צוואַנציק טענץ.

מאַדאַם פּאַפּיאַטניק: האָט זיך באַקומען פֿינף און נײַנציק רובל. גאָט אין הימל! באַ מעסיע קריק באַצאָלן פֿאַר מוזיק — איז געווען טאָמיד דאָס ערשטע!

קלאַפּנדיק מיט די שטיוול, קומט אַרײַן ניקיפּאָר; זײַן בליק איז געווענדט אין אַ זײַט.

ניקיפּאָר: פּאַטאַפּאָווגע איז געקומען.

בעניע: פֿאַרוואָס דאַרף איך וויסן, אַז עמעצער איז געקומען?

ניקיפּאָר: זי סטראַשעט.

בעניע: וואָס גייט עס מיר אָן?

הינקענדיק אַף איין פֿוס, רײַסט זיך אַרײַן פּאַטאַפּאָווגע; זי איז שיקער, קוקט אַף בעניען מיט מוטנע אויגן.

פּאַטאַפּאָווגע: קייסאַרימלעך אונדזערע!...

בעניע: וועגן וואָס האַנדלט זיך, מאַדאַם כּאַלאָדענקאַ?

**פּאַטאַפּאָווּנע:** קייסאַרימלעך אונדזערע...

**ניקיפֿאָר:** אַוועק מיט נאַרישקייטן!

**פּאַטאַפּאָווּנע** ד־ז־ש... ייִדישע קלייניקע קוילקעלעך זשוזשען, טאַנצן אין קאָפּ, דזש־דזש...

**בעניע:** וועגן וואָס האַנדלט זיך, מאַדאַם כאַלאַדענקאָ?

**פּאַטאַפּאָווּנע** (קלאַפּט מיט דער פֿויסט אין דער ערד): **ריכטיק! יוישערדיק! דער קלוגער דאַרף הערשן, און דער כאַזער — דאַרף זויפֿן.**

**מאַדאַם פּאַפּיאַטניק:** אַן אינטעליגענטע דאַמע!

**פּאַטאַפּאָווּנע** (צעוואָרפֿט איבער דער פּאָדלאָגע קופּערנע קאָפּיקעס): **אָט האָב איך פֿאַרדינט — פּערציק קאָפּיקעס פֿאַרדינט. אופּגעשאַנען פּאַרטאָג, געוואַרט אַף די פּויערים באַם באַלטישן וועג...** (פֿאַרייִסט דעם קאָפּ צום הימל.) **וויפֿל אַזייגער איז איצט? דריי? וועט שוין זיין?**

**בעניע:** וועגן וואָס האַנדלט זיך, מאַדאַם כאַלאַדענקאָ?

**פּאַטאַפּאָווּנע:** דזש־דזש־זש... אַרויסגעלאָזט די קליינע קוילעכלעך...

**בעניע:** ניקיפֿאָר!

**ניקיפֿאָר:** נו?

**פּאַטאַפּאָווּנע** (ווינקט צו ניקיפֿאָרן): **ניקישאַ, אונדזער מיידעלע איז טראַגעדיק געוואָרן...**

**מאַדאַם פּאַפּיאַטניק** (זיך אַנידערגעזעצט, פֿלאַמט): **אַ שפּיצל, אוי, סאַראַ שפּיצל!**

**בעניע:** וואָס האָט איר דאָ פֿאַרלוירן, מאַדאַם פּאַפּיאַטניק, און וואָס ווילט איר דאָ געפֿינען.

**מאַדאַם פּאַפּיאַטניק** (זעצט זיך אַוועק, אירע אויגן לויפֿן, שיסן מאַמעש מיט פֿונקען): **כ׳גיי שוין, כ׳גיי שוין... זאָל גאָט געבן נאָכאַמאָל זיך צו טרעפֿן אין גליק, אין געזונט, אין אַ גוטער שאָ!** (ציט איר מאַן פֿאַרן אַרבל, שטופּט אים צוריק, דרייט זיך, די אויגן זיינען געוואָרן קאָסע, בלי־שטשען מיט אַ שוואַרץ פֿייערל. מאַיאָר שלעפּט זיך נאָך איר, זיי גייען אַרויס.)

**פּאַטאַפּאָווּנע** (צעשמירט די טרערן אויפֿן צעקנייטשטן, פֿאַרטריקנטן פּאָנעם): **באַנאַכט האָב איך אָנגעטאַפּט איר די ברוסט, זי איז געשוואָלן. די האַנט איז צו קליין פֿאַר איר...**

**בעניע** (דער גאַנצער גלאַנץ איז פֿון אים אַראָפּ, רעדט שנעל, קוקט זיך אַרום): **אין וועלכן כוידעש?**

**פּאַטאַפּאָווּנע** (פֿינטלט ניט מיט די אויגן, קוקט אַף בעניען פֿון אונטן, פֿון דער ערד): **אין פֿערטן.**

**בעניע:** פֿלוידערסט!

**פּאַטאַפּאָווּנע:** נו, לאָמיר זאָגן, אין דריטן.

**בעניע:** וואָס ווילסטו פֿון אונדז?

**פּאַטאַפּאָווּנע:** דזש־זש־זש־זש... געוואָרפֿן די קליינע קוילקעלעך.

**בעניע:** וואָס ווילסטו?

**פּאַטאַפּאָווּנע** (פֿאַרבינדט דאָס קאָפּטיכל): **אַן אַבאָרט קאָסט הונדערט רובל.**

**בעניע:** פֿינף און צוואַנציק!

**פּאַטאַפּאָווּנע:** כ׳וועל אָנשיקן אַף אייך די כעוורע פּונעם פֿאַרט!

**בעניע:** וועסט אָנשיקן די כעוורע פּונעם פֿאָרט? ניקיפֿאָר!

**ניקיפֿאָר:** כ׳בין דאָ.

**בעניע:** גיי אַרויף צום טאַטעניו און פֿרעג, צי ער הייסט געבן פֿינף און צוואַנציק.

**פּאַטאַפּאָווּנע:** הונדערט!

**ניקיפֿאָר:** איך וועל ניט אַרופֿגיין.

**בעניע:** וועסט ניט גיין? (וואַרפֿט זיך אין דער ריכטונג פֿונעם ציצענעם פֿאָרהאַנג, וואָס צע־טיילט דעם מאַגאַזין אַף צוויי טיילן.)

**ניקיפֿאָר** (כאַפּט בעניען פֿאַר דער האַנט): **מענטש, פֿאַר גאָט האָב איך ניט מוירע... שוין געזען אים און ניט דערשראָקן זיך... כ׳וועל הארגענען און ניט וויסן פֿון שרעק.**

דער פֿאָרהאַנג ציטערט און שפּרייט זיך פֿאַנאַנדער. ס׳באַווייזט זיך מענדל, טראָגט די שטיוול אַף די פּלייצעס. זיין פּאָנעם איז בלוי, געשוואָלן, זעט אויס ווי דער פּאָנעם פֿון אַ מעס.

**מענדל:** עפּנט!

**פּאַטאַפּאָווּנע:** אוי, אַ שרעק!

**ניקיפֿאָר:** באַלעבאָס!

ס׳דערנעענטערן זיך צום מאַגאַזין אַריע־לייב און ליאָווקע.

**מענדל.** עפנט!

**פּאַטאַפּאָוונע** (קריכט אַף דער פּאַדלאָגע): אוי, א שרעק!

**בעניע:** גייט אַרײַן, טאַטעניו, אין צימער צו אײַער ווײַב.

**מענדל:** דו וועסט מיר עפענען דעם טויער, ניקיפאָר.

**ניקיפאָר** (פאַלט אַף די קני): כ'בעט אײַך זייער האַרציק, באַלעבאָס, דערנידעריקט זיך ניט פאַר מיר, כ'בין דאָך אַ פּראָסטער מענטש.

**מענדל:** פאַרוואָס ווילסטו ניט עפענען דעם טויער, ניקיפאָר? פאַרוואָס ווילסטו מיך ניט אַרויסלאָזן פונדאַנען, פונעם הויף, וווּ איך האָב פאַרבראַכט מײַן גאַנץ לעבן? (זײַן קאָל ווערט שטאַרקער, ס'צינדט זיך אָן אַ פײַער אין זײַנע אויגן.) געווען האָט מיך דער דאָזיקער הויף אַלס אַ פאָטער פאַר מײַנע קינדער, אַלס אַ מאַן פאַר מײַן ווײַב, אַלס אַ באַלעבאָס פון מײַנע פערד. ער האָט געזען מײַנע צוואַנציק אַגערס, צוועלף פלאַטפאָרמעס מיט אײַזן געקאָוועט. ער האָט געזען מײַנע פיס, גרויסע ווי די סלופּעס, און מײַנע הענט, מײַנע רויטע הענט... און איצט עפנט מיר דעם טויער, מײַנע טײַערע זין, זאָל הײַנט זײַן אַזוי, ווי איך וויל. זאָל מיר דערלויבט זײַן אַוועקצוגיין פונעם הויף, וואָס האָט אַזויפיל געזען...

**בעניע:** גייט אַרײַן, טאַטעניו, אין צימער צו אײַער ווײַב. (ער גייט צו צום טאַטן.)

**מענדל:** שלאָג מיך ניט, בענטשיק.

**ליאָוווקע:** שלאָג אים ניט!

**בעניע:** פאָדלע מענטשן! וויאַזוי האָט איר געקאָנט? וויאַזוי האָט איר געקאָנט אַרויסזאָגן דאָס, וואָס איר האָט נאַרוואָס געזאָגט?

**אַריע־לייב:** מענטשן, צי פאַרשטייט איר ניט, אַז איר דאַרפט פונדאַנען אַוועקגיין?

**בעניע:** כײַעס, אוי, כײַעס!... (גייט שנעל אַרויס, נאָך אים — ליאָוווקע.)

**אַריע־לייב** (פירט מענדלען אין דער ריכטונג פון דער קושעטקע): מיר וועלן זיך אַ ביסל אָפּרוען, מענדל, כאַפּן אַ דרעמל.

**פּאַטאַפּאָוונע** (אויפגעשטאַנענע פון דער פּאָדלאָגע און זיך צעוויינט): געהאַרגעט אונדזער סאָקאָל!

**אַריע־לייב** (לייגט מענדלען אַוועק אַף דער קושעטקע הינטערן פּאַראַוואַן): איצט וועלן מיר שלאָפן, מענדל...

**פּאַטאַפּאָוונע** (פאַלט אַוועק אַף דער ערד לעבן דער קושעטקע, קושט דעם אַלטנס האַנט, וואָס הענגט אַראָפּ אָן אַ שפּור לעבן איר): מײַן זונעלע, מײַן ליבינקער!

**אַריע־לייב** (פאַרדעקט מענדלס פּאָנעם מיט אַ טיכל, זעצט זיך אַוועק און הייבט אָן שטיל, ווי פונדערווײַטנס): אַמאָל אין די אַלטע, אַלטע צײַטן האָט געלעבט אַ מענטש מיטן נאָמען דאָוויד. געווען איז ער אַ פּאַסטעך, דערנאָך געוואָרן אַ מײלעך. אַ מײלעך איבער אַם ייִסראָעל, איבער ייִסראָעלס אַרמייען און איבער ייִסראָעלס כאַכאָמים...

**פּאַטאַפּאָוונע** (וויינט): מײַן זונעלע!

**אַריע־לייב:** פאַרזוכט האָט דאָוויד רײַכטום און רום, האָט אָבער ניט געוואָלט וויסן פון זייער גרענעץ. קויעך רופט אַרויס טאָמיד טײַווע, אָבער נאָר דער אומעט שטילט דאָס האַרץ. אַלט געוואָרן, האָט מײלעך דאָוויד דערזען אַף די דעכער פון יערושאָלאַיִם, אונטערן הימל פון יערושאָלאַיִם באַט־שעווען, אורי דעם מיליטער־קאָמאַנדירס ווײַב. באַט־שעוועס ברוסט איז געווען שיין, אירע פיס זײַנען געווען שיינע, און אַ סאַך פרייד איז אין איר געווען. האָט מען אוריִן אַף דעם שלאַכטפעלד געשיקט, און דער מײלעך האָט זיך פאַרייניקט מיט באַט־שעווען, דעם ווײַב פונעם נאָך ניט אומגעקומענעם מאַן. איר ברוסט איז געווען שיין און אַ סאַך פרייד איז אין איר געווען...

## אַכטע סצענע

דער עסצימער בײַ דער מישפּאָכע קריק. אָוונט. דער צימער איז העל באַלויכטן מיט אַ הענגענדיקן זשיראַנדאַל, געמאַכט מיט ניט־קוואַליפיצירטע הענט. אין די קאַנדעליאַבערס שטעקן ליכט. אין די ווענט זײַנען צוגעפּעסטיקט בלויע אַלטערטימלעכע לאָמפּן. דער טיש איז באַפּוצט מיט בלומען. עס שטייט אַף אים עסנוואַרג מיקאָל האַמינים. ס'דרייט זיך אַרום דעם טיש מאַדאַם פּאַפּיאַטעניק, אָנגעטאָן אין אַ זײַדן קלייד. אַ ביסל ווײַטער זיצט שטיל איר מאַן מאַיאָר. דאָס העמדל האָט זיך אַף אים צעבלאָזן, פּונקט ווי עס וואָלט געווען אָנגעפּילט מיט לופט. אַף זײַנע קני ליגט אַ פּלייט. ער באַוועגט מיט די פינגער, דרייט מיטן קאָפּ. ס'זײַנען זיך צונויפגעקומען אַ סאַך געסט. אייניקע שפּאַצירן לענגויס דער אַנפילאַדע פון אָפענע צימערן, די אַנדערע זיצן בײַ דער וואַנט. אין עסצימער קומט אַרײַן די מערבערעסע קלאַשע

זובאַריאָווא, טראָגט אַ טיכל, אויסגעהעפֿט אין גרויסע בלומען. נאָך קלאַשען פֿאַלט אַרײַן אַ באָזוופּעגער ליאָווקע, אָנגעטאָן אין פּאַראַדנע בגדים פֿון אַ גוסאַר.

ליאָווקע (קאָמאַנדעוועט אַף אַ קאָל): קאַוואַלעריע — צום אַנגריף! אין גאַלאָפּ — פֿאָרויס! לויטן באַפֿעל — אַף די פֿערד! מע מעג טרינקען!

קלאַשע (לאַכט אַף אַ קאָל): אוי, מײַן בויך! אוי, כ'וועל באַלד מאַפּלען!

ליאָווקע: לינקס! רעכטס!

קלאַשע: אוי, סאַרא העצע!

אַנטקעגן גייט באָיאַרסקי, אָנגעטאָן אין אַ סורדוט, לעבן אים — דוווירע.

באָיאַרסקי: מאַמזעל קריק, אַף שוואַרץ וועל איך ניט זאָגן — ווײַס, ווײַס וועל איך זיך ניט דערלויבן אָנרופֿן שוואַרץ. מיט דרײַ טויזנט עפֿענען מיר אַ קאָנפֿעקציע־געוועלב אַף דער הויפּט־גאַס און מיר שטעלן כופּע וועקידושן אין אַ מאַזלדיקער שאָ!

דוווירע: אָבער פֿאַרוואָס מיטאַמאָל דרײַ טויזנט?

באָיאַרסקי: דערפֿאַר, ווײַל מיר האָבן הײַנט כּודעש יול אין דרויסן, און יול איז דאָך ניט סענטיאַבער. האַלבסעזאָן־סכוירע גייט בא מיר אין יול, דאַקעגן אין סענטיאַבער האַנדלט מען מיט סאַק־מאַנטלען. און וואָס האָט איר נאָך סענטיאַבער? גאָרניט! סענטיאַבער, אָקטיאַבער, נאָיאַבער, דעקאַבער... אַף נאַכט וועל איך ניט זאָגן — טאָג, און אַף טאָג וועל איך ניט זאָגן, אַז ס'איז נאַכט...

זיי גייען אַוועק. ס'באַווײַזט זיך בעניע מיט באָברינייעץ.

בעניע (צו מאַדאַם פּאָפּיאַטניק): איר האָט אַלץ צוגעגרייט, מאַדאַם פּאָפּיאַטניק?

מאַדאַם פּאָפּיאַטניק. ניקאָלײַ דער צווייטער וואָלט זיך ניט געשעמט צוצוזעצן זיך צו אַזאַ טיש.

באָברינייעץ: לייג אויס גענוי דײַן געדאַנק, בעניע.

בעניע: מײַן געדאַנק איז אַזאַ: אַ ייִד — ניט קיין יונגערמאַן, אַ ייִד, וואָס האָט זײַן גאַנץ לעבן דורכגעמאַכט נאַקעט און באָרוועס, דערצו פּאַרסמאַליעט ווי אַ קאַטאָרזשניק פֿונעם סאַכאַלינער אינדזל... און איצט, ווען ער איז, באָרעכהאַשעם, געקומען אין די יאָרן, איז שוין צײַט צו מאַכן אַ סאָף מיט דער קאַטאָרזשנער אַרבעט, מע דאַרף אַלץ טאָן, אַז שאַבעס זאָל זײַן שאַבעס.

עס גייען דורך באָיאַרסקי און דוווירע.

באָיאַרסקי: סענטיאַבער, אָקטיאַבער, נאָיאַבער, דעקאַבער...

דוווירע: און נאָך אַלעמען וויל איך, אַז איר זאָלט מיך אַ ביסל ליב האָבן, באָיאַרסקי.

באָיאַרסקי: וואָס זשע בלײַבט דאַן צו טאָן מיט אײַך, אויב ניט ליב האָבן? אַף קאָטלעטן אײַך צעהאַקן? בעעמעס קאָמיש.

זיי גייען אַוועק. בא דער וואַנט, אונטער אַ בלויען לאָמפּ, זיצט אַ סטאַטעטשנער פּי־סויכער און אַ יונגערמאַן, אָנגעטאָן אין אַן אָנצוג מיט אַ וועסטל. זײַנע פּיס זײַנען זייער דיק, ער הריזעט יאָדערן און באַהאַלט זייער שאָלעכץ אין קעשענע.

יונגערמאַן: געכאַפּט איין פּאַטש און אַ צווייטן פּאַטש אין פּאָנעם, און באַלד איז דער אַלטער אַראָפּ פֿון די רעלסן.

פּי־סויכער. אַפֿילע די טאָטערס שאַנעווען זייערע אַלטע. ס'לעבן איז ניט קיין שפּאַס.

יונגערמאַן: וואָלט אַ מענטש געוווסט, וויאַזוי צו לעבן, אָבער (שפּײַט אַרויס דעם שאָלעכץ) לעבן, לעבט ער אַזוי, ווי עס לאָזט זיך. טאָ פֿאַרוואָס זשע דאַרף מען אים שאַנעווען?

פּי־סויכער: וואָס איז דאָ צו רעדן מיט אַ טיפּעש?

יונגערמאַן: בלויז היי האָט בענטשיק געקויפֿט טויזנט פּוד.

פּי־סויכער: דער אַלטער פֿלעגט קויפֿן הונדערט, און ס'איז גענוג געווען.

יונגערמאַן: דעם אַלטן וועלן זיי אַזוי צי אַזוי קוילען.

פּי־סויכער: דאָס וועלן טאָן ייִדן? דעם טאַטן קוילען?!

יונגערמאַן: אַף טויט קוילען.

פּי־סויכער: גיי רעד מיט אַ טיפּעש.

ס'גייען דורך בעניע און באָברינייעץ.

באַברינ יעץ: וואָס זשע ווילסטו, בעניע?

בעניע: כ'וויל, אַז שאַבעס זאָל זײַן שאַבעס, כ'וויל, אַז מיר זאָלן זײַן מענטשן, ניט ערגערע פון אַנדערע מענטשן. כ'וויל גיין מיט די פיס אויף דער ערד און מיטן קאָפּ אינדערהייך... האָסט מיך פאַרשטאַנען, באַבריניעץ?

באַבריניעץ: יאָ, כ'האָב דיך פאַרשטאַנען, בעניטשק.

באַ דער וואַנט, צוזאַמען מיט פּיאַטירובלען, זיצן אײַנגעבלאָזענע מיט גייווע פון אַשירעס די גווירים — ס'גייען אַדורך דווירע און באַיאַרסקי.

פּיאַטירובל (זוכט בײַ זיי מיטלײַד, אָבער אומזיסט): בײַ די פּאָליציאַנטן פלעגט ער די רימענס אָפּשנײַדן, אויף דער הויפּט־פּאַטשט דעם שווײַצאַר שלאָגן, געקאָנט אויסטרינקען מיטאַמאָל א פּערטל בראַנפן און ניט פאַרבײַסן, געהאַלטן אין דער האַנט גאַנץ אָדעס... אוי, וואָס פאַר אַן אַלטער דאָס איז געוועןׂ!

ווינער דרייט לאַנג מיט דער שווערער סליניקער צונג, מע קאָן אָבער ניט פאַרשטיין גאָרניט פון דעם, וואָס ער רעדט.

פּיאַטירובל (מיט מוירע): ער האָט קלוסקעס אין מויל?

מאַדאַם ווינער. זיכער!

דער מאַן און די פרוי ווינער.

באַיאַרסקי. סענטיאַבער, אָקטיאַבער, נאָיאַבער, דעקאַבער...

דווירע: און אַכוץ דעם, פאַניע באַיאַרסקי, וויל איך האָבן א קינד.

באַיאַרסקי: אָט, זעט איר, א קינד באַ א קאָנפעקציע־געוועלב, דאָס איז שיין, ס'האָט א פּאָנעם. א קינד אַן א געשעפט — וואָס פאַר א פּאָנעם קאָן עס האָבן?

שטאַרק אויפגערייצט, לויפט אַרײַן מאַדאַם פּאַפּיאַטניק.

מאַדאַם פּאַפּיאַטניק. בען־זכאַריע איז געקומען צו פאָרן. דער ראָוו... בען־זכאַריע...

דער צימער ווערט פול מיט מענטשן, צווישן זיי — דווירע, ליאָוקע, בעניע, קלאַשע זובאַריאַווא, סיענקע טאַפּון, אויסגעפּאָמאַדעוועטע קוטשערס, קרעמער און ווײַבער, וואָס האַלטן ראַק אין איין לאַכן.

יונגערמאַן. דערפּילט געלט, איז דער ראָוו אויך געקומען צו לויפן. אָט האָט איר אים שוין!

אַריע־לייב און באַבריניעץ שלעפּן אַרײַן א גרויסן פּאַטעל. ער באַהאַלט אין זײַן טיפעניש דאָס קליינע קערפּערל פון בען־זכאַריען.

בען־זכאַריע (קוויטשענדיק): נאָרוואָס שטייט דער באַגינען אויף פון שלאָף, נאָרוואָס האָט גאָט אין הימל אָנגעהויבן צו וואַשן זיך אין רויטן וואַסער...

באַבריניעץ (לאַכט): פאַרוואָס אין רויטן, רעבע?

בען־זכאַריע: איך ליג נאָך אויפן רוקן, ווי א גריל...

באַבריניעץ: פאַרוואָס, רעבע, אויפן רוקן?

בען־זכאַריע. אינדערפרי קערט מיך גאָט איבער אויפן רוקן, כ'זאָל ניט קאָנען דאַוונען. מײַנע טפילעס זײַנען אים נימאס געוואָרן...

באַבריניעץ לאַכט הילכיק.

בען־זכאַריע: די הינער זײַנען נאָך ניט אויפגעשטאַנען, און מיך וועקט שוין אַריע־לייב: לויפט, רעבע, צו די קריקס, באַ זיי איז וועטשערע, באַ זיי איז מיטיק. די קריקס וועלן אײַך געבן צו עסן און צו טרינקען.

בעניע: זיי וועלן געבן צו עסן, וועלן געבן צו טרינקען, אַלץ, וואָס איר וועט וועלן, רעבע.

בען־זכאַריע: אַלץ, וואָס כ'וועל וועלן? און דײַנע פערד וועסטו אָפּגעבן?

בעניע: מײַנע פערד וועל איך אויך אָפּגעבן.

2*

**בעןזכאריע:** לויפט, אלזאָ, יידן צו דער כעוורע קאַדישע, שפּאַנט אײַן אירע פערד און פירט מיך מיט דער פור... אָבער וווהין?

**באַברינױעץ:** וווהין, רעבע?

**בעןזכאריע:** אָפּן צווייטן יידישן בעסוילעם, טיפּשע!

**באַברינױעץ** (לאַכט שטאַרק, רײַסט אַראָפּ פון דעם רעבנס קאָפּ די יאַרמעלקע. גיט אים א קוש אין דער ראָזער ליסינע): **אוי, קוליגאַן! אוי, כאָכעם איינער...**

**ליאָוקע** (מיט א הילכיק קאָל): **אורקעס — אַלע צו די שטולן! קוועטשט די בענקלעך!**

**קלאַשע** (ווינקט מיטן קאָפּ): **דער האָט קויער!**

**בעניע** (וואַרפט אָפּן ברודער א בליק פול מיט צאָרן): **זעצט זיך, ביטע, מײַנע טײַערע! מעסיע באַברינױעץ וועט פאַרנעמען פּלאַץ לעבן דעם רעבן.**

**בעןזכאריע** (דרייט זיך אַהין און אַהער אָפּן פּאַטעל): **צו וואָס זאָל איך זיך זעצן לעבן דעם דאַזיקן לאַנגן, ווי אונדזער גאַלעס, יידו? זאָל זיך שוין בעסער זעצן לעבן מיר די מעלוכע־באַנק.** (ווײַזט אָן אַף קלאַשען.)

**באַברינױעץ:** **פאַרוואָס עפּעס מעלוכע־באַנק?**

**בעןזכאריע:** **זי איז בעסער פון א באַנק. לייגסט אײַן איר גוט אַרײַן, באַקומסטו פון איר אַזא פּראָצענט, אַז ווייץ קאָן זיך באַהאַלטן. און אויב דו לייגסט עפּעס שלעכטס אַרײַן, טאָ הייבט זי גלײַך אָן צו סקריפּען מיט אַלע קישקעס, קעדיי דײַן צעבראָכענעם גראָשן אויסצובײַטן אַף א גאָלדן רענדל. זי איז בעסער פון א באַנק...**

**באַברינױעץ** (אופגעהויבן דעם פינגער): **מע דאַרף פאַרשטיין, וואָס זי רעדט.**

**בעןזכאריע:** **ווו איז דער באַלעבאָס פון דעם הויז, ווו איז ר׳ מענדל קריק?**

**ליאָוקע:** **ער איז היינט קראַנק.**

**בעניע:** **רעבע, ער איז געזונט... ניקיפאָר!**

**אין דער טיר באַווײַזט זיך ניקיפאָר אין זײַן אַלטן צעריסענעם פּויערישן בעגעד.**

**בעניע:** **זאָל דער טאַטע מיט זײַן פּלוינעסטע אַרײַנקומען.**

**שטיל.**

**ניקיפאָר** (מיט א פאַרצווייפלט קאָל): **בעקאָוועדיקע געסט!...**

**בעניע** (פּאַמעלעך): **זאָל אַרײַנקומען דער טאַטע.**

**אריע־לייב:** **בענטשיק, באַ אונדז, יידן, באַליידיקט מען ניט דעם טאַטן, בפרהסיא, לעיני כל ישראל...**

**ליאָוקע:** **רעבע, אַף א כאַזער האָט א מענטש מער ראַכמאָנעס, ווי ער אַף זײַן אייגענעם טאַטן.**

ווײַנער פּלאַפּלט עפּעס אין אופרעגונג, שפּײַט דערבײַ מיט סלינע.

**בעניע** (אײַנגעבויגן צו דער מאַדאַם ווײַנער): **וואָס זאָגט ער?**

**מאַדאַם ווײַנער. ער זאָגט — א כאַרפּע און א בושע!**

**אריע־לייב:** **יידן פירן זיך ניט אזוי, בעניע!**

**קלאַשע:** **גיי, האָדעווע דאָ קינדער!**

**בעניע:** **אריע־לייב, אַלטער מענטש, אַלטער שאַדכן, שאַמעס אין דעם בעסמעדרעש פון די באַלעגאָלעס, כאַזן אָפּן בעסוילעם, דו ווייסט עפּשער פאַרוואָס מיך לערנען, וויאַזוי זיך צו פירן?!** (קלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש.) **זאָל דער טאַטעניו אַרײַנקומען!**

ניקיפאָר פאַרשווינדט. בעניע שטייט אײַנמיטן צימער מיטן אײַנגעבויגענעם קאָפּ און צעקראַטשעטע פּיס. זײַן פּנים ווערט אַלץ מער רויטער. שטילשווײַגן. בלויז דאָס אומגעלומפּערטע וואָרטשען פון בען־זכאַריען רײַסט איבער די שווערע שטילקייט.

**בעןזכאריע:** **דער ריבוינעשעלוילעם וואַשט זיך אין רויטן וואַסער.** (דרייט זיך אין זײַן פּאַטעל.) **פאַרוואָס עפּעס אין רויטן און ניט אין ווייסן? ווײַל רויט איז פרײַלעכער פון ווײַס.**

די זײַטיקע טיר סקריפּעט, טרעשטשעט און עפנט זיך לעסאָף. אַלע אויגן זײַנען געווענדט צו איר. עס באַווײַזט זיך מענדל. זײַן צעשלאָגן פּנים איז באַדעקט מיט פּודער. ער טראָגט א נײַעם אָנצוג. לעבן אים — נעכאַמע, פאַרשלייערט, אָנגעטאָן אין א שווער סאַמעטן קלייד.

**בעניע:** **מײַנע פרײַנט, איר אַלע, וואָס זיצט דאָ באַ מײַן טיש! דערלויבט מיר אויסטרינקען א לעכאַיִם פאַר מײַן טאַטן, פאַר דעם האַרעפּאַשניק מענדל קריק און זײַן ווײַב נעכאַמע באַריסאָוונע; פאַר זיי, וואָס גייען שוין דרײַסיק יאָר האַנט באַ האַנט אַף זייער געמיינזאַמען לעבנסוועג. מײַנע טײַערע! מיר ווייסן, מיר ווייסן גאַנץ גוט, אַז דער דאָזיקער וועג איז ניט געווען קיין לײַכטער, אַז קיינער האָט**

אים ניט אויסגעגלײַכט מיט צעמענט, קיינער האָט ניט אוועקגעשטעלט אויף דעם לאַנגן שליאַך קיין איין באַנק. און פון דעם, וואָס מאַכנאָס מענטשן האָבן אים דורכגעמאַכט, איז ער ביכלאַל ניט געוואָרן לײַכטער, גיכער געוואָרן שווערער. פרײַנט, וואָס איר זיצט בײַ מיר אינדערהיים! איך גלייב, אַז איר וועט ניט צעמישן מיט וואַסער דעם ווײַן אין אײַערע גלעזער און אויך דעם ווײַן אין אײַערע הערצער...

ווײַנער איז פול מיט היספּײַלעס, פלאַפּלט.

בענ יע: וואָס רעדט ער?

מאַדאַם ווײַנער. ער שרײַט — הוראַ!

בעניע (ניט קוקנדיק אויף קיינעם): לערן מיך, אַריע-לייב! (ער איז מעכאַבעד מיט ווײַן דעם טאַטן און די מאַמע.) אונדזערע געסט שאַנעווען אונדז. טאַטעניו, זאָג אַ וואָרט צו זיי.

מענדל (קוקט זיך אַרום און זאָגט שטילערהייט): איך ווינטש אײַך אַ גוטן געזונט...

בעניע: דער טאַטעניו וויל זאָגן, אַז ער איז מענאַדעוו הונדערט רובל לעטויוועס האַקלאַל.

פּיסוויכער: מע האַקט מיר דאָ אין קאָפּ אַרײַן וועגן זשידעס...

בעניע: דער טאַטעניו איז מענאַדעוו פינף הונדערט רובל. לעטויוועס וועמען, רעבע?

בען־זכאַריע: לעטויוועס וועמען? ייִדן! דאָס מילך טאָר ניט פאַרזויערט ווערן אין דער ברוסט פון אַ מויד, מע דאַרף מענאַדעוו זײַן לעטויוועס מיידן, וואָס האָבן ניט קיין נאַדן...

באָבריניעץ (פּלאַצט פון געלעכטער): אוי, סאַראַ כוליגאַן! אוי, סאַראַ כאָכעם!

מאַדאַם פּאָפּיאַטניק: כ׳הייס די קלעזמער מאַכן אַ טוש.

בעניע: געמאַכט!

עס דערהערט זיך אין צימער אַן אומעטיקער טוש. די געסט, אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי, גייען צו מיט די גלעזלעך אין די הענט צו מענדלען און בעכאַמען.

קלאַשע: לעכאַיִם, זיידעניו!

סיענקע: אַ וואַגאָן מיט פאַרגעניגנס, טאַטעניו! הונדערט טויזנט אויף קליינע הוצאָעס!

בעניע (ניט קוקנדיק אויף קיינעם): לערן מיך, אַריע-לייב!

באָבריניעץ: מענדל, אויף מיר געזאָגט אַזאַ זון, ווי דײַנער!

ליאָווקע (דורך דעם גאַנצן טיש): בייזער זיך ניט, טאַטעניו. איר האָט זיך שוין גענוג אָנגעהוליעט.

פּיסוויכער: מע האַקט מיר אין קאָפּ אַרײַן וועגן זשידעס! איך קען זיי בעסער...

פּיאַטירובל (שטופּט זיך צו בעניען, פּרוּווט אים אַרומנעמען און קושן): דו קאָנסט אונדז קויפן און פאַרקויפן, דו קאָנסט אונדז פאַרבינדן אין איין קניפּל.

עס דערהערט זיך אַ שטאַרק געוויין הינטער בעניעס פּלייצעס. טרערן רינען איבער אַריע-לייבס פּאָנעם.

אַריע-לייב: פּופּציק יאָר, בענטשיק! פּופּציק יאָר צוזאַמען מיט דײַן טאַטן... בעניע, דו האָסט געהאַט אַ גוטן טאַטן!

ווײַנער (פּלוצלינג צוריק באַקומען דאָס לאָשן): פירט אים אַרויס!

מאַדאַם ווײַנער. גאָטעניו, וואָס פאַר אַ קונצן?!

באָיאַרסקי: איר האָט זיך טויע געווען, אַריע-לייב. איצט דאַרף מען לאַכן.

ווײַנער. פירט אים אַרויס!

אַריע-לייב (וויינט): האָסט געהאַט אַ גוטן טאַטן, בעניע...

מענדל ווערט בלאַס, דערלאַנגט אַריע-לייבן אַ נײַ טיכל. דער לעצטער ווישט אויס די טרערן, לאַכט און וויינט.

באָבריניעץ: גווילעם, ביכט דאָך ניט בײַ דיר אָפּן בעסוילעם!

פּיאַטירובל: אויף דער גאַנצער וועלט וועט איר נאָך אַזאַ בענטשיקן ניט געפינען. כ׳בין גרייט זיך צו וועטן...

בעניע: זעצט זיך אוועק, טײַערע מײַנע!

ליאָווקע: קוועטשט די בענקלעך...

אַ גערויש פון איבערשטעלן די שטולן. מענדלען זעצט מען אוועק לעבן דעם ראָוו און קלאַשע זובאַריאָווען.

בעןֿ־זכאריע. ייִדן!

באַבריניעץ: שטיל זאָל זײַן!

בעןֿ־זכאריע: דער אַלטער שויטע, בען־זכאריע, וויל זאָגן א וואָרט...

ליאָוקע לאכט און פאלט מיטן פּאָנעם צום טיש. בעניע כאפּט אים און טרייסלט, ביז ער בלײַבט ניט שטיל.

בעןֿ־זכאריע: ייִדן, טאָג איז טאָג, און אָוונט איז אָוונט. דער טאָג באגיסט אונדז מיט הייסן שווייס פון אונדזער ארבעט, דאקעגן דער אָוונט האַלט פאר אונדז א פעכער פון געטלעכער קילקײַט. יעהוישוע בען נון, דער, וואָס האָט פארהאַלטן די זון, איז געווען שלעכט און מעשוגע. און אָט באקומט זיך, אז מענדל קריק, דער באַזוכער פון אונדזער בעסמעדרעש, איז ניט קליגער פון יעהוי־שוען. איין מעשעך פון דעם גאנצן לעבן האָט ער געוואָלט זיך בראָטן אין דער היץ פון דער זון, געוואָלט שטיין אין דעם זעלבן אָרט, ווו די זון האָט אים געטראָפן. גאָט האָט אָבער זײַנע שוטרים אף יעדער גאס, און מענדל קריק האָט געהאט זין אין זײַן היים. די שוטרים קומען און מאכן אן אָרדענונג. טאָג איז טאָג, און אָוונט איז אָוונט. אַלץ אין אָרדענונג. לאָמיר אויסטרינקען א גלעזל בראנפן!

ליאָווקע: לאָמיר אויסטרינקען א גלעזל בראנפן!

די פלייט סקריפּעט, ס׳קלינגען גלעזלעך, מע הערט זינלאָזע געשרייען, א דונערדיק געלעכטער.

פאָרהאנג

ייִדיש — מיכאל פרידמאן



הערשל פּאָליאַנקער

# געווען אַמאָל אַ שטעטל

ראָמאַן

ערשטער טייל

## עטלעכע ווערטער פונעם אוטאָר

מענטשן האָבן ליב אַרייַנקוקן אין אַ בלעטל געשיכטע...

דערטאַפּט מען אַ סייפער, ווו עס דערציילט זיך וועגן די אַמאָליקע אַלטע צייַטן, פאַרטיפט מען זיך און מע שלינגט זייַטל נאָך זייַטל.

עפּעס אַ קלייניקייַט — געשיכטע, היסטאָריע!

דאָ גייען אין קאַן געשיכטעס וועגן פירשטן און באַראָנעסעס, אומגליקלעכע ליבעס און פּאַראַטן, לעבנס-געשיכטעס פון פאַלקנפירער און אַטאַמאַנעס, קייזערלעכע הויפן און דועלן, מייַסעס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן.

אז עס גייט א רייד וועגן געשיכטע, איז דאָך ניט שייַער!..

דו וועסט דעם לייענער ניט אָפּשטעלן, צווינגען לייענען ניט דאָס, נאָר יענץ! דער לייענער האָט זיך זיַינע געשמאַקן, זיַינע כּאַלאָסן, זיַין קוק אױף דער זאַך, און טשעפּע אים ניט! דו קאָנסט אים צעבייזערן, און ער וועט ביכלאַל אופהערן נעמען א בוך אין דער האַנט.

ער וויל מיַיסעס און געשיכטעס וועגן דער וויַיטער און נאָענטער פאַרגאַנגענהייַט, טאָ גיב זיי אים, און זאָל ער זיך קוויקן מיט זיי, האַנאַע האָבן!

און דאָ איז מיר געקומען א געדאַנק, אז מע וואָלט גאָר געדאַרפט אָנשריַיבן די געשיכטע פון א קליין שטעטל, וואָס האָט זיך פאַרקליבן אין די גרינע טיפענישן פון פּאָדאָליע, וויַיטלעך פון די גרויסע וועגן און שטעגן, אָפּגעזונדערט פון דער רוישיקער וועלט און דאָך, ניט געקוקט דערויף, האָט עס ניט ווייניק געפּאַקט און געמאַזלט, איבערגעלעבט גרויסע פריידן און נאָך גרעסערע ליידן, פאַרזוכט קאַלטס און ווארעמס, און איבערגעלאָזט וועגן זיך א גוטן אָנדענק אױף דאָר־דורעס.

עס ווילט זיך דערציילן א ביסל ניט אזוי וועגן דעם שטעטל גופע, ווי וועגן זיַינע מענטשן, וועלכע זיַינען צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן איבער דעם אומענדלעך־ברייטן פּאַטערלאַנד.

און דאָ איז מיר געקומען אפן זיקאָרן מיַינער אַן אַלטער באַקאַנטער פון באַפּאָליע — שויעל דער זיפּנמאַכער מיט זיַין גרויסער מישפּאָכע, מיט זיַינע פריַינט און כאַווײרים...

דאָ וועלן ניט זיַין קיין הימלשריַיענדיקע געשעענישן מיט פאַרדרייטע אינטריגעס, פאַרפּלאָנ־טערטע ליבעס, מילכאָמעס, געפעכטן, בעראַנעןן און באַראַנעסעס, וויַיל בא אונדז אין באַפּאָליע איז אַזוינס ניט געווען און ס'האָט ניט געקאָנט זיַין. שויעל דער זיפּנמאַכער איז פון אַלע יאָרן געווען א פּאַשעטער האַרעפּאַשניק, א גוטמוטיקער פריילעכער מענטש, ער האָט ניט געפירט קיין גרויסע געשעפטן מיט דער גרויסער וועלט, זיך צעשיידט מיט זיַין פאַמיליע און מיטן שטעטל בלויז דעמלט, ווען אים איז אויסגעקומען נעמען א ביקס אין האַנט און ווערן א סאָלדאַט, פאַרטיידיקן פון פאַרשיידענע שלעק זיַין ערד, זיַין לאַנד.

צום ערשטן האָט אים פאַרפּוצט אין א גרויער שינעל דער קייסער ניקאָלקע, שוין צום סאָף פון זיַין, ניקאָלקעס, וויסטן סאָף, ווען ער האָט פאַרלוירן די מעמשאָלע מיטן קאָפּ אייינעם. שויעל האָט זיך אומגעקערט פונעם פראָנט אַהיים, אַן אויסגעמאַטערטער, א פאַרוווּנדעטער, און נאָך רעכט ניט באַוויזן צו שטעלן זיך אױף די פיס, ווי ס'האָט זיך אָנגערוקט אױף דער מעדינע א וויסטע כמאַרע: פון אַלע זיַיטן האָבן זיך אױף איר ארופגעוואָרפן וויסטע שלענג און געוואָלט דערשטיקן די ראַטנמאַכט. האָט שויעל ווידער געגומען די ביקס און אוועק אין דער רויטער אַרמיי. זיך אומגעקערט פון די פראָנטן און געמיינט, אז איצט וועט שוין ווערן שטיל אױף דער וועלט און מע וועט לאָזן לעבן, האָבן זיך ארום און ארום געיאָוועט באַנדעס, און אין באַפּאָליע האָט מען געשאָסן אַן אַטריאַד פון זעלבּ־שוץ — סאַמאָאָבאָראָנע. וויאַזוי זשע האָט מען זיך געקאָנט באַגיין אָן א סאָלדאַט, וואָס איז שוין פאַר דער קורצער ציַיט געווען אפן פערד און אונטערן פערד?!

דאָס אַלץ, ווי איר זעט, איז שוין געוואָרן א שטיק געשיכטע, וואָס פאַרגעסט זיך אָבער ניט און וועט זיך אזוי גיך ניט פאַרגעסן.

מיַין אַלטער באַקאַנטער, שויעל דער זיפּנמאַכער, אַזוי ווי איר קוקט אים אָן, האָט וואָס צו דער־ציילן, און איר מעגט אים גלייבן, אז ער וועט גאָרניט דאַרפן אויסטראַכטן, וויַיל קיין באָבעמיַיסעס, אַפן בוידעם א יאַריד, האָט ער ניט ליב. אַלץ, וואָס ער וועט דערציילן, איז הוילער עמעס, און איר וועט עס געוויס אויסהערן מיט גרויסן אינטערעס, ער איז אויסגעווען אין א סאַך מעקוימעס, זיך באַגעגנט מיט אָן א שיר מענטשן, און ניט קיין פּאַשעטע מענטשן, געווען א לעבעדיקער איידעס פון א סאַך געשעענישן און דערביַי דאַרפט איר וויסן, אז א קאָפּ, א זיקאָרן האָט ער ניט צו פאַרזינדיקן.

שויעל דער זיפּנמאַכער... שויעל פון באַפּאָליע...

א לייענער מיט א גוטן זיקאָרן וועט זיך, מעגלעך, פאַרטראַכטן אױף א רעגע: שאַ! דאַכט זיך, אַזאַ פאַרשוין ערגעץ באַגעגנט, געלייענט א ביסל... וועגן שטעטל באַפּאָליע, דאַכט זיך, אויך גע־הערט... איז וואָס וועט עס זיַין?

יאָ, דער לייענער וועט ניט האָבן קיין טאָעס.

ערעוו דער פאַטערלענדישער מילכאָמע האָב איך אָנגעהויבן שריַיבן א ראָמאַן וועגן די מענטשן פונעם שטעטל באַפּאָליע.

איך האָב פאַרטראַכט א ברייטע לעבנסבאַשריַיבונג פון א פריילעכן פאָלקס־מענטש, א האָרעפּ־פּאַשניק און זיַין מישפּאָכע, זיַינע פריַינט און קרוויים. די ערשטע נאָוועלעס זיַינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען: „שויעל דער זיפּנמאַכער".

קיין גרויס מאַזל האָט דאָס ביכל ניט געהאַט, וויַיל עס איז דערשינען אין יענע שווערע טעג, ווען די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן צעפלאַקערן, פריִער אין פּוילן, דערנאָך אין פראַנקריַיך און אָט איז זי דערגאַנגען צו אונדזערע גרענעצן...

די ארבעט איבערן ראָמאַן איז איבערגעריסן געוואָרן, געבליבן הענגען אינדערלופטן, ווייל גלייך אינעם ערשטן טאָג, ווען עס זיינען אַף אונדזער לאַנד אָנגעפאַלן די פאַשיסטישע כאַיאָלעס, איז דער אוטאָר אוועק אַפן פראָנט. אין א קורצער צייט ארום האָבן זיך די פאַשיסטן אריינגעריסן אין קיִעוו און די פאַרזעצונג פונעם ראָמאַן, דער גאַנצער ארכיוו מיט די ביכער איז אוועק מיטן פייער.

אַף די פראָנט-וועגן האָב איך ניט איין מאָל דערמאָנט מיין קיִעווער שרייבטיש און געטרוימט, איבער דער גורל וועט מיך ניט אונטערפירן און איך וועל בלייבן לעבן, נאָך דער מילכאָמע זיך אומקערן אהיים, וועל איך אומבאַדינגט פאַרענדיקן דעם ראָמאַן, דערציילן אַלץ, וואָס איך האָב געוווּסט וועגן מיין שויעל דעם זיפנמאכער און זיין מישפּאָכע. זינט איך קען זיך, האָב איך ניט ליב פאַרבלייבן א באַלכוויוו, דערצו נאָך פאַר מיינע כאַשעווע לייענער!

זיך אומגעקערט נאָך דער מילכאָמע אהיים צו די פוסטע ווענט, צו דער רוּינירטער דירע מיינער, און קיין איין ביכל, קיין איין שטיקל פּאַפּיר דאָרט ניט געטראָפן, האָב איך א לענגערע צייט זיך ניט געקענט נעמען צו דער ארבעט. און ווען איך בין געקומען א ביסל צו-זיך, האָב איך אָנגעהויבן שרייבן וועגן דעם, וואָס איך האָב מיט מיינע אויגן געזען און וואָס איך האָב איבערגעלעבט אַף דער מילכאָמע אין די שווערע שוידערלעכע יאָרן.

אין איינעם א שיינעם טאָג באַקום איך א באַנדעראָל, זעט אויס, פון מיינעם א לייענער.

אופגעעפנט דאָס פּעקל, האָב איך ארויסגענומען צווי ביכער, וועלכע זיינען געווען אָפּגעדרוקט טאַקע סאַמע, סאַמע פאַר דער מילכאָמע. איין ביכל — „שמייע גאָזלען", דאָס צווייטע — דער אָנהייב פון מיין ראָמאַן „שויעל דער זיפנמאכער"...

איך בין געווען גליקלעך פון דער אומדערוואַרטער מאַטאָנע, וואָס א גוטע נעשאָמע האָט מיר צוגעשיקט. דער באַנדעראָל איז געקומען פון דאָנבאַס, פון דער שטאָט קראַמאַטאָרסק.

אַפן שאַרבלעטל פון „שויעל דער זיפנמאכער" איז געווען אָנגעשריבן מיט אקוראַטע אויסיעס: „כאַשעווער גריגאָרי איסאַקאָוויטש!

אייערע צווי ביכער „שמייע גאָזלען" און „שויעל דער זיפנמאכער" זיינען פונעם 1941 ביז דעם 1946 געווען פאַרגראָבן אין דער ערד און איבערגעלעבט שווערע טעג...

זאָלן זיי נאָכאַמאָל דערזען די ליכטיקע שיין און דערפילן דעם גערוך פון טיפּאָגראַפישער פאַרב...

נ. אי. דרעווטשניאַק, שטאָט קראַמאַטאָרסק,
סאַיוזנע גאַס, 20, דירע 2".

אין דער טויט-געפאַר, וואָס איז געהאַנגען איבער קראַמאַטאָרסק, ווען די דייטשישע הענקער זיינען שוין געווען אין דער פאַרשטאָט און אונדזערע האָבן אופגעריסן די לעצטע זאַוואָדן, קעדיי זיי זאָלן ניט אריינפאַלן אין די פאַשיסטישע לאַפּעס, האָט א געטרייער לייענער פאַרגראָבן אין דער ערד מיינע ביכער. ער האָט געגלייבט, האָט געהאָפט אין די ערשטע כאַדאָשים מילכאָמע, אַז מיר וועלן זיך אומקערן, און די ביכער וועלן אים צוניץ קומען.

ס'האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז אין יענע שווערע כאַדאָשים האָט דער טייל, ווו איך האָב געדינט, געפירט שווערע שלאַכטן אין דאָנבאַס, איך בין פונקט אין יענער צייט געווען אין קראַמאַטאָרסק, צוזאַמען מיט די לעצטע פּאַרטיידיקער פון דער שטאָט אָפּגעטראָטן צו די דאָנער סטעפּעס.

און אַט שטייען זיי איצט, מיינע ביכער, בא מיר אין שאַפע, און דערמאָנען מיר יעדן מאָל וועגן דעם, אַז איך בין א באַלכוויוו, איך דאַרף דערציילן ביזן סאָף וועגן איינעם פון מיינע באַליבטע העלדן. און דערציילן וועט ניט בלויז דער אוטאָר, נאָר בעשוטפעס מיט זיין הויפּט-העלד, וועט די זאַך, דאַכט זיך, גיין לעבעדיקער, געשפּאַנטער.

אָט אַזא נוסעך האָבן מיר אויסגעקליבן. איינער א כאָכעם האָט אַמאָל געזאָגט: „יעדער נוסעך איז גוט, כוץ דעם אומעטיקן, דעם סקוטשנעם..."

וויבאַלד מיר האָבן זיך וועגן דעם אַלץ צונויפגערעדט, קאָנען מיר זיך לאָזן אין וועג אַריין, פאָרן וויטער, דאָס הייסט, מיר קאָנען זיך שוין אומקערן צו אונדזער אַלטן באַקאַנטן, שויעל דעם זיפנמאכער און זיין שטעטל באַפּאַליע...

קאַפּיטל איינס

# לאַכן לאַכט דער, װער עס לאַכט דער לעצטער

— יאָ, הייסט עס, איר װילט שטאַרק װיסן, װי איך הייס? הייסן הייס איך, װי טאַטע־מאַמע האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן, — שױעל. אָבער זאָגט מיר נאָר, יונגערמאַן, װאָס פֿרעגט איר באַ מיר אױס יעדעס פּיצעלע, גלײַך װי איר זאָלט זײַן אַ שטיקל פּינינספּעקטאָר? מיט װאָס, פֿרעגט איר, באַשעפֿטיק איך זיך, מיט װאָס פֿאַרנעם איך זיך אין באַפּאָליע, װאָס טו איך? אַ־אָ! האַלעװײַ װאָלטן אַלע אַזױ געטאָן, װי שױעל טוט, װאָלט אַ סאַך גרינגער געװען צו לעבן אױף דער װעלט... — אַזױ האָט זיך מיט גאַדלעס אָנגערופֿן שױעל מאַזור צו זײַן נײַעם באַקאַנטן, מיט װעלכן ער האָט זיך באַגעגנט באַם טײַך.

צום ערשטן האָט שױעל אָן איבעריקן כײשעק געענטפֿערט אױף די קאַשעס פֿונעם יונגנמאַן, נאָר דערנאָך, שפּאַנענדיק אַזױ געמיטלעך מיט דער סטעזשקע אַהיים, האָט ער ניט געאײַלט גענומען דערצײלן װעגן זיך, עפּעס אַ ביסל די סוידעס פֿון זײַן לעבן. ער האָט זיך, װי מע זאָגט, אַרױפֿגעכאַפּט אױף זײַן פֿערדל.

מיט קיין קױלעטש זאָלט איר אים ניט האָדעװען, לאָזט אים אױסגיסן דאָס האַרץ, און שלאָגט אים ניט איבער!

— אײַ־אײַ־אײַ! סאַראַ מעכײַעדיקער פֿרימאָרגן הײַנט! גאָלד מיט זילבער! יאָ, װילט איר, הייסט עס, אינדערעמעסן װיסן, װאָס איך טו און מיט װאָס איך באַשעפֿטיק זיך אױף גאָטס װעלטל? װאָס, אַשטײגער לעמאָשל, דאַרף איצט טאָן אַזאַ מענטש, װי איך, װאָס איז שױן אַריבער די... הע... אָבער װאָס דאַרפֿט איר גאָר צײלן מײַנע יאָרן? עס גייט דען אין די יאָרן? און װאָס איז אײַך די נאַפֿקע־מינע, װיפֿל שױעל דער זיפּנמאַכער איז שױן אַלט? אַבי די הענט און פֿיס מײַנע, דער קאָפּ און דאָס האַרץ דינען גאַנץ פֿײַן, קיין אײַנהאָרע, און צו קיין דאָקטױרים קום איך נאָך ניט אָן און צו די אַפּטײקן אױך. װאָס איז אײַך דער כילעק, װיפֿל איך בין אַלט? אַ געװײנלעכער מענטש, אַזאַ װי אַלע! װילט איר װיסן, מיט װאָס אַזאַ מענטש פֿאַרנעמט זיך אין באַפּאָליע? אַ דײַגע אײַך מיט װאָס, אַבי ער איז ניט קיין ליידיקגייער און לעבט ניט פֿון פּראָצענט. איך עס מיר מײַן ערלעך פֿאַרדינט שטיקל ברױט. אַ געװײנלעכער באַלמעלאָכע. אַ פּאָשעטער זיפּנמאַכער. איך זיץ אױפֿן בענקעלע און אַרבעט אױס די גרױסאַרטיקע באַפּאָליער זיפּן, מיט װעלכע עס קלינגט די גאַנצע גובערניע, אױב ניט װײַטער. װאָס זשע, איר האָט גאָר ניט געהערט װעגן אונדזערע זיפּן און װעגן שױעל דעם זיפּנ־מאַכער? אַ שײנע מײַסע! װער זשע קען מיך דאָ ניט? װאָס זאָגט איר, איר זײַט ניט קיין היגער? געקומען אױף אַ פּאָר טעג אין אַ קאָמאַנדירונג? איר זײַט דאָ דאָס ערשטע מאָל אין לעבן? װאָלט איר גלײַך אַזױ געזאָגט! דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש!

יאָ, איך בין אַ זיפּנמאַכער... װאָס זשע לאַכט איר אַזױ? װאָס איז דאָ דאָס געלעכטער? עס גע־פֿעלט אײַך עפּשער ניט מײַן מעלאָכע? לאַכט געזונטערהייט און זאָל אײַך װױל באַקומען. נישקאָשע, איר דאַרפֿט זיך פֿאַר מיר, יונגערמאַן, ניט פֿאַרענטפֿערן. ניט אײנער האָט געלאַכט פֿון מיר, געפּרוּװט כױזעקן, אָפּשפּעטן, נאָר זײ זײַנען געבליבן צום נאַר! װײַל װי זאָגט דאָס אַלטע װערטל — לאַכן לאַכט דער, װער עס לאַכט דער לעצטער.

אַזױװי איר קוקט מיך אָן, זיץ איך באַ מײַן װאַרשטאַט און אַרבעט אױס זיפּן און איך װינטש מײַנע סאַמע בעסטע ליבע און פֿרײַנט, אַז זײ זאָלן זײַן זיפּנמאַכער! אָבער, װי איך זע, לאַכט איר װידער! יאָ, אַלפּי כײכל פֿאַרשטײ איך, זײַט איר ניט װײַט אַװעק פֿון מײַן פֿלױנעסטע, פֿעסל. טאָמער האָט זי מיר אַמאָל געװאָלט דערגיין די יאָר, װעלן אַ שטאָך טאָן און דערלאַנגען ביז דער זיבעטער ריפּ, האָט זי מיר געדאַרפֿט זאָגן נאָר אַ פּאָר װערטער: „אָט! דער זיפּנמאַכער האָט זיך שױן אין דיר צעשפּילט!”

איצט זאָל זי ריידן, װיפֿל זי װיל, איצט אַרט עס מיך, װי דער פֿאַראײאָריקער שניי! נאָר אַמאָל, נאָך דער כאַסענע, פֿלעגט דאָס מיך שטאַרק פֿאַרדריסן.

אײַך דערצײלן, װיאַזױ מײַן פֿלױנעסטע האָט פֿון מיר אַמאָל אָפּגעלאַכט, װעט אונדז דער טאָג ניט סטײַען! אױ, האָט זי מיך געמאַכט צו בלאָטע גלײַך, געמאַטערט! מיט אירע געלעכטערלעך און שטעכװערטלעך האָט זי מיך שיער ניט פֿאַרטריבן פֿון דער ליכטיקער װעלט. עס איז שיער ניט דער־גאַנגען צו אַ געװט! איר מעגט דאָס אױסהערן. עס װעט אײַך, כאָלילע, ניט שאַטן. די קריג צװישן אונדז האָט זיך אָנגעהױבן מיט אַ שײן ביסל יאָר צוריק. פֿאַר דער כאַסענע, װען, הייסט עס, מע האָט אונדז גענומען פֿאַרקנאַסן. איצט איז מײַן פֿעסיע ניט יענע, װאָס איז געװען דעמלט! איר װאָלט גע־דאַרפֿט אַ באַלן זײַן אױף איר אַ קוק טאָן דעמלט, װען זי איז יונג און שײן געװען — בלוט און מילך.

אַ פּאָר שוואַרצע אויגן — פֿײַער. מיט איין קוק האָט זי געקאָנט דעם שענסטן באָכער פּאַרקישעפן, אַראָפּפירן פונעם גלײַכן וועג. אַ ברען! עס איז ניט אײַנגעפירט, פאַרשטייט זיך, מע זאָל שטאַרק לֿיבן אַן אייגן ווײַב, נאָר אַז עס איז שוין געקומען צו רייד, איז דאָך ניט שײַעך. וואָס דאַרף איך אײַך אַ סאַך ברײַען — גאַנץ באַפּאָלֿיע, אַלֿע שענסטע כאַסאַנים האָבן אַמאָל געכאַלֿעשט נאָך מײַן פּעסיעס טריט. אַ מויד געוועזן, שוין אײנמאָל אַ מויד! איר מעגט מיר גלײבן אַפן וואָרט. אַזוינס ווי אַזעלכס! טאַם גאַנײדן!

פאַרוואָס, וועט איר פרעגן, האָט זי אַמאָל פון מיר אַזוי אָפּגעכויזעקט? טאַקע דערפאַר, וואָס איך בין געווען אַ זיפּנמאַכער. און בעסאָד וועל איך אײַך דערציילן, אַז דער שידעך איז שיר ניט געוואָרן אויס שידעך...

יאָ, יונגערמאַן, איך זע לֿויט אײַער מאַמזעריש שמייכעלֿע, אַז די געשיכטע האָט אײַך אַ שטשיפּע געטאָן באַ דער נעשאָמע און איר ווילט טאַקע אויסהערן ביזן סאָף. איז עפּשער וועלן מיר זיך אַ קאַפּעלֿע צוזעצן באַ מיר אַף דער פּריזבע? אָט איז שוין מײַן שטיבל, און נאָך דעם ווי מיר האָבן זיך אַזוי פֿײַן אויסגעבאָדן אין אונדזער טײַכל, שאַט ביכלאַל ניט איבערכאַפּן דעם אָטעם, דערנאָך וועל איך דערציילן ווײַטער, ווײַל דאָס קאָן אײַך, מיין איך, צוניץ קומען אַף דער עלֿטער.

אַ מעכײַע אין אַזאַ שטילן פרימאָרגן זיצן אַף מײַן פּריזבע און באַטראַכטן די אַרומיקע שיינע וועלט. נאָר איין ווײַלֿע... איך זע, אַז איר קוקט אַף מײַן בוים מיט די קאַרשן... איר זײַט אַ מייוון אַף קאַרשן? שוין אײנמאָל קאַרשן! אָט וועל איך אָנרײַסן אַ פּאָר זשמעניעס, וועט איר פאַרזוכן און זיך מעכײַע זײַן... שוין לֿאַנג ניט געווען אַזאַ גערעטעניש אַף קאַרשן. מאַמעש די צווײַגן ברעכן זיך... גאָלֿדענע קאַרשן... אָט נעמט און פאַרזוכט, איך בעט אײַך. שעמט זיך ניט. וואָס זשע, איר ווייסט דען ניט, אַז איר וועט זיך שעמען, וועט איר ניט כאַסענע האָבן?..

יאָ, איז ווו האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלֿט? לֿעבן מײַן פּעסיען... ווען זי הערט, אַז איך לֿויב זי אַזוי, וואָלֿט זי מיר געגעבן אַ שיינעם פּעטשאַטעק.

אַזויווי איר זעט מיך, בין איך אַ גרויסער אַקשן. וואָס הייסט אַן אַקשן? עס פאַלֿט מיר אַרײַן אין קאָפּ עפּעס אַ מאַנקאָלֿיע, איז כאָטש די נעשאָמע פאַרזעץ, נאָר עס מוז זײַן אַזוי, ווי איך האָב פאַרטראַכט. עס מעג דונערן און בליצן, נאָר מײַנס מוז איך אויספירן. באַפּאָלֿיע איז אַן אַקשן, נאָר שויעל איז ניט קיין קלֿענערער אַקשן. עסט, עסט קאַרשן, און זאָל אײַך ווויל באַקומען! שעמט זיך ניט. גאָלֿדענע קאַרשן. איר זעט דאָך, דער בוים איז אָפּגעשאָטן מיט זיי. איז לֿעמײַ זאָלֿן די וואָראָבייטשײַקעס זיי אויספּיקן, כאַפּט פאַרגעניגן! ווען איר קומט צו אונדז אַ ביסל שפּעטער, וואָלֿט איר נאָך פאַרזוכט מײַנע עפּל און באַרן. דאָס האָב איך זיי אַמאָל פאַרזעצט און ס'וואַקסן גאָלֿדענע פּײרעס. אַז איך האָב אַ פרײַע שאָ, האָב איך לֿיב זיך אַ פּאָרע טאָן אין מײַן פּאַליסאַדניקל. עמעס, ניט קיין סאַךביימער האָב איך פּאַרפּלאַנצט, נאָר עס סטײַעט. מע איז ניט זשעדנע...

יאָ, איז ווו זשע האַלֿטן מיר אין כעזשבן?

טאַקע וועגן מײַן פּעסיען, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר... אַלֿיין בין איך גראָדע ניט קיין הי־געבוירענער, דאָס הייסט, אַ באַפּאָלֿיער. אַ באַפּאָלֿיער איז זי, מײַן פלוינעסטע. איך אַלֿיין בין פון טאַראַשטשע. וועט איר מיסטאָמע פרעגן, ווי זשע קומט טאַראַשטשע צו באַפּאָלֿיע, ווי קום איך צו מײַן פּעסיען? דאָס אַלֿיין איז שוין אַ שיינע געשיכטע, וואָס איז קעדײַ אויסהערן.

מיט יאָרן צוריק האָט אונדזערער אַ ווײַטער קאָרעוו געפּראַוועט אין באַפּאָלֿיע אַ כאַסענע. און דאָס איז געווען שוין אײנמאָל אַ כאַסענע! אַף טיש, אַף בענק און אַף קלֿיינע בענקעלֿעך! איר שפּילֿט זיך מיט די באַפּאָלֿיער כאַסענעס און מאָלֿצײַטן! עס איז געווען הולֿיע קאַפּצן! די קאַפּאָטע פאַרזעצן, נאָר אַ שיינעם מאָלֿצײַט פּראַווען, אַלֿע סאָנים אַף צעפּיקעניש. אַלֿע קרויווים, פרײַנטלעך — פון קאַלֿעס צאַד און כאָסנס צאַד — זיי האָבן געמעגט ווינען ערגעץ אין אויסרײַסעניש, אין קאָלֿאָמייע, אין ברעמבעלֿיוווקע, האָבן זיי געמוזט קומען אַף דער כאַסענע. ווען מיר האָבן באַקומען דאָס שיינע קוויטל, אַז מע פּראַוועט אין באַפּאָלֿיע אַ כאַסענע, האָט מײַן טאַטע, ניט קיין גרויסער נאָגיד, אַ פּאַטאָמסטווענער זיפּנמאַכער מיט אַ גרויסער מישפּאָכע, געדונגען אַ באַלֿעגאָלֿע פאַר די לֿעצטע עטלֿעכע קאַרבן, אַרופגעזעצט אַף דער פור זײַן פריילֿעכע אָרעמע כעוורײַע און — הײַדאַ! מע פאָרט קיין באַפּאָלֿיע! איך בין שוין דעמלֿט געווען אַ יונגאַטש אַ כאָסן־באָכער, קאָן מען זאָגן. מע האָט מיר שוין אָנגעהויבן ריידן שידוכים. האָב איך זיך אויך אַרײַנגעזעצט אין דער פור — וואָס זשע, איך בין ערגער פון אַלֿע? און איך פאָר קיין באַפּאָלֿיע! גיי ווייס, וואָס עס וועט דאָרט מיט מיר פאָרקומען!

געקומען קיין באַפּאָלֿיע. אַרום — אַ טומל, אַ ראַש. די קלֿעזמער אַרבעטן אַף אַלֿע קיילים. מע טאַנצט, מע זינגט, מע קערט וועלֿטן. און אַן ענגשאַפט — ניטאָ ווו אַ נאָדל זאָל פאַלֿן!

איך פּרוּוו זיך דורכשטויסן צו מײַנע קרויווים, זיי אַרומנעמען און צעקושן, וואַרפט זיך פּלוצעם אין מײַנע אויגן אַ מיידל — אַ קראַסאַוויצע, און איך בלײַב שטיין אַ געפּלעפטער מיט אַ צעעפנטן מויל, ווי אַן עמעסער גוילֿעם. איך קוק אַף איר, און זי קוקט אַף מיר. איך ווייס ניט, וואָס איך זאָל

איר זאָגן, און זי ווייסט ניט, וואָס זי זאָל מיר זאָגן! זי איז מיר גלײַך אַרײַן, ווי מע זאָגט, מיט ביידע פיס אין האַרצן. איך בין פון דעם מיידל ווי פאַרטשאַדעט געוואָרן, ווי אונדזער נאָכמען־בערל דער שנײַדער ווערט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק פאַרטשאַדעט פון זײַן פּרעסל.

האַקיצער, וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברײַען, דאָס איז געווען פּעסל!

איך גיב א שמייכל צו איר, זי טוט א שמייכל צו מיר, נאָר די צינגער אונדזערע זײַנען אין גאַלעס, קענען קיין פּיפּס ניט אַרויסברענגען. מע איז שטום. מע איז פּריטשמעליעט!

דער טאַטע טוט מיך א שטורכע אין די ריפּן און זאָגט מיר:

— שלימאַזל, וואָס שטייסטו, ווי א באָק אומגעוואַשן? זעסט, וואָס עס טוט זיך אױפֿן טיש? טו עפּעס א כאַפּ, נעם אין מויל אַרײַן א שטיקל לעקעך, ווײַל עס וועט ניט סטײַען... ביסט דאָך פון וועג, הונגעריק, ווי א וואָלף...

נאָר וואָס מיר לעקעך, ווען מיר לעקעך. מײַן האַנט טוט זיך טאַקע יאָ א צי צום טיש, נאָר אָנשטאָט כאַפּן א שטיקל לעקעך, פאַרקריכט זי אינעם כאָלאָדיעץ און כ'דערפיל, ווי עמעצער טוט מיך א פּאַטש איבער דער האַנט: „וווּהין קריכסטו, באַלטאַכלעס?!"

וואָלט איך צוגעגאַנגען נעענטער צו דעם מיידל, נאָר גיי מאַך עפּעס, אז לעבן איר איז שוין אויסגעוואַקסן איר מאַמע, א בייזע ייִדענע...

און אױף דעם מיידל קוקן שוין עטלעכע באָכערים. זיי — פּאַרפּוצטע, מיט קאַפּעליושלעך... איך אַנטקעגן זיי, ווי א ישיווע־באָכער, א קאַפּצן אין זיבן פּאָלעס.

מײַן טאַטע טוט מיך ווידער א שטורכע: „שלימאַזל, וואָס איז מיט דיר? ביסט עפּעס א האַלבער מענטש!" ער פרעגט, און איך ענטפער בוידעם־לאָקש.

דער טאַטע האָט איבערגעכאַפּט מײַן בליק, דערזען מיט א וועלכע אויגן איך קוק אױף פּעסיען, און ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס עס איז געשען מיט מיר. און, זעט אויס, די מויד איז אים אויך געפעלן געוואָרן.

מײַן טאַטע איז ניט פון די שעמעוודיקע קירזשנער און נאָך א וואָרט דאַרף ער אין קעשענע ניט קריכן. ער דערפרעגט זיך, ווער און וועמענס איז די מויד, פונוואַנען? נאָר מיר זאָלן אַזוי האַלטן מיט אונדזערע סאָנים, ווי מיר האַלטן מיט דער פּעסיען. ווער קען דען צוקומען צו איר? זי איז בא אירע עלטערן אַן איין־און־איינציקע. מע האָט שוין אַרײַנגעשיקט עפּשער א צענדליק שאַדכאָנים, נאָר קיין איין כאָסן איז איר ניט צום האַרצן, דער איז א לאַנגער, יענער איז א גראָבער, דער פון א געמיינעם ייִכעס, יענער איז א גלאָמפּ.

נו, ווי זשע קאָן מען צו איר זיך צושאַרן, פרעג איך אײַך?

האַקיצער, איך ווייס ניט אױף וואָס פאַר א וועלט איך געפין זיך. איך לעב ניט, איך שלאָף ניט, איך טאַנץ ניט, איך פאַרברענג ניט, גלײַך ווי איך בין געקומען צו פאָרן ניט אױף א לײַטישער כאַסענע, נאָר אױף א לעווײַע!

דער טאַטע האָט סאָפּקאָלסאָף זיך דורכגערעדט מיט אירע עלטערן און ער האָט דערפילט, אז עס גייט א גאַנג! ווײַל איר דאַרפט פאַרשטיין, אז איך בין אויך געווען ניט קיין הינקענדיקער שנײַדער — א שלאַנקער, פעסטער און שיינער באָכער. מיט אַזעלכע וואַרפט מען זיך ניט. עס איז אַוועק א טאָג און צוויי. די כאַסענע האַלט שוין באַם סאָף, נאָר איך פאָר ניט אַהיים, איך מוז זיך דערוויסן פּינקטלעך, ווו האַלט איך מיט פּעסיען? עס לאָזט זיך אויס, אז איך בין איר אויך געפעלן, און אַלץ וואָלט געגאַנגען, ווי א מיזמער, נאָר איין זאַך האַלט זי אָפּ, און ניט בלויז זי, נאָר אויך אירע עלטערן. עס געפעלט ניט, וואָס איך בין א זיפּנמאַכער! דעריקער האָט אײַנגערעדט וועלטן איר מאַמע. „הערט נאָר א פּאַטעפּאַלנעסט פון טאַראַשטשער לייצים! — שרײַט זי אױף א קאָל. — ווו נעמט זיך בא מענטשן אַזאַ האָזע? א מישפּאָכע פון איינע קאַצאָווים, וועט מען אָפּגעבן א טאָכטער פאַר עפּעס א זיפּנמאַכער? אַזאַ מין שטיק גאָלד, ווי אונדזער פּעסיע־לעבן, זאָל מען פאַרקנאַסן פאַר א זיפּנמאַכער? וואָס זשע, זי איז, פּעסיע אונדזערע, א פאַרזעעניש, צי א פאַרזעסענע מויד? איר גליק וועט זי נאָך געפינען. די שאַדכאָנים שלאָגן אונדז אָפּ די טיר..."

דערהערט אַזעלכע דיבורים, דאַרף איך אײַך זאָגן, האָב איך זיך שיִער ניט געריִרט פון זינען. איך בין דעמלט געווען אין קאַס אױף מײַן טאַטן, דעם זיפּנמאַכער, אױף דעם זיידן, דעם זיפּנמאַכער און אױף אַלע זיפּנמאַכערס פון דער גאַנצער וועלט — לעמײַ האָב איך בא זיי געיאַרשנט אַזאַ פּראָפעסיע?! וואָס האָב איך זי געדאַרפט האָבן? ניט געקענט ווערן א זייגערמאַכער, א שנײַדער, א קאַפּעליושניק, א וואָס אין דער קאָרט! ווער איך א זיפּנמאַכער! נאָר וואָס טוט מען איצט? ווי קאָן מען פאַרלירן אַזאַ קאַלע? אַזאַ פּעסיען, וואָס איז איינע אױף דער וועלט און נאָר זי איינע איז מײַן באַשערטע?

דער טאַטע מײַנער איז אױף מיר מאָלע רעציכע. וואָס הייסט עס? אַזוי גיך, זאָגט ער, ליאַפּעט מען זיך אײַן אין א מיידל? וואָס זשע, זי איז איינע אין דער גובערניע? אַנו, מאַמזער, נעם צונויף די בעבעכעס און לאָמיר פאָרן אַהיים, — טרײַבט ער מיך אונטער, דער טאַטע. א זיפּנמאַכער איז דאָ, הייסט עס, פּאָסלדיק, א קאַצעוו איז שענער!

און איר דאַרפֿט טאַקע וויסן, אַז אַמאָליקע יאָרן איז אין באַפֿאַליע אַ זיפּנמאַכער געווען ערגער, ווי אַ קוימענקערער אין בערדיטשעוו, ווי אַ וואַסערפֿירער אין דעראַזשנע, אַ שוסטער אין זאַטקעוועץ, אַ שמאַטניק אין פּאַגרעבישטשע...

איך האָב געמאַכט דעם טאַטן די טשעכאָטקע, דער טאַטע — זײַנע קרויווים, די שאַדכאָנים דעם מיידלס עלטערן, דאָס הייסט, די קומענדיקע שווער און שוויגער, און מע האָט בײַ זיי קוים געפּועלט, אַז זיי פֿאַרקנאַסן פֿאַר מיר די גרויסאַרטיקע פּעסיע, אָבער מיט איין טנײַ: איך ווער אויס זיפּנמאַכער, און דאָס וואָרט זיפּנמאַכער זאָל קיינמאָל אין זייער שטוב אַפֿילע ניט דערמאָנט ווערן.

מיילע, זאָל זײַן אַזוי! אַן אַנדער ברירע האָב איך געהאַט?

האַקיצער, איך ווער אויס זיפּנמאַכער און זי, פּעסיע, ווערט מײַן באַשערטע...

אַזוי בין איך געוואָרן אַ באַפֿאַליער.

איז מאָלט אײַך, ווען איך בין געווען בײַ זיי אין שטוב נאָך אויף קעסט און ניט געדאַרפֿט זיך ברעכן דעם מויעך וועגן מאָרגנדיקן טאָג, איז געווען גוט און פֿײַן, וואָס בעסער דאַרף מען ניט. קוצעניו־מוצעניו. מע האָט זיך געפּיסקלט, זיך אַרומגענומען, מע איז געווען אויפֿן זיבעטן הימל. אַ פּאָרל פֿון גאָט! אַלע באַפֿאַליער כעוורע זײַנען מיר געווען מעקאַנע. נאַר אָט איז דורך אַ שטיק צײַט און עס האָבן זיך אויסגעלאָזט די קעסט, עס איז געקומען אויף דער ליכטיקער וועלט אַ קלײן פּיקערל און מע דאַרף עס האָדעווען, מע דאַרף דעם עפּעס אופֿנייען, און דער נאַדן האָט זיך שוין לאַנג אויסגעלאָזט און עס איז ניטאָ קיין גראָשן בײַ דער נעשאָמע און דו האָסט אַ שיין פּאָנעם. עס איז געוואָרן ביטער און פֿינצטער. איך האָב זיך געשלאָגן, ווי אַ פֿיש אונטערן אײַז, און צו קיין ברעג זיך ניט געקענט צושלאָגן. צו וואָס איך האָב זיך ניט גענומען, איז דאָס מיר געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ, כאָטש שרײַ גוואַלד, כאָטש צערײַס זיך. אַז דאָס פּערדל איז געוווינט גיין אין צײַמל, ווײסטו דעם אָנטאָן אַ קרוין?

איך הייב ניט אָן וויסן, צו וואָס מע נעמט זיך און ווי מע פֿאַרדינט אַ לעבעדיקן גראָשן, צו וואָס ליגט מען צו די הענט? אַז זיי ליגן זיך צו גאָרנישט ניט, כוץ צו זיפּן! און וואָס האָבן זיך די באַפֿאָליער ליצים צוגעטשעפּעט צו מײַנע זיפּן? וואָס האָבן זיי אויף די זיפּן געוואָרפֿן אַן אומכיין? וואָס אַרט עס זיי, אויב איך וועל זיך אָוועקזעצן אויסאַרבעטן מײַנע באַרימטע זיפּן, פֿון וועלכע די טאַראַשטשער ווײַבער האָבן געלעקט די פֿינגער? עס כאַפּט מיך אָן אַ מעסוקענער פּאַרדראָס ביז צום וויינען. גוואַלד דאַרף מען שרײַען! אַ מענטש האַלט אין די הענט אַזאַ גאָלדענע מעלאָכע, און דאַרף זיך מוטשען אָן אַ גראָשן! אַ מענטש שטייט בײַ אַ לעבעדיקן קוואַל מיט זויבערן וואַסער און דאַרף כאַלעשן נאָך אַ טרונק? איך דאַרף אַרומלויפֿן איבער באַפֿאָליע אַנטלײַען אַ פּאָר קאָפּיקעס אויף אַ קריגל מילך דעם קינד. הערן פֿונעם ווײַב די שיינע ריידעלעך: „שלימאַזל, באַלטאַכלעס, וואָס וועלן מיר מאָרגן עסן?"

וואָס טוט מען און וואָס הייבט מען אָן טאָן? לויפֿן זוכן נײַע פּאַרנאָסעס, נײַע געשעפֿטן? פֿאַר וואָס בין איך אַזוי געשטראָפֿט געוואָרן? גאַנץ טאַראַשטשע און סאָקאָליווקע קוויקן זיך נאָך ביז איצט מיט מײַן טאַטנס און מײַנע זיפּן, שפּאָלער און טאַלנער ווײַבער לעקן פֿון זיי די פֿינגער, קאָנען זיך גאָרניט אָנלויבן פֿון די זיפּן און דו, שויטע, ליגסט טיף אין דער ערד און באַקסט בייגל, האָסט פֿאַרוואָרפֿן דײַן אינסטרומענט, דײַן מעלאָכע און לויפֿסט אַרום מיט אַן אויסגעשטעקטער צונג צוזאַמען מיט אַלע באַפֿאָליער ליצים, ליידיקגייער, זוכסט דאָס בידנע שטיקל ברויט אין דער צײַט, ווען דו קענסט זײַן אַ בעקאָוועדיקער באַלמעלאָכע אין באַפֿאָליע, אַ בעקאָוועדיקער מענטש!

איך האָב זיך ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי מײַן פּעסיע, אַזוי־אָ זידלענדיק מיך מיט די ערגסטע ווערטער, לעמײַ איך האָב איר צעבראָכן דאָס לעבן און זי דאַרף זיך אַזוי נייטיקן נאָכן שטיקל ברויט און קווערטל מילך פֿאַרן זון, האָט מיך אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן באַגליקט מיט נאָך אַ גראַגערל. בין איך שוין, הייסט עס, געוואָרן אַ טאַטע פֿון צוויי קינדער...

דאָ האָב איך זיך שוין אינגאַנצן פֿאַרלוירן. איצט וועט אין שטוב ווערן גאָר פֿריילעך און איך שטעל זיך ניט פֿאָר, וואָס וועט ווײַטער זײַן...

נאָר, ווי זאָגן דאָרט אונדזערע זיפּנמאַכערס, מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל. ער וועט זאָרגן פֿאַר אונדז. אַ גאָט אַ פֿאָטער, אַז ער גיט ניט קיין מאַקע, גיט ער אַ בלאָטער...

איך האָב זיך נאָך ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי מע האָט מיך אַ רוף געטאָן צום פּריזיוו. ניקאָלקע האָט זיך אין מיר דערמאָנט!

— סטײַטש, — זאָג איך צום וואָיִנסקע נאַטשאַלניק, — ווו זשע זײַנען אײַערע געזעצן? איך בין דאָך שוין אַ טאַטע פֿון צוויי קינדער, ווער זשע וועט זיי האָדעווען? צוויי פּיצלעך קינדער בײַ דעם ווײַב אויף די הענט...

— נישקאָשע, — צעלאַכט זיך דער וואָיִנסקע נאַטשאַלניק, — מע דאַרף זיי ניט האָדעווען, זיי וועלן אַליין עסן, אויב זיי וועלן האָבן וואָס צו עסן...

האקיצער, עס האָט מיר געהאָלפֿן, ווי א טויטן באַנקעס, מע האָט מיך פֿאַרקנאַסט, אָפּגעגעבן פֿאַר א סאָלדאַט.

מע האָט מיך אַרויסבאַגלייט פֿון באַפּאַליע, ווי מע באַגלייט אַרויס אַף אַן אַרעמער לעוויַע, מיך שיין באַוויינט, און איך בין שוין ניט קיין היגער!

אַזוי־ווי דאָס ווי־סטע מאַזל איז מיר שטענדיק נאָכגעגאַנגען פֿוסטריט, אַזוי אויך דאָס מאָל. מע האָט מיך פֿאַרשיקט, ווו דער שוואַרצער פֿעפֿער וואַקסט, ערגעץ אין א מידבער, כוץ זאַמד און היצן אַף משוגע צו ווערן און האַרבאַטע קעמלען איז גאָרניט נישט געווען.

וואָס זאָל איך נאָך לאַנג אייַך בריַיען, מיַין טיַיערער, אָפּגעדינט א פּאָר יאָר, נאָר אַלץ הייסט אָפּגעדינט! אָפּגעהאָרעוועט קאַטאָרגע. זיך שוין גענומען קלייַבן אַהיים, צום וויַיב און קינדער, איז געקומען נאַטשאַלסטווע און אונדז אָנגעזאָגט די שיינע בסורע, אַז וואָס איז? אַז דער שיינער צאַר־באַטיושקא איז מיט אונדזער דינסט גאַנץ שיין צופֿרידן, אַז מיר האָבן אים, הייסט עס, געדינט ליַיטיש און ער האָט צו אונדז, כאָלילע, גאָרניט, פֿאַרקערט. נאָר וואָס זשע? וועגן פֿאָרן אַהיים דאַרף מען ניט טראַכטן, וויַיל עס האָט אויסגעבראָכן א מילכאָמע און מיר מוזן זיך גיין שלאָגן „זא וויערו, צאַריא אי אָטעטשעסטוואָ”. איבער דער מעדינע הענגט א גרויסע סאַקאָנע...

אָט האָסטו דיר די צווייטע טעג יאָמטעוו!

און וואָס וועט דאָרט אינדערהיים זיַין מיט אונדזערע וויַיבער און קינדער, זיי הונגערן, נעבעך, קומען אָפּ? נאָר איצט, זאָגן די נאַטשאַלניקעס, קאָן וועגן דעם קיין רייד ניט זיַין. מע דאַרף גיין ראַטעווען די אימפּעריע מיטן אימפּעראַטאָר.

מע האָט אונדז פֿאַרשפּאַרט אין די טעפּלושקעס, ווי סקאָט, און אַוועקגעפֿירט אין א צווייטן עק וועלט, ערגעץ קיין ליפּליאַנדיע, אין די בלאָטעס און שליאַטעס.

וואָס איז דאָ א סאַך צו דערציילן, מיר האָבן זיך גוט אָנגעבידעוועט, פֿאַרלוירן דאָרטן טויזנטער סאָלדאַטן און אָפֿיצערן, אויסגעריסן געוואָרן. עס איז דען געווען א מילכאָמע? א מעהומע!

די דיַיטשן פֿאַרשיטן אונדז טאָג ווי נאַכט מיט סנאַריאַדן און קוילן, און מיר, נעבעך, האָבן ניט מיט וואָס צו ענטפֿערן. ביז מע ברענגט אונדז פֿון טיפֿער ראַסיי סנאַריאַדן, קוילן, דאָס ביסל אַמוני־ציע, פּראָוויאַנט, זיַינען שיר די אויגן ניט אַרויסגעקראָכן פֿונעם קאָפּ. מיר זיַינען דען געווען גרייט האַלטן מילכאָמע? א נעבעכטיקער טאָג! היַינט די שיינע גענעראַלעם אונדזערע — טעמפּע קעפּ, שי־קאַרניקעס, טויגעניכטן, פֿאַרטאַטשעס. מע האָט זיי ניט געטאָרט פֿאַרטרויען פּאַשען א טשערעדע שאָף, ניט וואָס קאָמאַנדעווען מיט פּאָלקן סאָלדאַטן. פֿאַרקויפֿטע נעשאָמעס, א רוער אין זייער טאַטנס טאַטן!

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן דאָרטן, אַפֿן פֿראָנט, איז ניט צו דערציילן און ניט צום באַשריַיבן. צוויי מאָל בין איך פֿאַרוווּנדעט געווען, זיך געוואַלגערט אין האָספּיטאַל, שיר ניט אָפּגעגעבן גאָט די נעשאָמע. דערנאָך אַריַינגעפֿאַלן צו די דיַיטשן אין פּלען און אַנטלאָפֿן. קוים־קוים זיך אַרויסגעריסן פֿון דאָרטן מיטן לעבן... וויאַזוי איך בין לעבן געבליבן, הייב איך ניט אָן צו וויסן. נאָר וואָס זשע, אַז מע לעבט, דערלעבט מען.

זיך אומגעקערט אַהיים א דערשלאָגענער, א פֿאַרמוטשעטער, קוים געקומען צו־זיך. געטראָפֿן די שטוב — ניט איבערצוגעבן. פֿון אַלע שפּאַרונעס פּיַיפֿט דער דאַלעס. נישטאָ מיט וואָס האָדעווען די קינדערלעך. פּעסיעס טאַטן האָט מען אויך אַרויסגעטריבן אַף דער מילכאָמע, נאָר ער איז ניט דערפֿאָרן ביזן פֿראָנט. ער האָט אין די טעפּלושקעס זיך אָנגעשטעקט מיט עפּעס א מין סאָרט טיף אָדער כאָליערע און געשטאָרבן. קיינער ווייסט אַפּילע ניט, ווו איז זיַין קייווער...

איך האָב זיך ניט פֿאָרגעשטעלט, צו וואָס נעמט מען זיך פֿריִער. כ'האָב שוין אָנגעהויבן טראַכטן, אַז מע דאַרף זיך נעמען צו מיַין אַלטער מעלאָכע, צו מיַינע זיפּן. נאָר דאָס וויַיב און די שוויגער האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אויפֿגעהויבן א וואַיִצאַקן, אַז איך האָב זיך גליַיך געמוזט אָפּזאָגן פֿון מיַין פּלאַן. דאָס קלאָפּערגעציַיג האָט זיך געוואַלגערט אַפֿן בוידעם צוזאַמען מיטן פּייסעכדיקן געפֿעס, פֿאַרשימלט, פֿאַרזשאַווערט.

יאָ, וועט איר פֿרעגן, פֿון וואָס האָב איך פֿאָרט געלעבט די עטלעכע יאָר, טאָ פֿרעגט מיך בעסער גרינגערע זאַכן. מיט וואָס האָב איך זיך דען ניט פֿאַרנומען? געשלעפּט זעק אַף די פּלייצעס, געהאָלפֿן מענטשן באַאַרבעטן די גערטנער, געהאָלפֿן בויען היַיזער, און וואָס ניט?

עס ברענט נאָך אַף מיר ביז איצט די הויט, ווען איך דערמאָן זיך, מיט וואָס מיר איז אויסגע־קומען זיך באַשעפֿטיקן, קעדיי פֿאַרדינען דאָס בייזנע שטיקל ברויט, דאָס ביסל מילך פֿאַר מיַינע קינדער. דאָס גאַנצע שטעטל באַפּאָליע איז דאַן געלעגן ניַין איילן אין דער ערד און איך אויך בע־סויכעם.

די גרויסע זאַוואָדן און פֿאַבריקן, וואָס זיַינען דאָ געווען? עס איז ניט געווען צו וואָס צולייגן די הענט, און מע האָט געפּעכנעט אַפֿן פּיסק. מע איז, נעבעך, אויסגעגאַנגען פֿון הונגער דריַי מאָל א טאָג כוץ וועטשערע. נאָך א גליק, וואָס עס האָט זיך אַהער דערטראָגן דער קלאַנג, אַז מע הייבט אָן ניט וויַיט פֿון באַפּאַליע פֿירן די איַיזנבאַן און מע וועט דאָרט קאָנען קריגן אַרבעט. אַלע האָבן

זיך שטאַרק דערפֿרייט. זאָל זײַן די אײַזנבאַן, אַבי פֿאַרדינען דאָס שטיקל ברויט. נאָר באַפּאַליע האָט טאַקע אַ סאַך מאַזל. די פּריצים אין די אַרומיקע קאַנטן האָבן זיך אײַנגעאַקשנט, ווי די אישאַקעס, און געמאַלדן, אַז זיי ווילן ניט לאָזן, איבער זייער ערד זאָל גיין דער צוג. עס איז געוואָרן אַ קרי־געריי, מע האָט זיך געשטשיפּעט פֿאַר די בערד, מע איז געלאָפֿן קיין פּעטערבורג צום אימפּעראַטאָר זיך קלאָגן אויף די אַרטיקע פּריצים, נאָר ס'האָט ניט געהאָלפֿן, מע האָט געמוזט נעמען בויען די אײַזנבאַן אויף פּופּצן ווערסט ווײַטער פֿון באַפּאַליע.

און וואָס מיינט איר, אויך דאָס האָט ניט געשטערט, איך זאָל מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע באַפּאַליער כּעוורע גיין בויען די אײַזנבאַן, שלעפּן אויף זיך די שפּאַלעס מיט די רעלסן, אויסגעריסן ווערן און פֿאַרדינען צוביסלעך אויפֿן לעבן.

די יאָרן גייען. עס איז געוואָרן די רעוואָליוציע. מע האָט אָנגעהויבן אַרופֿנעמען אויף זיך אַ נײַע הויט. דער קאַפּצן וועט איצטער זײַן אויפֿן פֿערדל. עס איז געוואָרן פֿרייִלעכער אויף דער נעשאָמע און געדאַכט האָט זיך, אַז מע וועט לאָזן לעבן.

איז כאַפּט ניט די פּיש פֿאַר די לאָקשן! די בורזשואַזיע מיט דער קאָנטרע האָבן זיך אַרופֿגע־וואָרפֿן אויף דער רעוואָליוציע און זי אָנגעכאַפּט באַם גאָרגל. מע וויל זי דערשטיקן. עס האָבן זיך ווי פֿון אונטער דער ערד געיאָוועט פֿאַרשיידענע באַטקעס, העטמאַנס, אַטאַמאַנען מיט זייערע באַנדעס און מע האָט פּונעם לאַנד געגומען רײַסן שטיקער פֿלייש.

בלוט האָט זיך געגאָסן, ווי וואַסער. אַלעמאָל האָט זיך אַהער אַרײַנגעריסן אַ נײַע באַנדע — סטעצעוורע, מאַרוסיע, גריגאָריעוו, סטרוק, זעליאָני און ווער ניט?

און וואָס מיינט איר, איך בין געזעסן מיט צונויפֿגעלייגטע הענט? איך בין ווידער אַוועק זיך שלאָגן, געווען באַ בודיאָנין, זיך צוגעוווינט רײַטן אויף אַ פֿערדע, אַרודעווען מיט דער שאַשקע און אויס קאַלע — ווידער אַ מויד, ווידער אַ סאָלדאַט!

מער ווי אַ יאָר צײַט געווען אויף די פֿראָנטן, און ווען מע האָט מיך אין איינער אַ שלאַכט לעבן בערעסטעטשקע פֿאַרוווּנדעט און כ'בין אָפּגעלעגן אַ שטיק צײַט אין האָספּיטאַל, האָט מען מיך באַ־לוינט מיט אַ ווײַסן בילעט און אָפּגעשיקט אַהיים, צו ווײַב און קינדער.

עס איז נאָך פֿיל וואַסער אָפּגעפֿלאָסן באַ אונדז אין טײַך, ביז עס האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ שטיקל אָרדענונג אין אונדזער קאַנט און מע האָט געקאָנט רויִקער אָפּעטעמען, זיך נעמען צו פֿרייד־לעכער אַרבעט. און איר פֿאַרשטייט דאָך אַליין, אַז אַ געוועזענער בודיאָנאַוועץ קאָן זיך ניט פֿאַרנע־מען אין באַפּאַליע מיט דער רוער ווייסט וואָס, עס זאָל זײַן אַ ביזויען פֿאַר דער וועלט!

האַקיצער, עס איז מיר ווידער ביטער, ווי גאַל. פֿון איין זײַט, קאָן איך זיך ניט פֿאַרנעמען מיט אַבי־וואָס; פֿון דער צווייטער זײַט, לאָזט ניט מײַן ווײַב, איך זאָל זיך אוועקזעצן אויסאַרבעטן זיפּן. נאָר עסן דאַרף מען דאָך, מע דאַרף האָדעווען אַ ווײַב מיט קינדער און מיט אַ שוויגער. ברעכט זיך באַ מיר דער קאָפּ, פֿאַר וואָס נעמט מען זיך?

קאַפּיטל צוויי

# דער הימל איז נאָך ניט אויף דער ערד

יאָ, אויב איר אײַלט זיך נאָך ניט, יונגערמאַן, וועל איך אײַך באַלד דערפֿירן דעם איניען ביזן סאָף. איך זע לויט אײַער שמייכעלע, אַז איר ווילט וויסן, וואָס איז געוואָרן ווײַטער און פֿאַרוואָס איך האָב אײַך געזאָגט, אַז לאַכן לאַכט דער, ווער עס לאַכט דער לעצטער... און טאַקע!

די צײַט איז געגאַנגען, און עס האָט אָנגעהויבן קומען צו־זיך דאָס לאַנד, נאָך די גרויסע גע־שלעגן און אומגליקן. מע האָט זיך אָנגעהויבן צוביסלעך אַרומקוקן, אָפּשטעלן און אײַנאָרדענען די באַלעבאַטישקײַט, בויען, פֿאַריכטן, ווי אין גאַנצן לאַנד, האָט מען זיך אויך באַ אונדז אין באַפּאַליע גענומען צו דער אַרבעט, און ביסלעכווײַז איז גרינגער געוואָרן דאָס לעבן, עס איז געוואָרן פֿרייִלע־כער אויפֿן האַרצן. מע האָט גענומען פֿאַרהיילן די וווּנדן, כאָטש עס זײַנען געווען אַ סאַך אַלמאָנעס, סאָלדאַטקעס, יעסוימים... קליינע וואַרשטאַטלעך זײַנען געוואַקסן, ווי אויף הייוון, נאָר וואָס פֿאַר אַ טאָלק, אַז עס איז ניט געווען, ווער עס זאָל קויפֿן דאָס שטיקל אַרבעט, ווער עס זאָל עפּעס באַשטעלן.

און אַז מע באַשטעלט שוין יאָ עפּעס, האָבן זיך די באַלמעלאָכעס געבראָכן דעם קאָפּ, טראַכטנ־דיק, ווו נעמט מען דאָס ביסל מאַטעריאַל, די פֿלעקלעך און טשוועקלעך, די ברעטער און צעמענט, דאָס אײַזן אויף פּאַדקאַוועס, קלעפּקעס פֿאַר די דײַזשעס?..

קורץ גערעדט, באַפאַליע האָט נאָך לאַנג גוט געבידעוועט און מע האָט עפעס געדאַרפט צוטראַכטן, אַז די מענטשן זאָלן האָבן אַרבעט, ברויט און צום ברויט. א רעוואָליוציע אָן אָט די אַלע זאַכענישן האָט א קליינעם זין, אָדער האָט אינגאַנצן ניט קיין זין, ווײַל עס באַקומט זיך דאַן אַזוי, אַז ווער עס איז געווען אַמאָל רײַך, ווערט נאָך רײַכער, און ווער אָרעם — איז אינגאַנצן אױף צאָרעס!

אין א שיינעם פאַרנאַכט האָט מען אינעם "ישעוו־ראַט" צונויפגענומען די באַלמעלאָכעס, די קוסטאַרן פון באַפאַליע, און עס איז אַוועק א רייד: וואָס טוט מען ווײַטער? דאָס גאַנצע לאַנד ציט אַרויף אױף זיך א נײַע הויט, און דאָ, אין באַפאַליע, איז נאָך עפעס שוואַך דער אייסעק! מע דאַרף זיך קאָאָפּערירן, שאַפן א פעסטע אַרטעל, זיך צונויפנעמען אונטער איין דאַך, ווי מע טוט אין אַנדערע שטעטלעך און שטעט. דאַכט זיך, אַז אונדזערע באַלעגאָלעס טראַכטן שוין וועגן אן אַרטעל, נו, און די באַלמעלאָכעס, קוסטאַרן וועלן ניט זאָגן זייער וואָרט? עפשער וואָלט מען דאָ אויך געדאַרפט א טראַכט טאָן מיקויעך אן אַרטעל?

נאָר עפעס א קלייניקייט אויסצורעדן — אין באַפאַליע אן אַרטעל! ווי קאָן מען בא אונדז מאַכן אן אַרטעל, אַז יעדער באַלמעלאָכע, קוסטאַר איז אַליין פאַר זיך אן אַרטעל! וואָס רעד איך — א גאַנצער טרעסט! בא אונדז איז יעדער קוסטאַר א „מנאָגאָסטאַנאָטשניק", דאָס הייסט, איז ער א שוסטער, קאָן ער מאַכן שוואַקס, זענעפט, מאָנפאַנסיע... איז ער א שנײַדער, קאָן ער כוץ פאַרלאַטען א פאָר הויזן און איבערניצעווען א רעקל, אויך פאַרגיסן קאַלאָשן, גאָלן בערד... איז ער א שמיד, קאָן ער דערבײַ אויך פאַרלאַטען א דאַך, באַקן מאַצעס, איבערלייגן אן אויוון און נאָך צען זאַכן. הײַנט גיי און שטעל צונויף פון דעם אויסעם אן אַרטעל!

מע האָט זיך לאַנג געקריגט, זיך געאַמפּערט, וועמען קאָן מען רעכענען פאַר א שנײַדער, וועמען פאַר א שערער, וועמען פאַר א קוימענקערער, א שוסטער, נאָר קיין טאָלק ניט געקאָנט דערגיין.

אין עטלעכע טעג אַרום איז אַהער אַראָפּגעפאָרן א פאַרשוין, אן אינסטרוקטאָר, וועלכער פאַרשטייט אין די זאַכן — ער האָט שוין ניט איין אַרטעל געשאַפן אין דער געגנט, און מע האָט צונויפגערופן אן אַסיפע. מע האָט געפּלאַנעוועט, גערעדט ביז דער האַלבער נאַכט און דערנאָך, אַז די עלטערע איז אויסגעלאָשן געוואָרן, האָט מען די אַסיפע אָפּגעלייגט אױף מאָרגן. מע האָט לאַנג באַטראַכט די זאַך פון אַלע זײַטן, ביז מע האָט זיך אָפּגעשטעלט אױף אן אַרטעל, און עפשער ניט קיין אַרטעל, נאָר אױף א גאַנצן קאָמבינאַט.

וואָס זשע הייסט עס — קאָמבינאַט? דאָס איז אַזאַ סאָרט אַרטעל, וווּ די באַפאַליער באַלמעלאָכעס — קוסטאַרן וועלן קאָנען אויסאַרבעטן, וואָס זייער האַרץ גלוסט, וואָס יעדער איינער קען: שיך איז שיך, קאַרטוזן איז קאַרטוזן, פוישטן איז פוישטן, גאַטיעס איז גאַטיעס, שוואַקס איז שוואַקס... בעקיצער, אַלץ, וואָס דער באַפאַליער אויסעם איז פעיִק צו טאָן.

איך מוז אײַך זאָגן, אַז איך בין ערלעך אָפּגעזעסן אױף די אַסיפעס פונעם אָנהייב ביזן סאָף, אויסגעהערט אַלץ מיט קאָפּ. און איך בין געקומען צום געדאַנק, אַז אַזאַ מין סאָרט אַרטעל, אָדער קאָמבינאַט, איז פאַר מיר ווי צוגעמאָסטן.

אַלפּי סייכל, טראַכט איך זיך, איז דאָרטן, וווּ עס רעדט זיך וועגן קאַרטוזן, פוישטן, פירעשקעס, כריין, איבערניצעווען רעקלעך, לאַטען הויזן, פאַרגיסן קאַלאָשן, שערן בערד און אַנדערע זאַכן, קאָן זײַן אן אָרט פאַר זיפּן אויך! נו, קלער איך זיך, עס איז געקומען די צײַט, ווען איך וועל אויסגעלייזט ווערן פון מײַנע צאָרעס. מיט מײַן פּלוינעסטע און מיט דער שוויגער וועל איך שוין יאַקאָס דורכקומען, זיי וועלן שוין ניט שטעלן קיין שטעקנס אין די רעדער, כ'וועל זיך אומקערן צו מײַן אַלטער פּראָפעסיע — מאַכן זיפּן! זאָלסטו, רעב שויעל, ניט ציִען אין דער לאַנגער באַנק אַרײַן, נעם צונויף דײַן ביסל קלאַפּערגעצײַג און זעץ זיך אַוועק אין קאָמבינאַט אויסאַרבעטן דײַנע אַמאָליקע זיפּן, אַז די בעקערס און באַלעבאָסטעס זאָלן פון זיי האַנאָע האָבן.

איך לויף אַוועק צו מײַן פּעסיען, צו דער שוויגער און דערצייל זיי די גאַנצע געשיכטע און שטעל זיי אויס מײַן פּלאַן, האָט מען זיך צום ערשטן געראַדע א קרים געטאָן, נאָר, מע איז שוין מאַסקים. די וועלט איז דאָך ניט מעשוגע, אַלע באַלמעלאָכעס האָבן זיך פאַרשריבן, טאָ זאָל שויעל אויך אַרײַן אין קאָן!

אין א שטיקל צײַט אַרום האָט מען אָפּגערייניקט א גרויסן סקלאַד, אויסגעשטעלט דאָ און דאָרט סטאַנאָקלעך, בענקלעך, אויסגעמאָלט א שיינע ווייוועסקע, אַוועקגעזעצט אויבנאָן א בוכהאַלטער מיט דרײַ בוכהאַלטערשעס, א פּראָוואַלטער מיט געהילפן, א זאַווכאָז און א מענטשן, וואָס וועט באַזאָרגן די באַלמעלאָכעס מיט רוּוואַרג און פורניטורע, און עס איז געבוירן געוואָרן אין באַפאַליע א קאָמבינאַט.

קיין גרויסע גליקן האָט מען נאָך ניט געזען, נאָר די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן. עס גייט א גאַנג. אין אַרטעל איז פריילעך!

איך הייב זיך אויף, נעם דאָס ביסל קלאַפּערגעצײַג און קום צו גיין צום פּראָוואַלטער, עפעס א מאָדנער לעץ מיט א קורנאָסער נאָז, אין ברילן, זעט אויס, ניט קיין היגער, אן אַראָפּגעקומענער

פון דער גובערניע. און אַנגעדראַלענער, בייזלעכער, לאָזט ניט אויסריידן און איבעריק וואָרט, זײַן פאַמיליע־נאָמען איז שענקמאַן, צי בענקמאַן, פּינקטלעך געדענק איך שוין ניט. ער מאַכט אױף אײַך דעם אײַנדרוק, אַז ער איז שטענדיק שטאַרק פאַרטאָן, מעסוקן פּאַרנומען, ער דאַרף פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט. און אים וועט זי, כאַלילע, אײַנפאַלן...

איך זע שוין מיט וועמען איך האָב צו טאָן, לייג אוועק פאַר אים אױפן טיש דאָס זעקעלע מיטן געצײַג און בעט אים נעמען דאָס צעטל און מיך אַרײַנשרײַבן אין אַרטעל, אין קאָמבינאַט, הייסט עס.

דער פאַרשוין, דער שענקמאַן צי בענקמאַן, הייבט אויף אױף מיר זײַנע גרויסע אויגן און טוט אַ מיה אַ קוק, ווי ריאַבטשיק אױפן טאַטן:

— און וואָס קלײַבט איר זיך בא אונדז טאָן? — פרעגט ער.

— וואָס הייסט וואָס? — זאָג איך אים. — איך קלײַב זיך בא אײַך, כאַלילע, ניט שלאָגן בײַדעקעס, איך וועל אויסאַרבעטן זיפּן...

— וואָס? זיפּן וועט איר בא אונדז אויסאַרבעטן? — רופט ער זיך אָן און כאַפּט אַראָפּ די ברילן פון דער קורנאָסער נאָז, — זייער שיין פון אײַער ז־ז־דײַט! אָט דאָס זיץ איך און קלער און דריי זיך דעם קאָפּ, טראַכטנדיק, ווו נעם איך אַ זיפּנמאַכער? טאָמער האָב איך ווייניק צאַרעס מיט די קאַלאָאַשן, מיט דער גאַרטשיצע און גאַטיעס, זײַט איר מיר געקומען דרייען דעם מויער מיט אײַערע זיפּן...

און ער פאַרקרימט זיך, און ער איז שוין ניט קיין היגער. ער קוקט שוין ניט אין מײַן זײַט. ער איז שוין, הייסט עס, מיט מיר פאַרטיק, און איך קאָן זיך גיין ווײַטער צו אַלדי רוכעס. אַזוי בעטעווע בין איך ניט קיין קאַעסניק. פאַרקערט, איך האַלט שטענדיק מײַנע נערוון אין די הענט, ווי די ווישקעס. אַנדערש, פאַרשטייט איר אַליין, וואָס איך וואָלט אַרײַנגעזאָגט אָט דעם לעץ מיט די ברילן.

נאָר איך האָב אים געזאָגט גאַנץ רויק:

— וואָס זשע, כאַווער פאַרוואַלטער, עס שטייט אײַך אָן קיין זיפּנמאַכער? וואָס זשע, בא אונדז איז פאַרווערט אויסאַרבעטן זיפּן? איר ווייסט עפּשער אַזאַ מין געזעץ? פּירעשקעס און קאַרטוזן דאַרף מען און קיין זיפּן ניט? וואָס זשע, זײַ זײַנען עפּשער פּאַסלדיק? איך וואָלט געוואָלט אַ קוק טאָן, וואָס פאַר אַ פּאָנעם וואָלט איר געהאַט, ווען מע גיט אײַך עסן ברויט פון קיין איבערגעזיפּטער מעל... ווי וואָלטן אויסגעזען די באַלעבאָסטעס, ווען זיי האָבן ניט קיין זיפּן? איך האָב געהערט זאָגן, אַז אײנע אַ מעדינע איז אומגעקומען דערפאַר, וואָס מע האָט דאָרט ניט אויסגעאַרבעט קיין זיפּן...

ער זיצט, ווי אַ באַק, דער דאָזיקער שענקמאַן אָדער בענקמאַן. קיין שמייכל אױף זײַן פּאָנעם. דער לאָמפּ ענטפערט אײַך, אַזוי ענטפערט ער, אַז ער וויל מיך אפילע ניט אויסהערן, ניט אויספרעגן, וואָס און ווען. נו, דאָס האָט מיך שוין פאַרדראָסן, אַרײַנגעוואָרפן אין גרימצאָרן. עס האָט מיך אַ ברי געטאָן אינווייניק. הערט נאָר אַ מײַסע — די קאַלאָשן, די שקראַבעס מיט די גאַטיעס, די סעלצערוואַסער מיטן כריין איז גוט, און מײַנע זיפּן טויגן אױף טישטשע קאַפּאָרעס! ניין, דער נומער וועט ניט דורכגיין! איך ווייס, ווו אַ טיר עפנט זיך. איך וועל דערווײַזן. מיר האָבן אַ גוטע מעלוכע, און זי האָט אַ גוטן געזעץ, וואָס דערלאָזט ניט, מע זאָל דרייען אַ ספּאָדעק דעם באַלמעלאָכע...

האַקיצער, איך בין ניט פויל אױף דער פור, זעץ זיך אוועק און פאָר אין ראַיאָן. און אױפן הארצן איז מיר גוט אַנגעזאָליעט. איך גיי אַרײַן צו איין נאַטשאַלניק און שטעל זיך פאַר אים אוועק אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ, דערצייל וועגן דעם לעץ, דעם שענקמאַנען אָדער בענקמאַנען. מע הערט מיך שיין אויס, מע שלאָגט ניט איבער די רייד. אַ האַלבע שאָ אָדער מער האָב איך געגרעדט פאַר פײַער און פאַר וואַסער. און דער נאַטשאַלניק, אַזאַ איידעלער, סטאַטעטשנער מענטש, הערט און שאָקלט צו מיטן קאָפּ. לעסאָף זאָגט ער בעפּיירעש, אַז ער פאַרשטייט מיך זייער גוט, פילט מיר מיט. נאָר וואָס זשע, איך האָב פּאַפּאַדיעט ניט פאַ אַדרעסו. צו קאָמבינאַטן, זיפּן, קאַרטוזן האָט ער קיין שום שײַכעס ניט... ס'איז ניט זײַן קאָמפּעטענציע און ער קאָן מיר מיט גאָרנישט ניט העלפן...

נו, כאָטש גוט, וואָס ער האָט מיך אַזוי פײַן אויסגעהערט.

איך האָב זיך אוועקגעלאָזט אין אַ צווייטער קאַנצעלאַריע. אויך דאָס זעלבע. נאָך דעם, ווי איך האָב אָנגעדולט עטלעכע נאַטשאַלניקעס דעם קאָפּ מיט מײַנע זיפּן, האָט מען געענטפערט, אַז איך בין טאַקע גערעכט, נאָר וואָס זשע — ניט אַהין האָב איך זיך געווענדט מיט מײַנע אַנקלאַגעס. איר וועט מיר זאָגן, אַז איך האָב גערעדט צום לאָמפּ? מעגלעך. נאָר וואָס זשע, אַז בא אַ מענטשן איז אָנגעזאָליעט אױף דער נעשאָמע, דאַרף ער צום אַלעם ערשטן זיך אויסריידן דאָס הארץ. אפילע פאַר זיך אַליין. ווערט אים דאָן גרינגער.

יאָ, וואָס עמעס איז עמעס. ווען איך האָב פּינקטלעך אויסדערציילט אין אײניקע אַנשטאַלטן, וואָס עס האָט מיך געבראַכט צו זיי, האָב איך בא די טויער אױף די פּענעמער באַמערקט מאַמזורישע

שמייכעלעך. מע טרינקט צופּיל וואַסער, מע קלינגט אין טעלעפאָן, און ס'איז מיר געקומען אַפן געדאַנק, אַז עפּשער איז טאַקע זיפן אַזאַ זאַך, פון וועלכער מע קאָן לאַכן, אָפּשפּעטן, טרײַבן לעצאָנעס? עפּשער, האָב איך זיך געטראַכט, דאַרף מען א שפּײַ טאָן אַף די זיפן און זיך נעמען צו קירזשנערײַ, שוסטערײַ, ווערן א סעלצערוואַסערניק, און פּאַטער!

אָבער איך בין א גרויסער אַקשן. איך וועל באַשטיין אַף מײַנעם. ווו איז עס געשריבן געוואָרן, אַז מיר דאַרפן ניט האָבן קיין זיפן? ווײַבער קלאָגן זיך, בעקערס כאַלעשן שיר ניט און מע קאָן ניט קריגן קיין זיפן, נישטאָ, כאָטש שרײַ גוואַלד, און דאָ האָט זיך געפונען א זיפנמאַכער, וואָס לעכצט זיך שטעלן צו דער אַרבעט אין אַרטעל און דערלאַנגען דעם דאָזיקן מין סכוירע פון דער ברייטער האַנט, זאָגט שענקמאַן אָדער בענקמאַן, אַז ער האָט גענוג צאָרעס אָן מײַנע זיפן!

נו, געהערט אַזוינס?!

אין איין אַנשטאַלט, ווען מע האָט מיך גוט אויסגעהערט, האָט מען גראַדע אָנגעשריבן „צו דעם פאַרוואַלטער”, ער זאָל ניט פּראָווען קיין מעשוגענע שטיק. אויב א מענטש בעט, מע זאָל אים אַרײַננעמען אין אַרטעל און לאָזן אַרבעטן, טאָר מען אים ניט אָפּזאָגן! אין א צווייטן אַנשטאַלט האָט מען מיר געזאָגט, אַז מע וועט אָנקלינגען אין טעלעפאָן און איך דאַרף זיך ניט זאָרגן. עס וועט זײַן רעכט. אין א דריטן אַנשטאַלט האָט מען מיר געזאָגט, אַז מע וועט אַרויסרופן דעם געהויבענעם פאַרוואַלטער און מע וועט אים אָנרײַבן א מאָרדע, וועט ער וויסן, ווי אַרומטרײַבן א מענטשן אומזיסט און אומנישט...

נאָר דערווײַל איז דאָס בלויז רייד. מע נעמט מיך ניט אַרײַן אין אַרטעל! גאַנץ באַפּאָליע איז שוין געגאַנגען כאַדאָראָם מיט מײַנע זיפן, מיט דעם שענקמאַן-בענקמאַן, וואָס האָט זיך אײַנגעאַקשנט, ווי אַן אייזל. איך בין געווען בא יעדן אין מויל. איך האָב שוין די גאַס ניט געקאָנט דורכגיין. מע האָט פון מיר געלאַכט, געכויזעקט. נאָר איך פאַל בא זיך ניט אַראָפּ. מיר האָבן א גוט ווערטל — לאַכן לאַכט דער, ווער עס לאַכט דער לעצטער! און דאָס האָט מיך אונטערגעהאַלטן, דאָס האָט מיר צוגעגעבן קויכעס, געשטאַרקט.

איך האָב אָנגעשריבן און אַוועקגעשיקט אין די הויכע פענצטער איין אָנקלאָגע און א צווייטע. און וואָס מיינט איר, איך האָב זיך מײַנס דערשלאָגן. אין א שיינעם פרימאָרגן האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אין אונדזער קאָמבינאַט אויסאַרבעטן זיפן!

די גערעכטיקײַט האָט געזיגט! איך בין אַפן פערדל!

זיץ איך מיר אַזוי אין מײַן ווינקל און אַרבעט. יעדערער, וואָס גייט אַדורך לעבן מיר, פאַרטשעפּעט מיך מיט א שטעכווערטל, א כאָכמע, א וויץ און איך פיל זיך, ווי כ'זאָל זיצן אַף נאָדלען. וואָס איז דאָ דאָס געלעכטער? וואָס כאָכמעט מען זיך אַזוי? איך אַרבעט דאָך באַגלײַך מיט אַלע. און איך טראַכט זיך שוין: וואָס האָב איך געדאַרפט האָבן דעם גאַנצן טומל מיטן ראָש?

אין קאָמבינאַט ווערט טומלדיקער. מע מאַכט פאַרזאַמלונגען, מע הענגט אויף אַף די ווענט פּלאַקאַטן. איין בריגאַדע רופט אַרויס אַף פאַרמעסטונג די צווייטע. די קירזשנער רופן אַרויס די בלעכערס, די פעלצנמאַכערס — די שנײַדערס. וועגן די כעוורע, וואָס מאַכן גאָרטשיצע, שרײַבט מען אין דער וואַנטצײַטונג, מע הענגט אַרויס אין סאַמע פון פאָרנט די פאָרטרעטלעך פון די באָנדערס און מאַליערס, נאָר וועגן מיר — קיין וואָרט ניט, גלײַך ווי איך מיט מײַנע זיפן וואָלטן גאָר אַף דער וועלט ניט געווען. קיינער זעט מיך ניט, קיינער טוט ניט קיין קוק אין מײַן ווינקל, ווי איך האָרעווע מיט לײַב און לעבן, קעדיי אויספּילן דעם פּלאַן...

און אין אַרטעל איז פריילעך. עס טוט זיך אַף טיש און אַף בענק. אַלעמאָל הענגט מען אַרויס אַפן רויטן טאַוול א פּלאַקאַט, אַז דער פּלאַן פון סעלצערוואַסער איז אויסגעפילט צו דער צײַט, אַז די שנײַדערס האָבן אַריבערגעשטיגן דעם פּלאַן פון אָפּנייען גאַטיעס און העמדער, גאָרטשיצע און כריין וועט זײַן פון דער ברייטער האַנט, מע פאַריכט קאַלאָשן און מע מאַכט סקאָווראָדעס מיט גיכע טעמפּן...

נאָר קיין פּיפּס ניט וועגן מײַנע זיפן! געהערט א צאָרע?!

עס איז מיר שוין א ביזאָיען פאַר פּעסיען און דער שוויגער. זיי לאָזן מיך ניט אָטעמען: „נו, אַקשן, שרײַען זיי, זעסט, סאַרא פּאָנעם דו האָסט מיט דײַנע זיפן? מע דאַרף זיי האָבן, ווי דעם פאַראַיאָריקן שניי!”

נאָר איך פאַל נאָך אַלץ ניט אַראָפּ בא זיך. איך האַלט זיך שטאָל און אײַזן. מיך איז שווער אַראָפּפירן פונעם גלײַכן וועג. זאָל מען לאַכן פון מיר, זאָל מען כויזעקן. איך האַלט זיך בא מײַנעם — דער הימל איז נאָך ניט אַף דער ערד!

איך קום אַרײַן צו אונדזער שיינעם פאַרוואַלטער, צו דעם שענקמאַן אָדער בענקמאַן, און זאָג אים, אַז עס וואָלט געווען א פּלאַן, ער זאָל לעבן מיר אַוועקזעצן א פּאָר ייִנגלעך, וועל איך זיי אויסלערנען די מעלאָכע, ווײַל מאַכן זיפן דאַרף מען קענען. איך וועל זיי, הייסט עס, איבערגעבן מײַן

פראַקטיק. אַ מענטש איז ניט מער ווי אַ מענטש און ער לעבט ניט אייביק. טאַמער, באַהיט גאָט, גיב איך אַ שטאַרב אַוועק, בלײַבט באַפאַליע אַן אַ זיפּנמאַכער!..

שיסט דער פאַרשוין אויס אַ געלעכטער, אַז ער ווערט שיר ניט צעשמאָלצן. און ער רופט זיך אָן צו מיר מיט זײַן לאַשן, אַ ביסעלע היקעוואַטע, אַ קאַפּעלע טשעפּעליאַוווּ: „וואַ־אַ־אַס זשע, ר־ע־עב שויעל, איר וועט טאַקע אויסזוכן אין שטעטל מעשוגענע באַכערים, וועלכע וועלן גלײַך לויפן ווערן זיפּנמאַכערס? ווער וועט גיין צו דיר ווערן אַ זי־י־יפּנמאַכער? אַ שיינע פּראַ־אַ־אַפעסיע...“

דאָ בין איך שוין אַרויס פון די קיילים.

— הער אויס, מײַן טײַער שפּילפייגעלע, — זאָג איך צו אים, — דו האָסט אַזויפיל פאַרשטאַנד אין אַזעלכע זאַכן, ווי מײַן באָבע האָט געהאַט פאַרשטאַנד אינעם טאַנאַך! דו ביסט טאַקע אַ נאַטשאַל־ניק פון אַ גאַנצן קאָמבינאַט, נאָר פון דיר איז אַזאַ ספּעץ, ווי פון מיר אַן אימפּעראַטאָר. דו קוקסט גאַרניט פאַרויס. אונדזער לאַנד וואַקסט, קיין אײַנהאָרע, מע בויט, מע גייט מיט ברייטע טריט צום סאָציאַליזם. דאָס לעבן ווערט מיט יעדן יאָר אַלץ בעסער און שענער. מיר גייען צו אַזאַ לעבן, אַז דאָס פאָלק וועט עסן ברויט מיט קוילעטש, דערצײַלסטו גאָר אַ מײַסע, אַז מירן קיין זיפּנמאַכערס ניט דאַרפן האָבן... נאַרישקײַטן!

איך קום אַרײַן צו דעם באַלטאַכלעס און זאָג אים, אַז מע דאַרף קריגן מאַטעריאַל, קעדיי אויס־אַרבעטן זיפּן און אויספּילן דעם פּלאַן... קוקט ער אויף מיר, ווי ריאַבטשיק אויפן טאַטן, און צעשרײַט זיך:

— וואַ־אַס דרייסטו מיר אַ ספּאָדעק! ווידער ביסטו געקו־ו־ומען מיט דײַנע זי־ייפּן? איך האָב שוין פון זיי די טשעכאָטקע! אַן אַנשיקעניש אויף מײַן קאָפּ!

איך שטיי פאַר אים, ווי אַ ליימענער גוילעם, און שווײַג. וואָס קאָן איך זאָגן? איך זיץ אין מײַן ווינקעלע און אַרבעט. און דער זאַפּאַס זיפּן וואַקסט. עס איז שוין ניטאָ ווו זיך אַ קערעווע טאָן, ווו דורכגיין. עס איז שוין מיט די זיפּן איבערגעפּולט דער סקלאַד, אַ שטיק הויף. מע פאַרשעלט מיר שוין די יאָרן. אַ פאַרפלייצונג פון זיפּן. מע טרינקט זיך שיר ניט אין די זיפּן.

איך קום אַרײַן אין בוכהאַלטעריע: עפּשער וועט מען מיר אויסשרײַבן אַן אַוואַנס, געהאַלט, נאָר מע זאָגט מיר מיט אַ שפּיזעלע: „זאָג נאָר, שויעל, וויפל ווילסטו אַפּטרעט־געלט, מיר זאָלן מער ניט אָנקוקן דאָ דײַנע זיפּן?

נאָר מער פון אַלע דערגייט מיר די יאָר דער שענקמאַן צי בענקמאַן. ער שרײַט, אַז איך מאַך אומגליקלעך דעם גאַנצן אַרטעל, זיי ליגן, ווי די קלעצער, די זיפּן און קיינער קויפט זיי ניט. איר זײַט אַ מיוון אויף אים? אַז ער פירט די זיפּן ניט אַרויס אין מאַרק, וואָס זשע וויל ער? ווער זשע וועט זיי קויפן? און מיר דאַכט זיך, אַז ער סטאַראַעט זיך ניט פאַרקויפן מײַנע זיפּן, קעדיי פּאָטער ווערן פון זיי און פון מיר בעסויכעם.

די צײַט גייט, און ביז איך דערלעב באַקומען אַ ביסל געלט פאַר מײַן אַרבעט, קריכן מיר שיר ניט אַרויס די אויגן פון קאָפּ. וואָס טוט מען און וואָס הייבט מען אָן צו טאָן? איך שעם זיך פאַר מײַן פּעסיען קומען אַהיים, קוקן איר אין די אויגן. און איך עס זיך שוין אויף לעבעדיקערהייט, איך טראַכט זיך, אַז עפּשער האָב איך טאַקע געדאַרפט בײַטן מײַן פּראָפעסיע, מאַכן שוואַקס, איבערניי־צעוועון קאַשקעטן, פאַרלאַטען הויזן...

אָבער דאָס האַרץ זאָגט מיר אונטער, אַז דאָ גייט עפּעס אַ מײַסע שפּיל פון דעם פּאַרוואַלטער אונדזערן, אַ רוער אין זײַן באָבען! עס קאָן ניט זײַן, אַז אַזעלכע גאָלדענע זיפּן זאָלן זיך וואַלגערן און קיינער זאָל זיי ניט דאַרפן. דער שענקמאַן צי בענקמאַן פירט דאָ אַ טײַוולאָנים־שפּיל, אַ מײַסע פּאָליטיק. נאָר ווּעמען דערצײַלט מען עס? ער איז אַ גאַנצער יאַ טאָבי דאַם, אַ נאַטשאַלניק, און איך בין אַ פּאַשעטער באַלמעלאָכע, אַ פּראָסטער כײַוועקאַיעם. צו ווּעמען זיך גיין קלאָגן? ווידער פּאָרן אין ראַיאָן, נאָר וויפל קאָן איך זיי מאַראַטשען דעם קאָפּ? וואָס זשע, זיי האָבן ווייניק אַרבעט אָן מיר?

האַקיצער, איך האָב געטראַכט, געטראַכט און צוגעטראַכט.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן פאָר איך אַוועק אין סאַמע צענטער, קיין קיִעוו. נאָך וואָס? צו ווּעמען? דאָס האָב איך אפילו דעם אייגענעם ווײַב ניט אויסגעזאָגט. קיינעם ניט!

איך קום צו פאָרן אין דער גרויסאַרטיקער שטאָט, בין איך געוואָרן אַזוי איבעראַשט פון איר שיינקײַט און פּראַכט, אַז איך האָב אינגאַנצן פאַרגעסן, צוליב וואָס בין איך אַהער געפאָרן.

איך שפּאַן מיר איבער די שיינע גאַסן און פּלעצער, באַטראַכט די מעכײַעדיקע וויטרינעס, לייען די שילדן און דער קאָפּ הייבט זיך אַזש אָן בא מיר דרייען. פּלוצעם שטעל איך זיך אויף לעבן אַ שילד און דערוויס זיך, אַז דאָ, אויפן דריטן שטאָק, געפינט זיך אַ גרויסאַרטיקער טרעסט, און דער טרעסט פאַרנעמט זיך מיט פאַרשיידנערליי מעבל, ער האָט אויך צו טאָן מיט זיפּן...

איך בין אַזש אונטערגעשפּרונגען, הערט נאָר אַ מײַסע: אַזאַ געהויבענעם טרעסט שטייט אָן זיך פאַרנעמען מיט זיפּן, און דעם באַפאַליער אַרטעל ניט!

עס האָט מיר עפּעס אַ קיל געטאָן אינווייניק און איך טראַכט זיך:

„עך, שויעל, נעם זיך אָן מיט מוט און גיי אַרײַן אין אַט דעם טרעסט און גיב א טאַפּ אין וואָגן. אין פּאָנעם וועט מען דיר ניט אָנשפּײַען, פון די טרעפּ וועט מען דיך ניט אַראָפּוואַרפן. אויב ניין, איז ניט געטאַנצט מיטן בער.

יאָ, וואָס דאַרפט איר — א סאַך? איך האָב זיך אָנגענומען מיט קויעך, אַרײַנגעגאַנגען אין קאַנצעליאַריע, דערזען א שיין מיידל זיצן בא א שרײַבמאַשינקע און האָב איר גלײַך אויסגעשאָטן, ווער איך בין און פונוואַנען איך קום. און אַז איך האָב כייסשעק זיך דורכשמועסן מיטן דירעקטאָר, וואָס האָט צו טאָן מיט זיפּן. צום ערשטן האָב איך געמיינט, אַז דאָס מיידל וועט מיך אויסלאַכן און מעשאַלייעך זײַן פון דער קאַנצעליאַריע. נאָר שטעלט זיך פאָר, אַז ניין! זי האָט זיך אויפגעהויבן פון איר בענקל, א שמיר געטאָן דאָס כיינעוודיקע קורנאָסע נעזל מיט א ביסל פּודרע פון א שיין קעסטעלע, פאַריכט דאָס טיולענע קאָפּטעלע, וואָס האָט קוים־קוים צוגעדעקט אירע שיינע בריסטלעך, אָפּגעטרייסלט דאָס קורצע קליידל, וואָס האָט איר דערגרייכט ביז די קני, און זי איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין א זײַטיקער טיר, ווו עס איז געהאַנגען א קליין טאַבליטשקעלע, אַז דער דירעקטאָר פון טרעסט נעמט הײַנט קיינעם ניט אויף. נאָר וואָס זשע, עס איז אַוועק א מינוט אָדער צוויי, און דאָס מיידל איז אַרויסגעשפּרונגען פונעם קאַבינעט א פאַרויטלטע און אויפגעלייגטע, א שמייכל געטאָן צו מיר און געבעטן אַרײַנגיין, דער דירעקטאָר וואַרט אויף מיר.

מיט א קלאַפּנדיק האַרץ בין איך אַרײַנגעקומען אין קאַבינעט און עס איז צו מיר אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן א באַיאָרטער שיין־פאַרפּוצטער מאַנצבל מיט א שמייכלענדיק פּאָנעם, ער האָט מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, און ווען ער האָט דערהערט, אַז איך בין פון באָפּאָליע, א זיפּנמאַכער, א ספּעציאַליסט, האָט ער מיך באַזעצט אויבנאָן, אין א ווייכן שטול און גענומען אויספרעגן וועגן מײַן אַרבעט, וואָס פאַר א זאַפּאַס פון זיפּן איז שוין פאַראַן אין אונדזער אָרטעל, וויפל זיפּן קאָן איך אויסאַרבעטן יעדן טאָג, יעדע וואָך, יעדן כוידעש און קוואַרטאַל. ער האָט געכאַפּט די שטשאָטעס, אָנגעהויבן וואַרפן די ביינדלעך אַהער־אַהין, עפּעס פאַרשריבן אין ביכל, ווידער עפּעס באַרעכנט און דערנאָך, שפּאַנענדיק איבערן קאַבינעט, האָט ער געזאָגט:

— איר ווייסט אַליין ניט, ווי איך בין צופרידן, וואָס איר זײַט צו מיר געקומען! איך זוך אַזאַ מענטשן, ווי מיט ליכט. איר פאַרשטייט, מיר קאָנען בעשום־אויפן ניט אײַנאָרדענען, ווי עס געהער צו זײַן, די אויסאַרבעטונג פון זיפּן. איך האָב שוין באַקומען דרײַ אויסריידן נאָר דערפאַר, וואָס עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן געבן דער פאָלקסווירטשאַפט די נייטיקע צאָל זיפּן. איר האָט מיך מאַמעש געראַטעוועט...

ער טוט א קלונג אין א גלעקל, און עס קומט ווידער אַרײַן דאָס מיידל מיטן אָנגעפּודערטן קורנאָסע נעזל. ער הייסט איר אַרײַנטראָגן צוויי גלעזער טיי מיט געבעקס. ער בעט מיך זיך ניט שעמען און דערוואַרעמען די נעשאָמע, און ווען מיר האָבן אויסגעטרונקען די טיי, טוט ער מיך א פרעג: „ווען פאָרט איר אַהיים, קיין באָפּאָליע?” זאָג איך אים: „מאָרגן אָדער איבערמאָרגן”. שלאָגט ער מיך איבער און זאָגט: „ניין, ניט מאָרגן און ניט איבערמאָרגן, נאָר טאַקע הײַנט!” — און ער רופט אַרײַן דאָס קורנאָסע מיידל און באַפוילט איר זיך גלײַך דערוויסן, ווען עס גייט הײַנט דער צוג קיין באָפּאָליע און אַז זי זאָל נאָשפּיץ צופאָרן אויף דער סטאַנציע און ברענגען פאַר מיר א בילעט מיט א פּלאַצקאַרטע.

דער דירעקטאָר פונעם טרעסט לייגט מיר אַוועק די האַנט אויפן אַקסל און מאַכט צו מיר בעזעהאַלאָשן: „מאָרגן, ווי נאָר איר קומט אויפן אָרט, אַזוי שיקט איר מיר גלײַך אַרויס מיט דער פּאָטשט עטלעכע אײַערע זיפּן, און אויב דאָס זײַנען טאַקע אַזעלכע זיפּן, ווי איר דערציילט, וועלן מיר מיט אײַך ווערן מעכוטאָנים. איר וועט פון אונדז באַקומען א גרויסע באַשטעלונג. איר וועט מוזן שאַפן בא זיך אין קאָמבינאַט א ספּעציעלן צעך פאַר אויסאַרבעטן זיפּן. מיר וועלן אײַך אויסטיילן א געוויסע סומע, איר זאָלט דרינגענדיק צוגרייטן קאַדרען פון זיפּנמאַכערס... מיט מאַטעריאַלן וועלן מיר אײַך באַזאָרגן”.

איך שטיי, קוק אויף אַט דעם מענטשן און מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז א שיינער כאָלעם. אויב אַזוי, טראַכט איך זיך, וועט באָפּאָליע אויפגעריכט ווערן.

האַקיצער, איך ווייס אַפילע ניט, צי האָב איך זיך מיטן דירעקטאָר אָפּגעזעגנט. דאָס מיידל איז געקומען א פאַרסאָפּעטע מיט א בילעט, מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און אַוועקגעפירט צו דער מאַשין, אָפּגעפירט צום וואָקזאַל, און איך בין שוין ווידער א פּאַסאַזשיר. און ניט קיין פּאָשעטער, נאָר א שײַנענדיקער, א גליקלעכער.

איצט זאָל מען אין באָפּאָליע לאַכן פון מיר מיט מײַנע זיפּן! איצט זאָל דער שענקמאַן צי בענקמאַן זיך טשעפּען צו מיר! איך וועל אים דערווײַזן, דעם לעץ, ער זאָל ניט זײַן אַזאַ כאָכעם!

געקומען קיין באָפּאָליע, האָב איך זיך גלײַך געזעצט צו דער אַרבעט און דערבײַ דערציילט איך קיינעם ניט, ווו איך בין געווען און וואָס פאַר א גליק עס האָט מיך געטראָפן. איך האָב אָפּגעקליבן

עטלעכע זיפֿן, וואָס מע האָט געמעגט שטעלן פֿאַר דעם קייסער, אין דער שענכטער וויטרינע. אוועקגעשיקט די זיפֿן, און דאָס האַרץ מײַנס קלאַפּט, ווי בײַ אַ שילער, וואָס דאַרף אָפּגעבן אַן עקזאַמען.

איך וואַרט. איך קוק אַרויס, וואָס וועט זײַן ווײַטער? דער אָנהייב איז געווען אַ גוטער, נאָר וואָס קומט דערפֿון אַרויס? עס גייט דורך אַ טאָג, און צוויי, און דרײַ — שאַ־שטיל. מײַן דירעקטאָר פֿונעם טרעסט שווײַגט, אָנגענומען אַ פֿול מויל מיט וואַסער. געשיקט זיך, אַז ער האָט פֿון מיר געכויזעקט, ווען ער האָט מיר צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, מעכאַבעד געווען מיט טיי און פֿלעצעלעך בײַ זיך אין קאַבינעט? געשיקט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ שפּיצל פֿון זײַן זײַט, וואָס ער האָט געשיקט זײַן קורנאָסע סעקרעטאַרשע נאַשפּיץ מיר ברענגען אַ בילעט אָפּן צוג און מיך אוועקגעפֿירט אָף זײַן אויטאָמאָביל צו דער סטאַנציע? וואָס זאָל איך אײַך, יונגערמאַן, זאָגן, עס בורען בײַ מיר זשאַבעס אין בויך, איך גיי אַרום, ווי אַ פֿריטשמעליעטער. איך הער ניט אויף איבערטראַכטן. אָט אַ וויסט מאַזל בײַ מיר! איך וואָלט געדאַרפֿט אָנהייבן נייען טאַכריכים, וואָלט מען אויפֿגעהערט שטאַרבן...

עס גייט אוועק נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג. און פּלוצעם קומט מען מיך רופֿן אין קאָנטאָר פֿון אַרטעל. וואָס איז אַזוי די אײַלעניש? אָף איין פֿוס זאָלסטו קומען! יענער שענקמאַן צי בענקמאַן האָט געזאָגט, אַז איין פֿוס דאָ, דער אַנדערער — דאָרט. עס איז געקומען פֿונעם צענטער אַ גרויסע קאָמיסיע און וואַרט אָף דיר...

וואָס? אַ קאָמיסיע? יאָ, אַ קאָמיסיע פֿונעם טרעסט...

איך קום צו לויפֿן אַהין אַן אַ נעשאָמע, און די קאָמיסיע באַגעגנט מיך מיט פֿאַנאַנדערגעשפּרייטע אָרעמס. מע האָט זיך איבער מיר דערפֿרייט, ווי איבער מאָשיעכן. וואָס איז די מײַסע? די מײַסע איז אַ קורצע, נאָר אַ שיינע. דאָס איז אַ קאָמיסיע פֿונעם טרעסט, וווהין איך האָב אוועקגעשיקט מײַנע זיפֿן. די זיפֿן האָבן אויסגענומען, געפֿעלן געוואָרן!

אין אַרטעל און אין באַפּאָליע האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערקערעניש.

קוידעמקאָל האָט מען אַראָפּגענומען פֿון דער שטעלע שענקמאַנען צי בענקמאַנען, ווײַל ער פֿאַרשטייט ניט פֿונדאַנען אַהין! מע האָט געשאַפֿן אַ זיפֿן־צעך, מע האָט צו מיר צוגעזעצט אַ גאַנצע כאָפּטע כעווורע און איך האָב זיי אָנגעהויבן לערנען די מעלאָכע. אַ גאַנצע כאַליאַסטרע. מע האָט אויך גענומען אויסאַרבעטן הילצערנע לעפֿל, דערנאָך לאָקשנברעטער, הענטלעך צו מעסערס און אַנדערע זאַכן. מע האָט אונדז געעפֿנט אַ „שטשאָט" אין באַנק, און דעם אַרטעל איז ליכטיקער געוואָרן אין די אויגן. און ניט בלויז דעם אַרטעל, נאָר גאַנץ באַפּאָליע האָט באַקומען אַן אַנדער פּאָנעם.

מע האָט וועגן מײַן צעך גענומען שרײַבן אין די בלעטער און דרוקן מײַנע פּאָרטרעטן, לויבן אין טאָג אַרײַן. עס האָט זיך געטאָן אָף טיש און אָף בענק!

הערט נאָר אַ מײַסע, אָפּגעלעבט אַ שטיק לעבן און פֿון קיינעם קיין קאָוועד ניט געהאַט — אַפֿילע פֿונעם אייגענעם ווײַב ניט. און דאָ — טוט נאָר אַ קוק, וואָס עס טוט זיך! מע האָט צו מיר אָנגעהויבן פֿאָרן פֿונעם גאַנצן ראַיאָן, מע האָט געפֿירט אַהער קינדער פֿון די שולן, זיי זאָלן זען, סאַראַ גרויסאַרטיקער צעך בײַ מיר, סאַראַ גאָלדענע פֿרעדמעטן מיר אַרבעטן אויס. אַז מע האָט גענומען קלײַבן דעפּוטאַטן פֿונעם שטעטלשן סאָוועט, האָט מען מיך אַרײַנגעשטעלט דעם ערשטן. און אַלעמאָל זעצט מען מיך אָף די פֿאַרזאַמלונגען אין סאַמע אויבנאָן, אין פּרעזידיום, און מע גיט מיר אַ וואָרט, איך זאָל דערציילן, וויאַזוי גייט בײַ מיר די אַרבעט און וויפֿל קאַדרען איך האָב אויסגעלערנט מאַכן די באַרימטע באַפּאָליער זיפֿן, לעפֿל, סטופּקעס, לאָקשנברעטער און אַנדערע פֿײַנע מאַכשירים.

און פֿונעם צענטער פֿליט אַהער איין טעלעגראַמע נאָך דער צווייטער. אין איין קאָל: „ביסטרייע אָטפּראַווליאַיטיע סיטאַ סאָגלאַסנאָ ראַזנאַריאַדקאַם!" דאָס הייסט, דערלאַנג, שוועל, דײַנע זיפֿן! די מענטשהײַט וואַרט אָף דײַנע זיפֿן! און מיר אַרבעטן שוין אין צוויי סמענעס, און טאָמער וועט עס אַזוי גיין ווײַטער, וועט אויסקומען ווידער פֿאַרברייטערן דעם צעך און איבערגיין אָף דרײַ וואַכטעס.

ווי געפֿעלט עס אײַך, האַ? פֿריִער האָט דער ראַיאָן וועגן אונדז ניט געוואָלט הערן און איצט האָט מען גענומען בויען אין באַפּאָליע אַ קלוב, אַ קינאָ־טעאַטער און באַפּאָליע איז בײַ זיי געוואָרן אַן אָנגעלייגט שטעטל! אַ מעיוכעס!

איצט פֿאַרשטייען שוין אַלע, אַז ווען ניט שויעל מיט זײַנע זיפֿן, וואָלט דער גאַנצער אַרטעל, דער קאָמבינאַט מיט זײַן כרייַן, שוואַקס, טאַכטויִנים געהאַט אַ פּאָנעם פֿון כויזעק. איצט שטעלט זיך שוין קיינער ניט פֿאָר, וואָס וואָלט דאָ געווען, ווען ניט מײַנע זיפֿן, וואָס האָבן אין דער געגנט אַזאַ גוטן שעם. און איר דאַרפֿט פֿאַרשטיין, אַז די זיפֿן זײַנען קײַלעכיק, האָבן זיי זיך אוועקגעקײַקלט, ווו אונדזער לאַנד האָט אַן עק — זיי שטעקן אַזש אַן אין אירקוטסק, אין טאָמסק, אין בירעבידזשאַן, און פֿון אַלע זײַטן באַקומען מיר פֿאַר אונדזערע אַרבעטן נאָר בלאַגאָדאַרנאָסטן מיט אַ באַקאָשע שיקן וואָס מער זיפֿן און אַנדערע זאַכן. גיי ווייס, אַז עס וועט קומען אַזאַ צײַט, ווען שויעלן דעם זיפּנמאַכער וועט מען קענען אין אויסרײַסעניש, ער וועט האָבן אַזאַ קאָוועד פֿאַר זײַן טרײַער אַוווידע און דערפֿאַר, וואָס ער האָט אויסגעלערנט זײַן מעלאָכע אַזויפֿיל מענטשן אין באַפּאָליע — אַ גאַנצן כײַדער!

אפילע מײַן פלוינעסטע, פעסיע־לעבן, אז איך ברענג איר די פּאַלוטשקע, שאָקלט זי מיטן קאָפּ, שמייכלט אונטער און רופט זיך אָן צו מיר: „אוי, שויעל, וואָס האָב איך אמאָל געהאַט צו דיר? פארוואָס האָב איך אזא צײַט ניט געלאָזט דיך זײַן א זיפּנמאכער? פארוואָס איז מיר ניט געפעלן געווען דײַן פּראָפעסיע? גיי ווייס, אז עס וועט זיך אזוי א דריי טאָן דאָס רעדל!"

— נו, יונגערמאַן, וואָס זאָגט איר עפּעס? איר שווײַגט, האָ? איך זע, אז איר שמייכלט שוין ניט אונטער, ווי פריִער, ווען איך האָב אײַך נאָר גענומען דערציילן די געשיכטע. האָב איך אײַך דאָך גלײַך געזאָגט, אז מיר האָבן א גאָלדן ווערטל: לאכן לאכט יענער, וועלכער לאכט דער לעצ־טער...

שויעל דער זיפּנמאכער האָט זיך אופגעהויבן פון דער פריזבע, א קוק געטאָן אף דער זון, אויס־געגלײַכט די ביינער און א טראכט געטאָן, אז ער איז זיך צו לאנג פארזעסן מיטן יונגנמאַן, א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געכאפּט:

— אוי, מאמע געטרײַע, וואָס האָב איך זיך אזוי צערעדט, גלײַך ווי מיר האָבן הײַנט אן אָפּרו־טאָג! מע דארף דאָך גיין צו דער ארבעט. עס וואַרט אף מיר א גאנצער צעך, און פונעם טרעסט דארף שוין געוויס ליגן א גאנץ פעקל טעלעגראמעס: „אָטגרוזשײַטיע גאָטאָווי טאָוואר", דאָס הייסט, שיקט סכוירע.

שויעל דער זיפּנמאכער האָט באמערקט, ווי דער יונגערמאַן האָט ארויסגענומען פון דער זײַטי־קער קעשענע א ביכעלע מיט א בלײַער און עפּעס גענומען שנעל פארשרײַבן. שויעל האָט א טראכט געטאָן:

„גוואַלד, וואָס פארשרײַבט ער עס? איז דאָס ניט עפּעס א שרײַבער, וואָס האָט ליב אויסהערן שיינע געשיכטעס און דערנאָך זיי פארשרײַבן אין א בוך? דער רוצח זאָל מיך ניט געווען נעמען, ווער האָט מיך געצויגן פאר דער צונג, איך זאָל אים אויסדערציילן די גאנצע געשיכטע פון מיר און מײַנע זיפּן? אויב איך האָב די גאנצע צײַט געלעבט שטיל און רויִק, קאָן דער יונגערמאַן מיך



אַזוי אוועקשטעלן, אַז איך זאָל זיך ניט קענען באַווייזן אויף דער ליכטיקער שײַן, אַז איך זאָל בײַ אַלעמען זײַן אויף דער צונג..."

— יונגערמאַן, צוליב וואָס פֿאַרשרײַבט איר עס? איך האָב דאָס אײַך דערציילט, עס זאָל בלײַבן צווישן אונדז... — האָט זיך שויעל דער זיפּנמאַכער געכאַפּט.

— זאָרגט זיך ניט, דאָס, וואָס איר האָט מיר דערציילט, וועט בלײַבן צווישן אונדז... דאָס זאָג איך אײַך צו... דאָס פֿאַרשרײַב איך קלאָל אַזוי, איך זאָל עס פֿאַרגעדענקען... שויעל דער זיפּנמאַכער... יאָ, אַגעוו, איר האָט מיר ניט געזאָגט, ווי איז אײַער עמעסע פֿאַמיליע...

— וואָס דאַרפֿט איר מײַן עמעסע פֿאַמיליע?.. נו, מאַזור... שויעל מאַזור... נאָר דאָס איז צווישן אונדז... און טאָמער וועט איר עפּעס וועלן אָנשרײַבן, זאָלט איר לעמאַנעשעם ניט שרײַבן מײַן עמעסן נאָמען... איך בין אַ פּאַשעטער האָרעפּאַשניק און דאַרף ניט, מע זאָל מיך באַשרײַבן. און דערציילט ניט, אַז אין באַפּאַליע אַרבעט מען אויס גוטע זיפּן, ווײַל דאָס איז אַ שטיקל דעפּיציטנע סכוירע און עס קאָנען זיך אַהער אַ לאָז טאָן קונים פֿון אַלע עקן לאַנד, וועלן מיר ניט וויסן, וווהין מע טוט זיך אַהין... אונדזער זאַך איז בלויז אַרבעטן, מאַכן זיפּן, און וואָס איז שײַעך אַפּזאַץ, פֿאַרקויפֿן — דאָס איז ניט אונדזער אייסעק, בײַ אונדז איז דאָך ניט קיין טשאַסטנע פֿירמע, נאָר אַ מעלוכישער אַנשטאַלט, פּונקט ווי אַלע לײַטישע אַנשטאַלטן...

און אונדזער שויעל דער זיפּנמאַכער, שויעל מאַזור, איז אַרײַן אין שטוב. ער האָט געדאַרפֿט איבערכאַפּן דעם הונגער, זיך איבערטאָן און אײַלן צו זײַן אַווידע. אויף אים האָט געוואַרט דאָרטן אַ גאַנצע כאַפּטע זײַנע שילער און אַ וועלט מיט אַרבעט.

קאַפּיטל דרײַ

# אַ מענטש זאָל מען זײַן!

אַ פּאָר שײנע לײַט האָבן זיך אַרײַנגעדרייט אין אונדזער באַפּאַליער יישעוו־ראַט, דער האָנער, דאַכט זיך, איז גרעסער פֿון זיי אַליין. מע בלאָזט פֿון זיך, מע פֿאַרבײַסט די נאָז, גלײַך זיי זאָלן דאָ זײַן ניט קיין געוויינלעכע קאָנטאָרשטשיקעס פֿון „אוטילסביט", נאָר גאַנצע מיניסטאָרן!

זיי האָבן אויפֿגעהאָנגען בײַ זיך אויף די טירן אײַנדרוהיים טאַבליטשקעלעך, ווי די צײן־דאָקטוירים, און אָנגעשריבן, אַז זיי נעמען אויף צוויי מאָל אין וואָך — דאָנערשטיק און פֿרײַטיק — פֿון פֿינף ביז זעקס און אין קיין אַנדער צײַט בעטן זיי ניט דערקיטשען...

מע איז דעפּוטאַטן, און זאָל מען ניט מיינען, אַז מע איז אַבי־וואָר!

די דאָזיקע פֿײַנע דעפּוטאַטן פֿון יישעוו־ראַט ווערן אײַך דעפּוטאַטן ווען מײנט איר? אונטער אַ גרויסן יאָמטעוו!

אַז עס קומט אַ יאָמטעוו און מע דאַרף גײן איבער דער גאַס אונטער דער מוזיק פֿון די באַ־פּאַליער באַרימטע קלעזמער, אַזוי לויפֿט מען אוועק אין ראַט, מע כאַפּט די רויטע פֿאָן און מע שטעלט זיך אַרויס אין סאַמע פֿון פּאַראַנט, אין דער ערשטער ריי, לעבן דעם סאַמע פּויק, און גיי טוט זיי עפּעס! מע איז דעפּוטאַטן! און פּרוּווט זיי זאָגן, אַז זיי זײַנען ניט דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל, מענטשן גלײַך מיט אַלע, וועלן זיי אײַך אַ זאָג טאָן, אַז איר וועט ניט וויסן, וווהין זיך באַהאַלטן.

טאָמער דאַרף מען טאָן שוואַרצע אַרבעט, גײן כאַפּן אַ קוק, צי די גאַסן זײַנען ריין אויסגע־קערט, צי האָט מען אָפּגערייניקט דעם שנײ פֿון די טראָטואַרן, מענטשן זאָלן קאָנען דורכגײן די גאַס און ניט צעברעכן די פֿיס, טאָמער דאַרף מען אַרײַנגײן צו אַן אַלטן מענטשן אַ קוק טאָן, עפּשער נייטיקט ער זיך אין עפּעס און מע דאַרף אים העלפֿן, זײַנען די לײַטים ניט קיין היגע, האָט איר זיי ניט פֿאַר קיין שותּפֿ!

נאָר וואָס זשע, אַז מע דאַרף אין פּרעזידיום, קריגן אַ ביסל קאָוועד, זײַנען זיי דאָ די ערשטע!

פֿון אַזעלכע לײַט, זיי מעגן זײַן די גרעסטע דעפּוטאַטן, האַלט ניט אונדזער שויעל דער זיפּנ־מאַכער. אַזעלכע, זאָגט ער, וואָלט ער געהאַלטן פֿונעם יישעוו־ראַט אויף דרײַ ווערסט, אויב נאָך ניט ווײַטער!

אין אַ שטיק צײַט אַרום, נאָך דעם, ווי ער איז געוואָרן אין באַפּאַליע אַזאַ בעקאַוועדיקער מענטש, האָט מען אונדזער שויעלן דרינגענדיק אַרויסגערופֿן אויף אַ זיצונג פֿון סאָוועט און מע האָט אים אָפּנהאַרציק געזאָגט, אַז איצט זעט מען, אַז בעשאַס די וויבאַרעס אין ראַט איז מען באַגאַנגען אַ פֿעלער, וואָס מע האָט אים ניט אַרײַנגעשטעלט אין צעטל. פֿון אים וואָלט געווען מער נוץ איידער פֿון די פֿלוידערזעק, וואָס האָבן ליב אַ סאַך צו ריידן און גאָרנישט ניט טאָן!

אָבער ווי זאָגט עס דאָס ווערטל: נאָך דער שלאַכט פּאַכעט מען ניט מיט די קולעקעס... א פאַרפאַלענע זאַך. אז עס וועלן זײַן נײַע וואַלן, וועט מען שוין וויסן, וואָס מע האָט צו טאָן! — נאָר עס איז נאָך ניט העפקער פּעטרעשקע.

שויעל קאָן זיך אויך איצט אײַנשפּאַנען אין דער אַרבעט פון די סעקציעס, וואָס זײַנען אים צום האַרצן. מיט געזעלשאַפטלעכע איניאָנים דאַרפן זיך פאַרנעמען אַלע האָרעפּאַשניקעס, אַלע בעקאָוועדיקע מענטשן און אַקטיוויסטן. אָן דעם וועט קיין טאָלק ניט זײַן!

אונדזער שויעל דער זיפּנמאַכער איז געבליבן זיצן א ביסעלע פאַרלוירן.

וויפל מאָל איז ער שוין געווען אין דער דאָזיקער געבײַדע, ניט איבערצוציילן! ער איז אהער געגאַנגען סײַ דעמלט, ווען עס איז בא אים געווען אַנגעזאָליעט אפן האַרצן, ווען מע האָט פון אים אָפּגעכויזעקט, אים אָפּגעלאַכט צוזאַמען מיט זײַנע זיפּן, סײַ דעמלט, ווען ער האָט זיך אַרופגעאַרבעט און מע האָט גענומען לויבן זײַנע זיפּן אין טאָג אַרײַן. נאָר קיינמאָל האָט מען מיט אים ניט גערעדט אַזעלכע טײַערע דיבורים. איז ער דעריבער איצט געווען גאָר אויפגעלעבט. ווי איר ווילט זיך, נאָר יעדער מענטש האָט ליב א ביסעלע קאָוועד, דערצו נאָך, ווען מע האָט דעם קאָוועד ערלעך פאַרדינט! און אויב מע האָט אים אַזוי העפלעך אַרויסגערופן און אָפּגעגעבן קאָוועד, וועט ער זיך ניט פוילן אײַנשפּאַנען אין די האַלאַבליעס און פּרוּוון עפּעס גוטס טאָן פאַר באַפאַליע. איין גוטע זאַך האָט ער שוין אָפּגעטאָן. דאָס ווייסן אַלע. מיט זײַנע זיפּן. איצט וועט ער זיך ווידער פּרוּוון אונטערגאַרטלען, דאָס שטעטל זאָל אים געדענקען און זאָגן, אַז ניט אומזיסט האָט ער געלעבט אף דער וועלט!

יאָ, דאַרף דען א מענטש א סאַך? אָפּגעלעבט אף דער וועלט עטלעכע צענדליק יאָר, פאַרזוכט קאַלטס און וואַרעמס, זיך גענוג אָנגעבידעוועט סײַ אף דער מילכאָמע, סײַ נאָך דעם, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים און א לאַנגע צײַט ניט געוווּסט, ווו ער איז אין דער וועלט, זיך ניט געקענט צושלאָגן צו זײַן ברעג. נאָר אָט האָט צוגעשפּילט דאָס מאַזל, און ער האָט דערפילט, אַז ער קאָן ברענגען דער וועלט נוץ, אַז מע דאַרף אים האָבן, ער איז אפן פערדל, ער האָט באַקומען קאָוועד בא דער וועלט און אַפילע בא דעם אייגענעם ווײַב און שוויגער, איז אים דאָך אוואַדע גוט!

אין אָרטעל איז ער נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזוי פאַרטאָן, ווי איצט. ער איז געווען ניט איינער, נאָר געהאַט א גאַנצע כאַליאַסטרע יונגע כעווּרע און עלטערע מענטשן, וועלכע מע האָט געדאַרפט אויסלערנען אַרבעטן. ער האָט געהאַט א גאַנצן צער, וואָס האָט באַרימט געמאַכט ניט בלויז דעם קאָמבינאַט, נאָר גאַנץ באַפאַליע, און מענטשן האָבן זיך געכאָכמעט, באַגעגענענדיק אונדזער שויעלן:

— טו נאָר א קוק, באַלטאַכלעס, וואָס עס טוט זיך! מע האָט אף אונדזער באַפאַליע אָנגעהויבן קוקן מיט גאָר אַנדערע אויגן. דאָס שטעטל וועט ווערן באַרימט, ווי טולע — טולער סאַמאָווארן און באַפאַליער זיפּן!...

טאַקע, דער מענטש האָט איצט אין זיך דערפילט א נײַעם קויעך, די פלייצע, וועלכע די שווערע יאָרן האָבן א ביסל אײַנגעבויגן, האָט זיך עפּעס אָנגעהויבן ווי אויסגלײַכן. ער האָט זיך אָפּטער געבומען גאָלן און שערן, אויסגעזען ייִנגער, שלאַנקער, און די שכיינעס האָבן אונטערגעוווּנקען צו זײַן פּעסיען:

— זע נאָר, פּעסעלע טײַערע, עמעצער פון די יונגע שיינע מוידן אונדזערע זאָלן ניט וועלן אונטערכאַפּן דײַן שויעלן. אַזא כאָסן-באָכער איז איצט אין פּרײַז!...

און פּעסיע האָט אָפּגעהאַקט די פליגלען די שכיינעס:

— נישקאָשע, איר דאַרפט זיך ניט זאָרגן. זאָל ער זיך עמעצן צוזוכן. אויב ער איז יענע געפעלן, פאַרוואָס זאָל עס מיר ניט זײַן צום האַרצן? פאַרגעסט ניט, אַז אין א גוט געשעפט איז ניט שלעכט האָבן פּופּציק פּראָצענט.

דער זיפּנמאַכער האָט ליב באַקומען זיך ווערטלען, טרײַבן לעצאָנעס, און דאָרט, ווו ער האָט זיך געיאַוועט, איז אַרום אים גלײַך אויסגעוואַקסן א רעדל מענטשן און עס איז געוואָרן לעבעדיק, פריילעך.

דאַכט זיך, אַז אַפילע דאָס גענגל זײַנס איז געוואָרן שטײַפער, ניט אַזוי צעפלאָסן, ווי פריִער. ער האָט זיך שוין אָנגעהויבן דאָ פילן, ווי א שטיקל שטעטל-באַלעבאָס. אונדזער שויעל איז מיט ביידע פיס אַרײַן אין דער מאָדע און צו זײַן וואָרט האָט מען זיך אָנגעהויבן צוהערן.

אַז שויעל האָט עפּעס פאַרגעלייגט, האָט מען זיך פון זײַן וואָרט ניט אָפּגעטרייסלט. און אַז דער אוילעם האָט זיך איבערצײַגט, אַז ער קאָן מיט עפּעס העלפן מענטשן, אונטערהאַלטן, ווען עס ווערט געלייזט עמעצנס גוירל, האָט מען אָנגעהויבן גיין צו אים און צו אים זיך ווענדן. מע איז צו אים געגאַנגען, ווי מע פלעגט אַמאָל גיין צו א גוטן-ייִדן — נאָך אָן אייצע, א באַקאָשע, אף עמעצן זיך קלאָגן. ער האָט געהאַט אַלץ ווייניקער פרײַע צײַט, זיך אָפּטער פאַרהאַלטן אף זיצונגען און באַראַטונגען, און פּעסיען האָט עס אָנגעהויבן ניט געפעלן ווערן, אַפילע פאַרדריסן, דעריקער, ווען עס פלעגן צו אים קומען נאָך אייצעס שכיינעס, ווײַבער פונעם גאַנצן שטעטל, און יענע האָבן געהאַט א טעווע שיטן מיט ווערטער, ניט לאָזן אָפּעסן וועטשערע, כאַפּן א דרעמל, זיך אויסרוען די ביינער.

דעמלט האָט פּעסיע זיך צוגעזעצט צו אים און אַרײַנגעשאָטן יענעם פּעטשאַטעק!

— וואָס זשע, — האָט זי צו אים געטײַנעט, — ביסט אין שטעטל אַ גרויסער נאַטשאַלניק, וואָס מע קומט דיר דרייען אַ מויעך, ביסט אַ שטיקל ריכטער, צי אַ פּראָקוראָר? דײַנע אײַצעס האָבן אַ ווערט, ווי דער פּאַראַיאַריקער שניי.

ער איז טאַקע ניט געווען קיין גרויסער נאַטשאַלניק, דאָס איז עמעס, אָבער דער לעצטער אין שטעטל איז ער אויך ניט געווען. אַנומלטן איז ער אַרײַנגעקומען צום נײַעם פּאַרזיצער פונעם ישעווראַט און געזאָגט, אַז ער האָט שטאַרק ביישעק זיך דורכגיין מיט אים איבער די געסלעך און טופּיקעס פון באַפּאַליע און אַ קוק טאָן אויף דער באַלעבאַטישקײַט, ווײַל אַן עמעסער באַלעבאָס פון אַ שטעטל דאַרף אַפּטער זען, וואָס אַרום אים טוט זיך.

און מע איז געגאַנגען.

און וואָס מיינט איר, שויעל איז געוואָרן אויסער־זיך, ווען מע האָט אָפּגעקערעוועט פון דער צענטראַלער גאַס, וואָס איז אויסגעמאָסטעט מיט ציגל, און פאַרקערעוועט צו די זײַטיקע.

דאָ און דאָרט זײַנען געשטאַנען גאַנצע זומפּן און בלאָטעס, ווי די שטעטלשע כאַזיירים האָבן זיך געפּילט, ווי אין אַ גאַנײדן, ניט געוואָלט אַרויסקריכן פון דאָרטן!

וואָס טראַכט זיך די סאַניטאַרנע קאָמיסיע? — האָט שויעל זיך געבייזערט. — וואָס טראַכט זיך דער לייבעש זיסקינד, דער דעפּוטאַט און דער פּאַרזיצער פון דער קאָמיסיע? ער האָט ליב אויף די זיצונגען אַרויסשפּרינגען מיט הויכע ספּיטשן, אַ סאַך פּלאַפּלען, אַז אויף די געסלעך, אין די הייפלעך דאַרף זײַן אַן אָרדענונג. ער ווייסט, דער ייִדעגער יונגערמאַנטשיק, דער פּאַרוואַלטער פון דער פּאָסטשט־אָפּטיילונג, וויאַזוי זיך פּאַרפּוצן אין זײַן גרויסאַרטיקער אוניפאָרמע, דעם קאַשקעט מיטן גלאַנצנדיקן דאַשעק אויף אַ זײַט און גיין איבער די אַנשטאַלטן, איבער די קליטן עפּעס קריגן. נו, און אין די געסלעך, ווי דער פּראָלעטאַריאַט און דער קוסטאַר וווינט, דאַרף מען טאַפּטשען די בלאָטע? וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבעט?

דער לייבעש זיסקינד האָט אויף מאָרגן גוט אַרײַנגעכאַפּט פונעם פּאַרזיצער און עס איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז אינעם נאָענטן שאַבעס נעמט מען צונויף דעם גאַנצן אוילעם און מיט לאָפּעטעס און בעזעמער גרייפט מען אָן אויף די בלאָטעס און קאַליוזשעס. דער ערשטער האָט אַרויסגעפּירט זײַן צעך שויעל דער זיפּנמאַכער. מע האָט אַרום און אַרום צוגעראַמט, פאַרשאָטן די קאַליוזשעס, אויסגעגלײַכט די טראָטוואַרן און דערצו נאָך פּאַרזעצט ביימלעך, קוסטעס, צעקלאַפּט בייטן און פאַרזעצט בלומען.

די אַרבעט איז אים גראַדע געפעלן געוואָרן. אַז ער האָט געזען, וואָס דער אוילעם האָט באַוויזן אָפּטאָן פאַר איין שאַבעס און ווי עס האָבן זיך געענדערט עטלעכע געסלעך און טופּיקעס, זיך צעשײַנט מיט זייערע יונגע ביימלעך, איז שויעל געוואָרן גרעבער ווי לענגער. ער האָט באַשטימט, אַז איצט וועט ער זיך עטוואָס מער אָפּגעבן מיט דעם, אַז דאָס שטעטל זאָל ווערן שענער און גרינער.

אָבער דאָס הייסט נאָך ניט, אַז מענטשן האָבן אופגעהערט קומען צו אים אין שטוב און אויף דער אַרבעט מיט פאַרשיידענע איניאַנים. מע האָט, ווי פריער, אים אָפּגעשלאָגן די שוועל און ניט געלאָזט רוען.

ווײַל ווער ווייסט עס דען ניט, אַז דאָס פערדל, וואָס שלעפּט אַמבעסטן, לאָדט מען שטאַרקער אָן, אַלץ אַ גרעסערע מאַסע וואַרפט מען אויף דעם אַרויף.

שויעל האָט אַרײַנגעכאַפּט אַלעמאָל אַ פּסאַק פון דער פּלוינעסטע, נאָר ער איז שוין פון לאַנג געווען צוגעוווינט צו אַזעלכע אומקאָוועדן. ערגער איז געווען דאָס, וואָס עס האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט עפּעס איינע אַ קליפּע, זי איז אים אין דערגאַנגען די יאָרן, מאַמעש ניט געלאָזט דורכגיין די גאַס, שיר אים ניט געמאַכט די טשעכאָטקע.

דאָס איז געווען אַ קליינינקע, קײַלעכיקע פּרוי, אָנגעשטאָפּט מיט יאָרן, נאָר זי האָט זיך ליב געהאַט פּעסטען, ווי אַ קליין מיידעלע, גאָט די נעשאָמע שולדיק. אַ רויט פּאָנעם, צווי לויפנדיקע, אומרויִקע קליינע אייגעלעך און אַ שטאַרק פּאַריסן נעזל, אַ בייזס, אַן אומצופרידנס מיט דער גאַנצער וועלט. און אַליין אויך אַ בייזע, באַהיט גאָט אַרײַנפאַלן צו איר אין מויל. יאָ, אַ צינגעלע האָט זי געהאַט, ווי אויף שרײַפלעך. געקרופן האָט מען זי שיפּרע.

אויב איר מיינט, אַז שיפּרע האָט אין באַפּאַליע געהאַט אַ גוטן שעם, לעבט איר אין טאָעס. זי האָט אַמאָל געהאַלטן אַ קלייטל פון פאַרשיידענע קליינקײַטן, נאָר אַזוי ווי זי האָט ניט געצאָלט קיין שטײַערן, האָט מען עס צוגעשלאָסן, און זי האָט זיך געדרייט אויף דער טאָלקוטשקע. עפּעס געקויפט, עפּעס איבערפאַרקויפט, קיין גאָלדענע געשעפטן ניט געמאַכט.

די לעצטע עטלעכע יאָר האָט זי זיך פאַרנומען מיט שידוכים. ניט כאַלילע פאַר עמעצן, נאָר פאַר זיך. מע האָט זי גראַדע געוואָלט אַרײַנעמען אין אַרטעל, זי זאָל זיך אויסלערנען עפּעס אַן אַרבעט און זיך מיִען, ווי אַנדערע, נאָר די שידוכים האָבן איר געשטערט.

אין דער זאַך איז איר גראַדע געגאַן, און ניט שלעכט. זי איז געווען ניט פֿון די גרויסע קראַסאָוויצעס מיט איר פּאַריסן נעזל און בייזע, ווי די צוויי רוכעס, אייגעלעך, נאָר זי האָט געהאַט אַ צוגאַנג צו מאַנצבלען.

קיינער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי זי האָט זיי אַרומגעפּענטעט, געכאַפּט אין אירע נעצן און געצווּנגען כאַסענע האָבן. פֿאַר עטלעכע געציילטע יאָר האָט זי באַוויזן צוויי מאָל כאַסענע האָבן און ביידע באַשערטע אירע זײַנען גאָר אינגיכן געגאַנגען פֿון דער וועלט. מיטן דריטן האָט עס שוין אויך געהאַלטן באַ אַ כאַסענע, נאָר ער האָט זיך באַצײַטנס אַרויסגעריסן פֿון אירע אָרעמס. נאָך אָט די ניט־געראָטענע כאַסענעס איז וועגן שיפֿרען אַוועק גאָר אַ בייזער שעם, וואָס עס איז עפּשער ניט קעדײַ אַקעגן נאַכט איבערכאַזערן. קיין איין מאַנצבל האָט זיך מער ניט אײַנגעשטעלט האָבן צו טאָן מיט איר.

עס איז אַוועק אַ שטיקל צײַט און וועגן דער שיפֿרע האָט מען אויפֿגעהערט ריידן. זי האָט זיך אַ ביסל באַרויִקט, געוואָרן שטילער, סטאַטעטשנער, נאָר ניט אויף לאַנג. און דאָס איז פֿאַרבונדן מיט אַ געשיכטע, וואָס איז קעדײַ אויסהערן.

אין באַפּאַליע, כאָטש דאָס שטעטל איז גרויס, ווי אַ גענעץ, זײַנען פֿריִער געווען צוויי שולן: די שנײַדערשע שול און די באַלעבאַטישע שול. ווען עס האָט זיך געעפֿנט דער אַרטעל, דאָס הייסט, דער קאָמבינאַט, און דער אוילעם פֿון באַפּאַליע האָט זיך דאָרטן געשטעלט אַרבעטן, האָט מען ביסלעכווײַז פֿאַרגעסן אין די קלויזן און אָנגעהויבן גיין אין קלוב. דאָ איז געווען אַ סאַך פֿרײַלעכער.

דאַוונען האָט מען זיך אָפּגעוווינט. גיין אין שול — אויך. ביידע באַטעמעדראָשים האָבן געפּוסטעוועט. די עטלעכע אַלטע לײַט, וואָס האָבן געפֿירט כעזשבוינעס מיטן אייבערשטן און געדאַוונט, האָבן אָנגעהויבן זיך צונויפֿגיין אין אַ פּאָר הײַזער אויף אַ מיניען. האָט דער אוילעם זיך באַטראַכט, אַז מע קאָן זיך שוין באַגיין אָן די שולן. לעמײַ זאָלן זיי שטיין אינמיטן שטעטל, ווי די סטורקאַטשעס מיט די פֿאַרהאַקטע פֿענצטער? פֿון דער גרעסערער שול, פֿון דער „באַלעבאַטישער", הייסט עס, האָט מען געמאַכט אַ קלוב און פֿון דער צווייטער — אַ קינדער־גאָרטן.

דורכגעפֿירט דאָס שטיקל אַרבעט האָט באַפּאַליע לויט אַלע געזעצן. דאָס הייסט, מע האָט צונויפֿגענומען כסימעס באַם אוילעם און אַוועקגעשיקט אין צענטער אַ פּאַפּיר, ווו עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז אַזויווי באַפּאַליע נייטיקט זיך אין אַ קלוב און אין אַ קינדער־גאָרטן און געבײַדעס זײַנען דאָ ווייניק, און אַזויווי דער אוילעם איז אין גרונט גענומען אַפּיקאָרסים און גייט ניט אין שול, בעט מען, מע זאָל דערלויבן אין די צוויי געבײַדעס עפֿענען אַ קלוב און אַ קינדער־גאָרטן.

און מע האָט דערלויבט!

דעם ביסל גלויביקן אוילעם, די עלטערע לײַט, האָט מען געגעבן אַ גרעאַם הויז, און זיי האָבן דאָרטן געדאַוונט, וויפֿל זיי האָבן געוואָלט.

העלפֿט גאָט און עס יאַוועט זיך די קליפּע, די שיפֿרע...

צו וועמען האָט זי זיך געיאַוועט? טאַקע צו שויעלן. אַזויווי ער, שויעל דער זיפּנמאַכער, האָט זי געזאָגט, איז אין שטעטל געוואָרן אַ מענטש מיט אַ שעם, מיט אַ דייע, מיט אויטאָריטעט, און דער פֿאַרזיצער פֿונעם יישעוו־ראַט הערט זיך צו זײַן וואָרט צו, איז זי געקומען, אַז ער, שויעל, זאָל זיך אַרײַנמישן און זען, אַז מע זאָל ווידער עפֿענען כאָטשבי איין שול. וואָס זשע, עס איז שוין געוואָרן אויס גאָט, אויס דאַוונען, עס איז שוין געוואָרן העפֿקער פּעטרעשקע? מע קוילעט דאָך אויף אַ שטעטל אָן אַ מעסער, מע נעמט אויף זיך אַ מעסוקענע זינד, מע לאָזט איבער אַ שטעטל מיט מענטשן אויף מישקוילעס, אָן אַ שטיקל קלויז. נישטאָ אַפּילע וווּהין אַרײַנגיין ראָשעשאָנע, יאָמקיפּער, הערן שויפֿער בלאָזן, נעמען אַ סײפֿער־טוירע, ניטאָ וווּהין אַרײַנגיין מיט אַ סידערל אויסקויפֿן באַם ריבוינעשעלוילעם דאָס פּעקל זינד, זאָגן קאַדעש...

שויעל איז געשטאַנען און אָנגעקוקט די קליפּע. זינט שויעל געדענקט זי און אַלע באַפּאַליער געדענקען זי, האָט זי זעלטן־ווען די שוועל אַריבערגעטראָטן פֿון אַ קלויז, ניט געהאַלטן פֿון שאַבעס און יאָמטעוו, אַפּילע אירע עטלעכע כאַסענעס ניט אָפּגעפּראַוועט לויטן רעליגיעזן דין. זיך פֿאַרשריבן אין זאַגס, און גאָר. וואָס זשע איז מיט איר געשען? עפּשער נאָך דעם, ווי זי האָט אַרויסגעבאַגלייט אויף יענער־וועלט דעם דריטן מאַן, האָט זי באַשטימט זיך אומקערן צו גאָט, צום גלויבן?

— וואָס זשע, מײַן טײַער שפּילפֿייגעלע, — האָט שויעל צו איר געזאָגט, — וואָס האָסטו זיך אַזוי שפּעט דערמאָנט? ווען אַלע האָבן געשטעלט זייערע כסימעס, מע זאָל אָפּגעבן די געבײַדעס פֿון די קלויזן, האָסטו דאָך אויך אַוועקגעלייגט דײַן כסימע, וואָס זשע ווילסטו איצט?

איז זי אויף אים נאָך שטאַרקער אָנגעפֿאַלן, און ווו נאָר זי האָט אים ניט באַגעגנט, האָט זי אים געמאַכט נעענטער צום טויט, ניט געלאָזט רוען: שויעל זאָל גיין זיך דערשלאָגן, אַז איין קלויז זאָל מען צוריק עפֿענען. אַנדערש, וועט זי קערן וועלטן!

באַ אונדזער שויעלן איז געווען, ווי באַוווּסט, אַ ווייכער כאַראַקטער און ער האָט זיך ניט געקענט לאַנג בייזערן אויף אַ מענטשן, האָט ער איר אײדל דערקלערט, אַז אויב עס געפֿינט זיך אַ

גרופּע גלוביקע, זאָגט דער געזעץ, קאָנען זיי אָנשרײַבן א באקאָשע צו דער מאכט, ווען מען דעם איניען באטראכטן. אָבער ער זעט דערווײַל ניט אזעלכע באלאָנים, וועלכע זאָלן זיך שטארק שלאָגן פאר א נײַער קלויז...

שיפרע איז ניט פון יענע, וועלכע שאנעווען, ווילן יענעם אויסהערן. זי ווייסט, — שרײַט זי, — אז מיט זײַן, שויעלס, מיינונג רעכנט מען זיך דאָ, טאָ זאָל ער גיין און זיך דערשלאָגן! און אויב ניט, וועט זי אים נאָכגיין אומעטום, ווי א שאָטן, זי וועט אים אויסשלאָגן אלע טאפליעס. וואָס הייסט, מע מאכט זי, שיפרען, אומגליקלעך, מע קוילעט זי אוועק אָן א מעסער...

ער האָט זיך געפּרוּווט דערוויסן, מיט וואָס מאכט מען זי אומגליקלעך, פאַרוואָס קוילעט מען זי אָן א מעסער? אף דעם האָט זי ניט געוואָלט ענטפערן. סטײַטש, קליפּע נימעסע, וואָס גוואַלדעוועסטו, וואָס לייגסטו אזוי אײַן וועלטן? מע דארף דאָך זײַן א מענטש... א מענטש דארף מען זײַן! נאָר זי האָט ניט געוואָלט זײַן א מענטש, זי האָט געריסן שטיקער, ער זאָל איר העלפן זיך דערשלאָגן, מע זאָל אין באפאָליע עפענען א שול.

וואָס? מע דארף קריגן כסימעס פון יענע, וועלכע פאָדערן, מע זאָל ווידער עפענען א קלויז? מיטן גרעסטן פארגעניגן! — האָט זי געשריִען, — איך וועל אײַך צונויפנעמען הונדערט כסימעס, לאָזט נאָר! — און זי האָט זיך אוועקגעטראָגן, ווי א וויכער איבער די הײַזער צונויפנעמען כסימעס, נאָר א נעכטיקער טאָג! מער ווי דרײַ כסימעס האָט זי ניט געקאָנט ארויסרײַסן. איז זי ווידער געקומען צו לויפן צו שויעלן מיט גאנצע טײַנעס, גענומען שרײַען, זידלען און מע האָט זי שיר ניט צוגענומען אין מיליציע. געהערט א צאָרע, זיך צוגעטשעפּעט צו א מענטשן און לאָזט ניט רוען!

פּעסיע האָט זיך גענומען צו דער קליפּע און איר געגעבן א פּעטשאטעק, ארויסגעטריבן פון דער שטוב און געוואָרנט, זי זאָל מער ניט דערוועגן צוגיין נאָענט אהער. ווײַל יענע וועט שלעכט אָפּשנײַדן. זאָל זי, שיפרע, גיין אין ראט, צום פאָרזיצער. וואָס האָט זי זיך אָנגעטשעפּעט צו שויעלן, ער איז דאָ די גאנצע וולאסט?

נאָר אָפּטשעפּען זיך פון שיפרען האָט ער ניט געקענט בעשום־אויפן, און אײנמאָל האָט זי אים אָפּגעשפּילט א שפּיצל, אז ער האָט ניט געוווּסט, וווּהין מע טוט זיך אהין!

אנומלטן קומט צו פאָרן אין שטעטל דער דירעקטאָר פונעם טרעסט, טאקע יענער זעלבער, וועלכער האָט דער ערשטער אופגענומען בא זיך אין קאבינעט שויעלן און דערנאָך געהאָלפן, אז דער גאנצער ארטעל זאָל ווערן אופגעריכט. מיטן דירעקטאָר זײַנען געווען נאָך צוויי געהויבענע מענטשן פון טרעסט, און שויעל איז מיט זיי געגאנגען געלאָסן איבער די געסלעך פון באפאָליע און באוויזן דאָס שטעטל, ווי עס האָט זיך געענדערט, ווי מע האָט געבראכט אין אָרדענונג די טראָטוארן, דעם קלוב, אויסגעבויט א קינאָ־טעאטער, א ביסל נײַע הײַזער, צעכן. שויעל האָט באוויזן די צוויי בולווארן, וואָס דער אוילעם האָט געמאכט בעשאס די פאָר שאבעסניקעס. שויעל האָט געוואָלט נאָך דעם קורצן שפּאציר ארײַנפירן די געהויבענע געסט אין דער נײַער סטאָלאָווע, זיי מעכאבעד זײַן, ווי עס געהער צו זײַן, טראָגט עס אָן, דער רוען ווייסט פונוואנען, יענע קליפּע, שיפרען, הייסט עס, און זי שפּילט אים אָפּ א פּעטשאטעק, אז ער ווייסט ניט, וווּהין זיך א קער טאָן.

אז א פּרוּוי פאלט אף דיר אָן אינמיטן גאס פאר פרעמדע מענטשן און הייבט דיך אָן זידלען, ווי א דער רוען ווייסט וואָס, שטעלט איר זיך פאָר, וואָס זײַטיקע מענטשן קאָנען טראכטן וועגן דיר? זיי קענען דאָך ניט די קליפּע, זיי זעען זי צום ערשטן מאָל. דערצו נאָך איז באוווּסט, אז מע ווארפט אף אן אומשולדיקן מענטשן בלאָטע, קלעפּט זיך דאָך עפּעס צו צו אים...

ווען שויעל האָט סאָפּקאָלסאָף זיך אָפּגעטשעפּעט פון איר און ער האָט דערציילט די געסט, וואָס זי וויל פון אים, האָבן יענע געקײַכט פון געלעכטער.

ס'איז אוועק א שטיק צײַט, און אין א שיינעם פרימאָרגן, ווען שויעל איז געגאנגען צו דער ארבעט, איז שיפרע צו אים צוגעלאָפן, אָנגעכאפּט באם ארבל און געבעטן, ער זאָל זי טויזנט מאָל מויכל זײַן, זי איז געווען א פינצטערע בעהיימע, זי פארשעלט זיך די יאָרן דערפאר, וואָס זי האָט אים, שויעלן, געמאכט אזוינע סקאנדאלן און ביזױינעס...

וואָס איז געשען? געשען איז מיט איר א גרויסער אומגלוק. און זי דארף די קלויז אף טישטשע קאַפּאָרעס מיט דעם טאלנער כאזן אינײנעם! איבער יענעם טײַוול, געלײמט זאָל ער דאָרט ווערן... שויעל איז געבליבן שטיין און זי אָנגעקוקט ווי א מעשוגענע. וואָס פאר א טאלנער כאזן? וואָס פלאפּלט זי?

לאָזט זיך אויס, אז זי האָט בעפּיירעש ניט געפלאפּלט. דאָס איז טאקע ער, דער טאלנער לעץ, שולדיק אין דער גאנצער געשיכטע מיט דער קלויז.

וואָס פאר א געשיכטע ווילט איר וויסן? אזא, וואָס די הויט ברענט אף איר, אף שיפרען, ווען זי דערמאָנט זיך אין איר.

צוריק מיט א צײַט כאפּט זיך שיפרע אראָפּ אף עטלעכע טעג קיין טאלנע צו א מומען און באקענט זיך דאָרטן מיט אן אלטן כאזן, נאָר אָן א שול, א בעזראבאָטנער כאזן! אין טאלנע האָט

מען אויך צוגעמאכט די קלויז און געעפנט א קלוב. און דער דאָזיקער פארשוין, דער טאַלנער כאַזן, איז צוגעזאָגט געוואָרן צו שיפרען. עס איז בא אים ערשט ניט לאַנג אוועקגעשטאָרבן זײַן ווײַב, אויך אזא נידעריטשקע, קײַלעכיקע, מיט פונקט אזא פאריסן נעזל, מיט אזא כאַראַקטער, און ער האָט כיישעק פארבינדן זײַן גוירל מיט שיפרען. זי איז אן אַלמאָנע, און ער איז אן אַלמען, קען ער איבער־פאָרן צו איר, קיין באַפאַליע, און מע זאָל מאכן א לעבן. ער דאַרף ניט קיין נאַדן און וויל ניט קיין נאַדן. ער וועט זי נעמען אזוי, ווי זי גייט און שטייט. מע וועט ווערן מאַן און ווײַב, נאָר מיט איין טנײַ, קעדיי מע זאָל זיך דורכלעבן די יאָרן שיין און פײַן און זיך ניט נייטיקן אינעם גראָשן, דאַרף זי, שיפרע, זיך דערשלאָגן אין באַפאַליע, מע זאָל עפענען א קלויז און ער וועט דאָרטן ווערן דער כאַזן... מע האָט זיך שוין אפילע געגעבן דאָס וואָרט, אז מע וועט זיך נעמען, שוין געפּראַוועט א שטיקל קנאַסמאָל, אָן אונטערהאַלט, אויב מע קאָן זיך אזוי אויסדריקן נאָך דער דריטער כאַסענע.

געקומען קיין באַפאַליע, האָט זי געמיינט, אז איינס און צוויי, און זי וועט זיך דערשלאָגן אירס, איר באַשערטער וועט קריגן א פײַנע שטעלע אין באַפאַליע, ווערן א כאַזן, און אַלץ וועט בא זיי אוועקגיין, ווי א מיזמער. נאָר זי האָט זיך פון די ערשטע טריט אָנגעשטויסן אין א וואַנט און זי ניט געקאָנט דורכברעכן. און אין דער צײַט, ווען זי האָט דאָ אײַנגעלייגט וועלטן, זיך געשלאָגן, ווי א לייביכע, האָט זי זיך דערוווּסט, אז דער כאָסן אירער האָט זיך אָפּגעזוכט אן אנדערע און איז איבערגעפאָרן צו יענער קיין קענעלע. נו, פרעגט זיך, קאָן מען גלייבן די מאַנצבלעז, קאָן מען זיך ניט נעמען דאָס לעבן?!

אז שיפרע האָט זיך אָנגערעדט, ווי א פויק, פארשאָלטן דאָס געביין פון יענעם כאָסן־באָכער, דעם כאַזן, וואָס האָט איר אָפּגעטאָן אזא שפּיצל, האָט זי א טיפן זיפץ געטאָן, צוגעפּאַרבט אירע ליפּן און מיט א כיטרע־מאַמזעריש שמייכעלע זיך אָנגערופן:

— שויעל טײַערינקער, איך בעט אײַך, ווי אן אייגענעם טאַטן, איר זאָלט זיך ניט בייזערן אַף מיר. וואָס זשע, איר קענט ניט אונדזערע ווײַבער, אז זיי נעמען זיך א מאַנקאָליע אין קאָפּ, וועסטו מיט זיי גאָרניט מאכן. איך האָב געמיינט, אז דאָס מאָל וועל איך שוין אײַנאָרדענען מײַן לעבן און אָפּזוכן א לײַטישן מאַן. נאָר אויב עס האָט אזוי געטראָפן, איז ניט געטאַנצט מיטן בער... באַליידיקט זיך ניט אַף מיר, אן אומגליקלעכער אַלמאָנע...

שויעל איז געווען אזוי פריטשמעליעט פון אירע רייד, אז ער האָט ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל איר ענטפערן. נאָר א קוק געטאָן מיט זײַנע קלוגע אויגן אַף דער באַשעפעניש, האָט ער איר געזאָגט:

— ווייסט איר, שיפרע, וואָס איך וועל אײַך אייצעגען? אויב איר ווילט זיך אויסלעבן רויִק דאָס ביסל יאָרן, וואָס דער אייבערשטער האָט אין זײַן קאַנצעלאַריע אײַך צוגעשריבן, דאַרפט איר זיך נעמען איצט ניט צו די כאַסאָנים, נאָר צום סייכל. דאָס אַלץ נעמט זיך דערפון, וואָס איר גייט אַרום גאַנצע טעג איבערן שטעטל און שלאָגט בײַדעקעס, איר עסט אומזיסט און אומנישט דאָס שטיקל ברויט און ווייסט ניט אַף וואָס פאַטערן אײַער צײַט און קויכעס. איר דאַרפט אַרויסטרײַבן דעם ווינט פון קאָפּ און זיך צושלאָגן צו עפּעס א שטיקל ברעג. א מענטש זאָל מען זײַן! איז פאָלגט מיך, וואַרפט אַרויס די שטיינער פון די אַרבל און קומט צו מיר אין אַרטעל, ס'הייסט, אין קאָמבינאַט, וועלן מיר אײַך געבן עפּעס אן אַרבעט, מירן אײַך געבן א מעלאָכע אין די הענט, וועט איר זיך אַליין גלײַך דערפילן פאַר א מענטשן... איר פאַרשטייט מיך, צי ניט?

— אוודע פאַרשטיי איך אײַך, וואָס זשע, איך פאַרשטיי אײַך ניט? — האָט זי געענטפערט. — נאָר צו וואָס פאַר אן אַרבעט קאָנט איר מיך אוועקשטעלן, אז איך האָב אזויפיל צײַט ניט געוווּסט, ווי מע טוט אײַן א האַנט אין קאַלטער וואַסער?..

— דאָס מאַכט ניט אויס, שיפרע! — האָט ער זיך צו איר אָנגערופן. — א בער קאָן מען אויך אויסלערנען טאַנצן. אויב דו ווילסט זיך בעעמעס נעמען פאַרן סייכל, דאַרפסטו צום אַלעם ערשטן ווערן א באַלעבאָסטע איבער דײַן לאַנגער צונג. די צונג ברענגט דיר גרויסן אומגליק, גרויסע צאָרעס, וועסטו ניט פּלאַפּלען, וועלן מיר דיך אויסלערנען אַרבעטן און דו וועסט זיך דערפילן ווי א נײַ־געבוירענע. די ביזיוינעס, וואָס דו האָסט מיר פאַרשאַפט, די סקאַנדאַלן, וועל איך דיר מויכל זײַן, שטעל זיך צו דער אַרבעט. איצט איז אזא צײַט, ווען מע שאַנעוועט יענע, וועלכע אַרבעטן, מיִען זיך, ברענגען א נוץ דער וועלט. דער גלאַוונער דין בא אונדזער מעדינע איז: אַרבעטן און א מענטש זאָל מען זײַן! פאַרשטייסט, צי דו פאַרשטייסט ניט?

— יאָ, אוודע פאַרשטיי איך, — האָט שיפרע זיך צעשײַנט, ווי דער מאָרגנשטערן, — אויב עס איז טאַקע עמעס, וואָס איר זאָגט, און איר וועט מיך אַרײַנעמען אין אַרטעל, מיך אויסלערנען א מעלאָכע, בין איך גרייט מאָרגן אַרויסגיין צו דער אַרבעט. א גרויסן דאַנק אײַך, רעב שויעל! איר וועט זען, אז איך וועל זיך סטאַרען מיט אַלע קויכעס... איך וועל זיך באַמיִען ווערן א מענטש גלײַך מיט אַלע! — זי האָט זיך פאַרנייגט פאַר אים, און אוועקגעגאַנגען.

שויעל איז געשטאַנען עטלעכע ווײַלעס, איר נאָכגעקוקט און געטראַכט:

„א ראַכמאָנעס אַף איר. מע דאַרף א פּרווו טאָן מאַכן פון איר א שטיקל מענטש..."

קאַפּיטל פיר

# די מיזינקע אויסגעגעבן

מיט דער היינטיקער וועטשערע האָט מען שוין געהאַלטן גאַנץ ווײַט, און די שטימונג בײַ אַלעמען איז געווען אין העכסטן גראַד.

אַרום דעם יאָמטעוודיק־געדעקטן טיש זײַנען געזעסן שויעלס נאָענטסטע פרײַנט און גוטע־ברידער — כּאַשעווע מענטשן פון שטעטל, און מע איז זיך מעכײַע געווען מיט די געשמאַקסטע מײַכאָלים, געפילטע פיש, עסיקפלייש, קוגל.

דורך די ברייט־צעעפנטע פענצטער האָט אַרײַנגעשמייכלט דער שיינער זומער־פאַרנאַכט, און די לאַנגע צווײַגן, אָפּגעשאָטענע מיט זאַפטיקע גרויסע ווײַנשל — מאַרעלן, האָבן זיך שווער געשאָקלט אונטערן לײַכטן ווינטל און זיך מאַמעש געבעטן אויף די טעלער, נאָר פּעסיע, אַ פאַרוויטלטע און שײַנעדיקע, האָט אַלעמאָל דערלאַנגט צום טיש עפּעס אַ שפּאָגל־נײַעם מײַכל און אונטערגעוווּנקען צו די ווײַנשל, ווי זי וואָלט געזאָגט: נישקאָשע, זאָרגט זיך ניט, צו אײַך וועט נאָך די אָטשערעד דערגיין...

אין שטוב איז געווען ראַשיק, פֿײַערלעך און היימלעך. אויבנאָן איז געזעסן אַ צעוואָרעמטער פונעם אויסגעטרונקענעם ווישניק, דער באַלעבאָס פון שטוב און געקליבן נאַכעס פונעם אופגעלייגטן אוילעם, פון אַלץ, וואָס עס האָט זיך געטאָן אַרום. און אַזוי ווי דער פײַנער אוילעם האָט די גאַנצע צײַט געפּאָדערט אין איין קאָל, אַז דער באַלעבאָס זאָל זאָגן עטלעכע גוטע ווערטער, האָט שויעל, אַ יאָמטעוודיק־פאַרפּוצטער און, דאַכט זיך, ווי אַ נײַ־געבוירענער, זיך אופגעהויבן, אַ וויש געטאָן מיטן געקרוייטלטן טיכל דעם פאַרשוויצטן, שטאַרק צעקאַרבטן שטערן, די וואָנצעס, אַ קנייטש געגעבן מיט די אַקסלען ווי איינער רעדט: „וואָס האָבן זיי צו מיר, וואָס זאָל איך זיי דערציילן?״.

דערזען זײַן פאַרלוירנקײַט, האָט דער אוילעם זיך אָנגעהויבן אַמפּערן: „וואָס מוטשעט מען דעם מענטשן, מע זעט ניט, אַז ער איז איצט ניט בײַ קיין רעדעס?״ נאָר שויעל האָט אײַנגעשטילט די געסט און זיך אָנגערופן מיט זײַן כיינעוודיק שמייכעלע אויף דעם לענגלעכן, פאַרברוינטן פּאָנעם:

— שאַט, שאַט, שאַ! מײַנע טײַערע געסט און שכיינים, מײַנע גוטע־פרײַנט און קרויווים, האָלעמײַ זאָלט איר זיך שפּאָרן און צוליב וואָס זיך קריגן? אַ סאַך בעטן, איך זאָל אײַך עפּעס זאָגן, וועט איר ניט דאַרפן. נאָר וואָס זשע, נעמט זיך, זײַט אַזוי גוט, ניט צום האַרצן, נאָר נעמט זיך בעסער צו דער אַכילע, צום עסן. מײַן פּעסיע, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַז זי גיט זיך אַ סטאַרע, קאָן זי אָפּקאָכן אַ מײַכל, מע זאָל עס קאָנען שטעלן אַפילע פאַרן קייסער. אַלע ווייסט איר עס גוט, טאָ פּאָלגט מיך און פאַרזוכט די קנישעס מיט קרויט און אָט יענע, מיט קעז. טאַם גאַניידן! ווי איך זע, זײַנען נאָך די פּאָלומעסעקעס פול, ווי אַן אויג, און אײַך גלוסט זיך אָנשטאָט עסן, הערן עטלעכע ווערטער? מאַכעטײַסע! נאָר איך בעט אײַך, עסט געזונטערהייט און פאַרשעמט ניט מײַן פּלוינעסטע, פּעסיען. נעמט, פאַרבײַסט! יאָ, איז ווו זשע האַלטן מיר אין כעזשבן? איר זאָגט, אַז איך זאָל באַלד אַרויסשפּרינגען מיט לאָשן, מיט אַ פּאָר קײַלעכיקע ווערטער? נאָר זעט, איר זאָלט דערנאָך ניט כּאַראָטע האָבן, ווײַל שויעל האָט וואָס צו דערציילן, שויעלן דאַרף מען, כּאָלילע, ניט פּיקן די צונג! וואָס, דו, זאַלמען, ווילסט אויך, אַז איך, דאָס הייסט, דער באַלסימכע, זאָל עפּעס זאָגן? איז, ערשטנס, ביסטו, דאַכט מיר, פּונקט אַזאַ מין באַלסימכע, ווי איך. האָסטו נומער איינס. נו, און צווייטנס, האָב איך דעם הײַנטיקן אונטערהאַלט געפּראַוועט ניט צוליב זיך, ניט צוליב דעם, וואָס איך האָב באַקומען אַ פײַנע פּרעמיע פאַר מײַנע זיפּן און אַנדערע זאַכן, נאָר טאַקע צוליב אײַך אַלע, ווײַל ווען איר, כּאָלילע, האַלט מיך ניט אונטער, מיך און מײַן צער, וואָלט זיך בײַ מיר גאָרנישט ניט באַקומען. בײַ אונדז איז איינער — קיינער. עס איז ניט די אַמאָליקע פינצטערע צײַטן, ווען מע האָט דיר ניט פאַרגינט דאָס לעבן, אויב דו האָסט זיך אַ ביסל אַרופגעאַרבעט...

יאָ, און כּוץ אַלעמען, מײַן טײַערער זאַלמען, דאַרף איך דיר זאָגן דעם רײַנעם עמעס, אַז דו ביסט בײַ אונדז אין קאָמבינאַט אויך ניט קיין הינקענדיקער שנײַדער. מיט דײַנע דייזשקעס ווערט מען בײַ אונדז אויך ניט פאַרשעמט, און דײַן פּאָרטרעטל שײַנט אויך אויפן רויטן טאָוול און דערצו נאָך איז דאָס, וואָס דו אַרבעטסט אויס אויפן פּויק בײַ אונדזער קאַפּעליע קלעזמער, אַ מעכײַע צו קוקן און צו הערן! קורץ געזאָגט, ברודערקע, דו ביסט אַ מענטש! איז ניט געזאָרגט, זאַלמען־לעבן, און דו האָסט ניט וואָס בײַ זיך אַראָפּצופאַלן. ווייסט אָבער זאָגן, אַז מיט די זיפּן גייט דער אײַסעק פויגלדיקער, ווי בײַ דיר מיט די דייזשעס? דאָס איז שוין אַ גאָט־זאַך! דאָס ערשטע אָרט וועט בײַ מיר קיינער ניט אָפּנעמען, מע מעג אַפילע שפּרינגען אונטער דער סטעליע... מיט אײַער שויעלן וועט איר אויף דער גרעסטער סימכע ניט פאַרשעמט ווערן. האַ, ברודערקע, איך זאָג עפּשער ניט דעם

ריינעם עמעס? מיר טיאַפּקען שוין מיט דיר א שיין ביסל יאָרן איבער דער ערד און וואָלטן מיר, כאָלילע־וועכאָס, ניט פֿאַרמאָגט דאָס ביסל מאַזל, האָפֿענונג, פֿרייד, וואָלטן מיר מיט דיר נאָך בעשאַס דער מילכאָמע אָנגעלייגט מיט די קעפּ און, ווער ווייסט, צי וואָלטן מיר דערלעבט ביז אָט די טעג, זיצן בא אָט דעם טיש, מאַכן א קויסע, פֿאַרברענגען, אַז די גאַנצע וועלט זאָל אונדז מעקאַנע זײַן...

פֿעסיע, טײַערע, זאָל שוין נעמען א סאָף, זעץ זיך צו א ביסל צום טיש, רו זיך אויס א ביסל די ביינער, מע דאַרף אַף זיך אויך האָבן ראַכמאָנעס... נו, איר זעט, זי הערט זיך ניט צו מײַנע רייד. איך לעב שוין מיט איר א שיינע עטלעכע יאָר, אויסגעכאָוועט קינדער, און געדענק ניט, זי זאָל זיך אַמאָל צוהערן, וואָס איך זאָג. זי פֿאַרפֿירט מיט מיר א געשפּרעך איר ווייסט ווען? איין מאָל אין יאָר. אָסיען־צײַט, ווען איך קויף איר אײַן א פּאָר פֿורלעך נאַסע האָלץ, וואָס וויל ניט ברענען. אָט דעמלט מעגט איר א באַלן זײַן שטיין בא דער זײַט און צוהערן, וואָס פֿאַר א פֿריילעכן געשפּרעך זי פֿירט מיט מיר! אוי, ניט אומזיסט האָט אַמאָל געזאָגט שלוימע האַמעלעך: א ווײַב, א פֿרוי איז זיסער פֿונעם לעבן און ביטערער פֿונעם טויט... עס טרעפֿט, איך ווער אַמאָל אין קאַס אַף מײַן פֿעסיען, עס כאַפּט מיך אָן א ווילן זי נעמען אונטער דער האַנט און מיט איר אַוועקגיין אין זאַגס, מע זאָל אונדז געבן א געט. איינמאָל בין איך שוין אַפֿילע אַהין אַוועקגעגאַנגען, נאָר כ׳האָב זיך דערמאָנט, אַז אויב מירן זיך געטן, ווער וועט מיר באַקן אַזעלכע געשמאַקע קנישעס, ווער וועט מאַכן אַזעלכע גאָלדענע עסיקפֿליישן, געפֿילטע פֿיש? האָב איך אויסגעקערעוועט דעם דישעל אַף צוריק און געמאַכט א שווײַג, שאַ־שטיל — כאַטאַ פּאָקרישקאַ! איר דאַרפֿט וויסן זײַן, אַז דער אייבערשטער זיצט אין די הימלען און איז דער גרעסטער שאַדכן. ער שיקט יעדן איינעם פֿון אונדז צו א ווײַב לויט זײַן געשמאַק, און אויב עמעצער קלײַבט זיך צו אַן אַנדער ווײַב, האָט ער צו זינגען און צו זאָגן! נאָר צו מײַן פֿעסיען האָב איך, כאָלילע, ניט קיין שטאַרק גרויסע טײַנעס. טאָמער זעצסטו זיך גלײַך ניט אַוועק צום טיש און נעמסט עפּעס ניט אין מויל אַרײַן, וועל איך דיך, פֿעסיע, גלײַך מאַסערן פֿאַרן גאַנצן אוילעם. ווי דו זעסט מיך לעבן...

— וואָס, אַשטייגער לעמאָשל, טײַערער מײַנער, קאָנסטו מיך מאַסערן? וואָס נאָך קאָנסטו אַף מיר אויסטראַכטן נאָך דעם, וואָס דו האָסט שוין הײַנט אָנגעפּלאַפּלט אַף מיר? — האָט פֿעסיע זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט און זיך פֿאַרקוקט אַף דעם מאַן מיט אירע גרויסע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן נאָך אויך איצט געשײַנט מיט טויזנט כיינען...

— מיילע, פֿעסיע טײַערינקע, — האָט איבערגעשלאָגן זאַלמען דער באָנדער, — וואָס אַרט עס דיך, זאָל ער אַף דיר אויסטראַכטן... ווייסט ניט, אַז ער האָט ליב א שפּאַס טאָן...

— איך דאַרף גאָרניט אויסטראַכטן וועגן מײַן פֿעסיען, — האָט שויעל פֿאַרגעזעצט, — אַזוי ווי איר קוקט זי אָן, מײַן פֿעסיען, איז זי געווען, ווי עפּעס א מאַגנעט. אָט גיט עס זי א צי אין איין זײַט און אָט אין א צווייטער זײַט. ווי איך געדענק, האָט זי געהאַט אַף איר סאָוועסט צוויי גרויסע פֿעלערן. דעם ערשטן ווייסט איר אַליין. זי איז מיר אַמאָל דערגאַנגען די יאָרן, ניט געלאָזט זײַן קיין זיפּנמאַכער. דער צווייטער פֿעלער, איז גאָרנישט קיין פֿײַנער, איך שעם זיך אַפֿילע אַרויסברענגען אים פֿון מײַן מויל, א ביזע־ביזאָיען דאָס דערציילן פֿאַר מענטשן... וואָס זאָגסטו, זאַלמען, דערציילן, צי עפּשער מאַכן א שווײַג?

— דערציילן, דערציילן! — האָט זיך געטראָגן פֿון אַלע זײַטן. — מיר זײַנען דאָך עפּעס היימישע מענטשן און פֿון אונדז דאַרפֿסטו גאָרנישט ניט אויסבאַהאַלטן.

— שאַ, שרײַט ניט אַלע מיטאַמאָל! — האָט שויעל געפּרוווט באַרויקן דעם אוילעם, — אויב איר בעט מיך אַזוי שטאַרק, וועל איך דערציילן. יאָ, איך ווייס ניט, ווי איר, נאָר איך האָב ליב אונדזער באַפּאָליע... מע זאָגט, אַז ערגעץ לעבן אָדעס געפֿינט זיך א שטעטל מיטן נאָמען באָגאָפּאָליע, נאָר ווי קומט עס גאָר צו אונדזער שטעטל! עס מעגן פֿאַר דעם די קאַפּאָרע ווערן אַלע אונדזערע סאָנים, וואָס קוקן אַף אונדזער מעדינע, ווי די וועלף. איך וואָלט ניט אָפּגעגעבן קיין איין ווערבע פֿון אונדזער טײַך פֿאַר אַלע זייערע וועלדער! אונדזער זויבערן טײַך מיט זײַנע שיינע פֿעלדזן, וואָלט איך ניט אָפּגעגעבן פֿאַר זייערע יאַמען, פֿאַר וועלכע דער קאַפּיטאַל איז גרייט איינער דעם צווייטן אויסדראַפּען די אויגן. איר שטעלט זיך דען פֿאָר אונדזערע אַרומיקע וועלדער און פֿעלדער?.. — האָט שויעל אָנגעהויבן זיי לויבן, גלײַך ווי פֿאַר אים וואָלטן געזעסן טוריסטן, עקסקורסאַנטן און ניט קיין אָרטגעבירטיקע באַפּאָליער טוישווים. — עפּעס א קלייניקײַט אויסצורײדן — באַפּאָליער פּרי־ראָדע! גאַנץ באַפּאָליע, אָנהייבנדיק פֿון דער לייגעריוקע, ענדיקנדיק מיט קאָוואַליוקע און פֿונעם זקיינים־הויז ביזן יישעוו־ראַט, איז אַלץ פּריראָדע! מאַמעש א פֿאַרגעניגן! און ווען עס גיט זיך דאָ נאָך אויס א שיינער זומער, דאַרפֿט איר אַף טישטשע קאַפּאָרעס אַלע קוראָרטן מיט די אָפּרו־הײַזער. אַלץ אַרום זינגט, שימערירט, ווי אין א גאַניידן. אַרום און אַרום איז דעמלט פֿריש און לעבעדיק, פֿריילעך און ראַשיק — א קאַפּאָרע א קאַפּיטאַליסטישע אייראָפּע, כוצן שאָדן פֿונעם אַרבעטער־קלאַס און פּויערטום... יאָ, וווּנדערשיין איז באַפּאָליע, שיין ווי די וועלט, און האָדיע! פֿרילינגצײַט, איז דאָס פֿאַרפֿלייצט מיטן צוויט פֿון די סעדער, ווי א פֿרישער שניי וואָלט פּלוצעם אויסגעשאָטן. כאַפּסטו אַף

דעם אַ קוק זומער־לעבן, זעסטו עס ניט אַרויס פֿונעם יאַם גרינס. און האַרבסט וועסטו פֿריטשמעריעט ווערן פֿון די פּילפּאַרביקע קאָלירן, אין וועלכע די ביימער באַצירן זיך, ווי די קאַלע־מוידן. הײַנט די שעפֿע פֿון פּרוכטן פֿון אַלע מינים, וואָס דײַן האַרץ גלוסט! וואָס איז שײַעך ווינטער, איז קעדײַ אַ קוק טאָן אױף די פּוכקע שנייען, אױף די סעדלעך, אױף די ביימער...

— שויעל, ברודער־לעבן, ביסט, דאַכט זיך, פֿאַרפֿאָרן ניט אַהין, ווו מע דאַרף! — האָט איבערגעשלאָגן זאַלמען באַנדער, — רעדסט ניט צו דער זאַך... ביסט פֿאַרפֿאָרן קיין ברעמבעליוווקע...

— זאָרג זיך ניט, ברודערקע, איך האַלט גוט דעם כעזשבן... — האָט זיך ניט אונטערגעגעבן שויעל, — אָט וויל איך טאַקע צוקומען צום איקער... מעגסט עס אויסהערן, פּעסיע, וועגן דיר וועט באַלד גיין אַ רייד. די געשיכטע, וואָס איך וועל אײַך באַלד דערציילן, איז טאַקע געשען אין יענעם זומער, ווען פֿון איין זײַט איז געווען פֿריילעך אױפֿן האַרצן, ווײַל די געשעפֿטן מיט מײַנע זיפּן האָבן אָנגעהויבן גיין אַזוי, וואָס בעסער דאַרף מען ניט. ער האָט געשפּילט, יענער זומער, מיט אַלע קאָלירן פֿונעם רעגנבויגן, און פֿון דער אַנדערער זײַט, איז געווען אַ בויכווייטיק, אַ גרימעניש און אַ בורעניש, און איבער וועמען מיינט איר, האַ?

— עפּשער איבער פּעסיען?

— אָ, ווי געווען דערבײַ! אָבער ניט נאָר איבער מײַן פּעסיען, נאָר אויך איבער מײַן מיזינקע ליזען, וואָס וווינט איצט אין ווויניצע...

ביז זי האָט פֿאַרלאָזט אונדזער שטוב און זיך אַוועקגעלאָזט אין דער פֿרעמד, האָב איך עפּעס אָנגעהויבן באַמערקן, אַז מײַן טײַער טעכטערל האָט אָנגעהויבן אָפּטלעך פֿאַרבלאָנדזשען פֿון דער שטוב, ווי אַ שעפּעלע פֿון דער טשערעדע. רוקט זיך אָן דער שיינער פֿאַרנאַכט, איז מײַן מיזינקע שוין ניט קיין היגע, איז שוין פֿו־פֿאַ! דער וואַנטזייגער טוט אַ קלאַפּ צען און עלף. ער שעמט זיך ניט און ציט אויס צוועלף, דערנאָך איינס... ווו איז ליזע? נישטאָ ליזע! און דאָ עפּן איך אוף די אויגן און זע, אַז מײַן פּעסיע שלאָפֿט אויך ניט. איך ליג אין געהאַקטע ווונדן און מאַך ניט צו מיט קיין אויג און, פֿאַרשטייט זיך, אַז מײַן פּעסיע הערט ניט אוף צו זיפֿצן און איבערטראַכטן, דער רוצך ווייסט וואָס. ס'וועלן שוין אינגיכן זיך צעקרייען די הענער! און אָט דערהערן מיר, ווי די טיר טוט אַ סקריפּע. די מיזינקע גאַנוועט זיך אַרײַן אױף די שפּיץ פֿינגער אין שטוב. זי קריכט אַרונטער אונטער דער קאָלדרע אָן וועטשערע. מײַן פּעסיע וויל צוגיין צו איר און איר מאַכן אַ שיינעם פּעטשאַטעק, נאָר איך זאָג דעם ווײַב אױפֿן אויער: טשעפּע ניט. אַ יונג, שיין מיידל, זאָל זי איין מאָל פֿאַרזוכן דעם טאַם פֿון שפּאַצירן אַ ביסעלע לענגער, ווי מע דאַרף. וואָס זשע, עס וועט איר, כאָלילע, שאַטן צום שידעך? נו, און מיר, אין אירע יאָרן, זײַנען געווען בעסער? אַזוי פֿירט זיך די וועלט!

איך טו אַ קוק: דעם צווייטן, דעם דריטן טאָג — דאָס זעלבע! נאָר איך מאַך אַלץ אַ שווײַג. עפּשער, טראַכט איך מיר, וועט עס איר נימעס ווערן און זי וועט אָנהייבן זיך אומקערן אַהיים אַ ביסל פֿריער? ווײַל קניידלעך עסן קאָן אויך נימעס ווערן...

נאָר זי, מײַן פּעסיע, ווי איר קוקט זי אָן, האָט זיך צו מיר אַ נעם געטאָן און אָנגעהויבן שרײַען, גוואַלדעווען, פּונקט ווי ניט אונדזער ליזע, די מיזינקע, נאָר איך זאָל געווען אַרומשלײַאָנדרעווען זיך ביז נאָך האַלבער נאַכט מיט שיינע באַרישניעס...

מײַן פּלוינעסטע טאָטשעט מיך, ווי אַ וואָרעם: „אַ טאַטע זאָל ניט טראַכטן וועגן טאַכלעס פֿון אַן אייגן קינד? וואָס שווײַגסטו, שויעל? דו ביסט אַ טאַטע, צי ניט קיין טאַטע? וואָס זשע, דו קאָנסט איר ניט אַרײַנזאָגן, עס זאָל איר פֿינצטער ווערן אין די אויגן?" — „ניין, מײַן שפּילפּייגעלע, זאָג איך מײַן פּלוינעסטע, וואָס זשע זײַנען מיר, סטאַראָרעזשימנע פּריצים? זי האָט ניט איר קאָפּ אױף די פּלייצעס? זאָל זי לעבן מיט איר סייכל..."

נאָר ווייס איך וואָס! מײַן פּעסיע לאָזט אויס צו מיר איר ביטער האַרץ.

איינמאָל ליג איך אין געהאַקטע ווונדן און קאָן ניט צומאַכן מיט קיין אויג. פּלוצעם דערהער איך פֿון יענער זײַט פֿענצטער, אין פּאַליסאַדניק, אַ שעפּטשערײַ און אַ סמאָטשקערײַ...

אָט האָסטו דיר די צווייטע טעג יאָמטעוו! — טראַכט איך זיך און ווייס ניט, וואָס איך דאַרף טאָן. נאָר מײַן פּעסיע איז שוין אױף די פֿיס. זי עפֿנט אוף שטילערהייט די טיר, און וואָס דערזעט זי? זי דערזעט, ווי אונדזער מיזינקע שטייט אונטערן ווײַנשלבוים אַרומגענומען מיט אַ קאָמאַנדיר, אַזוי ווי גאָט האָט געבאָטן. דערזען פּעסיען, האָט דאָס פּאָרל זיך דערשראָקן און זיך פֿאַרשעמט אױף טויט, ווײַל זיי האָבן זיך גיכער געריכט אױף אַ דונער אין יענער שיינער אויסגעשטערנטער נאַכט, איידער דערזען די מאַמע!

פּעסיע האָט אױפֿן פּאָרל אַ קוק געטאָן אַזוי, ווי זי קען. זי קערט זיך אום אין צימער, און רופֿט זיך אָן צו מיר:

— שויעל, נו, געפֿעלט דיר די געשיכטע? אונדזער מיזינקע שטייט אַרומגענומען מיט אַ באָכער... דאַכט זיך, אַ יונגער קאָמאַנדיר פֿון דער רויטער אַרמיי...

— דאַנקען גאָט, זאָג איך, וואָס פֿון דער רויטער אַרמיי, אַבי ניט פֿון דער ווײַסער...

אינדערפֿרי האָב איך צוגערופֿן די מיזינקע און זאָג איר: וואָס באַטײַט דאָס? ענטפֿערט זי מיר, אַז דאָס איז איר פֿרײַנט און איר... באַשערטער. ער איז זייער אַ טײַערער כעווריעמאַן, אַ קאָמאַנדיר פֿון אַ וווזוואָד. פֿאַראַיאָרן האָבן זיי זיך באַקענט. אַרום באַפּאָליע זײַנען דעמאָלט גראָד געווען מאַנעוורעס, און נאָך די מאַנעוורעס האָבן זיי זיך באַקענט. סטעפּאַן שעווטשוק... אַליין איז ער פֿון דאָ ניט ווײַט, דער טאַטע און די מאַמע אַרבעטן אינעם קאָמאַריוווקער קאָלווירט... זייער טײַערע מענטשן. דער באַכער דינט אין וויניצע. און דאָס איז ער איצט געקומען אין אורלויב און האָט איר געמאַכט אַ פֿאָרשלאָג... עס האַלט בײַ אַ כאַסענע...

פֿעסיע איז שיר ניט געפֿאַלן כאַלאַשעס. וואָס הייסט? אַזוי הענדום־פּענדום שפּילט מען אַ כאַסענע? און ווו איז טאַטע־מאַמע? וואָס זשע, עס איז שוין הפֿקר אַ וועלט? און וואָס וועט דאָס שטעטל זאָגן?

האַקיצער, וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, מײַנע טײַערע, עס איז פֿריילעך אין שטעטל! און איך האָב געמיינט, אַז מײַן מיזינקע וועט פֿאַרזיצן ביז די גראָווע צעפּ...

יאָ, טראַכט איך זיך, דאַכט זיך, אַ נײַע וועלט געוואָרן און דער מענטש לעבט איצט בעקאָוועד גאָדל, אויב נאָר ער איז ניט קיין פּוליאַק, קיין לײדיקגייער, שטעלט אונטער אַ פּלייצע, די מעלוכע זאָל זײַן שטאַרקער, רײַכער, נאָר מיט די יאָרשים קומט פֿאַר דער רועך ווייסט וואָס — מע טוט, וואָס מע וויל, און מע פֿרעגט זיך ניט אָן בײַ די עלטערן, די עלטערן דערוויסן זיך וועגן זייערע אופֿטוען די לעצטע... און פֿון דער צווייטער זײַט, ווער ווייסט? איצט זײַנען אַנדערע קינדער, און אין אַ סאַך זאַכן קלײַבן זיי זיך פֿאַנאַנדער בעסער ווי די עלטערן. די קינדער ענדיקן שקאָלעס, לייענען ביכער און גייען אין קינאָ. און וואָס האָבן מיר געוווּסט, אַז די גרעסטע אַבראַזאָוואַניע אונדזערע איז געווען דער כיידער, מיר זײַנען געווען פֿינצטערע מענטשן און ניט געטאָרט אָפּגיין ווײַטער פֿון דער מאַמעס קליידל. איצט זײַנען זיי, די קינדער, ווי די פֿרײַע פֿייגלען...

וואָס קאָנסטו מאַכן, אַז אונדזער מיזינקע האָט זיך אײַנגעליבט איבער די אויערן אין אַ באָכער, און פֿעסיען געפֿעלט ניט דער כאָסן, דער ייִכעס, וועט עס איר דען העלפֿן?

וויפֿל צאָרעס און אומגליקן זײַנען פֿאָרגעקומען איבער אַזעלכע זאַכן! מע האָט אַפֿילע צוגעטראַכט וועגן דער זאַך לידלעך. איך מיין, אַז אייניקע פֿון די לידלעך געדענקט איר נאָך גאַנץ גוט. לעמאָשל:

צו מײַן מאַמען האָב איך גערניט,
האָב איך גערניט, האָב איך גערניט,
ווײַל מײַן מאַמע איז ניט שולדיק אין דעם,
ווײַל די מאַמע איז ניט שולדיק אין דעם.
נאָר אין באַלניצע זאָל זי ליגן
און זיך רײַסן אויף די גלײַכע ווענט,
ווײַל צו קיין שידעך טאָר מען זיך ניט מישן...

אַ שידעך, אַ ליבע, דאָס איז אַ דין שטיקל סכוירע, עס האָט צו טאָן מיט דער נעשאָמע, מיטן האַרצן, מיט די געפֿילן, מיט די נערוון, און דאָ דאַרף מען זײַן גוט פֿאָרזיכטיק...

איך גיי אַרום, ווי אַ צעדרייטער, און אין קאָפּ שלאָגן זיך פֿאַרשיידענע געדאַנקען. איך ווייס ניט, וואָס טאָן, וויאַזוי באַרויִקן מײַן פּלוינעסטע, וואָס זאָל איך טאָן מיט מײַן ליזען?

אין אַ פּאָר טעג אַרום, איך קער זיך אום פֿון דער אַרבעט און זעץ זיך צו דער וועטשערע, אַזוי עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן, ווער מיינט איר? טאַקע דער כאָסן. אַ שיינער, אַ שטאַלטנער באָכער אין אַ קאָמאַנדירסקע אָנטאָן, שיין, ווי די וועלט, אַזאַ איידעלער, גריסט זיך פֿײַן און זעצט זיך אוועק לעבן מיר און הייבט מיר אָן דערציילן, אַז מיט מײַן ליזען איז ער באַקאַנט נאָך פֿון יענע צײַטן, ווען ער האָט געלערנט אין באַפּאָליע, אין שול און געזעסן מיט ליזען אויף איין באַנק, דערנאָך איז ער אוועק דינען אין אַרמיי און פֿאַראַיאָרן, בעשאַס דאָ, אַרום באַפּאָליע, זײַנען געווען די מאַנעוורעס, האָט ער זיך מיט איר ווידער באַגעגנט, און אָט איז שוין באַלד אַ יאָר, ווי מע שרײַבט זיך איבער. עמעס, די בריוולעך האָט ער ליזען געשיקט ניט אַהיים, נאָר אין פּאָטשט „דאָ וואָסטרעבאָוואַניע”. אַזוי, אַז קיין פֿויגל זאָל ניט וויסן, וואָס מע שרײַבט איינער דעם אַנדערן. מע איז פֿאַרליבט און מע האָט זיך שוין געגעבן דאָס וואָרט, און דאָס איז ער געקומען כּפֿעציעל אַהער פֿון וויניצע, ווו ער דינט, און בעט מײַן האַסקאָמע, זיי זאָלן אָפּשפּילן אַ כאַסענע. דערווײַל גיט ער אָנצוהערן, אַז אויב איך אָדער פֿעסיע וועלן פּרוּוון צעשטערן די כאַסענע, וועט עס אונדז העלפֿן, ווי אַ טויטן באַנקעס...

איך זיץ, כאָטש מעלק מיך אויס, מײַן פֿעסיע איז געבליבן זיצן אָן לאָשן און דאָס מויל ניט געקאָנט עפֿענען.

אָט אַזוי, ברודער־לעבן, און גייט צו עפּעס!

די דאָזיקע געשיכטע איז געשען דעמאָלט, ווען איך בין שוין געווען מיטביידע פיס אין אַרטעל, אין קאָמבינאַט, הייסט עס, און איך האָב שוין געהאַט אַ שטיקל נאָמען, אַ שעם, און מיט אַנדערע אויגן געקוקט אויף דער וועלט. טראַכט איך מיר: אַ קאָמאַנדיר פֿון אונדזער רויטער אַרמיי, אַ שיינער, איידעלער באָכער. מע האָט זיך ליב? אַוואַדע! זאָגן, אַז ער גייט מיר ניט אונטער פֿאַר אַן איידעם דערפֿאַר, וואָס ער איז אַ זון פֿון אַן אוקראַיִנישן קאָלכאָזניק, איז עפּעס גאָרניט קיין זאַך פֿאַר שויעלן. וואָס זשע, איך בין אַ סטאַראָרעזשימנער לעץ?

איך וואָלט אים גלייך געענטפֿערט, אַז איך בין מאַסקים, ער געפֿעלט מיר פֿאַר אַן איידעם און זאָל זײַן מיט מזל און מיט גליק. האָב איך אָבער לעבן זיך מײַן פּלוינעסטע!

האַקיצער, איך זאָג דעם באָכער, אַז איך וועל אים קאָנען געבן טשוווע אין אַ פּאָר טעג אַרום, און נעם דערנאָך אײַנטײַנען מיט מײַן פֿעסיען, אַז מע קאָן גאָרנישט ניט מאַכן, דאָס איז אַ גערע־שעטע זאַך, דו ווייסט דעם שידעך ניט צעשטערן, זיך נאַר אַרויסשטעלן פֿאַר דער וועלט צום נאַר. איך רעד צו איר, און ווי איך וואָלט זי אָפּגעקאָכט מיט הייסן אָקרעפּ.

— אַוואַדע, נאָר אַ קאָמאַנדיר דאַרף איך האָבן, — זאָגט זי, — מײַן ליזע זאָל זיך מיט אים אַרומשלעפּן איבער אַלע קאַזאַרמעס, אַ קאָמאַנדיר איז ניט באַ זיך אין די הענט. הײַנט שיקט מען אים קיין קאַווקאַז דינען און מאָרגן קיין טאַשקענט, אין עק וועלט, וועט ליזע מיט די קינדערלעך זיך מוזן שלעפּן נאָך אים?.. דאָס איז אַ טאַכלעס?..

— פּע, — זאָג איך פֿעסיען, — שעמען דאַרפֿסטו זיך אין ווײַטן האַלדז! ער מוז דאָך אָפּהיטן דאָס לאַנד, קעדיי די בורזשואַזיע זאָל אויף אונדז ניט אָנפֿאַלן. שטענדיק איז אַזוי געווען, אַז די ווײַבער מיט די קינדער פֿאָרן מיט מיט זייערע מענער — קאָמאַנדירן. אַזאַ סלוזשבע איז באַ זיי...

— פֿאַרוואָס שווײַגסטו, וואָס פֿאַר אַ טאַטע, — זאָגט זי, — ביסטו?

און איך ענטפֿער איר, אַז איך שווײַג ניט, איך קלײַב זיך זיי אָפּגעבן מאַזלטאָוו!

צעשרײַט זיך מײַן פֿעסיע נאָך שטאַרקער אויף מיר:

— באַלטאַכלעס, הער כאָטש איצט אויף מיט דײַנע כאָכמעס! מע דאַרף לויפֿן פֿרעגן מענטשן, וואָס מיר האָבן צו טאָן...

זאָג איך איר, וואָס זשע, און דער כאָסן־באָכער און אונדזער מיזינקע זײַנען דען ניט קיין מענטשן?! סײַדן לויפֿן צום ראָוו פֿרעגן אַ שײַלע...

זאָגט זי, אַז קיין ראָוו, דאַנקען גאָט, האָבן מיר שוין ניט אין באַפּאַליע. דער פֿינפּעקטאָר האָט אים געהייסן נעמען אַ פּאַטענט און צאָלן נאַלאָגן פֿאַר זײַן געשעפֿט, האָט ער זײַן קאָנטאָר צו־געשלאָסן און אַוועק אין אַרטעל, געוואָרן אַ סטאַראָזש... דאַרפֿן מיר גיין פֿרעגן באַ אַ קלוגן מענטשן, און דער קליגסטער איז, דאַכט זיך, אונדזער זאַלמען באַנדער. קום צו אים, און וויאַזוי ער וועט פּאַסקענען, אַזוי וועט זײַן!..

און מיר גייען אַוועק צו אונדזער שאָכן. אָט זיצט ער דאָרט אין ווינקל און שמייכלט אונטער, קוקט אים נאָר אָן, ער וועט מיך ניט לאָזן זאָגן אַ ליגן, ווײַל ער איז אין דעם שידעך אויך אַ ביסל שולדיק...

אַזוי ווי איר קוקט אים אָן, דעם זאַלמענען, איז ער ניט בלויז אַ גוטער באַלמעלאָכע, אַ באַנדער פֿון באַנדערלאַנד, מאַכט גוטע דײַזשעס, ער איז נאָך אַ פּויקער באַ אונדזערע קלעזמער, שפּילט אויף אַלע כאַסענעס און מאַלצײַטן. וואָלט ער געהאַט מאַזל און ניט געבוירן געוואָרן באַ אַ באַנדער, אַ קאַפּצן אין זיבן פּאַלעס, דערבײַ פֿאַר ניקאָלקעס צײַטן, נאָר באַ דער סאָוועטסקער וולאַסט, וואָלט ער מיט זײַן קלוגן קאָפּ אַוועק גאָר־גאָר ווײַט, ער וואָלט געווען אַן אַדוואָקאַט.

מיר קומען צו לויפֿן צו דעם אייצעגעבער, צו זאַלמען באַנדער, ער איז שוין אַ ביסל באָקי אין אונדזער איניען, נאָר מאַכט זיך, אַז ער ווייסט ניט פֿון עפּעס צו זאָגן. ער זיצט זיך אויף דער קאָלזע און שניצט אַ רייף. רופֿט זיך אָן צו אים מײַן פֿעסיע: „רעב זאַלמען, לייגט נאָר, זײַט אַזוי גוט, אַוועק די אַרבעט און הערט מיט קאָפּ. הערט אויף שניצן!" האָט ער אויפֿגעהערט שניצן, אַוועקגעלייגט די אַרבעט און אויסגעהערט מיט קאָפּ די גאַנצע געשיכטע פֿונעם אָנהייב ביזן סאָף, דערנאָך פֿאַרטראַכט זיך אַ רעגע און רופֿט זיך אָן מיט זײַן כיטרע־מאַזעריש שמייכעלע, וואָס גליטשט זיך אַראָפּ צום סאַמע בערדל און ווערט אין דער געדיכטעניש פֿאַרפֿאַלן:

— פֿעסיע, — פֿרעגט ער, — איר האָט אַלץ געזאָגט? איך זע, אַז אַלץ. בעט איך אײַך, ווי מע בעט אַן אייגענע שוועסטער, איר זאָלט זיך צוזעצן און איך וועל אײַך באַלד דערציילן נאָך אַ שענערע געשיכטע.

אין איינעם אַ שטעטל, נו מירן זאָגן, פּונקט אַזעלכס, ווי אונדזער באַפּאַליע, האָט אַמאָל געוווינט אַ קרומער פֿידלער. פֿלעגט ער גאַנצע טעג אַרומגיין איבער די געסלעך און הייפֿלעך און גרימפּלען מיטן סמיטשעק. דער פֿאַרשוין איז געווען אַ גרויסער פּויליאַק און האָט זיך קוים אויסגעלערנט שפּילן בלויז איין ניגן. און כאָטש האַק אים און בראַק אים, האָט ער מער גאָרנישט ניט געקענט און ניט

געוואָלט קענען. ער האָט זיך דעם אוילעם אזוי אײַנגעגעסן אין די לעבער מיט זײַן ניגן, אז מע האָט אים אופגעהערט ווארפן מאטבייעס און געטריבן צו אלדי גוטע יאָר! אָבער עסן דארף מען דאָך. האָט דער קרומער פידלער אין א שיינעם פרימאָרגן גענומען זײַן פידל אונטער דער פאכווע און אָנגעהויבן וואנדערן איבער אנדערע שטעטלעך, ווו מע האָט אים נאָך ניט געהערט שפּילן.

האקיצער, גייט און גייט, אָט פאלט ער פון די פיס. איינמאָל איז ער צוגעקומען צו א געדיכטן וואלד, האָט ער זיך צוגעזעצט אָף א קלאָץ איבערכאפּן דעם אָטעם, זיך אָפּרוען. עטוואָס זיך אָפּגערוט, האָט ער גענומען דעם פידל און אָנגעהויבן סקריפּען. שפרינגט פלוצעם ארויס פון הינטער א דעמב א פיקסל און הייבט אָן טאנצן. אז דאָס פיקסל האָט אָפּגעטאנצט, האָט עס א קוק געטאָן אָף דעם אָרעמען פידלער, אָף אים, נעבעך, שטארק ראכמאָנעס געקראָגן, אוועקגעלאָפן אין די קוסטעס און זיך גלײַך אומגעקערט, ארײַנגעשטעקט דעם קרומען פידלער א רענדל.

א קוק געטאָן אָף דער מאטבייע, איז דער פידלער געוואָרן שטארק איבערראשט, צופרידן, מאמעש גליקלעך. א גאנץ רענדל! פאר קיין כוידעש האָט ער אין שטעטל אזויפיל ניט פארדינט. א דערהויבענער, האָט ער זיך אומגעקערט אהיים. א קלײניקײַט אויסצוריידן — פארדינען א רענדל! אָף מאָרגן האָט דער פידלער זיך מעיאשעוו געווען און זיך ווידער אוועקגעלאָזט מיט דעם זעלבן וועג, ווידעראמאָל געקומען אָף דעם זעלבן אָרט און אָנגעהויבן שפּילן אָף זײַן פידל. דאָס פיקסל איז ווידער ארויסגעלאָפן פון אונטערן בוים, זיך געשטעלט טאנצן און ווען עס האָט אָפּגעטאנצט שיין און פײַן, האָט עס ווידער געבראכט דעם פידלער א רענדל.

און אזוי עטלעכע טעג נאָכאנאנד.

צוניפגענומען די עטלעכע רענדלעך, האָט דער פידלער זיך באטראכט און עס איז אים געקומען אין קאָפ א פײַנע מאכשאָווע: לעמײַ דארף ער גיין אלע טאָג שפּילן, קעדיי באקומען פונעם פיקסל א רענדל, אז ער קאָן אונטערקוקן, פונוואנען דאָס פיקסל טראָגט אים די מאטבייעס, וועט ער דאן אוועקהארגענען דאָס פיקסל, צונעמען דעם גאנצן אויצער און מער זיך ניט דארפן שלעפן אזוי ווײַט...

אפן אנדערן טאָג האָט דער קרומער פידלער גענומען הינטער דער פאָלע א האק, געקומען צום קלאָץ, זיך אוועקגעזעצט שפּילן, און ווען דאָס פיקסל איז ארויסגעלאָפן טאנצן, האָט ער געכאפּט די האק, דערלאנגט דעם פיקסל. נאָר צו די צאָרעס איז דער פידלער נאָך געווען א ביסל קאָסאָקע אָף אן אויג, האָט ער געטראָפן ניט אהין, וואוהין ער האָט געצילט, נאָר אָפּגעהאקט באם פיקסל דעם ווײדל...

דערזען אזא כאזורײַ פון דעם פידלערס זײַט, איז דאָס פיקסל געוואָרן מאָלע רעציכע, א שפרונג געטאָן אפן פידלער און אים אָפּגעביסן די נאָז.

קוים מיט צאָרעס האָט דער פידלער זיך דערשלעפּט אהיים. ס'איז אוועק א שטיקל צײַט, דער ווייטיק האָט א ביסל אופגעהערט, שטילער געוואָרן, די ווונד האָט זיך עטוואָס פארהיילט, נאָר וואָזשע, די רענדלעך האָבן זיך אויסגעלאָזט. נישטאָ פון וואָס א טאָג איבערקומען. און עסן דארף מען. האָט דער גראָטענער פידלער באשטימט ווידער אוועקגיין אין וואלד, צום פיקסל, עפּשער וועט עס זיך דערבארעמען איבער אים און מויכל זײַן. געקומען צו גיין אין געהאקטע ווונדן אָף יענעם זעלבן אָרט, זיך אוועקגעזעצט אפן קלאָץ און גענומען שפּילן. איז ארויסגעשפּרונגען דאָס פיקסל און זיך אוועקגעזעצט אָף די הינטערשטע לאפּעס ווײנען און קלאָגן.

— וואָס קלאָגסטו אזוי, מײַן טײַער פיקסל? — פרעגט דער פידלער.

— גאָרניט, — ענטפערט דאָס פיקסל, — אז איך גיב א קוק אָף דײַן נאָז, דערמאָן איך זיך אין מײַן ווײדל...

אזוי האָט אונדזער זאלמען באָנדער פארענדיקט זײַן געשיכטע.

— יאָ, איז אנטקעגן וואָס האָב איך אײַך דערציילט אָט די געשיכטע? — האָט זאלמען מיט דעם זעלבן מאמזערישן שמייכעלע געפרעגט, — אנטקעגן וואָס, מײַנע טײַערע פעסיע און שויעל? ווען איך האָב אויסגעהערט אײַער געשיכטע, א קוק געטאָן אָף אײַער נאָז, הייסט עס, האָב איך זיך דערמאָנט אין זיך אליין. איך האָב אין אָדעס א פלימעניצע, א שיינע, ווי גאָלד, האָט זי אונדז פארצווייאָרן אָפּגעטאָן פונקט אזא מין שפּיצל, ווי אײַך האָט אָפּגעטאָן אײַער ליזע. יענע, אונדזער פלימעניצע, האָט זיך אויך פארליבט אין א קאָמאנדיר פון דער רויטער ארמיי, א ליאָטשיק. לעבן אָדעס, לאָזט זיך אויס, זײַנען אויך געווען מאנעווערס. און וואָס דארפט איר מער — זיי האָבן אָפּגעשפּילט א כאסענע! און דאָס איז א פּאָרל פון גאָט. מע לעבט זיך שיין, און פײַן, און סטאטעטשנע, אָף אײַער ליזען געזאָגט געוואָרן. מײַן איך, אז איר דארפט זיך ניט נעמען צום הארצן, נאָר זיך נעמען גרייטן די כאסענע! אייצע איך אײַך טאקע, איר זאָלט זיי אָפּגעבן דעם שיינעם מאזלטאָוו און זאָל זײַן מיט גליק, מיט מאזל, מיט פארנאָסע און האצלאָכע!

און איך דארף אײַך זאָגן, אז אָט דער זאלמען באָנדער איז פאר מײַן פעסיען געווען ווי עפּעס א גוטע רעפּוּע, ער האָט איר אָנגעמאָלט אזא קארטינע, וואָס בעסער און שענער קאָן גאָרניט זײַן.

ער האָט פֿון מײַן פּעסיען אַרויסגעטריבן דעם גאַנצן קאַס מיטן מעשוגאַס אײַניִעם, זי איז געוואָרן ווייך, ווי טייג, און כ'האָב גלײַך דערפֿילט, אַז מיר זײַנען מיט איר אױף אַ דערערד!

וואָס מיינט איר, זאָלמען האָט אַמאָל געהאַט אין אַדעס אַ פּלימעניצע, וואָס האָט זיך אויך פֿאַר־ליבט אין אַ קאָמאַנדיר פֿון דער רויטער אַרמיי? אַ נעכטיקער טאָג! אַן אויסגעטראַכטע מייסע. בעשאַס ער האָט עס פּעסיען דערציילט, האָט מען געקענט מיינען, אַז דאָס איז טוירעס לאָקש, נאָר פֿאַר איר איז דאָס געווען אַן עמעסע רעפּוע, אַ רעטונג!

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום זײַנען מיר געפֿאָרן קיין ווינ־יצע אױף דער כאַסנעה. אַ כאַסנעע איז געווען אַ גרויסאַרטיקע. מיט קלעזמער. מיר האָבן מיטגענומען אַהין אַלע אונדזערע קרויווים און דעם איי־דעמס קרויווים. אונדזער קאַפּעלע קלעזמער בעסיכעם. און מיט זיי איז געפֿאָרן, פֿאַרשטייט זיך, זאַלמען מיט זײַן פּויק. ער האָט געקלאַפּט אין דער פּויק, אַ מעכײַע געווען קוקן.

וואָס וועל איך אײַך נאָך אַ סאַך דערציילן, מײַנע טײַערע געסט, אַז איידעם האָט אונדז גאָט צוגעשיקט אַ גאָלדענעם, אויף מיר אַזאַ יאָר און אַזאַ יאָר אױף אונדז אַלעמען. און איך ווינטשעווע מײַנע אַלע באַקאַנטע און ליבע, אַז ווען זיי וועלן כאַסנעע מאַכן זייערע טעכטערלעך, זאָלן זיי האָבן ניט קיין ערגערן איידעם, ווי אונדזער שוועטשוק, וואָס פֿאָרט אױף אַ טאַנק — אַ שײנקײט צו קוקן, הײַנט וויאַזוי מע האַלט פֿון אים אין פּאָלק און וואָס פֿאַר אַ קאַוועד ער האָט בײַ אַלעמען — פֿרעגט ניט!

הײַנט זעט איר שוין, אַז מײַן פּעסיע האָט פֿאַר איר לעבן דערלאַזט צוויי פּעלערן, דאָס הייסט, צוויי מאָל זיך באַנאַרישט...

און אַזוי ווי מײַן וואָרט האָט זיך פֿאַרצויגן און איך האָב איבערגעפּוצעוועט דעם רעגלאַמענט, זאָלט איר אױף מיר ניט האָבן קיין פֿאַריבל, ווײַל אַז עס איז גוט אויפֿן האַרצן, ווילט זיך מיר אַ ביסל ריידן. איז לאָמיר נעמען לעכאַיִם פֿאַר מײַן איידעם און פֿאַר דער אויסגעגעבענער טאָכטער, פֿאַר לײַ־זען, און דערפֿאַר, אַז מײַן איידעם זאָל פֿאָרן אױף זײַנע טאַנקען נאָר אויפֿן פּאַליגאָן און ניט אויפֿן שלאַכט־פֿעלד, עס זאָל זײַן שטיל אויף דער וועלט, ווײַל מילכאָמעס האָבן מיר שוין געהאַט גענוג אױף אײַנ־זער קאָפּ.

נאָר זעט נאָר, ווי געפֿעלט אײַך מײַן פֿלוינעסטע, מײַן פּעסיע, מע קאָן זי ניט צווינגען, זי זאָל אופֿהערן לויפֿן אױף דער קיך! האָב אױף מיר ראַכמאָנעס, פּעסיע, און זעץ זיך שוין צו צום טיש בײַ־גלײַך מיט אַלע געסט. וואָס האוועסטו אַזוי? וואָס באַאומרויִקסטו זיך אַזוי? דו האָסט דאָך שוין לאַנג די מיזינקע דײַנע אויסגעגעבן. איז הערט אונדזער אַלט לידעלע:

אײַנזיק־מאַזיק — די באָבע גייט אַ קאָזאַק —
די מיזינקע אויסגעגעבן! די מיזינקע אויסגעגעבן!..

אַנו, מאַמזיירים, העלפֿט מיר אונטער. ווער האָט אַ שטים, ווער ווייסט די ווערטער? אַלע צוזאַ־מען! אַלע מיטאַמאָל:

די מיזינקע אויסגעגעבן! די מיזינקע אויסגעגעבן!..

קאַפּיטל פֿינף

# אויס קאַלע, ווידער אַ מויד

אין אַ טײַך שווימען אַרום פֿאַרשיידענערלײַ פֿיש און אַז איר וועט זיי גוט אײַנזאַלצן, קאָן אַמאָל ווערן פֿון זיי געשמאַקער הערינג.

עס זײַנען פֿאַראַן אױף דער וועלט פֿאַרשיידענערלײַ מענטשן אין צווישן זיי אָזעלכע, וואָס וויפֿל דו זאַלסט זיי ניט זאַלצן, האָבן זיי אַלציינס ניט קיין שום טאַם. ערגער איז יענער פֿאַרשוין, וואָס מע הייבט ניט אָן וויסן, וואָס איז ער — ער איז זיס צי געזאַלצן, טערפֿקע אָדער ווײַניק?.. פֿאַר אַזאַ מין סאָרט מענטשעלע דאַרף מען זיך היטן, ווי פֿאַר פֿײַער. מיט אים זאָל מען זיך ניט דערוועגן אָנהייבן. ער קאָן פֿון אײַך מאַכן טיל־טעל.

בײַ אונדז אין באַפֿאַליע זאָגט מען פֿון אַלע יאָרן אױף אָזעלכע: אַ נידעריקע בריִע, אַ קליין, קאַר־ליקעוואַטע מענטשעלע. און איר זאָלט געדענקען, אַז אַ קליין נידעריק מענטשל וועט אײַך קיינמאָל ניט מויכל זײַן, וואָס איר זײַט אױף אַ עטלעכע ווערשקעס העכער פֿון אים...

4*

צו דעם מין פארשוינען קאָן מען צורעכענען אונדזער לייבעש זאלקינד. איר מעגט אויספאָרן א גאנצע גובערניע אין דער לענג און אין דער ברייט וועט איר נאָך אזא פארשלעפטע קרענק ניט געפינען.

דאָס איז א מענטש פון יענע לייט, וואָס האָבן ליב, אז יענער זאָל פאר זיי ארבעטן, וואָס האָבן ליב פון יעדער זאך מאכן א געלעכטערל, מאכן יעדן איינעם אויסצודרייען, דערנידעריקן, קעדיי זיך אופהייבן א ביסל העכער. אין די אויגן וועלן זיי אייך פראווען גרימאסן, כיינדלעך און הינטער די אויגן וועלן זיי אייך ארויסשטעלן א פייג. וואָס זיי טוען איז גוט און פיין, נאָר דאָס, וואָס איר טוט, טויג לויט זייער פארשטאנד אף טישטשע קאפאָרעס, טויג אפן פייער.

אויב איר ווילט שטארק וויסן, איז מער פון אלע דערגאנגען שויעלן די יאָרן דער דאָזיקער פארשוין, לייבעש זאלקינד. ער האָט זיך פריער געפילט אין ארטעל, ווי א פיש אין וואסער. ער איז ארומגעגאנגען איבער די געסלעך פון באפאָליע וויניקסטנס, ווי עס איז אמאָליקע יאָרן ארומגעגאנגען א גובערנאטאָר. אן עמעסער שטאָט-באלעבאָס, א גאנצער יא טאָבי דאם! אף אלץ און אף אלעמען געזאָגט מעווינעס, אומעטום אריינגעשטעקט די נאָז, בארעדט מענטשן פון קאָפּ ביז די פיס און געטריבן אף זיי רעכילעס. אין ארטעל איז ער געווען דער נאטשאלניק איבער דער סעלצערוואסער מיט סיראָפּ, איבערן אזויגערופענעם לימאָנאד.

ער איז געווען גרויס בא זיך. דעריקער, זומער, בעשאס די היצן, ווען מענטשן האָבן געכאלעשט א טרונק וואסער, איז מע האָט געדארפט אָנקומען צו אים, צו דעם לייבעש זאלקינדן.

ווי א פארזאמלונג, א בארעטונג, א רויטע ברעט, א וואנטצייטונג — אומעטום איז געווען דאָס אייבערשטע פון שטייסל ער, לייבעש זאלקינד. אומעטום האָט איר געקאָנט איבערלייענען: „רום, לייבעש זאלקינדן, וואָס האָט אויסגעפילט דעם פלאן פון ארויסגעבן סעלצערוואסער אף 103 פראָצענט!". „לערנט זיך ארבעטן אזוי, ווי דער שלאָגלער לייבעש זאלקינד!". „די ערשטע פרעמיע דארף באקומען לייבעש זאלקינד!"

הייַנט שטעלט איר זיך פאָר, ווי דער מענטש האָט פאריסן די נאָז, שוין אף קיינעם ניט געוואָלט קוקן, געבלאָזן פון זיך. געמיינט, אז אף אים שטייט דער גאנצער ארטעל.

אָבער ווען דער לייבעש האָט דערזען, ווי עס רוקט זיך אָן אף אים א כמארע, דאָס הייסט, שויעל דער זיפּנמאכער מיט זיינע זיפּן, האָט לייבעש אייַנגעריסן וועלטן, ער האָט צוגעלייגט אלע זייַנע קויכעס, קעדיי מאכן די גאנצע מייַסע מיט די זיפּן צונישט, אונטערגעשטעלט פיסלעך. ער האָט צוזאמען מיט יענעם געראָטענעם פארוואלטער פון ארטעל שענקמאן צי בענקמאן געשריַען, אז שויעל מיט זייַנע זיפּן וועט בעדיל-האדאָל מאכן דעם קאָמבינאט און פונעם גאנצן טומל און ראַש וועט זיך אויסלאָזן א בוידעם... און וואָס האָט ער ניט אָנגערעדט, דער פארשוין, אף שויעלן און זייַנע זיפּן! נאָר עס האָט אים געהאָלפן, ווי א טויטן פיאווקעס. ער האָט דערמיט געוואָלט שויעלן און זייַן בריגאדע זיפּנמאכערס אראָפּפירן פונעם גלייַכן וועג, אויסגעלאכט, נאָר דאָס זייַנען געווען פון יענע אָפּלאכער, בא וועלכע עס לאכן נאָר די אויגן, נאָר אינעווייניק בורעט בא זיי, שטעכט זיי, איינווייניק שפּרינגען ארום בא זיי זשאבעס, דאָס אלץ איז פון קינע, פון ניט פארגינען יענעם דאָס לעבן.

נאָר שויעל איז בא זיך געווען שטארק, ווי א פעלדז. ער האָט פארשטאנען, אז עס איז געקומען די רעכטע צייַט נישט פאר ניט-פארגינער, פוסטע פלאפלערס, באלגייַוועניקעס, נאָר די צייַט פאר יענע, וועלכע האלטן פון דער אווידע... ער האָט פארשטאנען, אז ער מיט זייַנע כעווריע טוען דאָס, וואָס די מעלוכע פאָדערט, וואָס דער אוילעם קויפט, און אף קאפּאָרעס גייט אים אָפּ דער ראַש, דער טראַסק, דער טאראראם, ער דארף שטילערהייט זיצן און ארבעטן!

ס'איז אוועק א שטיקל צייַט, און שויעל האָט באקומען א בריוול, א מין סאָרט מעסירע: ער, שויעל דער זיפּנמאכער, שטייט קלוימערשט אף איין אָרט, טראכט ניט וועגן פארברייטערן די פּראָדוקציע, ער שלעפּט דעם גאנצן קאָמבינאט אף צוריק...

וועגן דעם, אז ער שלעפּט דעם קאָמבינאט אף צוריק, האָט שויעל בא זיך א טראכט געטאָן, דאָס זייַנען נארישקייַטן. פארקערט, א דאנק זייַן צעך איז דער קאָמבינאט אופגעריכט געוואָרן, אָבער וואָס איז שייַך אנדערע זאכן, האָט שויעל באטראכט, אז עס איז געקומען די רעכטע צייַט, מע זאָל טאקע פארברייטערן די פּראָדוקציע. אויב מע וועט זיך אונטערגארטלען, וועט מען דאָ קאָנען אָנהייבן אויסארבעטן זיפּן פאר ווייעלקעס, מילכלעך פאר גרויסע בעקערייַען. דער זיידע און דער טאטע האָבן אלע יאָרן זיך באשעפטיקט מיט איין מין זיפּן, וועט ער גיין ווייַטער פון זיי!

אין א שיינעם זונטיק-פרימאָרגן האָט שויעל אופגעטאָרעט פון שלאָף זאלמענען דעם באַנדער, זייַן בעסטן גוטן-ברודער:

— פארפּוץ זיך, און מירן גיין...

— ווּהין וועלן מיר גיין אזוי נאשפּיץ?

— ווּעסט זען פּאַרטיקעּרהײט! — האָט געענטפערט שויעל, — איך וועל דיך ניט פירן, כאָלילע, אַף אַ קרומען וועג. קום, לאָמיר זיך דורכגײן...

— זאָג כאַטש, וווּהין? — האָט יענער זיך גענומען אַנטאָן אָן איבעריקן כײשעק.

שויעל האָט אים אַוועקגעפירט אין שכײנישן קאַלווירט, צו זײַן קאָרעוו, דעם אײדעמס טאַטן, צו שעוּוּטשוקן.

אין קאַלווירט האָט מען גרויסאַרטיק אופגענומען די געסט פון באַפּאַליע, און ווען שויעל האָט דערצײלט וועגן דעם ציל פונעם אומדערוואַרטן וויזיט, האָט מען זיך דערפרײט. טאַקע. עס פעלן אויס זיפּן פאַר די ווײעלקעס און זײעלקעס, ווי אויך פאַר דער בעקערײַ. און מע האָט שויעלן אַוועקגעפירט אין קלוניע, ווו עס זײַנען געשטאַנען די מאַשינען. ער האָט אַלץ באַטראַכט מיט קאָפּ, אָפּגעמאָסטן, דערנאָך פאַרצײכנט מיט אַ בלײַער אַף פּאַפּיר, אַלץ גוט באַטראַכט און געקומען צום געדאַנק, אַז אַזעלכע זאַכן וועט דער צעך קענען אין אַ קורצער צײַט באַהערשן.

געקומען אַהײם, האָט שויעל דערצײלט זײַנע מענטשן וועגן זײַן פאַרטראַכט און מע האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויסאַרבעטן אַף אַ פּראָבע עטלעכע זיפּן. עס איז געווען, עמעס, ניט נאָר קײן גרינג שטיקל אַרבעט, מע האָט געדאַרפט קריגן ספּעציעלן מאַטעריאַל, צוקלײַבן די געהעריקע אינסטרומענטן, נאָר אַלע ווײסן גאַנץ גוט, אַז אויב שויעל דער זיפּנמאַכער אַקשנט זיך אײַן, נעמט עפּעס אין קאָפּ אַ געדאַנק, מעג דונערן און בליצן, נאָר עס וועט געמאַכט ווערן ראַיעל, שײן, לײַטיש!

מע האָט צוגעגרײט עטלעכע מאָדעלן, מוסטערס פון דער נײַער פּראָדוקציע און אַוועקגעפירט אין געגנט באַווײַזן, צי וועט דער טרעסט זײַן אַ באַלן אַף אַזעלכע זאַכן? די מאָדעלן האָט מען געמאַכט, ווי ליאַלקעס, געמאַכט מיט האַרץ און מיט נעשאָמע. עס איז אַוועק אַ קורץ שטיקל צײַט, און מע האָט דאָס אַלץ באַשטעטיקט, געמאַכט אַ גרויסע באַשטעלונג, אויסגעטײלט מאַטעריאַלן, אינסטרומענטן און עס איז אַוועק אַ גאַנג.

מע האָט געמוזט פאַרברײטערן דעם צעך, נעמען גרײטן נאָך מענטשן, און שויעלן האָט געסטײַעט אַרבעט. מע האָט אים ווידער אָנגעהויבן לויבן אין טאָג אַרײַן. מענטשן האָבן אים באַגריסט, געווען צופרידן, ווײַל דאָס איז געווען דער קאַוועד פונעם גאַנצן אָרטעל. בלויז אײן מענטש איז אַרומגעגאַנגען, ווי אַ כמאַרע, אָנגעדראָלן, ווי אַן אינדיק פאַרן לײגן אַן אײ, גלײַך ווי מע האָט אים געקוילעט די גענדז אַפן בוידעם. דאָס איז געווען, פאַרשטענדלעך, לײבעש זאַלקינד. ווײַל נאָך דעם האָט ער מיט זײַן סעלצערוואַסער און לימאָנאַד געהאַט אַ פּאָנעם פון כויזעק. איצט, אַז מע האָט זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן, האָט מען דערזען, אַז דעם גרויסן טומל אַרום דער כעלצערוואַסער מיטן סיראָפּ האָט אופגעהויבן טאַקע דער דאָזיקער לײבעש אַלײן. און דאָס, וואָס מע האָט אַלעמאָל אַפן רײטן טאָוול אַרויסגעהאַנגען זײַן פּאָרטרעט און וועגן אים געשריבן אין דער וואַנטצײַטונג, איז אויך געווען זײַן אַרבעט, ווײַל ער איז אַלײן געווען דער רעדאַקטאָר פון דער וואַנטצײַטונג און וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער געטאָן...

עמעס, אים האָט אונטערגעהאַלטן דער געוועזענער פאַרוואַלטער פון אָרטעל שענקמאַן צי בענקמאַן. ווער געדענקט אים נאָך? דערצו איז קעדײַ צוגעבן, אַז דער שענקמאַן צי בענקמאַן מיט לײבעשן זײַנען געווען נאָענטע קרויווים, אײגענע שוואָגערלעך.

נאָך דעם, ווי דער אוילעם האָט אָנגעהײבן קוקן אַף דעם פּאַרשוין מיט אַנדערע אויגן, איז ער יאַוונע געפאַלן בא זיך. און די שטעל בא אים איז געוואָרן אויך ניט יענע, וואָס פריער. נאָר ער האָט באַשטימט זיך ניט אונטערגעבן, ער וועט באַווײַזן שויעלן, אַז אים, לײבעשן, איז ניט אַזוי גרינג אַראָפּוואַרפן פונעם זאָטל, ער וועט זיך שלאָגן, ווי אַ גיבער. און שטילערהײט האָט ער גענומען שרײַבן אַנאָנימקעס — מעסירעלעך, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

און ער האָט זיך דערשלאָגן זײַנס!

עס איז אַראָפּגעקומען אַ קאָמיסיע, קעדײ אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אין אָרטעל, ווי גײט די אַרבעט, צי איז עמעס דאָס, וואָס יענער אומבאַוווּסטער פּאַרשוין שרײַבט אין זײַנע אַנאָנימע בריוולעך־פּאַסקווילעכלעך.

די אויספאָרשונג איז געגאַנגען ניט געײַלט. די קאָמיסיע האָט באַשטימט זיך גוט אַ גריבל טאָן אין אַלע איניאָנים. מע איז געווען צופרידן פון אַ גאַנצער רײ צעכן, דעריקער איז געפעלן געוואָרן דער זיפּן־צעך מיט דער פאַרברײטערטער פּראָדוקציע. די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע האָבן אַ פּרווו געטאָן בא דעם שײנעם לײבעש זאַלקינדן זײַן סעלצערוואַסער, לימאָנאַד און שיר ניט געכאַלעשט, דעם סיראָפּ האָט מען אין מויל ניט געקאָנט נעמען. כויץ אַלעמען, האָט די קאָמיסיע געמאַכט אָן אויספיר, אַז דער אַנטיסאַניטאַרישער צושטאַנד דערלויבט ניט, אַז אַזאַ צעך זאָל דאָ ביכלאַל עקזיסטירן.

דער סאָף איז געווען אַזאַ: זאַלקינדן האָט מען אַראָפּגענומען פון דער אַרבעט. אַזוי איז לײבעש געבליבן מיטן בײַטשל, ניט אַהין, ניט אַהער. איצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מע טאָר ניט פּליִען אין

די הויכע הימלען און ניט מיינען, אז עס איז העפקער א וועלט, העפקער פעטרעשקע, אז דו האָסט אַנגעכאַפּט גאָט פאַר די פּיאַטעס...

און נאָך איין זאַך האָט ער סאָפּאָקלאָסאָף פאַרשטאַנען, אז מע טאָר ניט גראָבן יענעם א גרוב — מע קאָן אַליין אַריינפאַלן!

יאָ, וואָלט לײַבעש זאַלקינד געוווּסט, מיט וואָס עס וועלן זיך אויסלאָזן זײַנע שרײַבעכצן, וואָלט ער זיך דען אַמאָל גענומען פאַר דער פען? געלעבט שטיל, רויק, בעקאַוועד גאַדל, האָט דער טײַוול אים אזוי מיעס אונטערגעפירט, און ער איז געבליבן בא דער צעבראָכענער קאָרעטע, כאָטש שרײַ גוואַלד! ס'פּילט אים קײנער ניט מיט, און וויפל קאָן ער אַרומגיין אָן א שטעלע? דער באַפאַליער אוילעם, ווי נאָר מע דערזעט אים, זאַלקינדן, נעמט מען זיך שושקען:

— נו, ווי געפעלט אײַך דער באַלטאַכלעס? ער איז גוט אַרײַנגעפאַלן? האָ? אוודע, מיט אים באַקימט זיך אזוי ווי מיט יענער באַרישניע: „אויס קאַלע, ווידער א מוידן״

נישקאָשע, אַף אזעלכע איז א מיצווע! זאָלן זיי וויסן און פאַרגעדענקען אַף שטענדיקע צײַטן דאָס, וואָס אונדזער שויעל דער זיפּנמאַכער זאָגט:

„די סאַמע בעסטע זאַך אין דער וועלט איז: א מענטש זאָל מען זײַן!

ער וואָלט געגאַנגען זוכן אַרבעט, נאָר וואָס פאַר אן אַרבעט קאָן ער זיך אָפּזוכן, אז פאַר קײן שטיקל נאַטשאַלניק וועט מען אים שוין אין באַפאַליע ניט מאַכן וויפל ער וועט לעבן. איז כאָטש נעם צונויף דאָס ביסל בעבעכעס און פאַר אוועק פון באַפאַליע. ער וואָלט עס געטאָן, נאָר ווער ווייסט, צי אין אַנדערע מעקוימעס האָט מען בא אונדז ליב אַזעלכע לײַט...

זעט אויס, אז ניט!

און בא שויעלן אין צעך איז די אַרבעט געגאַנגען אין פולן ברען. גראַדע דאָס יאָר האָבן די קאָלווירטישע פעלדער געגעבן א גרויסאַרטיקע גערעטעניש, שוין לאַנג אזא ניט געווען.

און דאָרט, ווו ברויט, דאָרט איז מעל, און דאָרט, ווו עס איז מעל, דאַרף מען האָבן זיפּן. און דערצו נאָך דאַרף מען אויך זיפּן פאַר די מאַשינען, בעקערײַען, און קײן באַפאַליע, אין אַרטעל, האָבן אָנגעהויבן זיך שיטן טעלעגראַמעס און בריוולעך, מע זאָל געבן וואָס מער זיפּן פון אַלע מינים. דער נאָכפרעג אַף דער דאַזיקער פּראָדוקציע וואַקסט מיט יעדן טאָג.

איבערגעלייענט די דאַזיקע בריוו-באַקאָשעס און פאַדערונגען, איז דער פּראַוואַלטער פונעם אַרטעל צוזאַמען מיטן פאַרטאָרג פּרידל לעמבערג געקומען צו לײפן צו שויעלן:

— מע דאַרף זיך אונטערגאַרטלען, טײַערער, זעסט דאָך אַליין, וואָס דאָ טוט זיך מיט דײַנע זיפּן.

ענטפערט שויעל, אז אין אים און אין זײַנע מענטשן, וועט ניט זײַן קײן מעניע. זאָל מען נאָר קריגן מער מאַטעריאַל, אינסטרומענטן, וועט אַלץ גיין, ווי א מיזומער! ווײַל, ווי נאַטשאַלסטווע ווייסט, פאַלן ניט קײן זיפּן פונעם הימל, כאָטש זיי זײַנען קײַלעכיקע!

מע האָט אויסגעזוכט נאָך מאַטעריאַל, אַריבערגעוואָרפן א נײַע כאַליאַסטרע מענטשן צו שויעלן אין זיפּן-צעך, און ער האָט זיי גענומען לערנען די טוירע פון אײַסאַרבעטן זיפּן. לײַבעש זאַלקינד האָט דערזען, אז קײן שום טיר עפנט זיך ניט פאַר אים, איז ער געקומען צו שויעלן און געזאָגט:

„זײַ מיר מויכל פאַר אַלע מײַנע קונצן און לערן מיך אויך אויס דײַן מעלאָכע״.

א קוק געטאָן אַף דעם פאַרשוין, וואָס איז, נעבעך, אזוי געפאַלן בא זיך, האָט בא שויעלן פאַר-קלעמט דאָס האַרץ און ער האָט דעם פאַרשוין אוועקגעשטעלט א בענקעלע לעבן זיך און אים גע-זאָגט:

— רײַשיס קאָל, לײַבעש, דאַרפסטו פאַרגעדענקען, אז דו האָסט זיך קײנמאָל ניט פאַרנומען מיט סעלצערוואַסער. די איז אויסגערונען געוואָרן. קוק זיך גוט צו צו מיר און צו מײַנע בעוורע. וואָס מיר טוען, דאַרפסטו אויך טאָן. פאַרשטייסט? אויב דו פאַרשטייסט, איז גוט! וואַרף אַרויס די שטײַנער פון די אַרבל און פאַרגעס, אז דו ביסט פריער געווען א שטיקל נאַטשאַלניק און ביסט אַרומגעגאַנגען מיט א פּאַריסענער נאָז. איך ווייס, אז דו האָסט א ווײַב מיט קינדער און דאַרפסט זיי האָדעווען, מוזסטו זיך אונטערגאַרטלען און זיך גיך אויסלערנען די מעלאָכע, ווײַל דו ביסט שוין ניט קײן יינגעלע...

און שויעל האָט גענומען דעם באַלטאַכלעס אין דער לער, זיך געסטאַרעט, עפשער וועט ער פון אים מאַכן א שטיקל מענטש.

זיצט דער פאַרשוין לעבן שויעלן, קוקט זיך צו און באַמיט זיך אַרײַנגיין אין דער קאַליע, לערנט זיך אויסאַרבעטן די באַרימטע באַפאַליער זיפּן.

עמעס, דערווײַל וועט מען נאָך ניט קײן גרויסע גליקן פון דעם טאַלמיד. די אַרבעט גייט בא אים ניט אזוי פויגלדיק, ווי בא אַנדערע שילער, זײַנע פינגער לייגן זיך דערווײַל ניט צו די זיפּן.

ער אַרבעט מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט, אָן האַרץ און אָן נעשאָמע. און זיפֿן, דאַרף מען אײַך זאָגן, האָבן דאָס ניט ליב...

— וואָס איז געבליבן אַ סאַך דאָ צו ברײַען, — שויעל דער זיפּנמאַכער קוקט אָף דעם פּאַרשוין, זאָגט אים אַלעמאָל עפּעס אונטער, ווײַזט אים, וויאַזוי מע טוט דאָס און יענץ, נאָר קיין באַזונדערן נאַכעס האָט ער דערווײַל ניט פֿון אים.

שויעל נעמט זיך דערפֿון ניט שטאַרק צום האַרצן. פֿאַר דער צײַט, וואָס ער אַרבעט דאָ און פֿירט אָן מיט אַ צעך, האָט ער שוין אויסגעלערנט זײַן מעלאָכע אַ סאַך כעווירע, באַפּאָליער טוישווים, אַ סאַך מענטשן האָט ער שוין דערפֿירט צו אַ לאַד, מיינט ער, אַז ער וועט יאַקאָס אויך דעם שלי־מאַזל לײבעש זאַלקינדן אַרויספֿירן אָף אַ שטיקל וועג.

קאַפּיטל זעקס

# קלעזמער

קלעזמער — דאָס איז אַזאַ מין פֿאָלק, וואָס האָט ליב מאַכן דעם אוילעם לעבעדיק און פֿריילעך. איר מעגט אײַך זײַן דער גרעסטער מאַרעשכוירעניק און נודניק אין דער וועלט, אָדער דער גרעסטער סקעפּטיקער, אָדער קאַעסניק, און קיינמאָל אין אײַער לעבן נישט האָבן ניט געטאַנצט, ניט געזונגען, אַלצײַנס: אונדזערע קלעזמער וועלן אײַך מאַכן סײַ טאַנצנדיק, סײַ לאַכנדיק, סײַ פֿריילעך.

אויב דער פּויק, צי די טאַצן וועלן אײַך ניט נעמען, וועט עס אָף געוויס טאָן דער באַס. ניט דער באַס, וועט אײַך אַ ציִ טאָן פֿאַר דער נעשאָמע די פֿלייט אָדער דאָס פֿידעלע. קורץ גערעדט — זיצן, ווי אַ ליימענער גוילעם און גענעצן, וועט מען אײַך ניט לאָזן.

וועגן אונדזערע קלעזמער דערציילט מען זיך אָן מײַסעס, אַז מיט זייער שפּילן האָבן זיי אָפּגע־ראַטעוועט נודניקעס פֿון מאַרעשכוירע, שטעטלעך — פֿון צאָרעס און אומגליקן. און וואָס האָבן זיי ניט אָפּגעטאָן די גאָלדענע קלעזמער אונדזערע?!

אָבער אַלץ הייסט קלעזמער!

קלעזמער צו קלעזמער — איז ניט גלײַך, ווי פֿידל צו פֿידל, באַס צו באַס, פּויק צו פּויק!

אין באַפּאָליע איז אַמאָל געווען אַ קאַפּעלע קלעזמער — שוין איינמאָל קלעזמער! ניט קיין קלעז־מער, נאָר קישעפֿמאַכער, באַצויבערער! די קאַפּעלע האָט געשעמט איבער דער גאַנצער גובערניע, אויב ניט ווײַטער.

טאָמער האָט מען אין באַפּאָליע, צי אין די אַרומיקע שטעטלעך געדאַרפֿט פּראַווען אַ כאַסענע און עס איז ניט געווען קיין צעבראָכענער דרײַער בא דער נעשאָמע, מע זאָל צוגרייטן די כאַסענע־וועטשע־רע, האָט מען נאָר געדאַרפֿט רופֿן די קלעזמער, מער גאָרניט. זיי האָבן זיך אַזאַ סטאַרע געטאָן, אַ שפּיל געגעבן אָף אַלע קיילים, אַז דער אוילעם האָט אין עסן פֿאַרגעסן, מע האָט געטאַנצט און געהעפּעט, — די סטעליע האָט זיך געהויבן. מע האָט ניט באַמערקט, ווי די נאַכט איז דורכגעלאָפֿן.

אָט אַזאַ מין סאָרט קאַפּעלע איז דאָס געווען!

פֿון זייער שפּילן אַ „באַזעצנס" האָבן ווײַבער זיך באַגאָסן מיט ביטערע טרערן, קאַלעס זײַנען געפֿאַלן כאַלאָשעס, מעכוטאָנים זײַנען געבליבן זיצן געפּלעפּט, ווי די ליימענע גוילעמס, און בא די כאַסאַנים האָט אָפּגענומען דאָס לאָשן.

פֿון זייער „פֿריילעכס" האָבן, דאַכט זיך, די טעלער ניט געקאָנט אײַנשטיין אָפֿן טיש און זיך געהויבן, גלײַך ווי דאָס וואָלטן געווען טעלער מיט לעבעדיקע הינער און קאַטשקעס, ניט קיין גע־פּרעגלטע...

אָט אַזאַ קאַפּעלע איז דאָס געווען! קלעזמער מיט אַ שעם!

און פֿאַר אָט אַזאַ שעם האָבן זיי געהאַט צו פֿאַרדאַנקען — וועמען מיינט איר? זאַלמען דעם פֿידלער, יאָקל דעם באַס, צאַליע דעם טראָמבאָן? ניין, גראַדע דעם פּויקער אַזרילן!

זאָגט מען דאָך אַמאָל אָף אַ מענטשן — „אַ פֿינפֿטע ראָד אין וואָגן", „ער האָט אַ דייע, ווי דער פּויקער בא די קלעזמער". און כאָטש אַזריל איז געווען אַ פּאַשעטער פּויקער, נאָר גראַדע ער האָט דאָ געהאַט אַ גרויסע דייע. אַ פּויקער איז ער געווען, זאָגט מען, וואָס אַזאַ דאַרף מען זוכן מיט ליכט. צווישן אַ סאַך פּויקער און פּויקערלעך איז אַזריל געווען אַ ווירטואָז. גאָלד מיט זילבער!

וואָס דאַרפֿט איר מער, עס איז אַמאָל דורכגעפֿאָרן דורך באַפּאָליע אַ בראַנזשע אַרטיסטן פֿון אַן אָפּגעבערענטן טעאַטער, האָבן צום אַלעם ערשטן די אַקטיאָרשטשיקעס געוואָרפֿן אַן אויג ניט אָף די שיינע מיידלעך פֿון שטעטל, ניט אָף די גערעטענע סעדלעך, געסלעך, נאָר טאַקע אָף דעם אַזרילן, דעם פּויקער, און זיי האָבן אים געוואָלט צונעמען מיט זיך אָף די גאַסטראָלן איבער דעם קאַנט, האָט

די גאנצע קאפעלע און באפאַליע בעסויכעם אופגעהויבן א וואיצאקו, א גוואלד ביזן הימל, אז מע קוילעט זיי אַפּ אַן א מעסער, און אזויל האַט געמוזט פארבלײַבן א היגער.

נאַר יאָרן זײַנען געגאנגען, און מע איז אריינגעפאַרן אין בירגערקריג. ארום האַט זיך אַנגעהויבן א מעהומע, פּאַגראַמען, שכיטעס, אפּן שטעטל איז אַנגעפאַלן א מאַרעשכוירע. די שיינע געסלעך זײַנען געוואָרן פּוסט, כוישעכדיק. מע האָט ניט געהערט פון קיין כאסענעס, מאַלצײַטן, יאָמטויוויום. די קאַפּע־לע איז געוואָרן אויס קאַפּעלע, די קלעזמער — אויס קלעזמער. ווענעמן זײַנען זיי געקראַכן אין קאַפּ?! אזוי צוביסלעך איז זיך, די קאַפּעלע קלעזמער, די בארימטע, צעגאנגען, ווי זאַלץ אין וואסער. און אויס, פּאַטער, ווי אין באַפאַליע וואַלטן קיינמאַל קיין קלעזמער ניט געווען און מע וואַלט קיין כאסענעס ניט געשפּילט! מע האַט פארוואַרפן אַף די בוידעמער די אינסטרומענטן — די פידלען און פלייטעס, די פּויק און דעם באס מיטן טראָמבאָן...

א טרויער האַט ארומגעכאַפּט באַפאַליע. א סאך אומשולדיקע קאָרבאָנעס זײַנען געפאַלן. א סאך אוילעם איז זיך צעפאָרן, אוועק, ווו די אויגן האָבן געטראָגן. נאָר דאָך איז געבליבן אַפּן אָרט גענוג מענטשן, ווײַל וואָס איז דען טײַערער פון דער לײַבלעכער היים, פון די אייגענע ווענט, וועלכע היילן בעסער פון דעם שענסטן רויפע?!

און שפּילן האַט זיך געגלוסט, ווי עס גלוסט זיך לעבן! ווײַל וואָס איז דאָס פאר א לעבן אָן א ביסל פרייד? אָן א לידל, אָן מוזיק? נאָר פאר וועמען און ווו שפּילן, אז עטלעכע מאָל אין מעסלעס האָט זיך געביטן אין שטעטל די „וולאסט", ארײַן איין באנדע, ארויס די צווייטע? די יונגע כעוורע זײַנען אוועק אין דער רויטער ארמיי, אין דער סאמאָאַבאַראָנע. ווער עס האָט געקאָנט האַלטן א ביקס אין די הענט, יענער איז אוועק זיך שלאָגן פאר דער רעוואָליוציע, פאר דער ראַטנמאכט. מייד־לעך זײַנען אוועק העלפן די כעוורע אין שלאכט — איבערבינדן די ווונדן, וואשן דאָס גרעט, גרייטן עסן, באקן ברויט. זײַנען דאָ איבערגעבליבן עלטערע לײַט, ווײַבער, קינדער און ארויסגעקוקט אַף בעסערע צײַטן, געוואַרט אַף זייערע כעוורע, וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט די סאָנים.

עס וואַלט אָבער געווען ניט ריכטיק, ווען מיר זאָגן, אז די באַפאַליער עלטערע לײַט זײַנען געזעסן מיט צונויפגעלייגטע הענט. זיי זײַנען ניט פון די פארשלאָפענע מאַלאָכים! זיי האָבן געגייט שטיוול און שיך פאר די רויטארמייער, געניייט גרעט און אונטערגעהאַלטן דעם אָטריאַד פון סאמאָ־אַבאַראָנע, געהיט דאָס שטעטל, אָפּטלעך אָפּגעטריבן די באנדעס, וועלכע האָבן זיך געריסן אהער, דעזשורעט דורך די נעכט, געשטאנען אַף דער וואַך.

יאָ, שיר ניט פארגעסן! טאָמער ווילט איר זיך דערוויסן, ווו עס געפינט זיך ערגעץ סאַף וועלט, א יאם, אַן אָקעאַן, אַן אינדזל, א טײַך, א וואלד, א בארג, — דארפט איר ניט ארײַנקוקן אין א געאָגראַפישער מאַפּע — אָפּטלעך נאַרן זיי אַפּ און זײַנען ניט פּינקטלעך. גלײַכער פון אַלץ וואַלט געווען פאר אײַך א פרעג טאָן בא די באַפאַליער אַלטע לײַט, וועלכע זײַנען אויסגעוועזן פאר זייער לעבן ווו די וועלט האַט אַן עק. די דאָזיקע מענטשן זײַנען קימאַט די גאנצע „געאָגראַפיע" דורכגע־גאנגען צופוס. א סאך פון די באַפאַליער זײַנען געווען אַפּן יאַפּאַנער פראָנט, זיך געשלאָגן מיט די טערקן, מיט די ענגלענדער און פראַנצויזן, געווען אין שלאכטן קעגן די דײַטשן. מיט איין וואָרט — אַלטע פראָנטאָוויקעס, וועלכע וויסן גוט, ווו א טיר עפנט זיך און וויאזוי מע שלאָגט זיך פאר דער לײַבלעכער ערד. זײַנען טאַקע ניט ווייניק פון די דאָזיקע באַפאַליער מענטשן ארײַנגעטראָטן אינעם אָטריאַד פון דער היגער סאמאָאַבאַראָנע אין אָפּגעהיט דאָס שטעטל מיט לײַב און לעבן. אין דעם איז די סיבע דערפון, וואָס באַפאַליע האָט ווייניקער געליטן פון די באנדעס איידער א ריי שכײנישע שטעטלעך. די אטאמאַנען האָבן קלאָר מוירע געהאַט פירן אהער זייערע קוילער. דער הונט, ווי באַ־ווּסט, אז ער דערזעט דעם שטעקן, וועט ער א ביסל בורטשען, באווײַזן די ציינער, נאָר זיך האַלטן ווײַטער. אזוי איז דאָ געווען מיט די באנדעס.

די רויטע ארמיי האָט צעקלאַפּט דעניקינען, קאָלטשאַקן, וואַראַנגעלן, דערנאָך די ווײַספּאָליאַקן, וועלכע זײַנען פארקראָכן אזש קיין קיִעוו. זי האָט געפירט די לעצטע שלאכטן אין די דאָזיקע קאַנטן. מע האָט אויך צעשמעטערט א סאך באנדעס, און אין איינעם א זומער־פרימאָרגן האָט זיך אין באַפאַליע אָפּגעשטעלט אַף א פּאָר טעג אָפּרוען א פּאָלק פון בודיאָניס ארמיי. פאר די לעצטע פאָר יאָר איז באַפאַליע דאָס ערשטע מאָל אופגעלעבט געוואָרן. עס איז דאָ געווען א גרויסער יאָמטעוו. אונדזער שויעל דער זיפּנמאכער איז געווען אַפּן זיבעטן הימל. הערט נאָר, עס האָט געדאַרפט אזוי געשען, אז אין דעם פּאָלק האָט געדינט זײַן בענאַק, שיקע. נאָך גאָר א צוציק איז שיקע אוועק אין דער רויטער ארמיי, און אָט איז ער שוין א שטיקל סאָלדאַט, ניט צו דערקענען! שויעל האָט שוין לאנג פונעם בענאַק ניט געהאַט קיין אײַנגעטונקענע פּען און איבערגעטראַכט דער רועך ווייסט וואָס, איז אָט איז ער געקומען, און דער טאַטע האָט זיך גאָרניט געקאָנט אָנשפּיגלען אין דעם כעוורעמאַן. ער האָט געקוקט אַף אים, געלאכט און געוויינט, זעענדיק זײַן ליבלינג א לעבעדיקן, א פארברוינטן פון דער זון און ווינטן.

און וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן מיט פּעסיען, אַז זי האָט דערלעבט דעם טאָג, ווען זי האָט זיך באַגעגנט מיטן זון, — איז דען מעגלעך איבערגעבן?!

דער אוילעם איז אויך געווען באַגײַסטערט. עפּעס אַ קלייניקייט: אַזאַ צײַט האָט מען ניט גע־ווּסט, וואָס איז מיט שיקען, און אָט איז ער געקומען — אַ לעבעדיקער, אַ פעסטער, אַ פריילעכער!

— שוין געזען אַזוינס? — זײַנען די ווײַבער געווען אַנציקט. — דער טאַטע טראָגט אַ ביקס, ער איז אין דער סאַמאָאַבאַראָנע, דער זון טראָגט אַ ביקס און דער איידעם טראָגט אויך אַ ביקס. איצטער וואָלט נאָך געדאַרפט נעמען אַ ביקס פּעסיע, וואָלט שוין געווען אַ גאַנצע ראָטע!

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען די רויטאַרמייער האָבן זיך גוט אויסגערוט די ביינער און אַרויס אַף די גאַסלעך כאַפּן אַ שפּאַציר, האָט דער אוילעם באַשטימט פּראַווען פאַר די געסט אַ וועטשערע, און ניט ערגעץ־ווּ, נאָר טאַקע אין דער רעסטאָראַציע, וואָס איז שוין פון לאַנג געווען צוגעשלאָסן.

אַלע ווײַבער זײַנען זיך צונויפגעקומען און געהאָלפן גרייטן די מײַכאָלים. פאַר אַלעמען איז געווען אַרבעט.

דעמלט ערשט האָט אַזריל דער פויקער אויסגעלײַכט די ביינער, צונויפגערופן די קאַפּעלע קלעזמער און געזאָגט, אַז איצט איז געקומען די צײַט דורכלופטערן די אינסטרומענטן, ווײַל ווי קאָן זײַן אַזאַ גרויסאַרטיקער יאָמטעוו, אַ קאַבאָלעס־פּאָנעם אָן מוזיק?

ער האָט אַראָפּגענומען פונעם בוידעם זײַן פּויק. די איבעריקע קלעזמער, וועלכע זײַנען געווען הי, האָבן געכאַפּט זייערע פידלען מיט די פלייטן, אַנדערע קיילים, און מע האָט זיך אָוועקגעשטעלט אינמיטן שטעטל מאַכן אַ שטיקל רעפּעטיציע. און באַפּאַליע איז מיטאַמאָל אופגעלעבט געוואָרן, פרייער אָפּגעאָטעמט. יעדער איינער האָט זיך דערפרייט, ווײַל מע האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב די קלעזמער האָבן זיך געלאָזט הערן און די רויטע אַרמיי איז געקומען, וועט גיך ווערן שאַלעם אַף דער וועלט, מע וועט פּאַטער ווערן פון די צאַרעס.

אונדזער אַזריל דער פויקער פּויקט שוין ניט דאָס ערשטע יאָר אין דער קאַפּעלע. ער האָט שוין געזען אַמאָל אַ סימכע און אַ פרייד, נאָר ער שווערט, און מע מעג אים גלייבן, אַז זײַן כעוורייע זאָל אַמאָל געווען שפּילן אַזוי פלײַסיק און מיט אַזאַ אימפּעט, ווי מע האָט געשפּילט אַף דער דאָזיקער וועטשערע, געדענקט ער ניט!

עס האָט זיך אין באַפּאַליע געטאָן אַף טיש, אַף בענק און אַף קליינע בענקעלעך!

די באַפּאַליער מיידלעך האָבן אַזוי געטאַנצט מיט די רויטאַרמייער, אַז דער פּאָל פון דער רעס־טאָראַציע האָט זיך אונטערגעבראָכן און מע האָט געמוזט זיך מאַטרען זײַן זיך אַראָפּלאָזן פון די טרעפּ אַף די הילצערנע טראָטוואַרן און אייך דאָ זײַנען פון די ברעטער געפלויגן שפּענער!

אין אַ פּאָר טעג אַרום, ווען דער פּאָלק האָט באַקומען דעם באַפעל זיך לאָזן ווײַטער אין מאַרש און מע האָט זיך אַרייַנגעזעצט אין די זאָטלען, האָבן די קלעזמער אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, ווי איינער רעדט: אָט דאָס איז די גאַנצע סימכע? און איצט פאַר וועמען וועלן מיר שפּילן?..

נאָר אַזריל דער פויקער האָט זיך ניט פאַרלוירן. ער איז אַ ביסל געשטאַנען פאַרטראַכט, געגביסן דעם שפּיץ פון זײַן בערדל, געקנייטשט אין די הענט דעם אַלטן, צעקנייטשטן קאַרטוז, זיך ניט גע־קאָנט צעשיידן מיט די טײַערע כעוורע, מיט שויעל דעם זיפּנמאַכערס בענאַק שיקען, און לעסאָף זיך אײַנגעשטעלט, צוגעגאַנגען צום קאָמאַנדיר פון פּאָלק, צוגעשטעלט די האַנט צים דענעק, ווי עס פּאַסט פאַר אַ געוועזענעם ניקאָלײַעווער סאָלדאַט, און זיך אָנגערופן:

— כאַווער נאַטשאַלניק, אונדזער קאַפּעלע וואָלט איר ניט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך? אַז איר נעמט אײַן אַ נײַע שטאָט, קומט דאָך אײַך אָפּשפּילן אַ פריילעכס, אָדער די מאַרסעליעזע, דעם אינ־טערנאַציאָנאַל? מיר קענען שפּילן די זאַכן... כאָטש אַף אַ שטיקל צײַט נעמט אונדז מיט, האַ?

דער קאָמאַנדיר האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ גוטמוטיק שמייכעלע אָפּן באַפּאַליער אוילעם, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען באַגלייטן דעם פּאָלק, אַ שטשיפּע געטאָן די לאַנגע שוואַרצע קאָזאַצקע וואָנצעס און געזאָגט:

— געוויס וואָלט געווען ניט שלעכט מיט אײַך, נאָר וואָס וועט זאָגן אונדזער קאָמאַנדאַרם, סעמיאָן מיכײַלאָוויטש בודיאָני? ער קאָן זיך אַף מיר צעבייזערן פאַר סאַמאָפּראַוויסטוואָ...

לעסאָף אַ מאַך געטאָן אינדערלופטן מיטן קולאַק, ווי ער וואָלט עפּעס אָפּגעהאַקט מיט זײַן שווערד:

— ער, בילאָ ניע בילאָ!.. ווײַטער פון דער פּאָדערשטער ליניע וועט מען ניט שיקן, איז כאַפּט עס דער רוועך!

און אַ רוף געטאָן זײַן געהילף און באַפוילן, אַז יענער זאָל אויסטיילן אַ טאַטשאַנקע און אַרופ־זעצן די קלעזמער. זיך אָפּגעזעגנט מיטן באַפּאַליער אוילעם, אָפּגעדאַנקט פאַר דעם וואַרעמען ברײַ־דערלעכן אופנאַם, האָט אונטער די קלאַנגען פון די קלעזמער, די רויטאַרמייַיִשע קאָלאָנע אָוועקגע־מאַרשירט אָפּן פראָנט.

איבער א סך שטעט און שטעטלעך איז געגאַנגען די קאַפּעליע מיטן רײַטער־פּאָלק, דורכגעטראָגן זייערע מונטערע קלאַנגען איבער א סך ווערסטן. דאָרט, וווּ עס איז געווען נייטיק, האָבן די קלעזמער זיך גענומען פאַר די ביקסן, דאָרט, וווּ עס איז אויסגעקומען, זײַנען זיי געוואָרן סאַניטאַרן אין שלאַכט און געהאָלפן די פאַרווונדעטע, איבערגעבונדן זיי די ווונדן, אונטערגעטראָגן פאַר די סאָלדאַטן קוילן און גראַנאַטעס. אָפט איז מען געגאַנגען אין סאַמע פײַער באַנאַנד מיט די אָנגרײַפנדיקע רויטאַרמייער און ערלעך אויסגעפילט זייער כּיוון. קיינע שוועריקייטן און געפאַרן האָבן זיי ניט אָפּגעשטעלט.

אין איינער א גרויזאַמער שלאַכט, ניט ווײַט פון סלאַוווטע, איז בײַס אַן אַטאַקע געפאַלן דער פּויקער אזריל, עס זײַנען פאַרווונדעט געוואָרן שפּעטל דער פלייטיסט און בערל דער טראָמבאָן. שפּעטל און בערל האָבן זיך אופגעהויבן, איבערגעבונדן די ווונדן און געגאַנגען ווײַטער, געבליבן אין סטראָי, נאָר דער ליבלינג פון דער קאַפּעליע, מע קאָן זאָגן דאָס אייבערשטע פון שטייסל, דער פּויקער אזריל איז אויף שטענדיק צוגעקאָוועט געוואָרן צו דער ערד...

אין אָוונט, ווען די שלאַכט איז אײַנגעשטילט געוואָרן און די סאַניטאַרן האָבן אָפּגיך גענומען צונויפנעמען אויפן שלאַכטפעלד די געהאַרגעטע און פאַרווונדעטע רויטאַרמייער, האָט מען געפונען אזרילס טויטן קערפּער. זײַן פּויק איז געלעגן ניט ווײַט פון אים, דורכגעשאָסן, דורכגעלעכערט, ווי א רעשעטע אין א סך ערטער און באַגאָסן מיט בלוט, אזרילס ערלעך בלוט. די גאַנצע קאַפּעליע און א סך רויטאַרמייער זײַנען געשטאַנען אַרום אזרילס טויטן קערפּער מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט פײַכטע פּין טרערן אויגן.

דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מען געבראַכט צו קווּרע דעם בעקאָוועדיקן פּויקער פון דעם רײַטער־טייל. אויפן פרישן קייווער האָט שיקע, שויעל דעם זיפנמאַכערס בענאָק, — דער קאָמאַנדיר פון דריטן עסקאַדראָן, — געגעבן א דרײַפאַכיקן ערד־סאַליוט, און דאָס רעשטל פון דער קאַפּעליע האָט אויסגעשפּילט דעם אינטערנאַציאָנאַל. נאָר וואָס איז דאָס געווען פאַר א שפּילן, אז פון דער קאַפּעליע איז געבליבן שיִע־פּיִע?..

אינמיטן פעלד איז איבערגעבליבן א פרישער קייווער מיט א סאָלדאַטיש טורעמל. אין שפּיץ — א רויטער שטערן. און עמעצער האָט אָפּגיך אָנגעשריבן, ווער עס ליגט דאָ, ווער ס'האָט אָפּגעגעבן דאָס לעבן פאַר דער גרויסער זאַך פון לענינען און פאַרן האָרעפּאַשנעם קלאַס...

די שיטערגעוואָרענע קאַפּעליע האָט זיך אומגעקערט אַהיים, קיין באַפּאָליע, געבראַכט די שווערע בסורע, אז מע האָט פאַרלוירן דעם טײַערן לאַנדסמאַן, דעם בעסטן קלעזמער, דעם פּויקער און פּאַטריאָט פון זײַן פאָטערלאַנד אזרילן...

גאָר־גאָר א לאַנגע צײַט האָט די קאַפּעליע זיך געפילט דערשלאָגן, ווי פאַרשמעליעט. מע האָט געפּרוּווט שפּילן, נאָר וואָס איז דאָס געווען פאַר א שפּילן? א סקריפּערײַ! יעדער איינער האָט, ניט־ווילנדיק, אַלעמאָל געקוקט אויף יענעם אָרט אין דער קאַפּעליע, וווּ עס פלעגט פריִער שטיין דער פּויקער אזריל מיט זײַן פּויק, וווּ עס פלעגט שטיין מיט זײַן פלייטעלע שפּעטל דער רויטער און דער טראָמבאָניסט בערל דער קורנאָסער. די קאַפּעליע איז געוואָרן אויס קאַפּעליע, זיך צעשאָטן, אויף לאַנג איז אין באַפּאָליע נעלעם געוואָרן די מוזיק, דאָס געזאַנג. אז מע האָט זיך אַרומגעקוקט אויפן שטעטל, איז אָנגעפאַלן אויף מענטשן א גרויל. דאָ און דאָרט זײַנען געשטאַנען הײַזער אָן טירן, אָן פענצטער, אָן דעכער, אָן לײַב און לעבן.

די שלאַכטן האָבן זיך געענדיקט, האָט דער אוילעם זיך גענומען פאַר דער אַרבעט, אָנגעהויבן רעמאָנטירן די שטיבלעך, בויען נײַע, ברענגען דאָס שטעטל צו א לאַד.

שפּעטער, ווען מע איז א ביסל געקומען צו־זיך, האָט מען געעפנט דעם אַרטעל און מענטשן האָבן זיך געשטעלט צו דער אַרבעט — ווער פאַריכטן שיך און ווער נייען בגאָדים, ווער מאַכן ראַשטשינע און באַקן בייגעלעך, מאַכן דייזשעס, טישלעך, בענקלעך. ווער עס האָט געהאַט א מעלאָכע, דער האָט זיך געשטעלט גלײַך צו דער אַרבעט, ווער עס האָט ניט געקענט, האָט זיך געזעצט לערנען, און שוין דערנאָך איז געקומען שויעל דער זיפנמאַכער מיט זײַנע זיפּן. דער אַרטעל און גאַנץ באַפּאָליע איז אופגעלעבט געוואָרן און באַקומען א שעם איבער דער גאַנצער געגנט!

די צײַט איז געגאַנגען שנעל, ווי א ווײַכער. ניט אַנדערש, ווי זי, די צײַט, האָט געוואָלט, אז באַפּאָליע זאָל וואָס גיכער פאַרגעסן אינעם בייז, אין די צאָרעס און ביטערע אומגליקן, וואָס עס איז אויסגעשטאַנען, אין די שווערע רויִנעס און קאָרבאָנעס.

די געשעפטן אין שטעטל האָבן צוביסלעך גענומען גיין שענער, לײַטישער. ביסלעכווײַז האָט גענומען אָפּטרעטן דער דאַלעס, דער אוילעם האָט געאַרבעט — יעדער האָט געקראָגן זײַן אָרט, זײַן קאָוועד, זײַן לײַטיש אויסקומעניש. לעבן איז געוואָרן גרינגער, דאָס שטעטל האָט אָנגעהויבן אַרופּנעמען אויף זיך א נײַע הויט, פרייִלעכער און גרינגער איז געוואָרן אויפן האַרצן, מע האָט זיך אָנגעהויבן כאַכמענען, לאַכן, שפּאַסן. אין די אָפּדערנאַכטן האָבן זיך אויפן ברעג טײַך ווידער צעטראָגן געזאַנגען פון פאַרליבטע, עס האָבן געקלונגען לידער... מע האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן כאַסענעס, מאָלצײַטן.

ערשט דאָ האָט מען דערזען, אז אין באַפּאַליע פעלט עפּעס. עס גייט עפּעס אָפּ זייער וויכטיקס. און אז מע האָט זיך גענומען גריבלען, וואָס, אייגנטלעך, פעלט, האָט מען זיך געכאַפּט, אז עס פעלט די באַרימטע באַפּאַליער קאַפּעליע קלעזמער! עס פעלט אזרילס קאַפּעליע, וואָס האָט אַמאָל געשעמט אין דער גאַנצער אומגעגנט. ווו זײַנען אהינגעקומען די קלעזמער? לאָזט זיך אויס, אז שיר ניט אַלע, די לעבעדיק־געקומענע פונעם פראָנט, האָבן זיך אויסגעלערנט פאַרשיידענע מעלאָכעס און מע אַרבעט אין אַרטעל, אינעם קאָמבינאַט. דאָס איז גוט, נאָר וואָס פאַר א שײַכעס האָט עס צו מוזיק? צו מוזיק קומט עס ניט!

שויעל דער זיפּנמאַכער האָט אין א שיינעם פרימאָרגן אופגעהויבן א גאַנצן טומל:

— הערט אויס, קלעזמערוקעס, ווו זײַט איר אהינגעקומען, א רוער אין אײַער באַבעס זיידן אריין! איר קוילעט דאָך אָפּ א שטעטל אָן א מעסער! דער יִשעוו־ראַט אונדזערער האָט מיך געבעטן, איך זאָל א טאַפּ טאָן אין וואָגן, זיך דערוויסן, צי איז נאָך אין באַפּאַליע פאַרבליבן עמעצער פון די קלעזמער. וואָס טראַכט איר זיך? גאַזלאָנים, מאַמזיירים! אנו, קריכט נאָר אַרויס! עס קאָנען נאָך בא אײַך, כאַלילע, פאַרגליווערט ווערן די פינגער און געשוואָלן ווערן די ליפּן, איר זאָלט אינגאַנצן פאַר־געסן די טוירע פון שפּילן. מיר האָבן שוין א ביסל אויסגעגלײַכט די ביינער, דאַרף מען דאָך זען, אז אין שטעטל זאָל ווערן פרײלעכער! ווי זשע קאָן מען זיך באַגיין אָן קלעזמער, האַ? פּראָוועט ניט קיין שטיק און שלעפּט אַרויס אָפּ דער ליכטיקער שײַן אײַערע פידלען מיט די פלייטן, דעם באַס מיטן טראָמבאָן און דערלאָנגט אַרבעט!

אין א פּאָר טעג אַרום האָבן זיך אין קלוב צונויפגענומען די געבלײַבענע קלעזמער, מע האָט גערופן יונגע כעוורע, וועלכע מע וועט לערנען שפּילן, און אַלע פּאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט האָבן זיך פונעם קלוב געטראָגן קלאַנגען. צום ערשטן ניט שטאַרק אין לאַד, א סאַך אינסטרומענטן האָבן געפעלשעוועט, נאָר ביסלעכווײַז האָט זיך אָנגעהויבן באַקומען, ווי עס דאַרף צו זײַן.

ווער אַפּן פידל, ווער אַפּן טראָמבאָן, אַפּן באַס, אָפּ די פלייטן, עס איז אוועק א גאַנג!

מיטן פּויק איז, עמעס, געווען א שטיקל אַפּהאַלט. וואָס איז? עס איז ניט געווען, ווער עס זאָל זיך שטעלן לעבן פּויק. זאַלמען באַנדער, וואָס האָט אין אַרטעל און אין קלוב פּאַרנומען ניט דאָס לעצטע אָרט, האָט געהאַלטן אין איין טײַנען, אז ער מיט אזרילן דעם פּויקער, אָלעווהאַשאָלעם, אײַך צו לענגערע יאָר, זײַנען פון לאַנג געווען די גרעסטע גוטע־ברידער און אז ער געדענקט גוט, און דאָס גאַנצע שטעטל געדענקט, יענעמס אַרבעט אַפּן פּויק. וועט מען ניט דערלאָזן, אז אזרילס פּויק זאָל אַרײַנפאַלן צו א קאַליקע אין די הענט. דאָס וועט מען ניט דערלאָזן! ניין!

מע האָט זיך לאַנג געמאַטערט, געאַמפּערט און ניט געקאָנט צוקלײַבן א גוטן פּויקער. כאָטש שרײַ גוואַלד! און איר פאַרשטייט דאָך גוט, סאַראַ פּאָנעם עס קאָן האָבן א קאַפּעליע קלעזמער אָן א פּויקער. א קאַפּעליע אָן א פּויקער, זאָגן קלעזמער, איז פּונקט, ווי א וואָגן אָפּ דרײַ רעדער.

לאַנג האָט מען זיך דאָ געבראָכן דעם קאָפּ, וואָס טוט מען און וואָס הייבט מען אָן טאָן? איז געקומען זאַלמען דער באַנדער און געזאָגט:

— נו, קינדערלעך, האַדיע! גענוג זיך געבראָכן די קעפּ! מע דאַרף שפּילן און ניט קריגן זיך. מיך, זאַלמענען, קענט איר פּאַר א פּײַנעם באַנדער, און א באַנדער מיט א פּויקער, דאַכט מיר, זײַנען גאַנצע מעכוטאָנים, איינער פּויקט אין פּויק, דער אנדערער אין די דייזשקעס... קאַלזמאַן איר וועט זוכן א גוטן פּויקער, וועל איך זיך דערווײַל שטעלן אָפּ אזרילס אָרט...

און וואָס מיינט איר, אזוי איז דערווײַל אויסגעקומען טאָן!

און כאָטש זאַלמען דער באַנדער איז ניט קיין יינגעלע און אים איז ניט גרינג זיך אַרומשלעפּן מיטן פּויק, נאָר דער איניען איז אים געפעלן געוואָרן, און איר מעגט שוין זײַן א באַלן א קוק טאָן, וויאַזוי ער אַרבעט עס אויס מיט די טאַצן און מיט די שטעקלעך, מיט אַלע זיבעצן זאַכן.

אזוי צוביסלעך און ניט געכאַפּט איז אופגעשטאַנען טכיִאַס־האַמייסים, אופגעלעבט געוואָרן אין איר פולן גלאַנץ די באַרימטע באַפּאַליער קאַפּעליע קלעזמער!..

פּאַר א קורץ שטיקל צײַט האָט מען צוגעקלײַבן און אַרײַנגעצויגן אין דער אַרבעט עטלעכע יינגערע כעוורע. ווי נאָר מע געפינט א שטיקל פרײַע צײַט, אזוי זיצט מען אין קלוב ביז אין דער טיפער נאַכט און מע שפּילט, מע לערנט לייענען נאָטן, מע האַלט אין איין רעפּעטירן, און עס גייט א גאַנג!

די שענסטע מאַרשן, די בעסטע אוווערטיורעס פון די אָפּערעטעס און אָפּערעס, פאַרשיידענערליי פרײלעכסן און וויוואַטן, מאַזורקעס און שטיקלעך פון אַלטע כאַסענעס און קאַלע־באַזעצנס — אַלץ גייט אין קאָן! אַלץ גייט אַרײַן אינעם רעפּערטואַר פון דער קאַפּעליע.

געשפּילט האָט מען אין קלוב און אין זומער־אָוונטן, אָפּ קאָנצערטן און אָפּ מיטינגען און כאַ־סענעס, אויך אָפּ לעוויײַעס איז אויסגעקומען צו שפּילן. אָט אזוי צוביסלעך און ניט געכאַפּט האָט די קאַפּעליע זיך ווידער דעראָבערט דעם אַמאָליקן שעם.

מע האָט אָנגעהויבן אײַנלאַדן די קלעזמער אין די נאָענטע שטעטלעך און דערפֿער שפּילן אױף כאַסענעס אין מאַלציַיטן, אױף אָוונטן פֿון זעלבסטטעטיקייַט.

און דאָ האָט די נאַטשאַלסטווע פֿונעם אַרטעל אויפֿגעהויבן א גוואַלד: סטײַטש, מע קאָן דאָך ניט אָפּלאָזן אַלעמאָל פֿון דער אַרבעט די קלעזמער. קימאַט אַלע אַרבעטן זיי אין אַרטעל. מע קאָן דאָך ניט זײַן מיט איין, ווי הייסט עס דאָרט, אױף צוויי יאַרידים! אָדער זיי זאָלן אַרבעטן אין אַרטעל, אָדער שפּילן. איינס פֿון די צוויי! ס'איז פֿאַראַן א בודזשעט!...

נאָר די מערהייַט קלעזמער האָבן זיך אײַנגעאַקשנט, אַז מע וועט דערווײַל די אַרבעט אין אַרטעל ניט וואַרפֿן. זיי דאַרפֿן ניט, זאָגן זיי, דעם בודזשעט, די דאָטאַציעס, זיי שפּילן כאָלילע ניט פֿאַרן בודזשעט, ניט פֿאַר די דאָטאַציעס, נאָר צוליבן פֿאַרגעניגן פֿון דעם באַפּאָליער עולם. זיי זײַנען ניט קיין אַרטיסטן, וואָס טוען אָן די באַבאַטשקעס מיט די ציליִנדערס און מע פּראָוועט אױף דער בינע קאָמעדיעס. זיי האָבן אינסטרומענטן, און ווען מע בעט זיי, מע לאַדט זיי אײַן, שפּילן זיי, און ווילן פֿון קיינעם ניט זײַן אָפּהענגיק. נישקאָשע, מע קאָן שוין גאַנץ פֿײַן פֿאַרדינען אין אַרטעל, צוליב וואָס זשע דאַרפֿן זיי די דאָטאַציעס מיט די בודזשעטן?...

וואָס זשע, איר קענט דען ניט די באַפּאָליער קלעזמער? זיי, אַז זיי אַקשענען זיך אײַן, איז דאָך ניט שײַער!

געשען איז דאָס דעם ערשטן מײַ. יאָמטעוו.

פֿון גאַנצפֿרי אָן איז באַפּאָליע — קליין און גרויס, יונג און אַלט — אַרויס יאָמטעוודיק־פֿאַרפּוצטע אױף די געסלעך, ריכטיקער געזאָגט, אױפֿן גרעסמען פּלאַץ, לעבן קלוב. ווער האָט דען געקענט אײַנזיצן אין די שטיבער, אַז די קלעזמער האָבן ניט אויפֿגעהערט שפּילן אױף וואָס די וועלט שטייט?

אינמיטן פּלאַץ, אױף דער טריבונע, וואָס איז געווען באַצירט מיט רויטע טראַנספּאַראַנטן און פֿלאַקאַטן, איז געשטאַנען די שטעטלשע נאַטשאַלסטווע, און אין סאַמע פֿון פֿאָרנט, פֿאַר דער טריבונע, זײַנען געשטאַנען אונטער די רויטע פֿאָנען די קאָלאָנעס. נאָך דעם, ווי מע האָט אָפּגעהאַלטן די רעדעס, האָט די קאַפּעלע אָן אַרבעט געטאָן אױף אַלע קיילים א מאַרש, און איין קאָלאָנע נאָך דער אַנדערער האָבן זיך געלאָזט מיט די טראַנספּאַראַנטן און פֿלאַקאַטן מאַרשירן פֿאַר דער טריבונע. אין אויבנאָן זײַנען געגאַנגען די האָרעפּאַשניקעס פֿונעם אַרטעל, פֿונעם קאָמבינאַט, הייסט עס, דערנאָך זײַנען געגאַנגען די קליינע קאָלאָנעס פֿון די אַנדערע באַפּאָליער אונטערנעמונגען, אַנשטאַלטן, קינדער פֿון דער שול און פֿונעם קינדערהיים, קוסטאַרן, וועלכע זײַנען נאָך ניט אַרײַן אין קאָמבינאַט. די מוזיק האָט אָן אויפֿהער געשפּילט, די קאָלאָנעס האָבן געזונגען, קינדער האָבן געטאַנצט, געפּאָכעט מיט די בוקעטלעך קווייטן. מע קאָן ניט זאָגן, אַז דאָס איז געווען אַזא דעמאָנסטראַציע, ווי אין די גרויסע שטעט, נאָר נישקאָשע! אין באַפּאָליע האָט מען זיך שוין אויסגעלערנט פּראָווען יאָמטויווים, און עס איז געווען גאַנץ לעבעדיק און פֿרייַלעך!

די דעמאָנסטראַציע האָט ניט לאַנג געדויערט, און דער יאָמטעוודיק־פֿאַרפּוצטער עולם איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען אהיים, מע האָט זיך געדאַרפֿט אויסרוען די ביינער, ווײַל גראַדע אױף דעם טאָג זײַנען אויסגעפֿאַלן אימענינעס בא א סאַך באַפּאָליער לײַט, מאַלציַיטן, קנאַסמאָלס און אַפֿילע כאַסענעס.

די היץ איז געווען גרויס, און נאָך דעם, ווי מע האָט אָפּגעפּראָוועט די פֿײַנע אָנבײַסנס, האָט מען זיך צוגעלייגט אָפּרוען, זיך אויסשלאָפֿן, ווײַל שפּעטער, ווען עס וועט טונקל ווערן, וועט דער



יאַמטעוו פֿאַרגעזעצט ווערן — שוין פֿון אַ שטיק צײַט האָבן זיך געגרייט צום גרויסן קאָנצערט אין קלוב דער כאָר, דער דראַמקרײַז, די טענצער און אַקראָבאַטן, און דער אײלעם האָט זיך געגרייט גיין אין קלוב.

באַזונדערס האָט זיך צו דעם קאָנצערט געגרייט די קאַפּעלע קלעזמער, ווײַל וואָס איז דאָס פֿאַר אַ קאָנצערט אָן זיי? ווו וועט די קאַפּעלע נעמען קוויכעס, אַז עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד האָבן די קלעזמער רעפּעטירט, און הײַנט, ביז האַלבן טאָג, האָבן זיי אַפֿן פּלאַץ ניט אויפֿגעהערט שפּילן? עס דאַכט זיך נאָר אויס, אַז עס איז אַ גרינגע אַרבעט שפּילן אַפֿן פֿידל, אַפֿן באַס, טראָמבאָן, קלאַפּן אין פּויק. שוין נאָך דער דעמאָנסטראַציע האָט דער באַפֿאַליער אוילעם געזען, ווי פֿאַרמאַטערט ס'זײַנען די כעוורע.

עס איז שוין געווען גאַנץ שפּעט, ווען זאַלמען דער באָנדער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿונעם גע־שמאַקן שלאָף, אַ קוק געטאָן אַפֿן וואַנטזייגער, און עס איז אים געוואָרן פֿינצטער אין די אויגן! גוואַלד, מע ברענט!

מע פֿאַרשפּעטיקט צום קאָנצערט! מע פֿירט אונטער דעם אוילעם! און דערבײַ דאַרף מען זאָגן דעם ריינעם עמעס, אַז ווען מע איז געגאַנגען פֿון דער דעמאָנסטראַציע, האָט די קלעזמער אַרײַנגע־רופֿן צו זיך שוועל דער זיפּומאַכער, מעכאַבעד געווען זיי מיט אַ געשמאַקן וואַרמעס, דערבײַ נאָך מיט אַ פּאָר גלעזלעך מאַשקע, און די קלעזמער זײַנען פֿון שוועלס שטוב אַוועק אין אַ גאָר גוטער שטימונג, פֿײַן אונטערגעזונגען און אונטערגעפּויקט. וויבאַלד אַזוי, דאַרפֿט איר אַליין פֿאַרשטיין, אַז ווען די כעוורע זײַנען געקומען אַהיים און זיך אַוועקגעלייגט שלאָפֿן, האָבן זיי גאָר פֿאַרגעסן, ווו זיי האַלטן אין דער וועלט.

אָפּגעשוואונקט דאָס פֿאַרשלאָפֿענע פּאָנעם, אָפּגעגיך זיך אָנגעטאָן, האָט דער פּויקער געכאַפּט זײַן קליײַזײַען, זײַן פּויק, און אַרויס פֿון דער שטוב, ווי אַן אָפּגעבריטער, געגנומען וועקן די כעוורע. ניט אַזוי גיך האָט זיך אים אײַנגעגעבן זיי צונויפֿנעמען. נאָר אָט זײַנען זיי שוין געשטאַנען אײַנמיטן גאַס מיט זייערע אינסטרומענטן און געטראַכט, וואָס ווילן זיי אין קלוב זאָגן, אַז מע וועט זיי פֿרעגן, לעמײַ זיי האָבן אַזוי פֿאַרשפּעטיקט און פֿאַרוואָס זיי רײַסן אונטער דעם קאָנצערט?

זיי האָבן זיך פּאַוואָליע געלאָזט גיין אין קלוב, אַפֿן קאָנצערט. נאָר מע איז נאָך געווען ווי פֿריטשמעליעט פֿונעם שלאָף און די פֿיס האָבן זיי קוים געטראָגן.

פֿונעם קלוב האָט זיך געהערט אַ הילכיק געזאַנג. אין די שטיבער איז געווען פֿול מיט שײַן. דאָ האָט מען עפּעס געפּראַוועט. און דאָרט האָט זיך געהערט אַ זשום, זעט אויס, אויך עפּעס אַן אונטערהאַלט.

די קלעזמער האָבן אַרײַנגעקוקט אין איין פֿענצטער, אין אַ צווייטן. זאַלמען דער באָנדער האָט זיך געבייזערט:

— גאַזלאָנים, וואָס טראַכט איר זיך! מיר פֿאַרשפּעטיקן אַזוי אויך און איר שלעפּט זיך, ווי אַ טשערעפּאַכע...

— נישקאָשע, כאַווער זאַלמען, דער יאַמטעוו וועט פֿון אונדז ניט אַנטלויפֿן. מע וועט דאָרט צוווארטן אַף אונדז...

— זיי האָבן דאָרט אַ גרויסע פּראָגראַם אין קלוב. זאָל דער כאָר זינגען, זאָלן די טענצער העפּען, דערנאָך ווילן מיר קומען...

— נאַרישע קעפּ! — האָט איבערגעשלאָגן זאַלמען. — מע וועט אונדז שוין דאָרט זידלען מיט די לעצטע ווערטער... גיכער שטעלט פֿיס!

די קלעזמער האָבן פֿאַרקערעוועט צו דער גאַס פֿאַריזשער קאָמונע. לויפֿט אַרויס פֿון אַ זײַטיקער שטוב אַן עלטערע יאַמטעוודיק־פֿאַרפּוצטע ייִדענע, זי כאַפּט אָן זאַלמענען פֿאַרן אַרבל און הייבט אים אָן שלעפּן מיט אַלע קויכעס צו זיך אין שטוב:

— לייקע, וואָס שלעפּט איר מיך? איך האָב באַ אײַך עפּשער עפּעס געגאַנוועט? — רופֿט זיך אָן דער פּויקער. — וואָס שלעפּט איר מיך אַזוי? עפּשער בין איך אײַך עפּעס שולדיק?

— אוי, זאַלמען־לעבן! — שרײַט זי אויס און לאָזט אים ניט אָפּ. — איין גאָט האָט אײַך געשיקט אַהער. איך האָב צו אײַך אַ גרויסע באַקאָשע. איר זײַט שוין באַ מײַן שטוב מיט אײַער גאָלדענער בראַנזשע קלעזמער, טאָ זײַט אַזוי גוט און קומט אַרײַן און שפּילט אונדז אָפּ אַ פּאָר זאַכן — אַ פֿריי־לעכס און אַ ווײַוואַט... מײַן טעכטערל איז צו מיר אַראָפּגעקומען פֿון אָדעס, זי לערנט אין טעכניקום, אַף דרײַ טעג אײַנגאַנצן איז זי געקומען און גראַדע הײַנט איז אויסגעפֿאַלן אירע אימענינעס... אירע פּאָדרוגעס זיצן דאָרט, איז שפּילט אַף כאָטש איין שער, איין פֿריילעכס. איר וועט האָבן אוילעמהאַבאַ... איך בעט אײַך, טוט מיר אַ טויווע! פֿונקט הײַנט איז באַ זיי דער גראַמאָפֿאָן קאַליע געוואָרן און זיי ווילן גיין אַ טענצל, דאָס האַרץ גייט זיי שיר ניט אויס... איין פֿריילעכס שפּילט זיי אויס!

— לייקע טײַערע, הארצעניו, וואָס רעדט איר? איר זײַט באַם זינען? — האָט זאַלמען זיך גע־פּרוווט אַרויסרײַסן פֿון אירע הענט. — אין קלוב וואַרט אַף אונדז דער אוילעם. מיר האָבן שוין אַזוי אויך פֿאַרשפּעטיקט. מיר וועלן אַרײַנכאַפּן אַזאַ פּעטשאַטעק...

נאָר וואָס מיר אוילעם, ווער מיר אוילעם, וואָס מיר קלוב, קאָנצערט — לייקע האָט אַ כאַפּ געטאָן באַ זאַלמענען פֿון די הענט די טאַצן מיט די שטעקלעך פֿאַר אַ מאַשקן און געמאַלדן, אַז זי וועט זיי ניט אומקערן, קאַלזמאַן מע גייט ניט אַרײַן צו איר אַפּשפּילן אַ פּאָר זאַכן...

— וואָס איז אַזוי? — האָט זי זיך צעשריִען מיט גאַדלעס. — מײַן בענציע אַרבעט אויך באַ אײַך אין קאָמבינאַט און איז אַזאַ אַנגעלייגטער מענטש, ווי איר אַלע, און מײַן טעכטערל, אַזאַ יאָר אַף מיר, סאַראַ גאָלד דאָס איז, קומט צו מיר פֿון אַדעס איין מאָל אין אַ יוויוול, האָט זי ניט פֿאַר־דינט, איר זאָלט עפּעס באַ אונדז אַפּשפּילן? דער קלוב מיטן קאָנצערט וועלן צוּוואַרטן, נישקאָשע...

וויפֿל זאַלמען און די איבעריקע קלעזמער האָבן זי ניט אײַנגערעדט, אַז עס איז אויסגעשלאָסן, מע זאָל אַרײַן צו איר שפּילן, אַז מע אײַלט, אַז מע „ברענט" אַזוי אויך, האָט עס געהאָלפֿן, ווי אַ טויטן באַנקעס. לייקע גיט ניט אָפּ די טאַצן, און פֿאַרטיק די פּיש!

און וואָס מיינט איר, לייקע איז אַרויס פֿון דעם געפּעכט די זיגערן.

זי האָט די קלעזמער טאַקע אַרײַנגעשלעפּט מיט גוואַלד צו זיך אין שטוב און געצוווּנגען אָפּ־שפּילן עטלעכע טענץ. אַן אַנדער ברירע האָבן זיי געהאַט?

אָפּגעשפּילט, האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צום אַרויסגאַנג, נאָר אַ נעכטיקער טאָג! לייקעס טעכ־טערל, אַ צעשײַנטע, אַ ביינעוודיקע, האָט פֿאַרמאַכט די טיר און געמאָלדן, אַז ס'איז ניט שיין אַזוי. אָפּגעשפּילט און מע אַנטלויפֿט, ווי פֿון אַ כּרייפֿע. זי וועט זיי ניט אָפּלאָזן, ביז זיי וועלן זיך ניט צו־זעצן צום טיש פֿאַרזוכן פֿון די געשמאַקע מײַכאָלים, וואָס די מאַמע האָט צוגעגרייט, אויסטרינקען צו קאָפּעלעך פֿאַר איר געזונט. און די טאַכטערקע, האָט זיך אויסגעלאָזט, איז ניט קיין קלענערע אַקשנטע, ווי איר מאַמע און מע האָט געמוזט דעם מיידל צוליב טאָן.

אַרויסגעגאַנגען פֿון דער גאַסטפֿרײַנטלעכער שטוב, האָבן די קלעזמער באַמערקט, אַז עס ווערט עפּעס שווערער זיך באַוועגן און אַז די אינסטרומענטן זײַנען, דאַכט זיך, אויך געוואָרן שווערער צו טראָגן.

נאָר מע דאַרף אײַלן אַפֿן קאָנצערט אין קלוב אַרײַן!

גייט מען ווײַטער, מע פּלאָפּלט, מע לאַכט, מע כאָכמעט זיך.

אַזויוויי מע קומט צו צום צווייטן ראָג, דערהערט זיך פֿון אַ צעעפֿנטן פֿענצטער אַ געזאַנג, אַ ראַש, פּונקט ווי אַף אַ כאַסענע. הייבן אָן די קלעזמער זיך שפּאַרן — וואָס קומט דאָרטן פֿאָר. אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט, די שפּאַרעניש איז, זעט אויס, דערגאַנגען אַהין, אין דער אופֿגעלעבטער שטוב, און עס לויפֿט אַרויס, ווי אָן אָפּגעבריטער, דער שמיד נעכעמיע. דערזען די קלעזמער, האָט ער זיך דער־פֿרייט, ווי מע דערפֿרייט זיך איבער אָן אייגענעם טאַטן.

— קינדערלעך, אַ געזונט אין אײַך! איין גאָט האָט אײַך אַראָפּגעשיקט צו מיר, מיר פּראַווען מיט מײַן ראָזען די זילבערנע כאַסענע און מיר האָבן פֿאַרבעטן געסט, ווײַל איך, אַז איר זאָלט מיר טאָן אַ טויווע און זיך אַרײַנכאַפּן אַף עטלעכע מינוט עפּעס אַפּשפּילן...

— וואָס רעדסטו, נעכעמיעו! — האָבן זיך אָפּגעקערט פֿון אים די כעווריע, — מיר פֿאַרשפּעטיקן אין קלוב אַפֿן קאָנצערט. מיר ברענען!..

— ברענען זאָלן מײַנע סאָנים! — זאָגט נעכעמיע. — וואָס זשע, עס קאָסט אײַך טײַער אָפּשפּילן אַ פּאָר שטיקלעך? מיר זײַנען דאָך אַלטע גוטע־ברידער. איר וועט קומען אין מײַן קוזניע...

פֿרעגט זיך טאַקע, ווי זאָגט מען אָף אַזאַ טײַערן מענטשן, ווי נעכעמיע? זי, לייקע, האָט זיי אַרײַנגעשלעפּט מיט גוואַלד, אויסגעכאַפּט די טאַצן, נאָר ער בעט זיך און מע איז שוין באַ דער שטוב... קען מען דאָך ניט זײַן קיין כאַזער.

מע האָט פֿאַרקערעוועט צו דעם גוטן־ברודער.

און דאָרטן, אין קלוב, צענעמט מען שיר ניט דעם זאַל. אַ רועך אין זייער טאַטן, ווו זײַנען די קלעזמער? מע רײַסט דאָך אַרונטער דעם גאַנצן פּלאַן! מע וויל טאַנצן, און כאָטש שרײַ גוואַלד! נישטאָ די מוזיק! דער פֿאַרטרעגער האָט שוין לאַנג געענדיקט זײַן ספּיטש, דער כאָר האָט שוין אויס־געשעפּט, ווו נאָר ער האָט ערגעץ פֿאַרמאָגט אַ ליד, די קונצנמאַכער, אַקראָבאַטן האָבן שוין אײַנגע־שלונגען אַלע זייערע שפּיזן, איבערגעוואָרפֿן אַלע בענקלעך און טישלעך, די רעציטאַטאָרס, די שילער, האָבן שוין איבערגעלייענט זייערע געדיכטן, נאָר ווו זײַנען די קלעזמער, דער ניט־גוטער זאָל זיי ניט נעמען! מע האָט שוין נאָך זיי אַוועקגעשיקט עטלעכע מענטשן, נאָר יענע האָבן זיך אומגעקערט, צעפּירט מיט די הענט: מע ווייסט ניט, ווו זיי זײַנען אַהינגעקומען! אויסגערונען געוואָרן! ווי אין וואַסער אַרײַן. מע הערט ניט און מע זעט ניט!

דער פֿאַרוואַלטער פֿונעם קלוב גייט אַרום, ווי אַ דולער פֿון קאַס און פֿאַרדראָס. ער האָט שוין אויסגעריסן אַף זײַן פּליך די לעצטע עטלעכע האָר, וואָס האָבן זיך נאָך דאָרטן, אַף זײַן קאָפּ, פֿאַר־

וואלגערט. ער וועט די קלעזמערוקעס דוירעס זײַן! ער וועט מאָרגן גיין צום דירעקטאָר פון קאָמבינאַט און זיי צושטעלן א בענקעלע, זיי וועלן ארײַנכאַפּן, די גאַזלאָנים. וואָס הייסט עס? ווו איז בא זיי סאָוועסט, מענטשלעכקײַט?

נאָר, נישקאָשע, ניט געפערלעך, ניט געזאָרגט. די קאַפּעליע איז א קאַפּעליע! אַט האָבן זיי שוין אָפּגעשפּילט א ביסל בא נעכעמיען דעם שמיד און מע גייט שוין אין קלוב ארײַן. איצט מעג מען זיי קוילען, וועלן זיי שוין מער אין ערגעץ ניט פארקערעווען. עס איז דאָך א מײַסע אָן א סאָף, אין קלוב וואַרט מען אָף זיי!

די קלעזמער האָבן זיך אונטערגעגאַרטלט און זיך געלאָזט גיין גיכער.

מע איז שוין געווען ניט ווײַט פונעם קלוב, אָט איז מען שוין באַם ציל, נאָר פון דעם צווייטשטאָקיקן זקיינים־הויז, ווו עס לעבן עטלעכע צענדליק אַלטע, בעקאַוועדיקע לײַט פון באַפּאַליע, דערטראָגט זיך א געזאַנג. די אַלטע גוואַרדיע זיצט ארום א געדעקטן טיש און מע זינגט. פאר זיי איז דאָך הײַנט אזא גרויסער יאָמטעוו, וואָס זשע, קענען זיי זיך ניט פארגינען?

אז מע פאָרט קיין סעוואַסטאָפּאָל,
איז ניט ווײַט פון סימפעראָפּאָל —
דאָרטן איז א סטאַנציע פאראַן.
ווער דאַרף זוכן נײַע גליקן,
ס'איז א סטאַנציע אַן אנטיקל,
אין דזשאַנקאָיע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן!
ענטפערט, יידן, אָף מײַן קאַשע,
ווו ז'מײַן ברודער, ווו ז'אבראַשע?
גייט בא אים א טראַקטאָר, ווי א באַן!
די מומע לײַע בא דער קאָסילקע,
ביילע בא דער מאָלאָטילקע,
אין דזשאַנקאָיע, דזשאַן, דזשאַן, דזשאַן!

די דאָזיקע ליד האָט דעם פויקער געוומען בא דער נעשאָמע. די ליד איז אים שטאַרק געוועלן געפעלן, האָט ער שטילערהייט געוומען אונטערפויקן און בעשאַסמײַסע אונטערגעזונגען אָף א קאָל און דערמיט האָט ער קאַליע געמאַכט דעם גאַנצן איניען.

גראַדע אין דער מינוט האָט זיך דאָרטן געפונען דער שעף, שויעל דער זיפּנמאכער. וויאַזוי קומט אין זקיינים־הויז שויעל דער זיפּנמאכער, וואָס זשע, ער איז דען, כאַלילע, אַן עלטערער מענטש? גאָט באהיט! דער קאָמבינאַט האָט געוומען שעפּטום איבער דעם זקיינים־הויז, און שויעל איז פּאָרזיצער פון דער שעפּטום־קאָמיסיע. דאָס האָט ער הײַנט געבראַכט מאַטאָנעס די אײַנוווינער פונעם זקיינים־הויז... דערהערט ווי מע זינגט אין דרויסן, איז ער ארויסגעלאָפן א קוק טאָן, ווער זינגט עס דאָרט און ווער פויקט עס אָפּן פויק? דערזען די קלעזמער, האָט ער זיך צעשײַנט, ווי דער מאָרגנשטערן.

— אוי, כעוורע קלעזמערוקעס, א געזונט אין אײַערע ביינער! — האָט אויסגעשריִען שויעל דער זיפּנמאכער. — איר זײַט שוין בא דער שטוב, טאָ זײַט זיך מאַטריעך און קומט ארײַן, שפּילט פאר אונדזערע זקיינים. זאָלן זיי אויך געניסן פונעם הײַנטיקן יאָמטעוו... מיר וועט איר, מײַן איך, ניט אָפּזאָגן. איך וועל אײַך לאַנג ניט פארהאַלטן. איך ווייס, אז איר אײַלט.

ווּעמען־ווּעמען, נאָר שויעלן קאָן מען דאָך אוודע ניט אָפּזאָגן. אזא טײַערער און בעקאַוועדיקער מענטש אין באַפּאַליע! און טאַקע, פארוואָס זאָלן די זקיינים ניט הערן א ביסל מוזיק, מיט וואָס זײַנען זיי ערגער פון אַלע?

דאָ, עמעס, אינעם זקיינים־הויז, האָבן די קלעזמער געמאַכט דעם איניען קירצער, אָפּגעשפּילט, און אוועק ווײַטער. נאָר לעבן זקיינים־הויז האָבן זיך פון א שטוב ווידער דערטראָגן פריילעכע געזאַנגען. מע זאָל פון דאָרטן ניט ארויסלויפן, האָבן די קלעזמער זיך אריבערגעכאַפּט אָף דער צווייטער זײַט טראָטואַר, נאָר אויך דאָ האָט זיך פון א הילצערן שטיבל געטראָגן א געפילדער, ניט אנדערש, ווי אויך דאָ פראַוועט מען עפּעס און מע קען פון דאָרטן אויך ארויסלויפן. די קלעזמער זײַנען שוין געגאַנגען שטילערהייט, מורע האָבנדיק, מע זאָל זיי ניט דערהערן און שלעפּן צו זיך שפּילן. ניט אנדערש, ווי גאַנץ באַפּאַליע הוליעט הײַנט! וואָס זשע, קענען זיך דען די קלעזמער צערײַסן אָף שטיקער?!

נאָסן דער באַס האָט זיך געבײַזערט שטאַרקער פון אַלעמען. מײַלע, יענע גייען מיטן פידל, מיט דער פלייט, נאָר אים קומט דאָך אויס שלעפּן אָף זיך דעם באַס, וואָס וועגט קימאַט א פוד! זאָל מען פון אים, פון נאָסענען, שנײַדן שטיקער, גייט ער הײַנט מער ניט איבער די הײַזער!

— שאַ, טומלט ניט! מער גייען מיר אין ערגעץ ניט! — האָט זיך אָנגערופֿן דער פּויקער. — איצט גייען מיר גלײַך אין קלוב אויפֿן קאָנצערט...

נאָר וואָס מיר קלוב און וואָס מיר קאָנצערט, אַז מע איז שוין אַרײַנגעפֿאָרן אין דער שפּעטער נאַכט. אויפֿן שטעטלשן פּלאַץ האָט שוין דער הויכרייִדער אָפּגעשפּילט דעם „אינטערנאַציאָנאַל" און שטיל געבליבן. אויס. האַלבע נאַכט איבער דער גאַנצער מדינה.

נאָר באַפּאָליע איז נאָך אַלץ ניט געשלאָפֿן. אין די שטיבער האָט נאָך געברענט די שײַן, און מע האָט נאָך געזונגען, געטאַנצט, זיך געפֿרייט.

צוקומענדיק צו דער ניט לאַנג אויסגעבויטער געבײַדע פֿון דער שול, האָבן די קלעזמער דערזען, אַז אַלע פֿענצטער זײַנען באַלויכטן. צוליב דעם יאָמטעוו האָבן די קינדער פֿון די עלטערע קלאַסן באַשטימט פֿאַרברענגען לענגער, ווי געוויינלעך.

באַם אַרײַנגאַנג האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָסן דער באַס, אַ ווײַלע זיך אײַנגעהערט אינעם ראַש און זיך אָנגערופֿן:

— הערט מיך נאָר אויס, מײַנע טײַערע ברידער, ווו האָבן מיר הײַנט ניט געשפּילט? דאַכט זיך, אומעטום. טאָ פֿאַרוואָס זשע, זאָגט מיר, קענען מיר זיך ניט אַרײַנכאַפּן אויף אַ פּערטל שעה אין שול? דאָ לערנען זיך דאָך אונדזערע אייגענע קינדער! וואָס זאָגט איר, כעוורע, איך בין אומגערעכט? אײַ עס איז שוין, וועט איר זאָגן, שפּעט? אַלציינס פֿאַרשפּעטיקן מיר שוין אויפֿן קאָנצערט, וועט מען אין קלוב צוּוואַרטן נאָך אַ פּערטל שעה... מיר האָבן אויף זיי לענגער געוואַרט!..

דעם פֿאָרשלאָג האָט מען אויפֿגענומען אָן איבעריקער פֿרייד, נאָר פֿונדעסטוועגן איז מען אַרײַן אין שול אויף עטלעכע מינוט. אַפֿגיך אָפּגעשפּילט, און די קינדער האָבן שוין געטאַנצט, זיי וואָלטן נאָך אונטער אַזאַ טײַערער מוזיק געקענט טאַנצן ביז טאָג, נאָר די קלעזמער האָבן סאַפּקאַלסאַף זיך אַרויסגעריסן פֿונעם טומל און אַוועק אין קלוב. אויס, גענוג! מע דאַרף האָבן גאָט אין האַרצן און גיין אין קלוב שפּילן.

קוים מיט צרות האָבן זיך די קלעזמער דערקליבן צו דעם קלוב, נאָר באַם אַרײַנגאַנג געבליבן שטיין, די שײַן איז שוין געווען אויסגעלאָשן, און אין קלוב האָבן די קלעזמער געטראָפֿן בלויז צוויי פּאַרשוין — דעם פֿאַרוואַלטער און דעם סטאָראָזש. ביידע זײַנען זיי געשטאַנען בייזע, ווי די לייבן, און געקוקט אויף די פֿאַרמאַטערטע קלעזמער, וועלכע האָבן מיט אומעט געקוקט אויפֿן פּוסטן זאַל. יענע האָבן געשוויגן און די האָבן געשוויגן. ווי אַזוי האָט מען זיך געקאָנט פֿאַרענטפֿערן?

זאַלמען באָנדער האָט זיך איבערגעקוקט מיט זײַנע קאָלעגן, קוים אײַנהאַלטנדיק דאָס געלעכטערל, און אַ ווונק געטאָן צו די כעוורע, ווי עס זאָל גאָרנישט ניט פּאַסירן. ער האָט אויפֿגעהויבן דעם פּויק און זיך געלאָזט צו דער בינע, און די קלעזמער נאָך אים.

דער פֿאַרוואַלטער האָט אויף די קלעזמער געקוקט, ווי אויף משוגעים, זיך געוואָלט אַרופֿוואַרפֿן אויף זיי, אויסזידלען און אַרויסטרײַבן פֿונעם זאַל, נאָר ער האָט נאָך ניט באַוויזן עפֿענען דאָס מויל, ווי דער פּויקער האָט אים באַפֿוילן עפֿענען די שײַן און דעם סטאָראָזש האָט ער באַפֿוילן צעפּראַלן אַלע פֿענצטער.

דערווײַל האָט זאַלמען אַ קלאַפּ געטאָן אינעם פּויק, דערנאָך מיט די טאַצן, דאָס הייסט, געגעבן די כעוורע דעם טאָן, און אַלע האָבן אַ האַק געטאָן אַ „שער", אַז די ווענט האָבן אַ ציטער געטאָן.

אַ „שער" האָט אַ פֿלייץ געטאָן פֿון די צעעפֿנטע פֿענצטער און זיך צעטראָגן איבער די נאָענטע געסלעך.

— היי, פּאַרטאַטשעס, איר זײַט משוגע צי כאָסערדייע? — האָט זיך צעשריגן דער פֿאַרוואַלטער. — פֿאַר וועמען שפּילט איר עס, פֿאַר דעם פּוסטן זאַל? ווו זײַט איר געווען, ווען אַלע האָבן אײַך געזוכט? איצט דאַרף מען אײַך מיט אײַער מוזיק, ווי אַ לאָך אין קאָפּ. הערט אויף, מאַמזיירים, זאָג איך אײַך, פֿאַר וועמען שפּילט איר?

— נאַטשאַלניק, באַרויִקט זיך! — האָט אַרײַנגעשטעלט דער באַס. — עפּשער שפּילן מיר ניט, נאָר מיר רעפּעטירן? זעצט זיך צו און באַרויִקט זיך...

נאָר דער פֿאַרוואַלטער האָט זיך נאָך שטאַרקער געהיצט, געגוואַלדעוועט, לעמײַ די גאַזלאָנים האָבן פֿאַרגעסן אין דער דיסציפּלין, ער האָט זיי געסטראַשעט, אַז מאָרגן לויפֿט ער אַוועק אין יִישעווראַט, צום פֿאַרוואַלטער פֿון קאָמבינאַט און וועט זיי, די קלעזמער, מאַכן צו בלאָטע גלײַך, מע וועט זיי אַלעמען צעטרײַבן צו אַלדי רוכעס!

דאָ האָט שוין ניט אויסגעהאַלטן זאַלמען באָנדער. ער האָט אַ דונער געטאָן מיט קאַס אין פּויק אַרײַן און אויפֿגעשפּרונגען פֿונעם אָרט:

— יונגערמאַן, וואָס האָט איר זיך אַזוי צעטומלט? וואָס פֿאַרקלאַפּט איר דעם קאָפּ? וואָסי, מיר לעבן פֿון אײַך? וואָס שרעקט איר די געגנדז אויפֿן בוידעם? און וואָס האָט איר אויפֿגעהויבן אַזאַ מין פּאַניקע? וואָס מיינט איר, מיר האָבן זיך געשפּילט אין באַהעלטערלעך, מיר זײַנען געשלאָפֿן? וואָס

זײַנען מיר שולדיק, אז גאַנץ באַפּאָליע האָט היינט געפּראַוועט סימכעס, א גאַנץ שטעטל פרייט זיך, איז דאָך גוט, וואָס מיר האָבן אונטערגעהאַלטן... איז טשעפּעט זיך אָפּ פון אונדז!

און, א ווונק געטאָן צום וועכטער, האָט ער צוגעגעבן:

— און דו, פינכעס, זײַ אַזוי גוט און זעץ זיך צו אָף יענער באַנק און הער מיט קאָפּ אונדזער רעפּעטיציע. טאָמער ווערסטו אונדז כאַפּן בא א פאַלשער נאָטע, זאָלסטו אונדז אָפּשטעלן, ווײַל זײַ וויסן, אז נעכטן האָבן מיר באַקומען אַן אײַנלאַדונג פאָרן אין געגנט אָף א מוזיקאַלער אָלימפּיאַדע, און מיר ווילן באַקומען די צווייטע פּרעמיע, אויב ניט די ערשטע... פאַרשטייסט?..

— יאָ, געוויס! — האָט זיך צעלאַכט דער פּאַראוואָלטער. — פּאַר אײַער שײנער דיסציפּלין קומט אײַך די ערשטע פּרעמיע. מע דאַרף אײַך שיקן ניט וואָס אין געגנט, נאָר קיין פּאַריזש!..

— און וווּהין, יונגערמאַן, דאַרף מען אײַך שיקן? — האָט א וואָרף געטאָן דער באַס. — בעסער וואָלט איר געשוויגן...

די קאַפּעליע האָט ווידער א שפּיל געטאָן. דאָס מאָל א „פריילעכס". דער פּאַראוואָלטער האָט ניט אויסגעהאַלטן און א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אײנער רעדט: „נו, מאַמזיירים, זיי שפּילן, אז ס'איז א מעכייע צו הערן!" און זײַן אָנגעבלאָזן פּאָנעם האָט צוביסלעך אָנגעהויבן שײַנען.

דער וועכטער האָט זיך אופגעהויבן פונעם אָרט, גענומען אונטערטאַנצן, צוגעגאַנגען צו זײַן שעף א שײַנענדיקער, ארופגעלייגט די האַנט אָף יענעמס אַקסל און מע איז צווישן די בענק אַוועקגעגאַנגען א טענצל.

דערזען, ווי דאָס פּאָרל טאַנצט, האָבן די קלעזמער שטאַרקער גענומען שפּילן און לאַכן. פון די נאָענטע שטיבער האָבן מענטשן זיך א לאָז געטאָן אין קלוב, ניט פאַרשטייענדיק, וואָס איז דאָרט געשען. וואָס שפּילן די קלעזמער, וואָס טאַנצן אַזוי דער פּאַראוואָלטער מיטן וועכטער?

מע האָט זיך ניט באַוויזן ארומקוקן, ווי דער זאַל איז אפּסנײַ פאַרפולט געוואָרן מיט מענטשן. מע האָט ווידער אָנגעצונדן די שײַן. ווער עס האָט פאַרנומען ערטער און ווער עס האָט גענומען טאַנצן. די קלעזמער זײַנען געוועזן זייער מיד, נאָר זעענדיק אַזויפיל שײַנענדיקע פּנעמער, יונג און אַלט, האָבן זיי געאַרבעט נאָך פלײַסיקער, מיט מער פײַער. דער אוילעם האָט גענומען צערוקן די בענק, מאַכן פּלאַץ, עס זאָל זײַן מער אָרט, און פון אַלע נאָענטע און ווײַטע געסלעך זײַנען געלאָפן אַהער מענטשן און זיך אויך געלאָזט אינעם קרײַז, אונטערווינקענדיק צו די קלעזמער, מע זאָל דערלאַנגען מער פײַער.

— זעט נאָר, סאַרא לעבעדיקע וועלט ס'איז געוואָרן, — האָט אויסגעשריִען דער פּיקער, קוקנדיק, ווי דער אײלעם טאַנצט און אין זאַל ווערט מיט יעדן מינוט אַלץ ענגער, — ווײַזט אויס, אז מע וועט אונדז היינט ניט אָפּלאָזן ביז טאָג... איז כעוורע, דערלאַנגט ארבעט, מער פײַער! שפּילט, אַלע אונדזערע סאָנים אפצולאָכעס!

קאַפּיטל זיבן

## באַפּאָליער כאַראַטײַעס

ווי־אַזוי דו זאָלסט דעם וואָלף ניט האָדעווען, ציט אים שטענדיק אין וואַלד אַרײַן, און עס איז דאָ א פּאַשעטער כייכל — א וואָלף בלײַבט א וואָלף. ווערסט אים פּעסטען און כאַוווען, ווערסט זיך מיט אים ניאַנטשען, ווי מיט א ציטעריק קינד, נאָר עס וועט דיר העלפן, ווי א טויטן באַנקעס. ווערסט נאָך דערבײַ האָבן א פּאָנעם פון כויזעק.

וואָס קאָנסטו מאַכן? א וואָלף בלײַבט א וואָלף!

אַזוי האָט זיך אוועקגעצויגן נאָך א שיינע פּאָר יאָר. באַפּאָליע איז געוואָרן שענער, גרינער, אפילו רײַכער, גענומען אָף זיך א נײַע הויט. דער אוילעם האָט אָנגעהויבן קוקן אָף דער וועלט מיט אַנדערע אויגן און אויך אַזוי, מיט גאָר אַנדערע אויגן, האָט די וועלט אָנגעהויבן קוקן אָף באַפּאָליע.

די מענטשן זײַנען עפּעס געוואָרן יינגער, פריילעכער, שענער. די געסלעך און טופּיקעס האָבן זיך ביסלעכווײַז גענומען פּוצן אין נײַע גאָרניטערס, מע האָט זיי אויסגעוואַשן און אויסגעצוואָגן, באַצירט מיט גרינס, און די יונגע ביימלעך האָבן זיך גענומען ציִען צו דער זון. דאָ און דאָרט זײַנען אויסגעוואַקסן נײַע הײַזער, די ארומיקע לופט איז געוואָרן פרישער, דורכזיכטיקער. מע האָט ביסלעכווײַז גענומען צעוואַלגערן די קרומע נאַכלעס, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אָף היינערשע פיסלעך, דער קאָמבינאַט האָט זיך פאַרברייטערט און אַרײַנגענומען אין זײַנע ווענט אַלץ מער קוסטאַרן, וועלכע

האָבן זיך געמאַטערט אין זייערע קעלערלעך. דער אוילעם האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז אויב עס וועט גיין אַזוי ווײַטער, וועט באַפּאָליע צוביסלעך ווערן שענער פון די אַרומיקע שטעטלעך.

פריִער מיט יאָרן האָט איר אינמיטן דער גאַס געקאָנט באַגעגענען בלאָטעס ביז איבער די קני, כאַזיירים פלעגן דאָרט טאָגן און נעכטיקן, זיך פּילן, ווי אין אַ גאַניידן. אַמאָליקע יאָרן, אַז אַ פרעמדער באַלעגאָלע אָדער אַ פויער פלעגט פאַרפאָרן אַהער ערעווּ פּייסעך, האָט איר געקאָנט זײַן באַוואָרנט, אַז זיי וועלן זיך אַרויסראַטשקעווען פון דאָרטן האַלעוויַ נאָך שוועס. מע האָט געמוזט, הייסט עס, אויסשפּאַנען די פערדלעך און איבערוואַרטן דאָ, ביז עס וועט טרוקן ווערן, און ערשט דעמאָלט וועט מען דאַרפן דינגען אַ פּאָר אָקסן, זיי זאָלן זיך מאַטריִער זײַן אַרויסשלעפּן די וואָגנס פון דער טריקנטער בלאָטע. אָן קיין טיפע קאַלאָשן האָט מען ניט געקאָנט אַרויסגיין פון דער צוגע־איז מען אין פרילינג און אין אָסיען געזעסן אין די שטיבער באַ טשאַדענדיקע קאַנעצלעך, אַכטער לעמפּלעך און געקנאַקט קערלעך, געשפּילט אין לאָטאָ, אָדער געכאַפּט אַ זעקס און זעכציק, אַן איין און צוואַנציק. מיידלעך און פרויען זײַנען געזעסן איבער די מולטערס און געפליקט פעדערן, אַרויס־געקוקט אויפן מאָרגנדיקן טאָג...

איצט דערמאָנט מען עס שוין מיט אַ געלעכטער: מע האָט אויסגעמאָסטעט די טראָטוואַרן מיט ציגל אָדער ברעטער. און איבער דעם „פּראָספּעקט", דאָס הייסט, איבער דער ברייטלעכער גאַס, וואָס טראָגט דעם נאָמען „פּאַריזשער קאָמונע" (פריִער האָט די גאַס געהייסן „דער באָרוועסער קרעשטשאַ־טיק"), קאָנען אַרומשפּאַצירן פּאָרלעך אָן קאַלאָשן... איר קאָנט באַגעגענען מאָדניצעס אויף הויכע אָפּ־האַלדזטוכן. אויף די גאַסן וועט איר שוין ווייניקער זען שאַלעכץ פון קערלעך. מע גייט אין קלוב אויף אַ קאָנצערט, אין קינאָ, זען אַ נײַעם פילם, זיצן אין לייענזאַל.

אַ פּאָר מאָל אין כוידעש כאַפּט זיך אַראָפּ אַ טעאַטער־בראַנזשע. עס האָבן זיך דאָ די לעצטע צײַט אויך באַוויזן גרויסשטאָטישע דיכטער, וועלכע זײַנען געקומען צו פאָרן אַזש פון כאַרקאָוו, קיִעוו, קעדיי איבערלייענען זייערע לידער און אויסהערן באַם באַפּאָליער אוילעם מעווינעס אויף זייערע גראַמען.

אויפן טײַך, דאָרט, וווּ עס שטעקן מוירעדיק־גרויסע פעלדזן און עס רוישט שטענדיק אַ וואַסער־פאַל, האָט מען אויסגעבויט אַן עלעקטראָסטאַנציע, עמעס, דערווײַל אַ קליינע, נאָר מע האָפט, אַז זי וועט זיך שפּעטער צעוואַקסן און געבן שײַן, ענערגיע ניט בלויז פאַר באַפּאָליע.

קאָן מען דען אַלץ איבערגעבן אויף פּאַפּיר, וואָס מע קלײַבט זיך דאָ אויסבויען און איבערבויען? עס איז דען צו באַשרײַבן כאָטש אַ צענטכיילעק פון דעם, ווי שנעל עס ענדערט באַפּאָליע איר פּאָנעם?

וועלן מיר טאַקע לאָזן דערווײַל צורו דאָס שטעטל און זיך נעמען דערציילן וועגן די מענטשן און, אין דער ערשטער ריי, וועגן איינעם אַ פּאַרשוין, וואָס האָט זיך פאַרניוועט אין אַ ווינקל, קוקט אַרויס פון דאָרט ווי אַ קראָט און האָט אַ מיִעסע טעווע בורטשען — דאָס שמעקט אים ניט און יענץ איז אים ניט געפעלן, אַזוי וואָלט ער ניט געטאָן און ווען מע לאָזט אים, וואָלט ער...

זייער אַ גראָטעסקער פּאַרשויִן! ער האָט געוואָלט טאַנצן אויף צוויי כאַסענעס, אַ פּאַרשוין, וועלכן עס איז דאָ בעסער אַמאָל געווען צום האַרצן די בלאָטע, די קאַליוזשעס, איידער די לאַמטערנס, די בולוואַרן און סעדלעך.

נעמלעך — צאַליע באָק...

פאַרוואָס, וועט איר פרעגן, גראַדע צאַליע באָק?

צאַליע האָבן אים טאַטע־מאַמע אַ נאָמען געגעבן, נאָך דעם לויִעווער רעבן, אָדער צאַדיק. פאַר־וואָס זשע קומט אים נאָך דערצו — באָק? וואָס באַטײַט עס אויף מאַמע־לאָשן? איז עס אַזאַ צונעמעניש, אַ שטעכווערטל? ניין! לויט דער מעטריקע איז ער צאַליע באָקמאַנשטיין, אָבער אַזיווי ניט יעדער באַפּאָליער אײַנוווינער איז מעכויִעוו טראָגן אויף די פּלייצעס אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער און פאַרגעדענקען אַזאַ לאַנגע פאַמיליע, רופט מען אים דאָ פּאָשעט: צאַליע באָק...

אי גרינגער, אי קירצער.

צוריק מיט יאָרן איז דער פּאַרשוין געווען אין באַפּאָליע אַ שטיקל ראָוו. דערנאָך איז ער גע־וואָרן אַ „בעזראָבאָטנער" ראָוו, אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און געסלעך און געציילט די שטערן אין הימל און דערצו נאָך געווען דער היגער „זעמליִעמער" — געמאָסטן די גאַסן. אַ ראָוו איז ער געווען, ווען אין שטעטל איז מען ניט זשעדנע געווען אויף קיין צאָרעס, דעמאָלט איז מען געגאַנגען צו דעם פּאַרשוין פּאַסקענען אַ שײַלע, זיך האַלטן אָן אייצע, און יענער האָט געטרייסט אַלעמען, צוגעזאָגט יענע־וועלט, אוילעמהאַבע!

מע מוז פריִער פון אַלץ וויסן, אַז אַ שטעטל האָט אַמאָל געמעגט ניט זײַן, נאָר אַ ראָוו — אומבאַדינגט! אַ שטעטל אָן אַ ראָוו איז געווען ערגער, ווי אַ ראָוו אָן אַ שטעטל!

איז ער זיך געזעסן אין זײַן הילצערן שטיבל אויפן צווייטן שטאָק, ווי אַ קייסער אויפן טראָן און מענטשן זײַנען צו אים געגאַנגען אָפּ און אויף. ער איז געווען, זאָגן מענטשן, אַ „מנאַגאָסטאַנאָטשניק" —

אַלץ האָט ער געקענט! פּאַסקענען אַ שיילע, אָפּשפּרעכן אַ גוט־אויג, שרייבן תּנאָים, אָפּגעטן אַ פּאַר־פאַלק, געשריבן אַף יענער־וועלט דעם אייבערשטן „פּראָשעניעס", קוויטלעך צו נאָכמען בראַסלאַווער, און וואָס האָט ער ניט געטאָן, צאַליע באַק?! נאָר דער איקער איז בא אים געווען געלט. אַבי מעזו־מאָנים, האָט ער אַלץ געטאָן פאַר דעם באַפּאַליער אוילעם...

נאָר אָט זיינען געקומען נייע צייטן. דער אוילעם האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך דערוויטערן פון דעם אייבערשטן, פון דער קלויז און פון גאָטס סטראַפּטשעס, פון דער רעליגיע. מע האָט אַף אַ סאַך זאַכן אָנגעהויבן קוקן מיט גאָר אַנדערע אויגן. באַפּאַליע האָט אָנגעהויבן אָראָפּוואַרפן פון זיך דעם אַלטן שימל, געגומען רייניקן די באַלעבאַטישקייט. אַ סאַך מענטשן האָבן געאַרבעט אין אַרטעל, באַזוכט דעם קלוב, געגאַנגען אין קינאָ און אַף פאַרזאַמלונגען, זיך פאַרשריבן אין די קרייזלעך פון „בעזבאָזשניקעס", זיך גענומען לערנען און שרייבן, און צוביסלעך געקומען צום געדאַנק, אַז די רעליגיע שטערט זיי אין דער אַרבעט און מע דאַרף זיין וואָס ווייטער אָפּגעשיידט פון איר און פון גאָט. און דאָ האָט מען דערזען, אַז עס פלאָנטערן זיך פאַר די פיס דער ראָוו, דער שויכעט, די גאַ־בעס... דער ראָוו צאַליע באַק און דער שויכעט זכאַריע האָבן אויך דערפילט, אַז זייער מעלאָכע גייט אונטער און מע דאַרף זוכן אַ שטיקל טאַכלעס. ווייל אַפילע זייערע קינדער זיינען שוין געוואָרן יונגע פּיאָנערן און קאָמסאָמאָלצעס און טרייבערן בא די פאָטערס די נעשאָמעס, זיי זאָלן פּאָטער ווערן פון זייערע „פּראָפעסיעס" און זיך נעמען טאָן עפּעס רעכטס, ווי אַלע באַפּאַליער.

און פון דער צווייטער זייט, זיינען צוגעשטאַנען צו זיי די באַפּאַליער טוישווים:

— הערט אויס, — האָט מען זיי געזאָגט, — רעוואָליוציע וויל מיט אייך ניט זיין קיין פּאַניבראַט, קיין מעכוטאָנים. הערט אונדז אוף פאַריידן די ציינער מיטן גאָט אייערן, מיט אייערע צאַדיקים, מיטן גענעם און גאַניידן. מע זעט עפּעס ניט שוין אַזויפיל יאָרן, אַז גאָט זאָל ברענגען נוץ דעם בידנעם אוילעם. אויב ער איז אַזאַ כניאַק, דאַרפן מיר אים ניט האָבן. אונדזערע טפילעס דערגייען אַפילע ניט צו זיין לינקער פּיאַטע, וועלן מיר זיך יאָקאָס באַגיין אָן אים...

דערזען, אַז עס האַלט שלעכט מיט דער רעליגיע, איז דער ערשטער געקומען צו לויפן אין יישעווו־ראַט דער שויכעט זכאַריע און זיך אָנגערופן:

— נאַטשאַלניקעס, הערט מיך אויס מיט קאָפּ. איך האָב זיך באַטראַכט, אַז עס האָט ניט קיין זין, איך זאָל זיצן און וואַרטן ביז איר וועט מיך אַראָפּוואַרפן פון מיין בענקל. איך וועל אַליין אַוועק־גיין... נאָר גיט מיר עפּעס אַן אַרבעט. איך בין דאָך ניט מער, ווי אַ טאַטע פון קינדער, אַ מענטש.

אין יישעווו־ראַט האָט מען אים אופגענומען גאַנץ שיין, געזאָגט, אַז ער האָט געטאָן, ווי אַ כאָכעם, מע וועט אַ רעד טאָן אין אַרטעל, מע זאָל אים דאָרטן געבן אַן אַרבעט... ער זאָל קומען אין אַ פּאָר טעג אַרום...

— וואָס דאַרפט איר זיך, קינדער, ברעכן דעם קאָפּ? איר האָט ווייניק דייגעס אָן מיר? — האָט געזאָגט דער שויכעט זכאַריע. — וואָס דאַרף איך מיט מיין כאַלעף זיין אַ קעסט־קינד בא באַפּאַליע, אַן אָנגעוואָרפענער, אַ פינפטע ראָד צום וואָגן און הייסן „קאַפּיטאַליסטיש רעשטל" און „גאָטס סטראַפּטשע"? איך וויל זיין אַ מענטש באַגלייך מיט אַלע! איך בין אויך אַ האָרעפּאַשניק. מיר איז אַ פּאַרדראָס, לעמיי פאַררעכנט מיך דאָס שטעטל צווישן די ליידיקגייער, צווישן די עלעמענטן, וואָס ווילן ניט אַרבעטן, ניט אונטערשטעלן אַ פּלייצע בא דער בויונג פונעם נייעם לעבן. איך וויל ניט עסן אומזיסט קיין מעלוכיש ברויט. וואָס איז אַזוינס, יידן, מיט דעם זעלבן כאַלעף, וואָס איך האַלט אין די הענט אַ כעזשבן פון אַזעלכע צווי צענדליק יאָר מיט אַ סמיטשעק, וועל איך ניט קאָנען אַרבעטן אין אונדזער בוינע?...

אַ גאָלדענער געדאַנק!

ער האָט אָנגעשריבן אַ מעלדונג אין יישעווו־ראַט, דערנאָך אָפּגעדרוקט עטלעכע ווערטער אין דער ראַיאָנער צייטונג, אַז ער פּרעסירעט זיין שויכעטריי און גייט אַריבער אין בוינע, ווייל ער וויל זיין אַ פּראָלעטאַריער באַגלייך מיט אַלע.

אַזוי האָט דער שויכעט זכאַריע געביטן זיין פּראָפעסיע.

סיי ער, סיי דער אוילעם זיינען געווען צופרידן, אָבער די באַפּאַליער ווייבער האָבן אופגעהויבן אַ גוואַלד. סטייטש, וואָס טוט זיך עס? באַפּאַליע איז געבליבן אָן אַ שויכעט, ווער זשע וועט קוילען די אויפעס אַף יאָמטעוו?

און אַז באַפּאַליער ווייבער הייבן אוף אַ גוואַלד, איז דאָס זייער אַן ערנסטע זאַך.

זייער שטים איז דערהערט געוואָרן, און עס איז געבליבן אַזוי: צווי טעג אין דער וואָך וועט זכאַריע קוילען אויפעס און די איבעריקע טעג אין דער וואָך וועט ער אַרבעטן אין בוינע. אַ מענטש איז ער אַ שטאַרקער, ווי אַ מאָוער, און דאָס, וואָס ער וועט אַרבעטן „פּאָ סאָוומעסטיטעלסטווו", וועט אים ניט שאַטן.

און אַזוי איז געבליבן.

און אַן ערעך אַזוי איז געוואָרן מיט דעם שאַמעס פון דער צוגעשלאָסענער שול, מיט אַ פּאָר גאַבעס, נאָר ערגער איז געוועזן מיטן ראַוו — צאַליע באָק.

צאַליע באָק האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן, כאָטש האַק אים און בראָק אים! ער האָט זיך איינגעאַקשנט און וויל פון גאָרנישט ניט הערן — ער בלייבט אין באַפּאַליע ראַוו, און אויס!

— און וועמען וועט איר דאָ דינען, רעב צאַליע? — האָט מען אים געפרעגט. — וועמען וועט איר לערנען כאַכמע, פּאַסקענען שיילעס, איידער ווייַב צי דער שוויגער?

— ניט איידער באַבעס דייגע! — האָט ער אָפּגעענטפערט, ווי אָפּגעשניטן. — מייַן שטעטל וועל איך זיך יאַקאָס באַשטיין אַן אייך... עס לעבט נאָך אַמעריקע. איך וועל אָנשרייבן, וועט מען מיר צושיקן עטלעכע פּאַסילקעס... מיט גאָט שפּילט מען זיך ניט! איר וועט נאָך אַמאָל קומען צום סייכל און כאַראָטע האָבן. איר וועט זיך נאָך אַמאָל קומען צו מיר בעטן...

און צאַליע באָק האָט באַ זיך אין שטוב זיך אָוועקגעזעצט וואַרטן, פירן אַ צולאַכעס־שפּיל מיט דער נייַער וועלט און מיט באַפּאַליע.

די צייַט איז געגאַנגען. ס'איז אַדורך זעקס כאַדאָשים, אַ יאָר, און צאַליע באָק קוקט נאָך אַלץ אַרויס אָפּן נעכטיקן טאָג. איין מאָל אין אַ פּורים לויפט נאָך צו אים אַריין אַ ווייַבל פּאַסקענען אַ שיילע, זיך האַלטן מיט אים אַן אייצע, שטעקט אים אַריין אין האַנט אַ מאַטבייע. די געשעפטן זייַנען מיט יעדן טאָג געגאַנגען אַלץ פּאַסקודנער.

באַ אים אין שטוב האָט ער אָנגעהויבן צונויפנעמען אַ מיניען, נאָר עס איז אַלץ שווערער געוואָרן צונויפנעמען אַ צענדליק מיספּאַלעלים, כאָטש לייג זיך אַוועק און שטאַרבן! עס איז אים געוואָרן ביטער, ווי דעם מעס אין קייווער. די יאַמטויווים זייַנען געוואָרן אַנדערע יאָמטויווים, די יידן — אַנדערע יידן.

דאָס ווייַב זייַנס האָט געזעען, אַז עס האַלט שמאָל, האָט זי געשטעלט אין מאַרק אַ שטעלעכל און גענומען האַנדלען מיט קרייַד, סיפּקע, נאָדלען, נאָר זי האָט פּאַרדינט וואַסער אָף קאַשע, און דאָס וואַסער האָט זי געדאַרפט אַליין טראָגן פון דער קרעניצע.

די רעבעצן האָט ניט אויסגעהאַלטן און זיך אַרופגעוואָרפן אָף איר צאַליען:

— גאַזלען, ביז וואַן איז דער שיר זיך אַזוי מוטשען? אַדמאַסיי? ביז וואַן וועסטו זיצן הינטערן אויוון און קראַצן די פּייעס? האָסט זיך מיר אַרופגעזעצט אָפן קאַרק און ווילסט וועגן טאַכלעס ניט טראַכטן. וועסט אַרויסקוקן, וואַרטן ביז אַן אַמעריקאַנער פעטער וועט דיר צושיקן אַ גראַשנדיקע פּאַסילקע, און דאַן וועסטו שוין זייַן גליקלעך? נו, אָט האָבן זיי דיר איין מאָל צוגעשיקט עטלעכע דאָלאַר און אַ סייפער־טוירע, וואָס זשע, וועסט זי עסן, די סייפער־טוירע, אָדער איך וועל מיט איר גיין אין מאַרק אַריין עפּעס איינקויפן?.. די אַמעריקאַנסקע אָפּשעסטווע האָט דיר צוגעשיקט, זיך דערבאַרעמט איבער דיר, פּאַרשטעקט דיר דאָס מויל. מער וועלן זיי דיר ניט שיקן, מעגסט זייַן באַוואָרנט... אַפּאָנעם, אַז אַמעריטשקע גאַנעוו איז שוין אויך געוואָרן אַ בעזבאָזשניק און אופגעהערט גלייבן אין גאָט. איז וואָס זשע וועסטו זיך האַלטן באַ דייַן באָרד און פּייעס? נעם אַ מאָשל פון אונדזער שויכעט זכאַריע. ער האָט פּאַרשטאַנען, אַז מע קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער... ער האָט געטאָן ווי אַ כאָכעם, זיך געשטעלט אַרבעטן און געוואָרן אַ מענטש באַגלייַך מיט אַלע!

אַזעלכע ווערטער האָט די רעבעצן איבערגעכאַזערט איר באַשערטן ניט מער און ניט ווייניקער, ווי עטלעכע מאָל אַ טאָג: גאַנצפרי — פאַרן פרישטיק, באַטאָג — פאַר דעם אָנבייַסן און פאַרנאַכט — פאַר דער וועטשערע...

אַלץ אויסהערן איז צאַליען נימעס־אומאָוועס געוואָרן, איז ער צום לעצטן מאָל אוועקגעגאַנגען אָף דער פּאָטשט, אַ טאָפּ טאָן אין וואָגן, צי האָט מען אים פון אַמעריטשקע גאָרנישט ניט צוגעשיקט. ער האָט זיך איבערצייַגט, אַז די „רייַכע פעטערס" האָבן אָן אים איינגאַנצן פאַרגעסן, האָט ער אַ שפּיי געטאָן און באַשטימט אָפּטאָן זיי אַ שפּיצל, זיי זאָלן אים האָבן צו געדענקען. ער וועט ווערן אויס ראַוו און גיין אין אַרטעל, צי אין קאָמבינאַט בעטן, מע זאָל אים געבן אַ שטעלע, ער וויל שוין אויך ווערן אַ באַלמעלאָכע, ווי אַלע...

פאַרזעצונג קומט

באָריס מאַגילנער *

# אין א מאולדיקער שאָ

## האלבפאנטאסטישער רעפּאָרטאַזש

איך האָב בא זיך באשלאָסן — כ׳פלי!
מײַן שיף האָט מיך ארויסגעטראָגן
אין יענער ווײַט, ווו קאָנסט ניט זאָגן,
צי אף דער וועלט ביכלאל ביסט הי.

די פיס — ארוף,
די הענט — אראָפּ,
אלץ איז דאָ אנדערש, אלץ קאפויר איז,
נאָר קלאָר און ניכטער איז דער קאָפּ —
און כ׳האָב פאר גאָרניט, גאָרניט מוירע.

אין דעם איליומינאטאָר שײַנט
די זון, א שווייסיקע, דערנעבן,
אין אירע שטראלן מײַנע פרײַנט,
ווי פיש אין וואסער, ערנסט שוועבן...

ס׳איז שווער צו גלייבן זיך אליין —
א קוק אף דעם מאכשירים-ברעטל,
אראָפּ,
און כ׳זע:
פון אונטן שטיין
געבליבן איז דאָס שטערן-שטעטל.

אזש ביז די אויערן דאָס מויל —
אָנוואָגיק שוועבן עס געפעלט מיר,
איך רײַס זיך אין די נײַע וועלטן
מיט איבערלאָדונגען, דורך גרויל.

כ׳וואָלט צוווארטן דערווײַל געמעגט,
קאָן זײַן, א ביסל מיט דער רײַזע.
נאָר טאָמער וועל איך ניט באווײַזן
דערנאָך?
געדולד ניט טאָמיד קלעקט...

עס איז ניט פּאָשעט דאָ צו שוועבן —
נאָר כ׳טראָג עס איבער שטילערהייט.
א סוואָרע, כ׳האָב דאָס גאנצע לעבן
אין רוימען פליען זיך געגרייט.

א מאָדנע זאך —
איך פלי בעשאָלעם,
אין דעם איך גלייב שוין איצטער פעסט,

דאָס, וואָס איך טו,
איז ניט קיין כאָלעם,
כאלוימעס אויך מיט וואָר איך מעסט.

עס רײַפט צוביסלעכווײַז אין מויעך
א ניט-געוויינלעכער געדאנק,
אז ס׳איז פאראן אזא מין קויעך
(באקומסט צומאָל אזא געשאנק),
וואָס ניט געשטויגן, ניט געפלויגן,
צי דיר געפעלט, צי ניט געפעלט,
דיך טוט א ריס — א פײַל פון בויגן,
א הייב דיך טוט איבער דער וועלט.

די איבערלאָדונגען,
א וונדער —
זיי גויוער זײַן מיר גיט זיך אײַן,
אינײנעם אלע און באזונדער,
אָן אײַנבראָך, ייִעש און אָן פײַן.

ניט שווערער, סאָפּקאָלסאָף, זיי זײַנען
פון ערדישע,
דאָס כ׳זע אין פלוג.
אזעלכע איבערלעבענישן פײַנע
געהאט כ׳האָב דאָרט איבערגענוג.

ווען כ׳זאָל ניט וויסן יענע ליידן,
די טרייסלענישן און די היץ,
כ׳וואָלט ניט געוואגט אזוי אנטשיידן
אין קאָסמאָס דורכרײַסן זיך איצט.

א כיטרע וונק עס טוט צימבאל —
ער פרווט, דער גענעראל, א גלעט טאָן
אף זײַן פּאָגאָן דעם זונען-שטראל,
ער ווארט, די זון זאָל אים פארבעטן,
אויב ניט, וועט ער זי בעטן, קלאל.

נאָר ס׳לאָזט די זון זיך ניט פארנארן —
דעם פּירפּור-ווייער פון איר עק
אָן צערעמאָניעס שלעפּט אוועק
אין שאָטן פון א ווײַטער כמארע.

דער גענעראַל צימבאַל, א סוואָרע,
לאַבלוטן ניט ניספּעלע ווערט:
— זיך קלאַגן קיינמאָל איז ניט ווערט,
אבי זי לאָזט אין רוים אונדז פּאַרן.
און טאַמער מירן זייער דאַרפן
א פלאַמענדיקע זי דערזען,
א קריץ טאָן וועט איר מיט דער פען —
און זי אפּסניי וועט נעמען סאַרפען.
א שרייבער איז א קישעפמאַכער,
דעם מוט פאַרשטאַרקן — זיין באַרוף.
אין קאָסמאָס פליען ניט קיין שוואַכע
סיי מיטן גייסט, סיי מיטן גוף...

איך טו א זאָג:
— מיסטאַמע יאָ
וואָלט גוט געוווען די פרייד די גרויסע
צו אָפּמערקן...
— איצט איז ניטאָ
קיין דערעכערעץ פאַר דער קויסע, —
דאַן שמייכלענדיק זיך טוט א ציט
צימבאַל וואָליאַזשנע צו מיין פליייצע:
— עס גלוסט זיך מיר נאָך פון גאַנצפרי
כאַטשבי א פלעצעלע א ווייצנס.
אין קאָסמאָס ביידע מירן עסן...
דערווייל עס טוט מיר באַנג איין זאַך:
אייער שווערע אַלטע שפּראַך
געקענט איך האָב, נאָר שוין פאַרגעסן, —
ער טוט א זיפץ, און ניט בעקיוון, —
די מענטשן-סטעזשקעס זיינען שמאָל,
כ'האָב זייער האַלט געהאַט אמאָל
אַן עסיקפלייש און גענדזן-גריוון.
דאַך איין געריכט אין מיין זיקאָרן
לאַבלוטן ערגעץ ליגט פאַרלאָרן,
כ'פאַרדין דערפאַר א גוטן בענץ —
געדענק ניט, ווי עס רופט זיך יענץ,
יענץ, וואָס קיינמאָל ווערט ניט נימעס...

— אין זינען האָט איר עפּשער צימעס?
— יאָ, טאַקע! ביסט א מאַלאַדיעץ!
און נאָך: ווי הייסט דער כאַלאַדיעץ
באַ אייך
מיט פעפער און מיט קנאָבל —
וואָס בעסער איז פון פרישער וואָבלע?

— יאָ, דריליעס, זאָגט מען, צי פּעטשאַ.
— א מאָדנע שפּראַך באַ אייך אזוי...
ניט וווּנדער זיך, כ'האָב ליב צו שפּאַסן,
אפילע א געזאַלצן וואָרט,
אבי ס'איז צוגעפּאַסט צום אָרט,
פאַרשעמען וועט ניט די לאַמפּאַסן.
אויך דאָ, אויף אונדזער קאָסמאָס-גאַס,
קיין פרעמדער דאַרף ניט זיין דער שפּאַס.

איך טראַכט דערביי, וואָס איז ער אויסן,
דער גענע־ראַל?

איצט אַקוראַט
ער פירט מיך אָפּ צום אַפּאַראַט,
וואָס קוקט אַרויס מיט אויגן גרויסע,
ווי אַקוליאַרן,
פונעם באָרט:
— דאָ איז פאַר דיר דאָס בעסטע אָרט...

אין אַט דער לופט־שיף כ'בין צעשטרייט.
באַנאַנד, דערנעבן כ'זע די ווייט
מיט אַלע פּראַטים, בוילעט, קלאָר,
אפילע גרעזעלעך א פּאָר...
גערעכט עס איז דער גענעראַל —
אים כ'שטעל אַרויס דעם העכסטן באַל.
אַט די פּאָזיציע מיר געפעלט,
צעעפנט איז די גאַנצע וועלט.
דאָרט דעמבן מיט בערעזעס שפּאַנען
פון דאָרף צו דאָרף, לענגויס דעם שליאַך,
און אָט איז שוין א שטאָט א קראַך,
צעפּראַלט די פּיילן, שטייען קראַנען.

ווי ווילדע טשערעדעס, מאַשינעס —
הער־הין זיי לויפן אָף דעם וועג,
און וויאַזוי אין דעם געיעג,
כאַליעלע, ברענען ניט די שינעס!
אפּסניי זיך פּאַסמעס קאָרן ציען,
אין פעכיקן אַספאַלט פאַרקלעמט.
די זאַנגען צאַרט א ווינטל קעמט...
און מיר — פאַרביי און ווייטער פליען.
עס שווינדלען ערדישע לאַנדשאַפטן,
די שיינקייט פון דער ערד מיך ציט,
נאָר די ראַקעטע פליט און פליט —
צי דען מיר זיינען קאָסמאָנאַווטן?!

עס גליקט מיר אָפּ, באַרעכהאַשעם:
פון קאָסמאָס כ'זע די ערד א בלויע!
איצט שוין צימבאַל הייבט אויף א ברעם,
מיך פריילעך מיט די אויגן בויערט.
גאַגאַרינס שמייכל אין גראַניט,
וואָס אויסגעקריצט עס האָט א מייסטער,
מיט ליפּן לעבעדיקע בריט,
מיך ווידער און אפּסניי באַגייסטערט.
— נו, אַט, אַריין איר זייט אין קאָן,
נאָר, טשו, קיין קאָפּל זיך ניט בלאָזן!
איך האָף, מיט אייך אין קאָסמאָס כ'קאָן
אין פלוג געפערלעכן זיך לאָזן.
אַרויסצוכאַפּן זיך אין פלוג
פאַראַן עס זיינען פיל באַלאַנים,
יאָ, ס'האָבן אומעטום גענוג
די קאָסמאָנאַווטן מעכוטאָנים.
מע מיינט, ס'איז גרינג, פונקט ווי א פייגל
זיך טראָגן פריי אין הימל קלאָרן.
קעדיי אָבער צו זיין א ווייל
אין קאָסמאָס,
האָרעוועט מען יאָרן.

„אַרײַן אין דיכטערישן סטראָי
מע קאָן דען אַנדערש?
ניט אַזוי?“ —
דעם גענעראַל באַשײדן כ׳הער
און שװײַגנדיק דערבײַ איך קלער.
אַװדע גליקלעך כ׳װאָלט געװען
א שפּאַן טאָן אין די הױכע רױמען.
נײן, אױפֿצוהערן כ׳װעל ניט טרױמען
אין קאָסמאָס אײַנטונקען מײַן פּען.

כ׳בין כױשעד, ס׳טראַכט אױך װעגן דעם
דער גענעראַל צימבאַל אָן צאָרן.
אפֿשר עס הײבט זיך אױף זײַן ברעם,
אָן אױסגעזילבערטע, ער װאָרנט:
— פֿאַרקאַטשעט זאָלן איצט בײַ דיר
שױן זײַן אומפֿהערלעך די אַרבל.
ס׳איז שװער אין קאָסמאָס ניט די אַרבעט,
ס׳איז שװער די צוגרײטונג צו איר.
א לאַדנעם האָט איר עקיפּאַזש
פֿון קערנדיקע שרײַבער רײַפֿע.
א שאָד נאָר — דאָס איך זאָג אין ראַוש, —
װאָס װײניק האָט איר מוסקלען שטײַפֿע.

(און טאָמער כ׳טו אין װעג א פֿאַל —
כ׳פֿאַרקלײַנע זיך אין נײַנטן װאַל,
באַלד טוט א װאָרף זײַן רעטונגס־שטראַל,
מײַן פֿרײַנט, מײַן שטרענגער גענעראַל:
אין יעדער רעגע, יעדן פֿאַל,
איך װײס, באַנאַנד עס װאַכט צימבאַל...)

נאָר מיטאַמאָל, װי בײַ שאַגאַלן,
דער ייִד דער אַלטער מיט זײַן ציג, —
כ׳האָב זיך צעבוצקעט מיט צימבאַלן
אין אונדזער ענגער קאָסמאָס־װיג.
איז װאָס?
פֿאַרפֿאַלן די סיוזשעטן?
די פּראָזעס? שטריכן צו פּאָרטרעטן?

די װערטלעך — שטעכיקע באַגנעטן?
עס בלײַבט אַצינד דעם קאָפּ זיך פּלעטן?
כ׳קלעפּ צו זיך צו די אַקוליאַרן:
דאָרט הײבט זיך אױף א דעמב, זעט אױס,
װאָס ציטערט אָפּן װינט א קװאָרער
שטיל בײַ דער װײַטער ערד אין שױס.
אין פֿענצטערלעך איך זע דעם קישעף:
ניט נאָר די ערד זײַ װײַזן קלאָר,
דאָס אָטעמען פֿון יעדן ייִשעװ
גלײַך אַף מײַן דלאָניע קומט עס פּאָר.
איך לײען די שפּראַך פֿון מענטשנס הערצער:
װאָס יאָ מע מעג, װאָס ניט מע טאָר,
אין פֿולער פּראַכט און אין די שמערצן —
גלײַך אַף מײַן דלאָניע קומט עס פּאָר.
ניט נאָר דעם דרױסן — די נעשאָמע,
דעם איקער פֿון דער שטרענגער װאָר,
װער און פֿאַרװאָס עס האַלט מילכאָמע —
גלײַך אַף מײַן דלאָניע קומט עס פּאָר.
און אַלץ אין פֿאַרבן, אַלץ אין קלאַנגען,
אין שײַן און שאָטן אַלץ — געפּאָרט,
און די פֿאַרבאָרגענע פֿאַרלאַנגען —
גלײַך אַף מײַן דלאָניע קומט עס פּאָר.

דערנאָך כ׳װעל יעדעס װאָגיק װאָרט
צעשטעלן אַף זײַן פּאַסיק אָרט.
נאָר מײנט ניט, אַז מײַן דיכטונג־װעלט
פֿון קאָסמאָס װײַטן כ׳האָב פֿאַרשטעלט.

װער ס׳שטרעבט אין הימל,
אַף דער ערד
קאָן פֿון א צופֿאַל זיך ניט שטרויכלען.
אין שײדל איך באַהאַלט די שװערד —
דערװײַל,
און כ׳בעט אײַך:
זײַט מיר מױכל...



# דערציילונגען און מיניאַטורן

## יעכיעל שרײַבמאַן

### דאָקטער יאַמפּאָלסקי

ער איז געווען א מענטש מיט א גוט הארץ. כ'קלײַב איבער אין מײַן זיקאָרן א סאך אַנדערע מײַלעס זײַנע. ניט קיין שלעכטער דאָקטער; ניט קיין נאר; זייער א פּאָשעטער; פאר זײַן גאנצן לעבן האָט קיינער ניט געהערט פון אים קיין שלעכט וואָרט — ניט דאָס ווײַב זײַנס, אוודע ניט זייער אומגליקלעכער זון, ניט אמאָל א שאָכן, א נאָענטער צי ווײַטער באקאנטער, אפילע ניט א שלעכטער קאָרעוו, א זלידנער פּאציִענט; ער האָט קיינמאָל קיינעם ניט באאוולט, קיינעם ניט אָפּגענאַרט; אין פּראקטישן לעבן — ניט קיין אויסטויגער, ניט קיין אויסגערעכנטער, פארקערט: א שטיק לוי יוצלעך; כ'שמועס שוין ניט פון אָרנטלעכקײַט און לײַטישקײַט, פון מיטפילן א צווייטן, פון אופריכטיקײַט, באשיידנקײַט. האקיצער, אלע מײַלעס זײַנע שטייען גלײַכע אין איין לאנגער שורע, און פון יעדער מײַלע באזונדער ציט זיך אוועק אזא סאכאקל־פּאסיקל צי די איינע פאָר ווערטער, וואָס כ'וואָלט געוואָלט אויסשלאָגן אָף זײַן מאצייווע: א מענטש מיט גוט הארץ!

צווישן די ניט־וויניק איידעלע און גרעבלעכערע שעליכעסן, וואָס א שרײַבער דארף אויספילן אין זײַן שרײַבן, איז פאראן אזא שעליכעס אויך: אויסשלאָגן מאצייוועס.

מ'האָט אים שוין גערופן דאָקטער יאמפּאָלסקי מיט העכער א האלבן יאָרהונדערט צוריק, ווען ער איז נאָך געווען גאָר יונג, און מיר אלע דעמלט — ווער עלטער, ווער נאָך ייִנגער. ער האָט נאָרוואָס געהאט געענדיקט אין פּראָג מעדיצין, זיך באזעצט אין בוקארעשט אין ייִדישן אָרעמען פערטל, ערגעץ הינטער דודעשט. כ'געדענק גוט דאָס מעשענע בלעכל — די דאָקטער־וויוועסקע זײַנע אָף אן אלטער, שוין לאנג ניט איבערגעפארבטער, צעטראסקעטער טיר, פון דער שטוב גלײַך אין גאס ארויס. א געענדיקטער דאָקטער האָט דעמלט געקאָנט כאסענע האָבן פאר א נעגידיש טעכטערל מיט גאָר א גרויסן נאדן (ניט קיין גאָר גרויסע יעפּאס־טויער, פארשטייט זיך), עפּענען זיך א רײַכן קאבינעט, ניט מוזן דאפקע זיצן און ארויסקוקן אָף פּאציִענטן; מיטן נאדן צוהאנדלען אָף דער בירזשע, אָדער גלאט געבן אים אָף פּראָצענט; טראָגן דערנאָך אלע יאָרן דעם שיינעם נאָמען דאָקטער און פירן א שיין לעבן ניט דאפקע פון דאָקטערײַ. ער אָבער האָט כאסענע געהאט מיט בעטיען. אן אָרעם וועבער־מיידל (אויך ניט קיין גאָר גרויסע יעפּאס־טויער), מיט שווארצע קליינשטעטלדיק־שעמעוודיקע אויגן, מיט א שווארצן קאָפּ האָר, א דארלעכע, א נידעריטשקע, א בעסאראבער מיידל. זי האָט אים איִנגיכן געבוירן א קינד, א ייִנגעלע. כ'געדענק גוט, ווי ער פלעגט שטענדיק טראָגן אן אָפּגעבליאקעוועט צעקנייטשט קאָפּעליושל אפן שפּיץ קאָפּ, באם האלדז — א שווארץ בענדל אויסגעבונדן מיט צוויי אראָפּגעלאָזטע עקן, אָף דער נאָז — א פאָר קײַלעכיקע ברילן מיט כוך־לעדערעך־האטעוועדיק גראָבע זיך כוואליענדיקע גלעזלעך, די מאנזשעטן אונטן בא זײַנע הויזן — אויסגעהריזעט, צעבאָרשטן, בא די שיך — צעקרימטע, אין איין זײַט שטארק אויסגעריבענע אָפּצאסן. דאָס קליינע דאָקטער־קאבינעטל זײַנס האָט דאפקע ניט געפּוסטעוועט. געווען זײַנען אָבער די פּאציִענטן מיינסטנס אומזיסטיקע. בא אלע אונדזערע כאווײרים, ביפראט בא די בעסאראבער ייִנגלעך און מיידלעך דעמלט אין בוקארעשט, האָט דער דאָקטער יאמפּאָלסקי אָנגעהויבן הייסן „אונדזער דאָקטער". אז צו עמעצן האָט זיך צוגעטשעפּעט א פּאסקודנע הוסטל, צי עמעצן האָבן פון די גוטע עסנס, אָדער פונעם גוטן ניט־דערעסן, מעסוקענע ווייטיקן אײַנגעקאָרטשעט אינדרײַען, צי גאָר א בײַסעכץ אפן לײַב, אָדער גלאט א פּארקילעכץ, אן אונטערגאנג אוקעדוימע, האָט דער אוילעם געוווּסט איין וועג און איין אויסלייזונג — צום דאָקטער יאמפּאָלסקי. מ'האָט געוווּסט: ער

עפֿנט פֿאַר דיר ברייט די צעטראַסקעטע טיר זײַנע, פֿאַרבעט דיך אַרײַן מיט אַלע קאָוועדן, טוט דיך אין קאַבינעטל אויס, לייגט דיך אַוועק אויף דער שמאָלער קושעטקע, הערט זיך צו מיט אַן אויער צו דער פֿלייצע דײַנער, טאַפּט דיר אויס דעם בויך מיט די ווייכע קישעלעך פֿון זײַנע פֿינגער, זאָגט, געוויינלעך, אַז ס׳איז גאָרניט, ס׳וועט איבערגיין, שרײַבט דיר פּונדעסטוועגן צו אַ שמירעכץ אָדער אַ טרונקעכץ, דערלאַנגט דיר, אין גאָר אַ שווערן פֿאַל, אַ פּאַפּירל מיט אַ שטעמפּל, מע זאָל דיך באַלד, ציטאָ, אַרײַנלייגן אין שפּיטאָל. אַז דו שטופּסט אים דערנאָך אַרײַן די פּאָר פֿינפֿערלעך, דעם האָנאָראַר, אין דער ברייטער קעשענע פֿון זײַן ווײַס כאַלאַטל, שטופּט ער זיי דיר צוואַנציק מאָל צוריק, טוט צו דיר אַ קוק איבער די ברילן זײַנע מיט די גראָבע גלעזלעך און זאָגט דיר, אַפֿילו בייזלעך, אַז אויב דו ווילסט ניט, דער וויזיט דײַנער בײַ אים זאָל זײַן דער ערשטער און דער לעצטער, זאָלסטו אים אופֿהערן שטופּן דאָס געלט אין די גאַרגערעס אַרײַן — פֿאַר אייגענע איז ער ניט קיין געלט־דאָקטער. דאָס קאַבינעטל יאַמפּאָלסקיס האָט אַזוי אויך ניט געפּוסטעוועט. סײַוויסײַ איז דאָרט טאָמיד עמעצער דאָ. אַז מע רעדט דאָרטן ניט וועגן שלאַפֿקײַטן און רעפֿועס, רעדט מען וועגן וועלט־זאַכן, מעסט מען מיט אַ טערמאָמעטער די צײַט, דער וועלטס אויסקומענישן און דער וועלטס היץ. צי מע כאַפּט גאָר אַ שמועס וועגן ליטעראַטור, וועגן קונסט. מע וועגט אויף קליינע שעלעכלעך איבערגעלייענטע ביכלעך, אָנגעקוקטע מאָלערײַ־לײַוונטן אויף אויסשטעלונגען, פֿילמען נײַע. אין קאַבינעטל שטייט שוין צעפּראַלט דאָס פֿענצטער, נאָר די רויך־קנײַלעכלעך פֿון די אויסגערייכערטע פּאַפּיראָסן קרײַזלען זיך נאָך, אונטערציטערנדיק אויבן בײַ דער סטעליע. מע מאַכט דאָס פֿענצטער צוריק צו, מאַכמעס מע שפּאַרט זיך שוין גאָר אויף אַ הויך קאָל, מע שרײַט שוין, ניט מע רעדט. אין צווייטן צימערל צעיעכצט זיך אין וויגל דאָס קינד. בעטיע בלײַבט שטיין אויף דער שוועל פֿונעם קאַבינעטל און שווײַגט. זי וויל אַ רוף טאָן אויף אַ רעגע יאַמפּאָלסקין, ער זאָל איר עפּעס צוהעלפֿן באַם קינד. זי וואָלט אָבער אויך געוואָלט כאַטש איין רעגע שטיין און הערן דאָ די רייד. סאָפֿקאָלסאָף צעגייט זיך דער עולעם. יאַמפּאָלסקי פֿאָרעט זיך אײַנײַנעם מיט בעטיען באַם וויגל. זיי וויקלען ביידע דאָס קינד איבער, באָדן ביידע דאָס קינד אויס, האָדעווען עס אײַנײַנעם אָן. און אין עטלעכע רגעס אַרום קלינגט שוין ווידער דאָס גלעקל אויף דער דרויסנדיקער טיר.

אויסגעשטיקעוועט קוים־קוים די וואָך האָט מען מערער פֿון בעטיעס ווײַבערײַ־פֿאַרדינסטן, איידער פֿון זײַנע דאָקטערישע האָנאָראַרן. און ווען פֿונעם וויגל האָט שוין באַשײַמפּערלעך אָנגעהויבן אַרויסקוקן דער גרויסער אומגליק זייערער, האָט בעטיע געמוזט בלײַבן צוגעקאָוועט צום קינד, אין וועב־פֿאַבריקל אַרבעטן נאָר האַלבע וואָכן. די קוים־קוים־אויסקומעניש זייערע האָט זיך אַ פּאָר געטאָן מיט אומעט און צאַר, אויסגעשפּרייט אין אַלע ווינקעלעך פֿון זייער שטוב.

אַזוי, אויפֿן ערשטן קוק, איז דאָס קינד געוואַקסן געוויינלעך. זשעדנע גענאָגט דער מאַמעס ליידיקלעכע ברוסט, זיך באַלעקט מיט אַ רויט נאָרמאַל צינגל, כליפּטשענדיק די מאַנע־קאַשקעלעך, נאָרמאַל אַרופֿגענומען אי אין דער וואָג, אי אין דער מאָס. בײַ אָנדערהאַלבן יאָר, אַ ביסעלע שפּעטלעך, איז געזעסן אין וויגל, אַרומגעלייגט מיט קישעלעך, אַ באָכערעץ מיט גראָבע אָנגעבלאָזענע בעקלעך, שווער אַפֿילו אַ נעם טאָן אים אויף די הענט. אין לײַב, ווי מע זאָגט, איז דאָס קינד זיך צעוואַקסן, מערער נאָך וויפֿל מע דאַרף. נאָר דער סייכל דעם קינדס, האָט מען אָנגעהויבן זען, שטייט אויף אַן אָרט.

מאַן און ווײַב האָבן דאָס קינד געטראָגן צו באַקאַנטע קינדער־דאָקטוירים, ספּעציאַליסטן, געוויזן עס אַ קינדער־פּסיכיאַטער. מ׳האָט געזאָגט: מעגלעך איבער בעטיעס שווערן האָבן, עפּשער פּיצלווײַז אַ ניט־באַמערקטער זעץ אין קעפּל, ס׳וועט, מעגלעך, מיט דער צײַט אויסנאָרמאַליזירן זיך. גאַנצע נעכט הונגעריק און שלעפֿעריק, איז יאַמפּאָלסקי געזעסן איבער מעדיצינישע ביכער, אַליין עפּעס געוואָלט דאָרטן דערגיין. ער האָט געשריבן לאַנגע בריוו צו פּאַריזשער באַוווּסטע פּראָפֿעסאָרן, געשריבן קיין פּראָג צו געוועזענע אוניווערסיטעט־לערער זײַנע. עפּשער ווען יאַמפּאָלסקי וועזוגאָסוי בעטיע וואָלטן געווען רײַכע לײַט און וואָלטן ביידע אַוועק מיטן קינד ערגעץ אין אַן אייראָפּעיִשן מעדיצין־צענטער, אָדער זיי וואָלטן כאָטש אויסגעטויגט זיך, ווי אַנדערע, אײַנצולייגן וועלטן און פֿאַרשאַפֿן זיך דעם מיט־וואָס אַפֿילו פֿון דער וואַנט, אַבי כאָטש צו קאָנען קריגן פֿון אויסלאַנד די טײַערסטע סאַמע נײַסטע רעפֿועס, וואָס מ׳האָט אין די ענטפֿער־בריוו רעקאָמענדירט אויסצופּרוּוון אויפֿן קינד. עפּשער.

נאָר וואָכן און כאָדאָשים זײַנען געלאָפֿן. עס רעדט זיך נאָר אַזוי — געלאָפֿן. געצויגן זיך שווער און שנײַדנדיק, ווי קייטן, פֿול מיט אומעט און ווייטיק אין יעדן רינגעלע פֿון די קייטן.

אין שטוב האָט אָנגעהויבן אומקריכן אויפֿן דיל, שפּעטער — אומרוקן זיך בײַ די ווענט, נאָך שפּעטער — אומשפּרינגען אַרום טיש, אויף די בענקלעך, איבערן בעט, אַ גראָבטשיק ייִנגעלע מיט אָנגעבלאָזענע באַקן און גרויסע וואַסערדיקע אויגן. מיט איינע פּאָר קלאַנגען אַרויסגעבראַכט פֿונעם האַלדז, ניט קיין קלאַנגען אויך — אַ מין מרוקען.

דאָס קינד איז געוואַקסן, און אײַנײַנעם מיטן קינדס וואַקסן איז וואָס מערער געוואַקסן דער אומגליק אין שטוב. און וואָס מערער דער אומגליק איז געוואַקסן, אַלץ מערער האָט מען אָנגעהויבן

צוגעוווינען זיך מיט אים. ניין, „צוגעוווינען" איז דאָ, בײַ אַזאַ יאַמפּאָלסקין און בײַ אַזאַ בעטיען, ניט דאָס ריכטיקע וואָרט. אַלץ מער האָט מען דעם אומגליק אָנגעהויבן אויפֿנעמען בעהאַווע, אַלץ מער איז ער ליב געוואָרן. ס'איז אונדזער אומגליק און ער איז אונדז ליבער און טײַערער, ווי אַלץ אין דער וועלט.

דאָקטער יאַמפּאָלסקי האָט, פֿאַרשטייט זיך, ניט גערן און גאָר זעלטן מיט עמעצן גערעדט דערפֿון. כ'האָב אַמאָל געזען, ווי ער איז פּלוצעם שטיין געבליבן אין גאַס און לאַנג נאָכגעקוקט איבער זײַנע ברילן אַריבער אַ דורכגראַשנדיקן יונגן לעבעדיקן באָכער. פֿונעם דאָקטערס רויטלעכע קורצזיכטיקע אויגן האָט כּאַלילע ניט אַרויסגעקוקט קיין קינאה און אַפֿילו ניט קיין באַוווּסטקײַט. אַלע יאָרן, געדענק איך, פֿלעג אַ שטראַל טאָן פֿון זײַנע אויגן אַזאַ טיפֿע ווייטיקדיקע פֿאַרטראַכטקײַט. אַז ס'פֿלעג אים אַמאָל יאָ אויסקומען אַ רעד טאָן מיט עמעצן וועגן זײַן אומגליקלעכן זון, פֿלעגט ער אַרויסברענגען רייד פֿונעם מויל ניט ווי געוויינלעך אַ טאַטע — אַ מאַנצביל, נאָר ווי אַ פֿרוי — אַ מאַמע: „מײַן גאָלדן ייִנגל, ס'זאָל מיר זײַן פֿאַר אים!"

ער האָט אים גערופֿן „מײַן ייִנגל" אַלע פֿופֿציק יאָר, וואָס דער זון האָט לעבן אים געלעבט. טאָג בײַ טאָג, די גאַנצע פֿופֿציק יאָר, פֿלעגט ער פֿאַרן לייגן זיך שלאָפֿן, אַ קוש טאָן דעם זון און אַ זאָג טאָן אים: „האָב אַ גוטע נאַכט, שלאָף געזונט, גאָלדן ייִנגל מײַנס". כ'האָב דאָס אַ פּאָר מאָל אַליין געזען און געהערט. כ'האָב יאַמפּאָלסקין אַ פֿרעג געטאָן: „איר טוט עס אַזוי יעדע נאַכט?" ער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַזאַ פֿאַרכידעשטקײַט, ווי איך וואָלט אים געשטעלט די ווילדסטע פֿראַגע אין דער וועלט. אַלע נעכט, אַלע פֿופֿציק יאָר. ביז אַנומלטן, ווען די טראַגעדיע יאַמפּאָלסקי האָט זיך געענדיקט. ווען אַלע דרײַ, די ערשטע — זי, בעטיע, דאָס ווײַב און די מאַמע, דערנאָך — דער זון, דערנאָך — ער, דער דאָקטער יאַמפּאָלסקי, אַלע דרײַ זײַנען אין איינע עטלעכע וואָכן איינער נאָכן אַנדערן אַוועק פֿון דער וועלט.

כ'קלײַב איבער אין מײַן זיקאָרן אַלע גוטסקײַטן, וואָס דער דאָקטער יאַמפּאָלסקי האָט אין זײַן לעבן געטאָן. פֿאַרוואָס שטעל איך אים דאָ אָט די אויסגעטיילטע מאַציייווע? אַ געוויינלעכער מענטש. מיט קיין באַזונדערע העלדישקײַט איז זײַן לעבנס־געשיכטע ניט באַקרוינט. קיין דערפֿינדונגען האָט ער ניט געמאַכט. ווערטן, טאָכלעסדיק־מאַמאָשעסדיקע — נאָך זיך ניט איבערגעלאָזט. אין שטוב — ס'גאַנצע לעבן זײַנס, מיט אַזאַ שטילער סייכלדיקער גווורע געטריבן דעם טרויער. די פֿרייד — טאָג בײַ טאָג אין דער קליניק, שטעלנדיק קראַנקע אויף די פֿיס, ברענגענדיק אומגליקלעכע גליק (צוליבן זון איז ער געוואָרן אַ נעוראָפּאַטאָלאָג, גערעכנט זיך די לעצטע יאָרן צווישן די בעסטע נעוראָפּאַטאָלאָגן אין שטאָט). די דאָזיקע פֿרייד זײַנע אין לעבן האָט ער, ווידער מיט אַזאַ שטילער סייכלדיקער גווורע, געמוזט שטיקן אין זיך, ניט קומען מיט איר אַהיים, ניט טיילן זי מיט ווײַב און קינד. זי וואָלט דעם טרויער אין שטוב געקייפּלט — הונדערטער קראַנקע געזונט געמאַכט, און דער אייגענער זון איז אויף אייביק פֿאַרבליבן אַ ניט־אויסגעהיילטער, אַן אומגליקלעכער.

העלדישקײַטן, פֿאַרשטייט זיך, פֿון אַן אַנדער סאָרט און אַן אַנדער מאָס. טאָגטעגלעכע, ניט אָנזיכטיקע. איז אַזוינס געווען גענוג אויסצוטיילן עס?

ס'האָט זיך אַזוי געפֿירט, אַז קימאַט אַלע יאָרן האָב איך יאַמפּאָלסקין אָפּט געקאָנט אָנקוקן פֿון דער נאָענט. פֿון בוקאַרעשט, אין פֿערציקסטן יאָר, ווען בעסאַראַביע איז צוריק געוואָרן סאָוועטיש, האָבן מיר זיך גראַדע אומגעקערט אַהיים אינאיינעם, אין איין וואַגאָן. אויפֿן יאַסער וואָקזאַל האָבן רומענישע זשאַנדאַרן, בײַ אָנגעשטעלטע קוילנוואַרפֿערס, אָנגעלאָדן אין לאַסט־וואַגאָנען אַלע אָנגעקומענע אַהין אין יענעם פֿאַרנאַכט בעסאַראַבער. דער לאַנגער לאַסט־צוג מיט די קאָפּ אויף קאָפּ אָנגעשטופּטע וואַגאָנען האָט פּאַמעלעך גערירט, אָפּגעפֿאָרן טראָט בײַ טראָט אַ שאָ אַנדערהאַלבן אין דער נאַכט אַרײַן און איז שטיין געבליבן אויף אַ פּוסטן פֿינצטערן סטעפּ. אין דער גאַנצער לענג פֿונעם צוג האָבן זיך איינער לעבן אַנדערן אויסגעשטעלט סאָלדאַטן מיט אויסגעשטרעקטע ביקסן צו די וואַגאָנען. ס'האָבן זיך געהערט קאָמאַנדעס, די סאָלדאַטן זאָלן אַרויסנעמען די וואַטע אויבן בײַ די ביקסן־רערן און זאָלן באַם ערשטן באַפֿעל אָנהייבן שיסן גלײַך אַנטקעגן זיך, העכער די וואַגאָן־רעדער. ביז קאַיאָר, ווען מ'האָט פּלוצעם די סאָלדאַטן מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן אַוועקגענומען פֿון די וואַגאָנען און דער צוג האָט זיך פּאַוואָליע אָנגעהויבן רוקן צום פּרוט, צו דער בריק אויפֿן פּרוט, זײַנען מענטשן אין יענער נאַכט גראָוו געוואָרן, געבליבן ליגן אין די וואַגאָנען פֿאַרכאַלעשטע. ניט אַלע האָבן דערנאָך געקאָנט לויפֿן אויף דער בריק, אַרופֿכאַפּן זיך אין געציילטע רגעס אַרום אויף דער צווייטער העלפֿט בריק, מיט די מאַכנים־אויערכדיקע רויטאַרמייער. מער ווי יעדער, אַפֿילו מערער פֿון מײַנע אייגענע דעמלט באַנאַכט אין וואַגאָן, איז מיר פֿאַרבליבן פֿאַרקריצט אין זיקאָרן דער דאָקטער יאַמפּאָלסקי מיטן ווײַב און מיט זייער ייִנגעלע. כ'האָב געזען, ווי יאַמפּאָלסקי האָט דאָס ייִנגעלע זײַנס אַלעמאָל אײַנגעטוליעט אין זיך, פֿאַרדעקט עס מיט זיך, אַלעמאָל צוגעשלעפּט צו זיך בעטיען, געבליבן דערנאָך ביידע זיצן צוגערוקט איינער צום אַנדערן און דאָס ייִנגעלע אַרונטערגעשטופּט הינטן, הינטער זייערע פּלייצעס. פֿאַרפּאַנצערט אַזוי מיט זיך דאָס קינד קעגן די קוילן, וואָס וועלן באַלד אָנהייבן זיך שיטן אויף זיי דורך די וואַגאָן־ווענטלעך.

מילכאָמע־צײַט האָב איך יאמפאָלסקין פלוצעם באגעגנט אין טאשקענט אף דער גאס. כ׳האָב אים קוים דערקענט. אין דער לאנגער ארמייִשער שינעל, מיט דער פילאָטקע אפן קאָפ און מיט די פאָר ברייטע קירזעווע שטיוול, האָט ער אויסגעזען ניט ער. די גראָבע ברילן־גלעזלעך אף זײַנע קורצזיכטיקע אויגן האָבן זיך מיט אָט דער האלבאָשע ווייניק געפּאָרט. ער האָט, ווי זײַן שטייגער איז געווען, א קוק געטאָן אף מיר דורך די ברילן אריבער, און די רויטלעכע אויגן זײַנע האָבן זיך צעשײַנט. מיט א פרייִלעכן און בארימעריש טאָן (כ׳האָב דאָס ערשטע מאָל און דאָס איינציקע מאָל געהערט בא אים אזא טאָן) האָט ער מיר א זאָג געטאָן, אז ער ארבעט אין אן ארמייִשן שפיטאָל און איז קיינמאָל ניט געווען אזוי צופרידן מיט זיך, קיינמאָל ניט געפילט זיך אזוי נוצלעך ווי איצט. כ׳האָב אים פאָרזיכטיק געפרעגט, ווו בעטיע איז, צי ווייסט ער עפּעס פון בעטיען. ער האָט אף מיר א קוק געטאָן מיט פאריבל: פארוואָס עפּעס נאָר וועגן בעטיען? און האָט מיטן זעלבן פאריבל מיר געענטפערט, אז דאָס ייִנגל זייערס איז אויך דאָ, אין טאשקענט, איינעם מיט זיי, איז געזונט און פילט זיך גוט, ניט ערגער ווי ביז איצטער. מיטאָמאָל האָט ער מיך אָנגעהויבן באקאנט מאכן מיט נײַע און גאָר אלטע פראַנט־יעדיעס, דערציילט בעאריכעס, גלײַך ווי כ׳וואָלט זיך ארויסגעיאָוועט צו אים פון א פּוסטעניש און מע דארף מיט מיר אָנהייבן פון דעם אלעף, מע דארף וועגן אלצדינג מיר דערציילן מיט אלע פּינקטלעכקײַטן. באם געזעגענען זיך האָט ער מיר א זאָג געטאָן, אז די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן גאָר אינגיכן. גאָר אינגיכן וועלן מיר בײַקומען דעם גרעסטן און שרעקלעכסטן מערדער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײַט. די גאנצע וועלט וועט זיך פרייען מיט אונדזער ניצאָכן. קינד און קייט, אלט און יונג, אפילע קינדער אין די וויגן. און איינעם מיט אלע וועט אויך דאָס ייִנגל זײַנס דערלעבן היטלערס מאפּאָלע.

נאָך דער מילכאָמע, דאָ אין קעשענעוו, פלעגן מיר זיך מיטן דאָקטער יאמפאָלסקין, ביז אין די לעצטע טעג זײַנע, באגעגענען. צווישן היימישן אוילעם האָט ער ווידער געהייסן „אונדזער דאָקטער". א לאנגע צײַט, ביזן ארויסגיין אף פּענסיע, האָט ער געארבעט אלס אסיסטענט באם פּראָפעסאָר שאראפאָוו אין דער נערוון־קליניק. פאר באקאנטע אָדער פאר אמאָליקע „אומזיסטיקע" פּאציענטן, איז ער געבליבן דער דאָקטער פאר אלע שלאָפקײַטן. אן אייצע, א גוט וואָרט זײַנס, באם לײַכטסטן צי באם שווערסטן קראנק ווערן, האָט געטרייסט און געהיילט. כ׳געדענק, ווען מײַן פאָטער איז א וואָך צײַט פאר זײַן טויט, פאָרענדיק זיך אין הויף בא די קיסטן פּאָמידאָרן, פלוצעם אוועקגעפאלן. די גיכע הילף האָט פעסטגעשטעלט — אינסולט. מיר אלע זײַנען געשטאנען איבערגעראשטע ארום בעט זײַנעם, האָט ער אופגעעפנט די אויגן, אָפּגעזוכט מיך מיט זיי, קיין לאָשן האָט ער שוין ניט פארמאָגט, נאָר כ׳האָב פארשטאנען פון די ליפּן זײַנע, ווי ער זאָגט מיר: „יאמפאָלסקין ברענג מיר, כ׳בעט דיך, יאמפאָלסקין!"

אייניקע מאָל, אין זומער־פארנאכטן, פלעג איך יאמפאָלסקין באגעגענען שפּאצירן אין גאס מיטן זון. דער זון איז זיך צעוואקסן העכער און ברייטער פונעם פאָטער. ס׳פּאָנעם זײַנס — צעקנייטשט, די האָר אפן קאָפּ — שיטערע, אויגן — בלאָנדזשנדיקע, אויסגעזען האָט ער ניט קיין סאך ייִנגער פונעם פאָטער. יאמפאָלסקי פלעגט דעם זון פירן אונטערן אָרעם, האלטן אים פעסט לעבן זיך, ער זאָל זיך כאָלילע ניט אויסרײַסן, ניט אראָפּ פונעם טראָטואר, ערגעץ ניט א לאָז טאָן זיך. בא אזא באגעגענען זיך, פלעגט זיך יאמפאָלסקי קיינמאָל מיט מיר ניט אָפּשטעלן. ער פלעגט צו מיר נאָר א שאָקל טאָן מיטן קאָפּ און שפּאנען ווײַטער, אײַנגאנצן פארטיפט און ארײַנגעטאָן אין דאָזיקן פאָטער־ און זון־שפּאציר.

די לעצטע עטלעכע יאָר פלעגט יאמפאָלסקי אָפּט קומען צו מיר צוגאסט און פלעגט אונדז אָפּטמאָל פארבעטן צו זיך צוגאסט. בעטיע האָט זיך שטארק אראָפּגערוקט, באקומען א צעפאלדעוועטן האלדז, א גרײַז־גראָוון קאָפּ, געוואָרן אײַנגעשרומפּן, נידעריקער. זי פלעגט אונדז אופנעמען מיטן שענסטן און בעסטן. לעקאָוועד אונדז, אפּאָנעם, האָט זיך דער זון זייערער אומגעדרייט אין שטוב א פריש־אָפּגעגאָלטער, א צוגעקעמטער, אָנגעטאָן אין א ווײַס קנאקנדיק העמד. דאָקטער יאמפאָלסקי האָט דעם זון אוועקגעזעצט באם טיש לעבן זיך. אין טעלערל, וואָס בעטיע האָט אוועקגעשטעלט לעבן זון, האָט יאמפאָלסקי אָנגעלייגט צוביסלעך פון אלע מײַכאָלים — א פול טעלערל. דער זון איז געזעסן א פארבלאָזענער, מיט פארשמאָלטע אויגן, צו די רייד באם טיש, פארשטייט זיך, ניט צוגעהערט זיך, געקוקט פארטראָגן ערגעץ אין איין פּינטל. פלוצעם האָט ער א כאפּ געטאָן א פלאש פונעם טיש און זי ארונטערגערוקט אונטער דער פּאכווע, מיטן פּיסקל אָנגעשטעלט צו אונדז. יאמפאָלסקי האָט דעם זון א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ. די פלאש בא אים אוועקגענומען און אים געזאָגט: „עס, קינד מײַנס, פארוואָס עסטו ניט?" און אז דער זון האָט ארויסגעלאָזט פונעם מויל א מרוקע און איז מיט אלע צען פינגער זײַנע ארײַן אין די טעלער אפן טיש, איז בעטיע צוגעגאנגען צו אים, אָנגעשריגן אף אים און מיט א האנט אירער אָנגעהויבן פּעטשלען אים איבער די פינגער. יאמפאָלסקי האָט זיך אופגעשטעלט און זייער רוִיק א זאָג געטאָן בעטיען, אז קינדער לערנט מען ניט מיט קיין בייזקײַט און אוודאי ניט מיט קיין צעלאָזטע הענט. מיט גוטן — האָט ער געזאָגט, — נאָר מיט גוטן! ער האָט די פאר-

שמירטע פינגער דעם זונס גוט אויסגעווישט מיט א סאלפעטקעלע, א קוש געטאָן דערבײַ, אים דערנאָך דערלאנגט א גאָפּל אין דער האנט און אָנגעהויבן לערנען, דאכט זיך, אפילע מיט א ניגנדל, אז עסן דאַרף א קינד מיט א גאָפּל, נאָר מיט א גאָפּל, אָט אזוי־אָ, שיין און איידל, נאָר מיט א גאָפּל און נאָר פון דעם טעלערל, וואָס שטייט לעבן זיך, און אז א קינד פאָלגט, וואָס מע הייסט דעם, האָט אי די מאמע ליב דאָס קינד, אי דער טאטע, אי יעדער איינער האָט עס ליב. אזא ניגנדל און אזא פעסטעניש, גלײַך דער זון וואָלט אין אָן עמעסן געווען גאָר א פּיצל קינד און ניט קיין מענטש פון אריבער די פערציק.

— נישקאָשע, נישקאָשע, — האָט יאמפּאָלסקי געענדיקט, — אבי דו ביסט געזונט און אבי דו זיצט אינײנעם מיט אונדז באם טיש, קינד מײַנס!

צו מיר פלעגט דאָקטער יאמפּאָלסקי אָפּט קומען צוגאסט מיט שריפטן זײַנע. פּלוצעם, מיט א צען יאָר צוריק, אף דער עלטער שוין, קאָן מען זאָגן, האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן. ער האָט געשריבן טאָג בא טאָג, געשריבן מיט גלוסטעניש און מיט פאראקשנטקײַט. ס׳האָט זיך אים געשריבן, ווערליק ער האָט געזאָגט, גרינג — ער נעמט נאָר די פען אין דער האנט, ווערן באלד געבוירן שורעס, זײַטלעך גאנצע. דער קסאוו זײַנער אין די גראָבע העפטן מיט זײַנע שריפטן איז געווען א פארדרייטער, א קאָטשערעס־מיט־לאָפּעטעס־קסאוו, אומפארשטענדלעכע קאָדערישע אויסיעס, ווי צו־געטראכטע פון אים אליין. אזוי פלעגן אמאָליקע דאָקטוירים שרײַבן רעצעפּטן. מע זאָל זײַן מיט טײַזנט קעפּ, וועט קיינער כוצן אלטיטשקן אפּטײ־קער אזא רעצעפּט ניט איבערלייענען.

מיט דער בריל אפן שטערן, מיטן צעעפנטן העפט בא די רויטלעכע אויגן, בא דער סאמע נאָז, אזוי פלעגט דאָקטער יאמפּאָלסקי זיצן אנטקעגן מיר און פאָרלייענען מיר א נײַע זאך זײַנע. צום לייענען פלעגט ער אָפּט צוקנאקן זיך מיט צוויי פינגער. אָפּט, ווו מ׳האָט געדאַרפט, אליין זיך צעשמייכלען, צי גאָר, פאַרקערט, אָנכמורען זיך, בא די דיאלאָגן בײַטן דאָס קאָל, איבערגיין, לויט די פארשוינען, פון אן אונטערשט באסאָווע קאָל צו אן אייבערשט דין קעלעכל. צו מיר פלעגט ער אינמיטן לייענען קיין איין קיק ניט טאָן. פלעגט צומאָל נאָר א הייב טאָן די אויגן ערגעץ ווײַט איבער מיר. ס׳איז שווער געווען אָפּצוגעבן זיך א כעזשבן, צי זעט ער פאר זיך, לייענענדיק, א גרויסן זאל מיט אן אוילעם קאָפּ אף קאָפּ, צי ער האָט אפילע אין מיר איינעם קעגן זיך אויך פאַר־געסן.

ער האָט געשריבן קליינע און גרעסערע דער־ציילונגען, ראָמאנען. אומעטום איין טעמע: ליבע. זײַן שרײַבן איז פאר מיר געבליבן א רעטעניש, כאָטש ס׳איז, דאכט זיך, געווען קלאָר, ווי דער טאָג, אז מיט ליטעראטור, מיט דעם, וואָס הייסט עמעסע ליטעראטור, קער זיך עס וויי־ניק־וואָס אָן. אלץ האָט דאָרט אויסגעזען אויסגעטראכט, צונויפּ־געשטעלט, אָן טיפע שײַכעסן צו לעבנס־עמעסן, אָפּגעשאָטנט פון ערגעץ אין ביכער ארויסגעלייענט, אויסגעטראכט און צונויפגעשטעלט דערצו גאָר פּרימיטיוו, שילעריש, אָן א מינדסטן בלישטש ערגעץ־ווו, אָן שארפזין. פאַרקערט: דאָ און דאָרט אפילע נארישעוואטע, לעפּיש צעצויגן, אָן מאָס און אָן וואָג. כ׳בין זיך מוידע: אָפּטמאָל פלעג איך א קלער טאָן, אז צום זון־אומגליק זײַנעם אין שטוב האָט זיך דאָס דאָזיקע שרײַבן צוגעטשעפּעט צום דאָק־טער יאמפּאָלסקין, ווי א מין נײַער אומגליק. ס׳וואָלט אוודע געווען גלײַכער כאָוועריש א זאָג טאָן אים: „צוליב וואָס פארלירט איר אומזיסט און אומנישט אי קויעך, אי צײַט? ס׳באקומט זיך בא אײַך ניט דאָס, וואָס מע דאַרף. ס׳טויג ניט”. נאָר, ערשטנס, ווי קאָן מען אזוינס א מענטשן זאָגן, גלײַך אָפּהאקן אים די פליגל? צווייטנס, מעג מען דען אזוינס עמעצן זאָגן, איז מען דען אמאָל אינגאנצן זיכער אין דעם? כ׳פלעג קוקן, ווי דאָס פּאָנעם זײַנס שײַנט מיט האנאָע בעשאס ער לייענט מיר עפּעס פאָר. כ׳פלעג טראכטן וועגן א פארבאָר־גענעם אינווייניקסטן קויעך זײַנעם, וואָס זעצט אים יעדן טאָג אוועק באם טיש מיט דער פען אין דער האנט און באפעלט אים: שרײַב! כ׳פלעג טראכטן וועגן דער איינציקער טעמע זײַנער — ליבע, וואָס האָט, אפּאָנעם, געכלינעט אין אים דאָס גאנצע לעבן און איז איצט, גראָד אין דער עלטער, ארויס פון די ברעגן, צעגיסט זיך אף פּאפּיר. שוין אין דעם אליין, פלעג איך קלערן, שטעקט עפּעס טיף־מענטשלעכס, עפּעס גוטס, עפּעס באזונדערס זײַנס — יאמפּאָלסקיס. סאָפקאָלסאָף זײַנען אין די געדיכט־פארשריבענע העפטן ארײַנגעלייגט געדאנ־קען זײַנע, בילדער און וויזיעס, זאָל זײַן ניט־געניט אויסגעפאנטאזירטע, לעפּיש און אומבאהאָלפן ארויסגעבראכטע אפן פּאפּיר, נאָר די ניט־געניטקײַט און אומבאהאָלפנקײַט איז זײַנע — ס׳איז ער. און אויב ער האָט דערפון פרייד, און אויב דאָס איז אפילע ניט מער ווי א כאָלעם, א פלאטע־נדיי־קער ארום זײַן עלטער, וויאזוי זשע טוט מען אזוינס אזוי־אָ א שנײַד אָפּ: „ס׳טויג ניט”?

כוץ דעם, פלעג מיר דער דאָקטער יאמ־פּאָלסקי סײַוויסײַ שטילערהייט געבן אָנצוהערן, אז ער לייענט מיר ניט פאַר זײַנע זאכן, קעדיי צו דערוויסן זיך, צי טויגן זיי יאָ, צי טויגן זיי ניט, — ער קומט צו מיר, כ׳זאָל אים נאָר אויסהערן.

די גראָבע פארשריבענע העפטן פלעג ער אָפּקלאפּן בא מאשיניסטקעס אף א שרײַבמאשינקע, אוועקשיקן אין רעדאקציעס, אין פארלאגן, און פלעג מיר דערנאָך געבן אָנצוהערן, אז דאָס, וואָס מע דרוקט זײַנע זאכן ניט אָפּ, ארט אים ניט. ער שרײַבט ניט צוליב דעם, זײַן שרײַבן זאָל אף דער וועלט באוווּסט ווערן, און אוודע ניט צוליב קאָוועד וועגן. ער שרײַבט, ווײַל ער פילט אין זיך

צו דעם און איבערנאַטירלעכע באַדערפֿעניש. ס'וועט אים דערפֿון גאָרנישט ניט אָפּהאַלטן. ווי עס זאָל ניט זײַן, וועט ער בעמיילע יעדן טאָג ווײַטער זיצן זיך זײַנע עטלעכע שאָ באַם טיש.

און איך פֿלעג ווידער אַ טראַכט טאָן קאַפּויר: דאָס שרײַבן זײַנס האָט זיך צום דאָקטער צוגעטשעפּעט, ווי אַ מין קרענק, אַ שלאָפֿקײַט. און פּונקט ער, דער דאָקטער, דער רויפֿע כוילים, וואָס האָט אין זײַן לעבן צענדליקער און הונדערטער שלאָפֿקײַטן אויסגעהיילט, איז אויף זײַן אייגענער שלאָפֿקײַט אַפֿילע קיין מייוון ניט.

בעטיע גראַדע איז יאָ געווען דערויף אַ שטיקל מייוון. איינמאָל האָט זי מיר אַ זאָג געטאָן:

— וואָס פֿאַר אַ פֿרײַנט זײַט איר אים? פֿאַרוואָס שטעלט איר אים ניט אָפּ? כ'פֿאַרשטיי דען ניט, אַז דאָס דאָזיקע שרײַבן זײַנס איז אַן אַנשיקעניש אויף אונדזער קאָפּ. קיין רו האָט ער דערפֿון ניט. גייט אום, ווי ניט אויף דעם אוילעם. זיצט דורך די נעכט און טענטלט און טענטלט. מיט די בערג פֿאַרשריבענע פּאַפּירן זײַנע וואָלט מען שוין געקענט אויסהייצן ניט נאָר איין אויוון. וואָס, ווער, ווען? זעסט דאָך, אַז קיינער דאַרף עס ניט.

באַלד אָבער האָט זי זיך צוריקגעכאַפּט:

— כ'ווייס? ער טוט דען עמעצן שלעכטס דערמיט? עפּעס אַ טאַם פֿילט ער דאָך אין דעם. מע קאָן שוין גאָרניט וויסן, וואָס עס קאָן נאָך דערפֿון אַרויס. צו וואָס ער קאָן זיך נאָך דערשרײַבן. מ'האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן. צוריק געשמועסט: אויב ס'איז אונדז כאָלילע באַשערט אַ נײַער אומגליק אין שטוב, זאָל שוין דאָס־אָ, אָט די מאַנקאָליע זײַנע, זײַן דאָס אָפּקומעניש.

גלײַך, ווי זי האָט עס פֿאַרגעפֿילט. אין אַ צײַט אַרום האָב איך באַקומען פֿון איר אַ קאַרטל מיט עטלעכע געציילטע ווערטער: „כ'בעט אײַך, קומט צו אונדז צו. מיט יאַמפּאָלסקין איז שטאַרק ניט גוט".

כ'האָב דעם דאָקטער יאַמפּאָלסקין געטראָפֿן ליגן אין בעט, ליגן מיט אָפֿענע אויגן און קוקן אַרויף צו דער סטעליע. אַן די ברילן האָט דאָס פֿאַרביטענע פּאָנעם זײַנס אויסגעזען ווי אָפּגעטייט, ווי אָפּגעטעמפּט — ס'האָט, פֿאַרשטייט זיך, נאָר אויסגעדאַכט זיך, אַז שולדיק זײַנען די ברילן. אין שטוב איז געווען אָנגעוואָרפֿן. דער טיש פֿון דער מיט שטוב — פֿאַרוקט ערגעץ אין אַ ווינקל. די פּאָר בענקלעך זײַנען געשטאַנען לענגויס דעם בעט — מענטשן זײַנען דאָ, אָפּאָנעם, נאָרוואָס געווען, געזעסן לעבן כוילע. דער זון אין צווייטן צימער איז שוין געהאַט געשלאָפֿן, כאָטש ס'איז נאָך געווען פֿרי, ניט מער, ווי אַ שאָ אָנדערהאַלבן אין דער נאַכט. בעטיע האָט מיך באַגעגנט מיט פֿאַרבראָכענע הענט, אַ זאָג געטאָן אויף אַ הויך קאָל: „אויס יאַמפּאָלסקי!" און מיט די זעלבע הענט מיר געוויזן, אַז איר רעדן אַזוי הויך איז גאָרניט,

ער פֿאַרשטייט בעמיילע ניט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים. זי האָט אַ כליפּע געטאָן:

— אוי, אַ גרויסער אומגליק! ער האָט פֿאַרלוירן דעם זיקאָרן, געדענקט לאַכלוטן קיין שום זאַך ניט. אַזוי איז ער דאַפֿקע געזונט. איר ווייסט דאָך, ער האָט זיך קיינמאָל אויף גאָרנישט ניט געקלאָגט. ס'האַרץ איז אים אַ גוטס. די לונגען — גוטע. אַלצדינג — גוט. נאָר אַ מעסוקענער סקלעראָז. אַלע צאָרעס זײַנע, אַלע איבערלעבענישן האָבן זיך אים אָפּגעלייגט אויפֿן סקלעראָז, געדענקט לאַכלוטן גאָרנישט ניט. אינגאַנצן פֿאַרלוירן דעם זיקאָרן. ליובע מײַנע.

כ'האָב זיך צוגעזעצט לעבן בעט אויף אַ בענקל און אַ האַנט זײַנע אַרײַנגענומען אין מײַן האַנט. דאָקטער יאַמפּאָלסקי האָט אַ פֿיר געטאָן די אויגן פֿון דער סטעליע אויף מיר, אַ פּאָר רעגעס מיך אָנגעקוקט, און מיט די אויגן מיך געפֿרעגט ווער איך בין. איך האָב אָנגערופֿן מײַן נאָמען, און ער האָט ווי אַ שמייכל געטאָן:

— אײַ, געהאַט אַמאָל אַזאַ כאַווער. געווען אַ גוטער כאַווער מײַנער.

בעטיע האָט ווידער אַ כליפּע געטאָן:

— וואָס רעדט איר, ער געדענקט אַפֿילע ניט, ווער טאָלסטאָי איז, ווער שאָלעם־אַלייכעם איז. אוי, וויפֿל טויזנטער ביכער ער האָט אין זײַן לעבן איבערגעלייענט! אַלצדינג געדענקט ער אויסווייניק. וויפֿל ביכער האָט ער מיט מיר געלייענט. וויפֿל גוטע זאַכן האָט ער מיר אין זײַן לעבן דערציילט, געלערנט מיך. אַז איך פֿלעג שוין דערנאָך אויך עפּעס אַ זאָג טאָן, פֿלעג ער צו מיר אַ קוק טאָן מיט אַ שמייכל: בעטיע, פֿונוואַנען ווייסטו עס? זע נאָר, ביסטעך גאָר זייער אַן אָנגעלייענטע. אוי, ליובע מײַנע!

— און וואָס זאָגן די דאָקטוירים? — האָב איך געפֿרעגט.

— וואָס זאָלן זיי זאָגן, די דאָקטוירים? מע היילט אים. מע מאַכט אים איניעקציעס, זיי האָבן געקראָגן פֿאַר אים עפּעס גאָר באַזונדערע פּילן. ערשט פֿאַרנאַכט געזעסן לעבן אים דרײַ באַקאַנטע דאָקטוירים זײַנע. געאַרבעט אינאיינעם אַ סאַך יאָרן אין דער קליניק. געזעסן און אים דערמאָנט דאָס, דערמאָנט יענץ. גאָרניט. אַ פֿינצטערניש אין קאָפּ זײַנעם, ווי אין אַן אָפּגרונט. וואָס זאָלן זיי זאָגן, וואָס? צו דעם איז ניטאָ קיין שום טרופֿע. פֿאַרפֿאַלן יאַמפּאָלסקי, פֿאַרפֿאַלן.

און זי האָט זיך ווידער צעוויינט:

— ווי אין אַ טיפֿן פֿינצטערן אָפּגרונט. אַפֿילע ווער איך בין, געדענקט ער שוין, נעבעך, ניט. איין־און־איינציקע זאַך איז אים נאָך געבליבן אין זיקאָרן: דער זון אונדזערער. אַלע אָפּדערנאַכט, פֿאַרן לייגן זיך שלאָפֿן, גיט ער אים נאָך אַלץ אַ קוש אין שטערן און טוט אים אַ זאָג מיט די זעלבע ווערטער, ווי אַלע יאָרן: „האָב אַ גוטע נאַכט, שלאָף געזונט, גאָלדן ייִנגל מײַנס!" אוי, אוי!

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, ווען מיר זײַנען מיט דער פֿרוי מײַנער, אין אַ פֿאַרנאַכט, געקומען אַ קוק טאָן, וואָס באַם דאָקטער יאַמפּאָלסקי הערט זיך, האָבן מיר אין הויף בײַ אים דערזען אַן אוילעם מענטשן — דאָ אַ רעדל, דאָרט אַ רעדל. די שײַנע נײַס האָבן מיר זיך באַלד דערוווּסט: בעטיע איז מער ניטאָ. פֿון פֿאַרטאָג אָן איז זי געשטאַנען אין קיך, געבראָטן, פֿאַרפּראַוועט, געזאָטן, פֿאַרדרייט אויפֿן ווינטער סלאָיִקלעך בלאָווע פּאָמידאָרן. אָנבײַסן־צײַט האָט זי נאָך דעם מאַן און דעם זון אָנגעהאָדעוועט, ווײַטער געפּאָרעט זיך אין קיך. אַרום פֿיר באַטאָג, זעט אויס, אַוועקגעזעצט זיך אַנטקעגן מאַנס בעט אויף אַ בענקל אָפּכאַפּן דעם אָטעם, און אַ שכיינע האָט זי שוין דערנאָך געטראָפֿן אַזוי־אָ זיצן אויפֿן בענקל מיט אַ פֿאַרוואָרפֿענעם קאָפּ. געלעבט, ווי אַ צאַדייקעס, און געשטאָרבן, ווי אַ צאַדייקעס, אַפֿילו ניט געוווּסט, אַז זי שטאַרבט, — האָט דער אוילעם אין הויף גערעדט.

אויפֿן אַנדערן טאָג איז געווען די לעווײַע. אין הויף האָט זיך געראַשט. דער אָרן מיטן מעס איז געשטאַנען אין דרויסן אויף צוויי טאַבורעטלעך. שכיינים און באַקאַנטע האָבן אים אַרומגעשטעלט מיט קראַנצן בלומען. אינעווייניק אין שטוב האָבן זיך אומגעדרייט יאַמפּאָלסקי און דער זון זײַנער, מעגלעך אַפֿילו צוגעקומען צום פֿענצטער, און האָבן ביידע ניט אָנגעהויבן וויסן, וואָס אין דרויסן טוט זיך. אינגיכן איז אין הויף אַרײַנגעפֿאָרן דער קוווּרע־אויטאָבוס, און דאָרט איז ווידער געוואָרן ליידיק און שטיל.

פּונקט אַזוי האָט יאַמפּאָלסקי ניט געוווּסט, אַז גוטע מענטשן האָבן זיך געסטאַרעט און דעם זון זײַנעם, אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דער מוטערס טויט, אַוועקגעפֿירט אין אַ פּסיכיִאַטרישן שפּיטאָל. מערער אַ מין אייביקע היים פֿאַר פֿאַרפֿאַלענע פּסיכיש־קראַנקע, איידער שפּיטאָל. דער פּופּציקיאַריקער אויסגעצערטלטער זון יאַמפּאָלסקיס האָט דאָרט באַלד אויפֿגעהערט עסן, אויפֿגעהערט שלאָפֿן. פֿאַר אָפּגעשוואַכטקייט, צי טאַקע פֿאַר בענקשאַפֿט, באַקומען דערנאָך אַ לונגען־אָנצינדונג און איז איבער דער דאָזיקער פּראָסטער לונגען־אָנצינדונג אַוועק פֿון דער וועלט. יאַמפּאָלסקי האָט עס ניט געוווּסט, נאָר, אַפּאָנעם, עס געפֿילט. מענטשן, שכיינים, וואָס פֿלעגן אים אַלע טאָג אַרײַנברענגען אין שטוב אַ לעפֿל געקעכטס, דערציילן, אַז ער האָט מיטאַמאָל אויפֿגעהערט רעדן, אויפֿגעהערט אַראָפּקריכן פֿונעם בעט, פֿלעגט נאָר צײַטנווײַז, מערער, קענטיק, אין די פֿאַרנאַכטן, פֿאַרדומפּן, קוים וואָס מ'האָט פֿאַרשטאַנען, אַ מורמל טאָן: „שלאָף געזונט, גאָלדן ייִנגל מײַנס!", און האָט דאָס דערנאָך אויך אויפֿגעהערט טאָן, געבליבן ליגן אין בעט מיט פֿאַרגלעזטע אויגן, פֿאַריסענע אַרויף צו דער סטעליע.

אַזוי האָט זיך גיך געענדיקט די יאַמפּאָלסקי־טראַגעדיע. ווי עס לייענען זיך גיך איבער די אָנדערהאַלבן צענדליק אָרעמע שורעס, וואָס כ'האָב וועגן דער דאָזיקער ענדע נאָרוואָס אָנגעשריבן.

אין דאָקטער יאַמפּאָלסקיס הויף האָט זיך ווידער געראַשט אַן אוילעם. דער אָרן, איבערגעדעקט מיט אַ שוואַרצער דעק — ווידער אין דרויסן אויף די צוויי טאַבורעטקעס. אַן אַ שיר קראַנצן לעבעדיקע בלומען. צוויי העספּעד־רעדעס, פֿול, ווי געוויינלעך, מיט שוואַכים, איידער מ'האָט דעם אָרן אַ הייב געטאָן אין דער הייך, אַרײַנגערוקט אין קוווּרע־אויטאָבוס. כ'בין גראַדע געשטאַנען דערבײַ, ווען צוויי מענטשן האָבן זיך אויף דעם דאָקטער יאַמפּאָלסקיס לעווײַע אַפֿילו גוט צעקריגט צווישן זיך.

איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

— אייסעך, ניט קלוג געלעבט. מאַקריוו זײַן די יאָרן צוליב אַ ניט־דאָ־געדאַכטן זון, וואָס האָט דעם קאָרבן אַפֿילו ניט געדאַרפֿט. אַ זאַכלעכער מענטש מיט אַ קאָפּ אויף זיך, וואָלט דאָס ייִנגעלע קליינערהייט געוווען אַוועקגעגעבן ערגעץ אין אַן אינסטיטוט, ס'ווײַב וואָלט אים געהאַט אַ צווייט קינד, און זיי וואָלטן זיך געווען אָפּגעלעבט דאָס לעבן אין נאַכעס און אין פֿרייד, ווי די גאַנצע וועלט לעבט.

דער צווייטער האָט זיך אַזש אָנגעצונדן, באַלד אָנגעהויבן זידלען זיך:

— פֿאַרמאַכט דאָס פּוסטע מויל אײַערס! ט'האָסטו דיר, ווער עס גייט אונדז לערנען, וואָס ס'איז קלוג און וואָס ס'איז ניט קלוג. זאַכלעכקײַט. רופֿט עס אָן באַם עמעסן נאָמען — אויסטויגערישקײַט. די דאָזיקע אויסטויגערישקײַט אײַערע איז אונדזער גאַנצע צאָרע. ערלעכקײַט, כאַווער, מענטשלעכקײַט! אָט אויף אַזאַ־אָ מענטשלעכקײַט, ווי זײַנע, וועט זיך האַלטן די וועלט.

כ'וויים, הייסט עס, פֿאַרוואָס איך שטעל דאָ דעם דאָקטער יאַמפּאָלסקין אַ באַזונדערע אויסגעטיילטע מאַציייווע. אויף אַ פּראָסטן שטיין וואָלט איך אויסגעשלאָגן ניט די צענדליקער מײַלעס זײַנע. אַפֿילו ניט די סאַכאַקלדיקע שורע „אַ מענטש מיט אַ גוט האַרץ". פּאַשעטער. קירצער. און באַשיידענער. איין־און־איינציק וואָרט: „אַ מענטש".

# אַ שווערער זונטיק

אַלע זונטיק, ס'מעג דונערן און בליצן, אַט אַזוי שוין אַריבער אַ יאָר, גייט זי צו אים, אָנגעטאָן אין שוואַרצן, מיט פֿאַרוויינטע אויגן.

אַ גאַנצע וואָך זײַנען דאָ די זיבן שאָ טאָג־באַ־טאָג אויף דער אַרבעט, איז דאָ די שטוב, וואָס מע דאַרף פֿונדעסטוועגן ווי־ניט־איז אויפֿהאַלטן, זײַנען דאָ — אײ פּאָר רעגילעס, אײ מ'איז דאָך אַ לעבעדיקער מענטש — דאָס טעפּל געקעכטס אין קיך אויף דער פּליטע, דאָס צולויפֿן עפּעס אײַנקויפֿן, אַמאָל אַ געוועשל, אַן אויפֿראַמעכץ, פֿאַרנומענקײַט, זאָרגן, מידקײַט, דער טאָג לויפֿט איבער, צערינט זיך צווישן די פֿינגער, סטײַעט קוים, פּונקט ווי פֿריִער, עפּשער אַפֿילו ווייניקער ווי פֿריִער, ווען ער האָט געלעבט.

דער פֿרײַער יאָמטעוודיקער זונטיק טוט אַ ברענג אָן אויף זײַנע פֿליגל די גאַנצע עלנטקײַט אירע, צעיאָטערט דעם ווייטיק, צעפֿלאַקערט איר בענקשאַפֿט.

ס'געלעגער אירס בלײַבט אין שטוב ניט פֿאַרבעט, די אַראָפּגעלאָזטע שטאָרעס אויפֿן פֿענצטער — ניט אַרופֿגעצויגן. זי טוט אויף זיך גיך אָן דאָס שוואַרצע אַלמאָנעדיקע קלייד, וואָס זי האָט נאָך זײַן טויט אַ יאָר צײַט קעסיידער געטראָגן, טוט אַ כאַפּ אַרויף אויפֿן קאָפּ דאָס שוואַרצע טיכל, אײ פּאָר רעגילעס, אײ — מ'איז דאָך אַ לעבעדיקער מענטש, גיט זי אין קאָרידאָרל אַ גיכן בליק אויף זיך אין שפּיגל און לאָזט זיך אַוועק צו אים.

זי גייט צו אים צופֿוס. דער וועג אַהין, דער טרויער־וועג, זאָל זיך ציִען וואָס לענגער, זאָל זי וואָס מערער אָנפֿילן מיט צער און מיט פּײַן. די אויגן אירע גיסן זיך אָן מיט טרערן. אין די ברייטע טונקל־בלויע רייפֿן אונטער אירע ווײַעס ציטערט אויף די פֿאַרכמאַרעטקײַט פֿון איר צעבראָכן געוואָרענעם לעבן. זי גייט מיט די פּאָר בלימלעך אין די הענט ניט געײַלט, וואָס אַ מאָל פֿאַמעלעכער און שווערער, און עס גייען מיט איר מיט, אין ביידע זײַטן אירע, די פֿולע אַכצן יאָר, וואָס זי האָט אָפּגעלעבט מיט איר שימענען אונטער איין דאַך, אונטער איין קאָלדרע, צונויפֿגעגאָסענע איינער מיטן אַנדערן, אַרײַנגעוואַקסענע איינער אין אַנדערן, די לעצטע יאָרן, פֿלעגן מענטשן זאָגן, אַפֿילו ענלעך געוואָרענע איינער אויפֿן אַנדערן, ווי גלײַך ניט קיין צוויי פֿרעמדע מענטשן וואָלטן זיך צופֿעליק באַגעגנט, דערזען זיך און פֿאַרייניקט אינײינעם זייער גורל, נאָר גלײַך ווי איין אייגענע מאַמע וואָלט זיי אין איין צײַט ביידן געבוירן.

עפּעס טוט אין איר אַ כליפּע אויף. ווען ער האָט געלעבט, האָט זי זיך קיינמאָל ניט געקאָנט פֿאַרשטעלן, אַז די דאָזיקע „מאַמע", וואָס הייסט „ליבע", קאָן דיר ווערן לײַבלעכער און אייגענער איידער דײַן עמעסע מאַמע. איצט, ווען ער איז שוין ניטאָ, פֿילט זי, אַז ס'איז אַזוי. ווען ער איז שוין ניטאָ און זי קאָן אים שוין אַזאַ געדאַנק ניט אַרויסזאָגן, מיט אַזאַ געפֿיל אירן ניט דערפֿרייען.

קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט. מעגלעך, פֿאַרקערט, טאַקע דעריבער איז די ליבשאַפֿט זייערע איינער צום אַנדערן אייביק געבליבן יונג, אין די אַלע אַכצן יאָר ניט געמינערט זיך, ניט אַוועקגעגעבן געוואָרן, ווי עס טרעפֿט אָפֿט, דעם קינד — דער פֿרוכט פֿון דער דאָזיקער ליבשאַפֿט. אין די לעצטע יאָרן האָט די ליבשאַפֿט זייערע געטראָגן אין זיך דעם זעלבן אויפֿציטערנדיקן נײַגער, דעם זעלבן באַגער און די זעלבע נײַקײַטן, ווי אין די סאַמע ערשטע יאָרן.

עמעס, זיי פֿלעגן אַמאָל, איבער נאַרישקײַטן, פֿאַרשטייט זיך, ווי עס טרעפֿט אַזוינס אַפֿילו באַם גליקלעכסטן פּאָרל, אַ קריג טאָן זיך איינער מיטן אַנדערן, אומגיין אָנגעבלאָזענע, אַ טאָג אָדער צוויי ניט רעדן צווישן זיך. נאָר זייער ליבשאַפֿט האָט דערפֿון אויף קיין האָר ניט געליטן. פֿאַרקערט, זי האָט זיך אָפּגעפֿרישט, אָנגעהויבן זיך דערנאָך ווי פֿונסנײַ, ווי פֿון אַ נײַעם אָנהייב, פֿאַרגרעסערטער, מיט הייסערע פֿלאַקער־פֿײַערלעך. ווי געוויינלעך, ווי עס טרעפֿט אַזוינס באַם גליקלעכסטן פּאָרל.

די העכסטע הייך האָט זייער ליבשאַפֿט דערגרייכט אין די לעצטע כאַדאָשים זײַנע, ווען זי האָט שוין גוט געוווּסט, אַז ער איז אַ פֿאַרפֿאַלענער, און ער, כאָטש מ'האָט עס פֿאַר אים שטרענג אויסבאַהאַלטן, האָט עס שוין אַליין אויך גוט פֿאַרשטאַנען. פֿון דער כימיע־טעראַפּיִע זײַנען אים אויסגעפֿאַלן אַלע האָר אויפֿן קאָפּ, די באָרד אויף די באַקן האָט אים אויפֿגעהערט וואַקסן, אין די פֿאַרנאַכטן פֿלעג ער באַקומען גרויסע היץ, פֿלעגט בלײַבן ליגן אין בעט מיט אַ פֿאַרקרימטן אַשיק פּאָנעם. זי האָט אים בעשום־אויפֿן ניט געוואָלט דערלאַנגען דאָס שפּיגעלע, ער זאָל זיך אָנקוקן, און ער האָט איר אַ זאָג געטאָן: „כ'שטעל זיך שוין פֿאָר, ווי איך זע איצטער אויס אין דײַנע אויגן!..." זי איז צוגעפֿאַלן מיטן קאָפּ צו זײַנע אײַנגעקנייטשטע באַקן און אויסגעשאָסן אַ געוויין: „אוי, טײַערער, זעסט איצט אויס אין מײַנע אויגן שענער און ליבער ווי טאָמיד!" און זי האָט אים ניט אָפּגענאַרט. אַזוי־אָ, אַ האַלב־אויפֿגעפֿרעסענער פֿון דער ראַק־קרענק, וואָס האָט זיך צעשפּרייט אומעטום אין זײַנע אינווייניקײַטן, אַן אײַנגעדאַרטער און פֿאַרקרימטער, איז ער איר געווען דער

סאמע ליבסטער און האָט איר אויסגעזוכט דער סאמע שענסטער. ער פֿלעג א נעם טאָן די האַנט אירע, ארונטערלייגן זי אונטערן העמד צו זיך אפן הארצן, דאָס פּאָנעם זײַנס פֿלעג א שײַן טאָן מיט אזא שטילער האנאָעדיקער פֿארגרינגערטקײַט, און זי האָט דעם באריר מיט זײַן לײַב, איין טאָג נאָך אפֿילע פאר זײַן טויט, דערפֿילט מיט דעם זעלבן פּילן, ווי אמאָל, אין זייערע ערשטע וואָכן, ווי שפּעטער, טאָמיד, אין אַלע זייערע אכצן יאָר. מיט וואָס האָט זי אים געקאָנט העלפֿן? אין זײַנע לעצטע פּײַן־כאַדאָשים פֿלעגט זי אים אָן א שיר קושן. צארט אויסקושן אים דאָס פּאָנעם, די הענט, דעם באקעט־געוואָרענעם קאָפּ. עפּשער האָט זי דערמיט אַף א פּאָר טעג פֿארלענגערט אים דאָס לעבן, פֿארלײַכטערט, אַלקאַלפּאָנעם, דאָס מוטשען זיך זײַנס. ער איז אויסגעגאנגען אַף אירע הענט, אין אירע אָרעמס. זי האָט א יאָמערלעכן געשריי געטאָן און איז צוגעפֿאלן מיט די ליפּן אירע צו זײַנע ליפּן. ניט פּאַשעט געקושט אים, נאָר צום לעצטן מאָל געקושט זיך מיט אים, געזעגנט זיך מיט אים אַף טאָמיד.

און אָט שטייט זי, ווי אַלע זונטיק, א פּארווײַנטע לעבן זײַן קייווער. די הילצערנע באנק, אינווייניק, אין דער פּארצוימטקײַט ארום קייווער, איז אָפּגעפּארבט מיט א טונקל־גרינער פּארב, מיט דער זעלבער פּארב, ווי די געפֿלאָכטענע אוזאָרן אַף די אײַזערנע שטאכעטן־ווענטלעך פֿון דער פּארצוימונג. די פּאראכטאַגיקע בלומען אין דער שטיינערנער מאַצייווע־וואזע זײַנען פּאר דער וואָך ניט פֿארוויאנעט געוואָרן. שימענס פּאָנעם, טיף אויסגעשלאָגן אין שווארצן גראניט פֿון דער מאַצייווע, קוקט די גאנצע צײַט צו איר. די אויגן זײַנע, דאכט זיך איר, שימענס פֿארטרויערטע אויגן, טוען זיך מיטאמאָל א פֿול אָן מיט פֿריילעכקײַט, הייבן אָן שמייכלען צו איר: „אוי, לײַע, א וואָך — א יאָר. כ'האָב שוין אזוי געבענקט נאָך דיר!” זי ווישט זיך מיט א טיכעלע אויס די טרערן, זעצט זיך אוועק לעבן אים אַף דער באנק, זיצט, קוקט אַף אים און שווײַגט. דערנאָך טוט זי זיך א הייב אוף, נעמט אפיר פֿון הינטער דער מאַצייווע א הויכע בלעכענע פּושקע מיט א דראָטן הענטל אויבן, ווי בא אן עמער, ברענגט צו טראָגן א פֿולע פּושקע וואסער און הייבט די מאַצייווע אָן ארומוואשן, ארומווישן און ארומפּוצן. כאָטש די מאַצייווע איז א פֿונק־נײַע, שטייט ערשט ניט מער ווי איין כוידעש, און פּאר די עטלעכע טעג, וואָס לײַע איז דאָ ניט געווען, איז אַף דער מאַצייווע קיין שטויבעלע ניט געפֿאלן. ווישנדיק, פּוצנדיק און גלעטנדיק די מאַצייווע, מורמלען אין איר, אינווייניק, ווערטער, ווי א קוועלכל: „שימען מײַנער, שימען ליבער, אָט זײַנען מיר ווידער איינער לעבן אנדערן. מיר וועלן אזוי אייביק זײַן איינער לעבן אנדערן”.

פֿון די אויגן גיסן זיך איר טרערן, קײַקלען זיך אַף די באקן, איבערן האלדז; זי זיצט אַף דער באנק אן אײַנגעהויקערטע, דעם קאָפּ ארײַנגעצויגן אין די אקסלען, א פֿארעלטערטע, און וואָלט זיך פֿון אָט דער באנק קיינמאָל ניט אופֿגעהויבן, וואָלט אזוי געזעסן דאָ אָן א שיר און אָן א סאָף.

אין די זונטיקן ראַשט זיך אפֿן בעסוילעם. לײַע איז דאָ ניט איינע. ערגעץ צווישן די קוואָרים טוט פֿלוצעם א זעץ אויס א הויך געוויין, יאָמערלעכע קלאָג־רייד אינײַנעם מיטן געוויין. אַף א צווייט אָרט הילכט אוף א מאָלע־ניגן — אויב מע קאָן אַף דער מאָלע זאָגן „ניגן”. באַם וואסערקראַנט, בארג־ארוף לעבן דער צענטראלער בעסוילעם־אלייע, שטייען מענטשן, אווײַלים, מיט קאָלערליי קיילים אין די הענט, אין א לאנגער ריי נאָך וואסער. צווישן די צענדליקער מיינסטנס ווײַסע מאַצייוועס שווינדלען אום, ווי טונקעלע כמאַרע־פֿלעקן, שווארצע פּרויען־טיכלעך, שווארצע מאנצבלשע היטלען און קאַפּעליושן, פֿארשווארצטע פּנעמער. שווארץ־ווײַס. א שפּיל צווישן שווארצקײַט און ווײַסקײַט, צווישן טויטס און לעבעדיקס.

דער בעסוילעם, דאָס הייליקע אָרט, ווו עס רוען די טויטע, דער טויטער און אַף אייביק אנשוויגן־געוואָרענער בעסוילעם, פֿארמאָגט זיך זײַן ראַש, זײַן געשריי, זײַן לעבן.

לײַע זיצט שוין אזוי לאנג אַף דער באנק. אַלע טראכטעניש, וועגן אים און וועגן זיך, זײַנען שוין ניט נאָר איין מאָל, ווידעראמאָל און נאָכאמאָל, איבערגעקלערט און איבערגעטראכט געוואָרן. זי זיצט אײַנגעהילט אין איר עלנטקײַט, ווי אין א שווארצער אָרן־דעק. ווי א קליין כײַעלע מיט שפּיצעכיקע אייגעלעך פֿון צווישן די גראָזן ארויס, טוט זיך מיטאמאָל א גאנווע צו איר צו א געדאנק, אַז סאָפּקאָלסאָף זײַנען די ווערטער „אָט זײַנען מיר ווידער איינער לעבן אנדערן” ניט מער ווי ווערטער. זי גיט זיך א טרייסל אוף, און דאָס כײַעלע פֿארשווינדט, באהאלט זיך ווידער אין די גראָזן. אירע כאווערטעס אַף דער ארבעט קוקן אַף איר, פֿילט זי, ווי אַף א ניט־דאָיִקער, ווי אַף עפּעס א ווילדער. וואָס ווייסן און וואָס פֿארשטייען אירע כאווערטעס? איין גוירל און איין נאָענטקײַט פֿארייניקט זי איצט נאָר מיט די עטלעכע גאָר פֿרעמדע מענטשן, וועמען זי האָט ביז ניט לאנג קיינמאָל פֿאר די אויגן ניט געזען, מיט קיינעם קיינמאָל קיין וואָרט ניט אויסגערעדט — די אַלמאָנעס און אַלמענס, צעשפּרייטע דאָ און דאָרט איבערן בעסוילעם, יעדער אַף זײַן באנק, לעבן זײַן נאָענטנס קייווער. מיט א פּאָר אַלמאָנעס האָט זי זיך באקאנט, זיך צערעדט מיט זיי, געגאנגען אינײַנעם, אין די זונטיקס, דעם בארג־אראָפּ ביז צום טראָלייבוס, צוריק אהיים. גערעדט האָבן זיי וועגן די סאמע וואָכעדיקסטע זאכן: וויאַזוי מע קאָן ברענגען פֿון זשיטאָמיר דעם גראניט פֿאר

דער מאַציִיווע, ווו מע קאָן קריגן די גאָלד־פֿראָשע־קעס, וועגן די אופּשריפֿטן אוקעדוימע. מיט די אַלמענס האָט זי זיך באַקאַנט נאָך וואַכעדיקער: עמעצער האָט איר געהאָלפֿן וועקשלעפּן אין א זײַט די אײַזערנע וועוונטלעך פֿון דער פּאַרצוימונג, אויסלייגן זיי איינס אויף ס׳אַנדערע, ווען די אַרבע־טער האָבן זיי אויסגעלאָדן אַבי־ווי אַפֿן וועג, פֿאַר־שטעלט מיט זיי דעם דורכגאַנג. א צווייטער האָט איר א פּאָר זונטיקס דורכאַנאַנד צוגעהאָלפֿן פֿאַרבן, ווען זי איז געשטאַנען אָנגעטאָן אין איר פֿאַרטער אַפֿן שוואַרצן קלייד און מיט אויסגעקווייטלטע פֿינ־גער אָפּגעפֿאַרבט די פּאַרטיק געוואָרענע פּאַרצוי־מונג אַרום שימענס קייווער.

דאָס כײַעלע מיט די שפּיצעקיקע אייגעלעך יאָוועט זיך אַרויס פֿון צווישן די גראָזן. יענעם אַלמענס פֿאַרשטאָרבענערס קייווער זעט מען פֿונ־דאַנען גוט אָן. ביגנייווע, ווי זי וואָלט דעם דאָ־זיקן קוק געגאַנוועט בא זיך אַליין, טוט זי אויף איין קורצער רגע א הייב די אויגן אַהין. פֿאַרוואָס איז ער נאָך דאָרט ניטאָ? עפּשער איז מיט אים עפּעס געשען? עפּשער קומט ער שוין מער ניט אַהער? אײַ, זי ווייסט אַפֿילע ניט, ווי ער הייסט. זי האָט אַפֿילע רעכט די צורע זײַנע ניט געזען — פֿאַרטרײַבט זי ווידער דאָס כײַעלע צוריק אַרײַן אין די גראָזן.

נאָר יענער אַלמען איז יאָ דאָ. ער איז א מענטש, זעט מען, נאָך די פֿופֿציק; א מיטלוווקסי־קער; אַרום די שלייפֿן — גראָוולעך; איר פּאָנעם — א מילדס און אָן אַפּנס. ער האָט שוין געבראַכט דעם צווייטן צי דעם דריטן עמער וואַסער. איינ־ווייניק, אַרום זײַן פֿאַרשטאָרבענערס קייווער, אָפּ־געשווענקט מיט איין גוס גלײַך פּונעם עמער די אויסגעפּלאַסטערטע מירמלנע פּליטקעס; אין דרויסן, בא דער סטעזשקע, אויסגעצופּט דאָס צוואָקסענע ווילדגראָז; מיט א דלאָניע פּונעם עמער אַרויס אַרום און אַרום באַשפּריצט די ערד, דער שטויב זאָל זיך אָפּזעצן; דעם שלאָס אַפֿן קייווער־טיר־צוריק פֿאַרשלאָסן, אַרומגעוויקלט אים מיט צעלאָ־פֿאַן־פּאַפּיר, ער זאָל בא א רעגן ניט זשאַווערן.

און ער איז דערנאָך שטיין געבליבן לעבן ליִען. אָנגעשפּאַרט ביידע עלנבויגנס צווישן די פּאַרשניצטע שפּיצן אויבן באַם אײַזערנעם פּאַר־צוימונג־וועוונטל, א פּאָר רעגעס ניט געוווּסט פֿונ־וואַנען אָנצוהייבן, א זאָג געטאָן די ערשטע ווער־טער, וואָס זײַנען אים געקומען אויף די ליפּן:

— נו, ווי פֿילט איר זיך?

ליִע האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן. מ׳האָט קוים געהערט דאָס שעפּטשען אירס:

— וואָס זשע, איר ווייסט דען ניט, ווי־אַזוי מע קאָן זיך פֿילן?

— ניין, כ׳מיין, גלאַט אַזוי, ביכלאַל.

— איך מיין אויך גלאַט אַזוי, ביכלאַל.

ער איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן, געשטאַנען און באַטראַכט ליִעס אײַנגעהויקערטקייט, אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן; זיך צערעדט דערנאָך מיט אַזא טאָן און מיט אַזא פֿאַרטראָגנקייט, ווי ער וואָלט גערעדט ניט צו איר און ניט צו קיינעם ניט: גערעדט אָן אָפּשטעלעכצן, ווי אויסגעכאַזערטס; ניט גערעדט — די רייד אויסגעשיט פֿון זיך.

— דער גרעסטער אומגליק קאָן זיך ניט ציִען אייביק, מוז האָבן א שיר, אָן אָפּשטאַנד. מע טאָר דעם מאַלכאַמאָוועס ניט געבן פֿאַר זײַן פֿײַן שטיקל אַרבעט קיין פּרעמיעס, ער האָט זיך שוין זײַנס אַליין געגוג געגומען. יײדן טרויערן א יאָר. ווייניקלעך, קאָן זיך דאַכטן. בא דעם, וואָס איז ניט געפּרוווט געוואָרן, לויפֿן די צוועלף כאָדאָשים איבער איינס־צוויי. נאָך דײַן נאָענטסטנס טויט איז א יאָר אָן אייביקײַט, נעמט צו בא דיר א האַלב לעבן. מיר ביידע, מיר מיט אײַך, זײַנען שוין ווײַט אַרײַן אין צווייטן יאָר. ס׳איז שוין מערער קרענק, איידער טרויער. ס׳איז שוין ניט געטרויערט — ס׳איז געזינדיקט. איין און דער זעלבער אומגליק האָט אונדז ביידן געטראָפֿן גלײַך אויף גלײַך. גלײַך אויף גלײַך אונדז געלאָזט עלנט און איינזאַם. נאָכן יאָר בלײַבן ווײַטער אין עלנטקײַט און אין איינ־זאַמקײַט איז ניט קיין קלענערע זינד. אונדזערע פֿאַרשטאָרבענע ליבע און טײַערע וואָלטן אויך ניט געזאָגט אַנדערש. איין און דער זעלבער אומגליק האָט אונדז ביידן פֿאַרייניקט. אָן אונדזער ווילן האָט ער שוין א האַלבע אַרבעט אָפּגעטאָן. איצט, נאָכן יאָר, נאָך אַזא לאַנג פֿאַרווייגט יאָר, דאַרף דאָס איבעריקע אָפּטאָן, מיט אונדזער ווילן, דער סייכל־האַיאָשער. אונדזערע פֿאַרשטאָרבענע ליבע און טײַערע וואָלטן אויך ניט געזאָגט אַנדערש...

ליִע האָט א הייב געטאָן פֿון דער ערד אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגן און מיט א פֿינקלענדיקן בלישטש אָנגעשטעלט זיי גלײַך אויף אים, אַפֿן מיט־אַמאָל שטיל געבליבענעם אַלמען. כאָטש זי האָט זיך ניט גוט אָפּגעגעבן קיין כעזשבן, צי די רייד, וואָס זי האָט נאַרוואָס געהערט, מיינען טאַקע דאָס, וואָס זי האָט פֿאַרשטאַנען, זײַנען די אויגן אירע וואָס א מאָל געוואָרן גרעסער און פֿינקלענדיקער. דער אַלמען איז, אַפּאַנעם, אַפֿן בלישטש אין אירע אויגן געוווען א קלענערער מייוון, איידער זי אויף זײַנע רייד. מאַכמעס ער האָט מיט א מילד גלעטנ־דיק קאָל פּלוצעם א זאָג געטאָן:

— זע נאָר, א שוואַרץ טיכל אַפֿן קאָפּ זאָל א פֿרוי אַזוי פּאַסטן! דאָס טיכל מאַכט אײַך נאָך שענער, ווי איר זײַט. נאָר טוט עס, כ׳בעט אײַך, אויס. געגוג. דאָס ווײַסע טיכל וועט אײַך נאָך מערער פּאַסטן!

פֿון צווישן די גראָזן איז אַרויסגעשפּרונגען דאָס כײַעלע מיט די שפּיציקע אייגעלעך, א טאַנץ געטאָן ליִען גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, מיט פֿאַר־שטשירעטע צײַנדעלעך אַרײַנגעפּישטשעט איר אין די אויערן:

— הער־הער. מע קאָן נאָך דאָ כאַסענע האָבן!..

ליזען איז באַפֿאַלן אַ ציטערניש. זי האָט אַרײַנגעכאַפּט דעם קאָפּ אירן אין בײדע דלאָניעס און דאָס אָנשיקעניש, דאָס כײַלעלע, אָפּגעטריבן פֿון זיך מיט די טרייסלענדיקע אַקסלען, מיט אַ הויך שלוקערצנדיק געוויין. אַף איין אויגנבליק איז דאָס שלוקערצן אירס איבערגעריסן געוואָרן. זי איז שטיל געבליבן, איין קוק געטאָן אַפֿן אַלמען קעגן זיך, איר געוויין איז איבערגעגאַן אין אַ הויך שלוקערצנדיק געלעכטער. דערנאָך איז פֿונעם געלעכטער ווידער געוואָרן געוויין, דערנאָך — ווידער געלעכטער.

אַ דערשראָקענער, איז דער אַלמען צוגעגאַנגען צו איר, אַ ריר געטאָן מיט דער האַנט אין אַקסל אירן:

— וואָס איז מיט אײַך? וואָס קומט מיט אײַך פֿאָר?

זי האָט זיך אַ בײַג געטאָן אין אַ זײַט, אַרײַנגעצויגן זיך אין זיך, שמאָל געוואָרן, אַוועקגעקאַרטשעט זיך פֿונעם אַלמענס ריר, ווי פֿון עפּעס בריִענדיקס און גליטשיקס, ווי גלײַך אַף איר אַקסל, אונטערן שוואַרצן קלייד, וואָלטן זיך געוואָרפֿן אַן אַ שיר גרויע, קריכנדיקע, גליטשיקע עקלער.

ליזע איז אַוועק פֿונעם בעסוילעם העט שפּעט באַטאָג. צווישן די קוואָרים איז שוין קיינער ניט געווען. אָרום און אַרום איז געלעגן צעשפּרייט נאָר טויטקייט, נאָר אָנשוויגנקייט. די זון אַפֿן הימל איז שוין דרײַ פֿערטל וועג אירן דורכגעגאַנגען, בײַגט שוין מער צום סאָף וועג, צום אונטערגאַנג, און ברייט נאָך גוט, און וואָרעמט נאָך גוט, און וועט מאָרגן, נאָך איר נאַכט, פֿונסנײַ אופֿגיין, פֿונסנײַ זיך צעשײַנען.

ליזע האָט געשפּאַנט דעם באַרג־אַראָפּ צום טראָליייבוס אַן אויסגעמאַטערטע און פֿאַרטראַכטע, און ס'האָט זיך איר אַלעמאָל אַ דאַכט געטאָן, אַז דאָס כײַלעלע מיט די שפּיציקע אייגעלעך שפּאַנט מיט איר מיט, אָט אין איין זײַט וועג, אָט אין דער אַנדערער זײַט וועג, אָט הינטער איר. זי האָט זיך אַלעמאָל אָפּגעשטעלט, אַרומגעקוקט זיך, אַ בײַג געטאָן זיך צו דער ערד און מיט אַ שטיינדל, צי מיט אַ שטעקעלע, צי מיט דער הוילער האַנט דאָס כײַלעלע אָפּגעטריבן. נאָר באַלד איז דאָס כײַלעלע ווידער געווען לעבן איר. אָט געשטשירעט צו איר מיט די ציינדעלעך, אָט געקוקט צו איר מיט אַ מאַניאַדיקער פֿרײלעכקײַט אין די שפּיציקע אייגעלעך.

ליזען איז הייס געוואָרן. אַ שוויס האָט זי באַשלאָגן. אי דערפֿון, אי פֿון דער בריִענדיקער זון. און זי האָט אויסגעטאָן דאָס טיכל, אַראָפּגענומען דאָס שוואַרצע טיכל פֿונעם קאָפּ.

נאָר זי האָט דאָס טיכל ניט צונויפֿגעלייגט, ווי געוויינלעך, אײַנפֿירן, און ניט גלאַט געטראָגן עס אין דער האַנט. זי האָט עס צעשפּרייט אַף אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם אירן, אַזוי־אָ דערמיט געשפּאַנט, און דאָס שוואַרצע טיכל אַף איר אָרעם האָט געפֿלאַטערט, ווי אַ פֿענדל.

# דאָוויד דער קאַפּריזנער און ספּילטשעווער

ווען דאָוויד קומט אַמאָל אַהיים פֿון דער אַרבעט צעפּאַמפּעט, עפּעס ניט אין זײַנע וואַסערן, איז גלײַכער, אַז מע טשעפּעט אים ניט, מע לאָזט אים צורו. ראָכעלע ווייסט עס גוט, שוין ניט פֿון הײַנט. זי וואָרעמט שטיל אָן אין קיך דאָס עסן, גרייט צום טיש, הערט זיך צו, ווי פֿאַרנט אין שטוב גיט דאָוויד אַלעמאָל אַ קידע, אַ בורטשע; ניט מיט קיין הויך קאָל טוט זי אים אַ רוף: „נו, קום, ס'איז שוין, דאַכט זיך, צײַט עפּעס צו נעמען אין מויל אַרײַן!"; און ווי זיצן דערנאָך בײדע שווײַגנדיקע, מיט די אויגן אין די טעלער, גלײַך צווישן זיי אַליין איז גאָר עפּעס פֿאָרגעקומען, גלײַך אַ שוואַרצע קאַץ איז צווישן זיי איבערגעלאָפֿן.

ראָכעלע ווייסט אָבער גוט, אַז אַזוי טויג אויך ניט. וואָס הייסט, אַ ווײַב, אַ האַרץ־פֿרײַנט, זעט, ווי דער נאָענטסטער און ליבער אירער מוטשעט זיך, לעבט עפּעס איבער. און זי פֿרעגט גאָר ניט וואָס און ווען? ס'אַרט זי ניט? צי זי זעט עס אַפֿילע ניט? אַזוינס קאָן זיך נאָך אויסדרייען ווי אַ צוגאָב פֿון אויבן. נײַן, פֿרעגן, פֿאַרשטייט זיך, וועט זי. נאָר מע דאַרף דאָס טאָן אַזוי געהיט, אַזוי בעריִעש געניט, זי זאָל, כאָלילע, גאַרנישט ניט קאַליע מאַכן, עס זאָל, כאָלילע, נאָך ערגער ניט ווערן. אין אַזעלכע מינוטן דאַרף מען מיט דאָווידן גיין, ווי מיט אַ ווייך איי. אַזעלכער איז ער, און אַזעלכער איז ער איר ליב און טײַער, איר דאָוויד.

— ערגערן זיך איז, דאַכט זיך, ניט קיין קלוגע זאַך, — טוט זי אַ זאָג, ווי גלאַט אין דער וועלט אַרײַן, — אַלדאָס שלעכטס גייט איבער, פֿליט דורך, ווי אַ שאָטן פֿון אַ פֿויגל. ווייסט עס דען אַליין ניט, דאָוויד?

— פֿונוואַנען נעמסטו, אַז איך ערגער זיך?

— הער נאָר, כ'בין דען בלינד?

— וואָס זשע זעסטו, זעערן מײַנע?

— וואָס איך זע, זע איך. ער האָט זיך שוין ווידער געטשעפּעט צו דיר, דער פּראָראַב?

— גראָדע ניט. פֿאַרקערט. ער פֿירט מיר אַפֿילע דעם כוידעש אַרויס אַ שטיקל פּרעמיע.

— וואָס זשע דען האָט ער דיר געטאָן?

— פונוואנען נעמסטו, אז ער, גראדע ער האָט מיר עפּעס געטאָן?

— מע זעט עס דען ניט אויף דײַן פּאָנעם, אויף דײַן צעטראָגנקייט, אויף דײַן קידען?

— עט, אייסעך.

— כ׳פארשטיי אליין, אז ס׳איז א נארישקייט, און אייסעך, כ׳קען דאָך דיך. אָבער פּאָרט, וואָס?

— ער האָט מיר דערציילט אן אנעקדאָט.

— ריבוינעשעלוילעם. דארף מען פון אן אנעקדאָט ווערן אזוי איבערגעקאָכט?

— פון די גוטע אנעקדאָטן.

— אשטייגער?

— אייסעך.

— אן אנעקדאָט א סאָד?

— ניט קיין סאָד, וואָס פלוצעם א סאָד?

— פארוואָס זשע דערציילסטו ניט? וואָס זשע שווײַגסטו? שעמסט זיך פאר מיר? ביסט, דאכט זיך, קיינמאָל ניט געווען פון די שע־מעוודיקע.

— א נימעסער אנעקדאָט. כ׳וויל אים אפילע ניט איבערכאזערן.

— אוואדע. מיט א ווײַב דארף מען דען עפּעס רעדן. א ווײַב מעג מען דען עפּעס דער־ציילן, א ווײַב איז דאָך קיינער ניט, א פרעמדער הונט אין שטוב, א ווײַב איז דאָך נאָר א ווײַב...

מער האָט מען ניט געדארפט. ראָכעלע האָט שוין גוט געוווּסט, אז אזעלכע רייד, ביפראט מיט א טרער אין אויג, מאכן דעם בייזן, ספּילטשעווען און קאפּריזנעם דאָווידן ווייך, ווי א טייגל, מילד, ווי א טײַבעלע, מ׳עט שוין איצטער קאָנען אויס־קנעטן פון אים, וואָס מע וויל. מ׳עט שוין פון אים קיין הויכן טאָן איצטער ניט הערן. ער וועט דיר שוין אלצדינג אויסדערציילן. וועט ווערן ריידעוודיק און לעבעדיק, וועט שיטן און שיטן צען מאָל שוין מערער וויפל מע דארף.

און קאכהאָווע. אין איינע פּאָר רעגעס איז דאָוויד געוואָרן ניט דער דאָוויד, וואָס איז מיט א האלבער שאָ פריער ארײַנגעפאלן אין שטוב. די בייזקייט און די צעטראָגנקייט האָט זיך פון זײַן פּאָנעם אָפּגעטאָן, ווי מע וואָלט זי אוועקגענומען מיט דער האנט. ער האָט זיך א רוק געטאָן מיטן בענקל צו ראָכעלען, זיך א בייג געטאָן צו איר אקסל און א זאָג געטאָן איר: „נארעלע". מיט דעם צעצויגענעם ניגנדל און מיט דער סאמעטענער ווייכקייט, מיט וועלכער דאָוויד ברענגט טאָמיד ארויס אויף זײַנע ליפּן דאָס דאָזיקע „נארעלע", איז עס פאר ראָכעלען דער גרעסטער שוואך און דאָס ליבסטע וואָרט, וואָס ער האָט איר צו זאָגן. דער־נאָך האָט ער אראָפּגעצויגן פון זיך דאָס העמד, געבליבן היימיש און שטוביק אין דער הוילער מײַקע. פר׳ער, וואשנדיק זיך, האָט ער אפילע ניט געהאט קיין כיישעק אופצושפּיליען דעם קאָלנער באם העמד. אזוי־אָ, מיט נאקעטע אקסלען און נאַ־קעטע אָרעמס, האָט ער זיך גאָר נאָענט צוגעזעצט צו ראָכעלען, מיט א האנט זײַנער ארומגענומען איר האלדז־און־נאקן, אויסגעהוסט זיך, דאכט זיך, אפילע זיך צעשמייכלט. נאָר דאָס, וואָס ער האָט איר מיט אלע פישטשעווקעס אָנגעהויבן ארויסלייגן, האָט ווידער א ברענג געטאָן א פארכמארעטקײַט אויף זײַן פּאָנעם.

— האקלאל, הער זשע. אליין די מײַסע, וואָס ער האָט דערציילט, איז טאקע א נארישע מײַסע. זי האָט ניט די ווערט קיין אויסגעבלאָזן איי. ס׳איז פון די כאָכמעס, וואָס טו מיך א קיצל, וועל איך זיך צעלאכן. נאָר דער מיין, וואָס ער האָט מיט איר געמיינט, און דער שטאָך, וואָס ער האָט מיר מיט איר געוואָלט געבן, איז מיר געבליבן שטעקן אָט דאָ־אָ אין הארצן, ווי א שפּיץ פון א מעסער. אן אנדערש מאָל וואָלט עס מיר דורך איין אויער ארײַן און דורכן אנדערן ארויס. מאלע וואָס ער האָט א טעלעפּע געטאָן מיט די ליפּן. קיין גרויסער כאָ־כעם, ווייסטו דאָך, איז ער ניט. אז א נאר וויל זיך אמאָל א כאָכמע טאָן, זעט מען ערשט גוט, וואָס פאר א נאר דאָס איז. נאָר, פארשטייסטו, איצ־טער־אָ, מיר האָבן דאָך ניט לאנג אָפּגעיאָמטעווט אינײנעם דעם נײַנטן מײַ, געזעסן בא איין טיש און אינײנעם אויסגעזונגען אלע פראָנט־לידער. ער האָט, דאכט זיך, גוט געזען אי די מעדאלן מײַנע אפן הארצן, אי ווי איך שטיי אויסגעשטעלט אפן טאָוול צווישן אלע פראָנטאָוויקעס. גייט ער און דערציילט מיר אזא נימעסן אנעקדאָט. כ׳ווייס? עפשער האָט ער טאקע דערמיט גאָרנישט ניט גע־מיינט. נאָר מיך האָט עס עפּעס אזא ברי געטאָן, אזא שניט געטאָן איזווייניק, אז ווען איך האָב בא דער האנט עפּעס א שווערע זאך און בין אן אנדער מענטש, טו איך אים א כאַפּ אָן באם גאָרגל, און מער וואָלט מען שוין פון אים אזעלכע נארישע כאָכמעס ניט געהערט.

— רעדסט און רעדסט, ציסט ארויס די נע־שאָמע, און מע הערט נאָך פון דיר קיין איין וואָרט ניט. וואָס זשע האָט ער דיר אזוינס געזאָגט, הא?

— כאַפּ ניט. עס רעגנט אויף אונדז ניט. מיר האָט ער געזאָגט? מיר אליין האָט ער גאָרנישט ניט געזאָגט. הערסט דאָך: ער האָט גלאט דער־ציילט א נארישן אנעקדאָט. עפשער האָט ער טאקע דערמיט גאָרנישט ניט געוואָלט. ס׳איז אים עפשער געווען אופגעלייגט אפן הארצן, האָט זיך אים גלאט געגלוסט א כאָכמע צו טאָן זיך. סאָפּקאָלסאָף איז אן אנעקדאָט ניט מער ווי אן אנעקדאָט. א זאך צום לאכן. איינער דערציילט א קלוגן אנעק־דאָט, ער האָט דערציילט א נארישן. אן אנעקדאָט? אייסעך — א גאָרניט, א פיצעלע אנעקדאָטעלע. אן אנדערש מאָל — כאַפּט אים דער וואטנמאכער. ס׳איז דיר גוט אפן הארצן און ווילסט זיך כאָכמע־נען. כאָכמע זיך וויפל דו ווילסט און וויאזוי דו ווילסט. וויאזוי דו כאָכמעסט זיך, אזא פּאָנעם

האָסטו. נאָר איצטער־אַ, פונקט איצטער־אַ, ווען כ׳האָב גראדע ניט לאנג באקומען דעם זשורנאל מיט די צוועלף העלדן אונדזערע, אלע מיט די דרײַ „סלאוועס" אף די הערצער. פארשטייסט? געדענקסט דאָך, ווי מיר זײַנען מיט דיר געזעסן אָט דאָ־אָ באם טיש, געלייענט דעם זשורנאל און ביידע געקוועלט. כ׳האָב ליב צו לייענען אין זשורנאל א ראָמאן, אמאָל א ליד, אן אנדער ייִדישע זאך. נאָר אזא האנאָע און אזא שטאָלצקײַט, וואָס כ׳האָב געהאט פון די עטלעכע בלעטלעך מיט די צוועלף פאָטאָגראפיעס און מיט די דרײַ אָרדענס איינס לעבן אנדערן אף יעדער פאָטאָגראפיע, האָב איך נאָך ביז אהער פון קיין שום לייענעכץ ניט געהאט. געדענקסט, ווי כ׳האָב דיר א זאָג געטאָן: „ראָכעלע, שטעל ארוף די פלאש ווישניק אפן טיש און לאָמיר לעקאָוועד אזא זאך נעמען צוביסעלעך". דו ווייסט, וואָס עס באטײַט אן אָרדען „סלאוואַ" פון אַלע דרײַ מאדרייגעס? פרעג מיך, וועל איך דיר זאָגן. איך ווייס גוט, וואָס מילכאָמע הייסט, און וואָס פראָנט הייסט, און וואָס עס הייסט אפילע די סאמע קלענסטע מעדאל. מיר, ייִדן, ווייסטו דאָך, האָבן, קיין אײַנהאָרע, הונדערט דרײַסיק העלדן פונעם סאָוועטנפארבאנד. ס׳איז א גרויסער שטאָלץ און א גרויסער קאָוועד. נאָר מיר דאכט זיך, הערסט, אז דרײַ אָרדענס „סלאוואַ" איז א קאפּעלע מערער. א העלד פונעם סאָוועטנפארבאנד באקומט דאָס שטערנדל פאר א גרויסער מעסירעסנעפעשדיקער העלדישקײַט. דעם אָרדען „סלאוואַ" פון אלע דרײַ קאטעגאָריעס באקומט מען יעדן מאָל דורכאנאנד פאר דרײַ גרויסע מעסירעסנעפעשדיקע העלדישקײַטן. כ׳האָב זיך געהאלטן אין איין שפּיגלען אין די צוועלף פאָטאָגראפיעס. ס׳איז געווען בא מיר א גרויסער יאָמטעוו. נעמט ער מיט א נימעס אנעקדאָטל, צי ער האָט יאַ געוואָלט צי ניט געוואָלט, און פאָרט מיר ארײַן מיט א דישעל גלײַך אין הארצן ארײַן, פארשעמט מיר, מאכט מיר קאליע דעם יאָמטעוו.

— נו, אן עק, קום שוין אמאָל צו צום שפּיץ, לאָמיר שוין הערן דעם שיינעם אנעקדאָט!

— האָב צײַט. אָט וועסטו אים באלד הערן. אן אנעקדאָט? א גאָרניט, א טיפּשעס. טו מיר א קיצל אין די פּיאטעס, וועל איך זיך צעקאטשען פאר געלעכטער. צוויי מענטשן גייען פארבײַ דעם „אומבאקאנטן זעלנער". טוט איינער א זאָג: „דער אומבאקאנטער זעלנער אבראמאָוויטש!" פרעגט דער צווייטער: „אויב אבראמאָוויטש, וויִאזוי זשע איז דער זעלנער אן אומבאקאנטער?" ענטפערט דער ערשטער: „ס׳איז אונדז באקאנט. ס׳איז אונדז נאָר ניט באקאנט, צי אבראמאָוויטש איז געווען א זעלנער".

א לאנגע רעגע שטילשווײַגן.

ראָכעלע. ס׳שלאָגט טאקע גוט צו דער גאל. און דו האָסט געשוויגן? האָסט אים דערויף גאָרנישט ניט געענטפערט?

דאָוויד. כ׳בין באלד געוואָרן ווײַס, ווי א וואנט, די ליפּן האָבן מיר אזש אָנגעהויבן ציטערן. אזא אנעקדאָט, האָב איך געזאָגט, האָט מען נאָר געקענט הערן בא יענע, וואָס האָבן אונדז געקאָסט צוואנציק מיליאָן לעבנס, קעדיי די וועלט זאָל פון אזעלכע כײַעס אָפּגערייניקט ווערן.

ראָכעלע. און ער וואָס האָט געזאָגט?

דאָוויד. ער האָט, דאכט זיך, אפילע רעכט ניט פארשטאנען, וואָס איך מיין. א פּאָר מינוט איז ער געבליבן שטיין ווי איבעראשט. דערנאָך טוט ער צו מיר א מאך מיט א שמייכעלע: „דאָוויד, דו הייסט דאָך ניט אבראמאָוויטש".

ראָכעלע. וואָס זשע האָסטו געזאָגט?

דאָוויד. זאָג איך: איך הייס טאקע ניט אבראמאָוויטש, נאָר דו, זאָג איך, הייסט איבער אזעלכע נימעסע רייד א גוטער אנטיסעמיט, א פאשיסט, א וואָס אין דער קאָרט.

ראָכעלע. וואָס זשע האָט ער געזאָגט.

דאָוויד. ער איז געוואָרן טויט אפן פּאָנעם, איז צוגעקומען צו מיר נעענטער, און מ׳האָט אזש קוים געהערט, וואָס ער רעדט. „כ׳האָב גאָרניט געוווסט, זאָגט ער, דאָוויד, אז דו האָסט ניט קיין געפיל פון הומאָר". ענטפער איך אים: איך האָב ניט קיין געפיל פאר הומאָר, און דו, זאָג איך, האָסט ניט קיין געפיל פאר מענטשלעכקײַט, האָסט זאָג איך, וואָפּשטשע קיין שום געפיל ניט.

ראָכעלע. וואָס זשע האָט ער דיר דערויף געענטפערט?

דאָוויד. גאָרניט. ער האָט ארופגעלייגט א האנט אף מײַן אקסל און האָט זיך אָנגעהויבן אזוי פארענטפערן פאר מיר, אז ס׳איז געווען א ראכמאָנעס אף אים צו קוקן: „כ׳האָב גאָרניט געמיינט, דאָוויד. כ׳האָב גלאט געשוטיעט. ס׳איז ניט סטראשנע, דאָוויד. אויב כ׳האָב דיך מיט עפּעס בארירט, בעט איך דיך: זײַ מיר מויכל, דאָוויד".

ראָכעלע. כ׳ווייס? עפשער איז עס טאקע אזוי? אז מע וויל גוט, איז עס טאקע ניט סטראשנע און די גאנצע מײַסע האָט קיין צעבראָכענעם גראָשן ניט ווערט. עפשער האָט ער טאקע קיין שום שלעכטס ניט געמיינט. א מענטש טאָר ניט א שוטיע טאָן? און דו ביסט ארײַן אין שטוב מיט אזוינע אויגן און מיט אזא צעטראָגנקײַט, אז כ׳האָב געמיינט, עמעצער לויפט דיר נאָך הינטן מיט א האק. מע טאָר ניט זײַן אזא ספּילטשעווער, באלד זיך אָנצינדן, פון יעדער נארישקײַט מאכן דער רועך ווייסט וואָס. נו, ס׳איז שוין כאָטש איצטער איבערגעגאנגען? קום, וועל איך דיר געבן א קישעלע, וועסטו זיך צולייגן אָפּרוען. יעדע קליינקײַט קאָסט אים געזונט. מע טאָר ניט זײַן אזוי, דאָוויד. קום, ס׳איז שוין שפּעט, ביז מע גיט זיך א גוטן דריי פאלט צו די נאכט און מע דארף שוין זעקס פארטאָג ווידער אופשטיין. נא, ט׳האָסטו א קישעלע. איך האָב נאָך אף א מין האלבער שאָ ארבעט אין קיך.

דאָוויד עפנט אוף דעם טעלעוויזאָר און לייגט זיך צו אפן דיוואַן. אי די מידקייַט, אי די ערגערניש הייַנט, אי טאַקע דאָס אראָפּרעדן זיך נאָרוואָס פונעם הארצן, דאָס בארויִקן זיך — קיין סאך דארף ער ניט: די אויגן הייבן זיך אים באלד אָן קלעפּן, דער קאָפּ ווערט אים שווער. דער טעלעוויזאָר שפּילט, א זינגערן זינגט דאָרט עפּעס, און דאָוויד איז שוין דערבייַ נישטאָ. ער בלעזלט מיט די ליפּן, זשומעט צו מיט דער נאָז, טוט אלעמאָל א כאָרכל מיטן האלדז, ווערט אף א רעגע אנשוויגן און טוט זיך באלד א דריי אויס מיטן פּאָנעם צו דער וואנט.

אין שטוב צערוקט מען דעם טיש. ראָכעלע ראַשט זיך אום, אָנגעטאָן אין א ווייַסן פאַרטעך, די האָר אפן קאָפּ — פריש אָפּגעפּארבט, אָפּגעלייגט, שענער געוואָרן און ייִנגער געוואָרן עפּשער מיט א גאנץ צענדליק יאָר. זי שטעלט אָן אפן לאנגן פארשפּרייטן טיש אָן א שיר פולע טעלער. טיפע טעלער און פלאטשיקע טעלער. טעלער און טעלערלעך. טעלער לעבן טעלער, טעלער אין טעלער. אין דער מיט טיש שייַנט דער בוטל ווישניק. דאָוויד שפּרינגט ארום ראָכעלען. העלפט איר צו, צעלייגט די גאָפּלען און די מעסערס, צעשטעלט די גלעזער און די גלעזעלעך. „גיס אָן, ראָכעלע, זייַ מויכל, צוועלף קויסעס ווישניק פול מיט אן אויג!" — „פארוואָס עפּעס צוועלף, דאָוויד, און וואָס פּלוצעם איידער עפּעס־וואָס שוין אָנגיסן?" — „געדענקסט דאָך, ראָכעלע, אמאָליקע יאָרן פלעגט מען באַם סיידער, אין אלע ייִדישע שטיבער, אוועקשטעלן א פולן קאָס וויַן פאר עליִאָהו־האנאָווי. מע פלעגט די טיר לאָזן א ביסל אָפן, עליִאָהו־האנאָווי זאָל קאָנען אריַינקומען. הייַנט, ראָכעלע, דארפן קומען צו אונדז צוגאַסט צוועלף עליִאָהו־האנאָווים. שטעל זשע, בעט איך דיך, אוועק פאר זיי צוועלף פולע קויסעס". — „פארוואָס זשע האָסטו עס מיר ביז איצטער ניט געזאָגט, דאָוויד? קיינמאָל זאָגסטו מיר ניט פריִער. שא, אָט קלינגט מען שוין טאַקע אין דער טיר, גיי עפן, דאָוויד". אָ, קומט אריַין, קומט אריַין, אונדזערע ליבע געסט! לאָמיר זיך צעקושן. דאָס איז מייַן וויַב — ראָכעלע. מיר זייַנען דעמלט געווען כאָסן־קאלע. זי האָט זיך, נעבעך, מילכאָמע־צייַט אויך גענוג אָנגעבידעוועט. געוואַרט אף מיר ביזן לעצטן טאָג, ביזן סאָף. ראָכעלע, ווייסט ווער דאָס איז? דאָס זייַנען צוועלף גיבוירים אונדזערע, צוועלף העלדן. זעצט אייַך אויס ארום טיש, כאַוויירים ליבע. טו א קוק, ראָכעלע, ווי עס שטראַלן אף זייערע הערצער די „סלאַוועס". זונען שטראַלן אף זייערע הערצער.

דער טעלעוויזאָר שפּילט, א זינגערן זינגט דאָרטן עפּעס. טעלער און טעלערלעך, גאָפּל־מעסער. גלעזער און גלעזלעך קלינגען דער זינגערן צו. דער אוילעם ארום טיש פארציט דערנאָך אליין, שטיל און בענקענדיק, א געזאנג. דאָוויד זינגט מיט די העלדן מיט. דאָס געזאנג איז אים אויך היימיש און אייגן:

Идет война народная<br>Священная война...

דער טיש דרייט זיך אוועק, פארשווינדט. עס טוען זיך א שפּרייט פארשנייטע פעלדער און וועגן. עס הילכן אוף אופרייַסן, קוילנוואַרפער־שטעפּערייַ, בליצנדיקע פייַפערייַ פון מינענוואַרפערס. הייַזער צעשיטן זיך. צעריסענע לייַבער מישן זיך איבער מיט צעפּאלענע סטעליעס, מיט ציגל־ברוך. רויכן. פייַערן. קרעכצענישן. דאָוויד פויזעט אין שניי מיט דער האנט אף דער ביקס. לאָזט איבער הינטער זיך רויטע פלעקן. אנטקעגן אים טראַכקעט א טאנק מיט א שווארצן צײלעם אפן בויך. דאָוויד גראָבט זיך אייַן אין שניי, דער טאנק טראַכקעט איבער אים אריבער, רוקט זיך באַרג־ארוף, רייַסט זיך אוף אף דאָווידס נאָרוואָס דאָרט אוועקגעלייגטע מינעס. דאָווידן אָפּעריִרט מען א פוס. ווידער זעמליאנקעס, טראנשיי־זיגזאַגן. דאָוויד טוט זיך א הייב ארויס פון דעם אָקאָפּ. רעכטס און לינקס, וויפל דאָס אויג כאַפּט, הייבן זיך אזוי ארויס צענדליקער און הונדערטער אזעלכע, ווי ער. איין אלציין לויפן איבער פעלד און וועג, איין אלצייַנער לאנג־צעצויגענער געשריי: הור־ראַ־א־א־א־א־א־א!

ראָכעלע צעטאָרעט דאָווידן בא אן אקסל:

— דאָוויד. דאָוויד. וואָס איז שוין ווידער? שרייַסט שוין ווידעראמאָל פונעם שלאָף?

דאָוויד זעצט זיך אוף, טוט מיט פארשלאָפענע אויגן א שמייכל:

— איַי, ראָכעלע, איז בא אונדז נאָרוואָס געווען א ווילע קאָמפּאניע! איַי, געסט!

ראָכעלע דערלאנגט דאָווידן א גלאָז שיפּאָווניק:

— נא, טרינק אויס און הייב זיך אוף, לאָמיר מאכן דאָס געלעגער. ס'איז שוין שפּעט, דארפסטו זיך גוט אויסרוען. הייב זיך אוף. ווייסטעך, ווי מע זאָגט: שטיי אוף שלאָפן, דאָוויד!

ראָכעלע צענעמט דעם דיוואַן, פארשפּרייט אים מיטן לייַלעך, לייגט אוועק צוקאָפּנס ביידע קישנס. און דאָוויד טוט זי דערווייַל א נעם ארום, טוט איר א זאָג: „נארעלע".

מיטן צעצויגענעם ניגנדל און מיט דער סאַמעטענער צאַרטקייַט, מיט וועלכער דאָוויד ברענגט טאָמיד ארויס אף זייַנע ליפּן דאָס דאָזיקע „נארעלע", איז עס פאר ראָכעלען דער גרעסטער לויב און דאָס שענסטע וואָרט, וואָס זי וויל פון איר דאָווידן הערן.

# קינע

ווען איך זאָג ערגעץ אַמאָל „כ'בין מעקאַנע", דאַרף דער לייענער פֿאַרשטיין, אַז דאָס איז טאָמיד געזאָגט איראָניש.

ערשטנס, בין איך ניט דער מענטש, וואָס קאָן און דאַרף מעקאַנע זײַן. אויב איך בין יאָ עמעצן מעקאַנע, איז דאָס: סערוואַנטעסן, טשעכאָוון, שאָ־לעם־אַליכעמען. אָף אַלע מײַנע ליבע געזאָגט געוואָרן אַזאַ סאָרט קינע!

צווייטנס, בין איך ניט אַזאַ נאַר, כ'זאָל אַזאַ זאַך טאָן בעפֿאַרהעסיע, אַליין מודיע זײַן זיך אין דעם.

דריטנס, אויב כ'זאָג שוין ערגעץ יאָ „כ'בין מעקאַנע", איז מיסטאָמע ניטאָ וואָס מעקאַנע צו זײַן.

איך טו עס, ווי כ'האָב אויבן געזאָגט, נאָר מיט איראָניע. ווי אַ מין קאַפּוירקײַט, ווי אַ מין צולאָכעס־זאַך.

קינע איז צווישן מענטשן די מיִעסטע מידע. אַפֿילע דאָס ווערטל „קינעס סאָפֿרים מאַרבע טוירע" האָט, מיין איך, אויך אויסגעטראַכט אַזוי־נער, וואָס האָט די דאָזיקע מידע געטראָגן אין זיך, ווי אַ האָרב אָף די פּלייצעס, ניט געקאָנט זיך פֿון איר אָפּטשעפּען, צוגעשריבן איר דעריבער מײַלעס, פֿאַרמענטשלעכט זי, געוואָלט, אַז דעם דאָזיקן שיינעם האָרב זאָלן אַלע טראָגן...

# ליבע און טאַלאַנט

עלטערע מענטשן האָבן ליב אַ קאַפּעלע איבערצוטרײַבן, גראָב געזעדט: אַ קאַפּעלע צוצו־ליגנערן.

איינער קאָן אַ זאָג טאָן:

— ע, אייסעך, גאָרניט. כ'זע עס שוין אַפֿילע אין כאָלעם ניט. כ'האָב שוין פֿאַרגעסן, ווי דאָס הייסט. אויס. אָפּגעבעבעט.

אַ צווייטער קאָן זאָגן:

— פֿײַער. פֿונקען שפּריצן אַזש. ווי בײַ אַ יונגערמאַנטשיק. מיט אַלע געפֿילן. אי מיטן האַרץ, אי מיט קאָפּ. שענער נאָך, ווי פֿריִער, אין די ייִנגערע יאָרן.

ביידע זאָלן זיי מיר מויכל זײַן, סײַ דער ערשטער, סײַ דער צווייטער קערן מיר אָן שטיק־לעך ליגנערס. אינדערעמעסן איז עס ניט אַזוי און ניט אַזוי. ס'איז פּאָשעטער און געוויינלעכער, ווי בײַ אַלע געוויינלעכע מענטשן. קיין עלטער איז דערבײַ ניט שײַעך, ווי שאָלעם־אַליכעם זאָגט: אַז ס'איז דאָ, איז עס דאָ, און אַז ס'איז ניטאָ, איז עס ניטאָ.

ס'איז אַזאַ זאַך, וואָס קיינמאָל פֿאַרלירט מען זי ניט, אָדער — מ'האָט קיינמאָל ניט געהאַט וואָס צו פֿאַרלירן...






## פּיניע פּלאַטקין

### ניט װײַט פון דאָרף סמעלאָװקא, 30 קילאָמעטער פון דער שטאָט ענגעלס, 10 אַזײגער מיט 55 מינוט

צום פעלד צום קאָלװירטישן („לעגינסקי פּוט", צען אַזײגער מיט פינף און פופציק מינוט)

פון קאָסמאָס פון װײַטן עס ציט זיך זײַן שפּור — שױן װײסן די אײַנװױנער פון בײַקאָנור.

אין זװיאַזדנע באַקומען מע האָט די ידיעה: ס'איז יורי גאַגאַרין געקומען צו פליען.

אין שטוב, אין פאַבריק, אין אַנשטאַלט, אפן גאַס עס קלינגען די װערטער די קורצע פון טאַסס:

דער קאָסמישער פלוג איז פאַרענדיקט געלונגען — די גרעסטע דערגרײכונג פון אונדזער יאַרהונדערט!

דער ערשטער אין קאָסמאָס געװען איז מיט רעכט גאַגאַרין — אַ בירגער פון פּסער.



## מאַקס ריאַנט

### צוזאַמען

ניט איך, איז װער?
ניט דו, איז װער?
ניט ער, איז װער
װעט נעמען
אַף זיך דעם אַל,
די ערד עס זאָל
ניט װײטיקן
און קלעמען?

ניט איך, איז װער?
ניט דו, איז װער?
ניט ער, איז װער
װעט שיקן
צו אַלדי רוכעס אַלץ,
װאָס שטערט, —
דעם שעקער
און דעם שיקער?
ניט איך, איז װער?
ניט דו, איז װער?
ניט ער, איז װער
װעט קלערן

װי גליקלעך
מאַכן אונדזער ערד,
זי זאָל
נאָך שענער װערן?

ניט איך, איז װער?
ניט דו, איז װער?
ניט ער, איז װער
װעט טאָן עס,
עס זאָלן שױן
אַף אונדזער ערד
ניט זײַן מער
קײן מילכאָמעס?
ניט איך אַלײן,
ניט דו אַלײן,
ניט ער אַלײן —
צוזאַמען,
װי טוישװים
פון אײן גרױסער הײם,
װי קינדער
פון אײן מאַמען!



## מאַטל גראָוומאַן

### די רויז

געווען מײַן גליק איז דעמלט גרויס:
איך האָב געבראַכט אַהיים אַ רויז...
אַ רויז, וואָס ווי אַ פײַער ברענט,
איך האָב געהאַלטן אין די הענט!
די שיינע רויז, די צאַרטע רויז,
פון בלומען פיל זי נעמט דאָך אויס
סײַ מיט איר דופט, מיט איר קאָליר,
און איצט איז אָט די בלום
באַ מיר!
נאָר ס'איז אַ קורצע צײַט אַוועק,
און כ'האָב דערזען:
די רויז, זי וועלקט!
די בלעטעלעך —
פּאַמעלעך, שטיל,
זיי פאַלן, פאַלן אָפּן דיל.
איך האָב געזען,
ווי באַ דער רויז
דאָס לעצטע פײַער לעשט זיך אויס.
און אָט די רויז — באַרויִגט, גיך
כ'האָב שטרענג אַ וואָרף געטאָן אין קיך...
און ס'האָט די רויז ניט לאַנג געקלאָגט,
זי האָט אַזוי צו מיר געזאָגט:
— אומזיסט באַרויִגסטו ביסטו שטאַרק,
וואָס כ'בין ניט פריש, וואָס כ'בין ניט צאַרט,
ניט איך בין שולדיק, וואָס שוין שפּעט
באַגעגנט האָסטו מיך, פּאַעט.
ווען כ'האָב געשײַנט מיט יונגן ברען,
אָ, דעמלט ווו ביסטו געווען?



## מאַטל גאָלדבשטיין

### זאָלסט ווי אַ בליץ פאַר וועלטן שײַנען

דו קומסט — פון אַ וועלכער שפּילנדיקער וועלט?
דו גרייכסט — צו וועלכע שטערנדיקע רוימען?
ס'איז לײַכט און ליכטיק־לינד דײַן וואַכע זעל,
מאַלאָכים שפּילן זיך מיט דײַנע טרוימען.

דײַן יעדער בליק — אַ שפּיל־שטראַל אינעם טוי,
ער ריינִיקט אויס די וועלט פון מײַן נעשאָמע,
און גרינג קלינגט אויף דאָס בלוט אין הארץ אַזוי,
אַז כ'אָטעם אײַן דעם דופט פון דער לעוואָנע.

אָ, ווי די אַקסלען דײַנע ציטערן אויף לײַכט,
ווען קוקסט אָף מיר מיט פאַרוואורף, אָן שום ליידן.
און ווי דער הימל אויסגעשטערנטער אין טײַך —
אַזוי ביסטו איצט רויִק, שיין און איידל.

ניט צו דער שוועבנדיקער שוואַלב ביסטו הײַנט גלײַך,
און איך בין אויך ניט גלײַך צום דעמב דעם שטײַפן.
דו זײַ מיר הײַנט מײַן היים, מײַן סאָסנע־וואַלד, מײַן טײַך,
די פּאָזעמקע, וואָס זינגט, ווען ס'קומט איר רײַפקײַט.

דאַן וועל איך אויסברענען דײַן יונג געשטאַלט פון האַרץ,
קעדײַ זאָלסט, ווי אַ בליץ, פאַר וועלטן שײַנען.
דו ווייס: ניט זײַן כ'וועל צוטריטלעך פאַר גליק און צאַר,
אויב כ'וועל ניט זען דעם פלאַם פון הייסע אויגן דײַנע...



# כא׳ים גורעוויטש

## א דענקמאָל פון שטיינער

ווען אין אָנלויף רויבערשן אָף צאַפּן־כינע,
געפירט האָט זײַנע האָרדעס טשינגיסכאַן,
האָט ער באַפוילן אין פאַרכמאַרעטן באַגינען,
אַז יעדער רײַטער זאָל א שטיין געפינען
און אים אוועקלייגן צופוסנס פון כינגאַן...

און געהאָרכזאַם האָבן נוקערס מידע
געשלעפּט אָף זיך די שטיינער פונקט ווי אָקסן,
און זייער גיך עס איז א הויכע פּיראַמידע
אונטער די בלויע פעלדזן אויסגעוואַקסן.

ווען פון דעם גאַנצן כאַיל איז א נישטיק רעשטל
אָף צוריקוועגס דעם כינגאַן אַריבער
און דערפילט דעם אָטעם פון דער היים,
האָט יעדער איינער, וואָס איז לעבעדיק געבליבן,
אוועקגענומען אָף צוריק זײַן שטיין.

...איצטער ליגן באַם כינגאַן אַזויפיל שטיינער,
וויפל רײַטער ס׳איז געווען באַשערט
אוועקלייגן זייערע ביינער
אונטער פרעמדע הימלען,
אָף א פרעמדער ערד.



# הירש רעלעס

## דער בוים

אָף דעם ראַכוועסדיקן פעלד
א ווינט אָן זעגלען פלאַטערט —
אַן אָנצוהערעניש אָף קעלט
(ס׳איז נאַכט אָף די קאַרפּאַטן).

ניטאָ קיין פייגל אין דער קרוין,
מע הערט ניט קיין געזאַנגען.
עפּשער איז עס יענער בוים,
צוליב וועלכן איציק מאַנגער

כ׳וועל זאָגן אײַך, אַז ניט געצוימט
אַהער האָט מיך געצויגן,
ווײַל אָפּן וועג שטייט א בוים,
שטייט ער אָנגעבויגן.

א פייגל ווערן האָט פאַרלאַנגט,
אים, דעם בוים, פאַרוויגן
איבער ווינטער מיט געזאַנג,
מיט א שטילן ניגן.

דער שערשאַווער אַלטער שטאַם
פאַרקוילט איז אין פיל ערטער —
קאַנטיק, אַז א פײַער־פלאַם
אויסשטיין איז באַשערט אים.

צוגעקאָוועט בלײַב איך שטיין,
כ׳קאָן שוין ניט פאַרבײַגיין,
ווי געוועזן כ׳וואָלט פונעם צוים
א צוגענומען צווײַגל.



# ליפּע העלער

## יאָמטעוו

יעדערער פילט פונעם יאָמטעוו דעם טאַם
עס רויִשן די מענטשן, ווי כוואַליעס אין יאַם.

עס הערן זיך לידער און טענץ אומעטום,
מע אײַלט צו א טאַטן, מע אײַלט צו א זון.

עס גייען זיך גאַסן מיט גאַסן צונויף —
א שטוב צו א שטוב, א הויף צו א הויף.

אָף טישן — שוין עסנס, אָף טישן — שוין ווײַן,
אָן דעם, ווי באַוווּסט, קאָן קיין יאָמטעוו ניט זײַן.

מאַטאָנעס די בעסטע מע טראָגט אין די הענט —
פאַר ברידער, פאַר שוועסטער, פאַר דעם און פאַר דעם.

אַרײַן אינעם רעדל — מיט לוסט, ווי אײַך פּאַסט!
ס׳וועט יעדערער זײַן דאָ א טײַערער גאַסט!



# דאָרעכײַקינע

ווו איז דער פֿאַראַיאָריקער שניי?
(פֿראַנסואַ וויִיאָן)

## איך ווייס

איך ווייס, ווו ס׳איז הײַנט יענער שניי,
וואָס האָט פֿאַראַיאָרן געווימלט;
און רעגנדלעך, וועלכע עס זייט
אין סטעפּ באַלעבאַטיש דער הימל.

אין וואָרעמקײַט פֿון רעגנפֿאַל
כ׳דערקען פֿאַראַיאָריקע שנייען.
דער זילבערנער טוי, וועלכער פֿאַלט,
געלעבט האָט אין קאַלטע זאַווייען.

איך ווייס, ס׳האָט דער שניי זיך צעהעלט
אין גאָלדענע זאַנגען פֿון קאָרן,

דער שניי ליגט אין גאַרבן און קוועלט —
געשנייט האָט ער פֿײַן פֿאַראַיאָרן.

ער לעבט אינעם דופּטיקן היי,
אין פֿלאַקס־זײַד, ליוביסטיק, פֿעלדקימל,
איך ווייס, ווו ס׳איז איצט יענער שניי,
וואָס איז פֿאַראַיאָרן פֿון הימל,

ווי שניי־גרײַפּלעך ווײַסע, געדיכט
געפֿלויגן אין פֿראָסטיקן פֿיבער.
דער שניי, מיט זײַן אײַז־בלויער ליכט
און בראָכע גייט שטענדיק אַריבער.



# עליע ביידער

## דער גרויסער גלויבן

(אָנשטאָט א מאָשל)

ס׳האָבן מענטשן צוויי געטראָפֿן זיך אין גאַס,
איז געוואָרן אײנער פֿון זיי שטום און בלאַס.
יאָ, דערשטוינט ער איז און גלייבט ניט, וואָס ער זעט:
א געזונטער שטייט לייב־ייִצכאָק און ער רעדט,
און ער פֿרעגט בא אים: „וואָס הערט זיך, הערשל, וואָס?"
הערשל ווייסט ניט, וואָס צו ענטפֿערן גאַנץ פֿראָסט.
פֿרעגט לייב־ייִצכאָק: „הערשל, וואָס איז דאָס מיט דיר,
פֿונקט כ׳האָב הערנער, אַזוי קוקסטו גאָר אַף מיר."
שעפּטשעט הערשל, ווי מע זאָגט א גרויסן סאָד:
„פֿאַראַיאָרן האָט א כאָכעם מיר געזאָגט,
ביסט געשטאָרבן נאָך א לאַנגער שווערער קרענק."
לאַכט לייב־ייִצכאָק און ער שטרעקט צו אים די הענט.
אָבער הערשל, אין דערשרעק, ער שפּרינגט אַוועק,
זײַנע אויגן זײַנען גרויס און פֿול מיט שרעק:
„הערשל, זעסט דאָך, אַז איך בין געזונט און שטאַרק,
ווען דו זעסט מיט דײַנע אויגן איז דען קאַרג?"

— — — — — — — — —

אָבער הערשל ווייסט געוויס פֿון מענטשן היגע,
אַז דער כאָכעם וועט ניט זאָגן אים קיין ליגן.



# פּובליציסטיק

## פון רעדאַקציע




איניקע לייענער בעטן אין זייערע בריוו, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" זאָל פאַרעפנטלעכן אַ מאַטעריאַל, אין וועלכן עס ווערט געגעבן אַן אָפּשאַצונג דעם בוך פון אַ. ראָמאַנענקאָ „וועגן דעם קלאַסן־טאָך פונעם ציוניזם". אויספילנדיק די באַקאָשע, דרוקן מיר איבער מיט קירצונגען פון דעם אָקאָרשט דערשינענעם נומער פונעם וויכטיקן טעאָרעטישן זשורנאַל «Вопросы истории КПСС» („פראַגן פון דער געשיכטע פון קפּסס") דעם אַרטיקל פון די סאָוועטישע געלערנטע ל. דאַדיאַני, ס. מאַקשין, ע. טאַדעוואָסיאַן.

---

**ל. יאַ. דאַדיאַני,**
קאַנדידאַט פון יורידישע וויסנשאַפטן;

**ס. אי. מאַקשין,**
דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן;

**ע. וו. טאַדעוואָסיאַן,**
דאָקטאָר פון פילאָסאָפישע וויסנשאַפטן

# וועגן איניקע פראַגן פון דער היסטאָריאָגראַפיע פונעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם

פאַרבלײַבנדיק אומגעענדערט לויט זײַן קלאַסן־נאַטור, אַנטוויקלט זיך דער פּראָלעטאַרישער, סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַליזם און באַרײַכערט זיך מיט יעדן נײַעם גרויסן עטאַפּ פונעם היסטאָרישן פּראָגרעס, ווערט אָנגעפילט מיט אַ ברייטערן און רײַכערן אינהאַלט, באַקומט נײַע פאָרמען פון זײַן אויסדרוק און פון זײַנע אַנטפּלעקונגען.

אין באַדינגונגען, ווען איבער דער שולד פון די אימפּעריאַליסטישע קויכעס לויערט איבער דער מענטשהײַט די געפאַר פון אַ נוקלעאַרער מילכאָמע, איז דער קאַמף פאַר פאַרמײַדן זי, פאַר פאַרהיטן די מענטשלעכע ציוויליזאַציע, געוואָרן אַ היסטאָרישער באַרוף פונעם סאָציאַליזם, פון אַלע פּראָגרעסיווע פרידנסליבנדיקע קרעפטן, אַ וויכטיקער באַדינג און אַ באַשטאַנדטייל פון דער רעאַליזירונג פון דער גרויסער מיסיע פונעם אַרבעטער־קלאַס און פון זײַן קאָמוניסטישן אַוואַנגאַרד, די העכסטע אַנטפּלעקונג פונעם אינטערנאַציאָנאַליזם. „וו. אי. לענין האָט זײַנערצײַט אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק פון קאָלאָסאַלער טיפקײַט, — האָט אָפּגעמערקט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון צק קפּסס מ. ס. גאָרבאַטשאָוו אין אַ שמועס מיט טוער פון דער וועלט־קולטור, — וועגן דעם פּריאָריטעט פון די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון די אַלמענטשלעכע ווערטן איבער די אינטערעסן פון דעם אָדער יענעם קלאַס". הײַנט, אין אַ ראַקעטן־נוקלעאַרן יאָרהונדערט, פילט זיך דער באַדײַט פון אָט דעם געדאַנק באַזונדערס שאַרף. דעריבער האָט דער XXVII צוזאַמענפאָר פון קפּסס אונטערגעשטראָכן, אַז די אינטערעסן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג זײַנען העכער פון אַלץ, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן, די

---

דער אַרטיקל ווערט געגעבן מיט קירצונגען.

מעגלעכקייטן פון זיין אַלזייטיקער אַנטפּלעקונג איז די סאַמע גרעסטע ווערט.

אין דער סאָוועטישער היסטאָריאָגראַפיע ווערט טאָמיד געשאָנקען דעם פּרינציפּ פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם די סאַמע גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. אין דער נייסטער ליטעראַטור איבער פראַגן פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם ווערט גאַנץ פול און אַרגומענטירט באַלויכטן זיין קלאַסן־טאָך און די אָביעקטיווע באַדינגלעכקייט, וועלכע דריקן אויס דעם אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון די גרינטלעכע אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס, זייער איינהייט, די נויטווענדיקייט פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט פון די אַרבעטנדיקע אינעם קאַמף קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער פאַרשקלאַפונג. גלייכצייטיק ווערט ריכטיק פאַרפּינקטלעכט די ברייט פאַרשפּרייטע אין דער פאַרגאַנגענהייט און די ניט זעלטן אויך איצט אָנגענומענע ניט־באַרעכטיקט שמאָלע אויסטייטשונג פונעם מהות און אינהאַלט פון דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם. אַזוי, למשל, ווערט אין מ. א. מאָראָזאָווס בוך „די נאַציע אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט" (2־טע אויסגאַבע, מאָסקווע, 1986) אָפּגעמערקט, אַז „ס'וואָלט געווען אַ טעות צו באַטראַכטן דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם בלויז ווי אַ וועלט־אָנשויונג, ווי די אידעאָלאָגיע און פּאָליטיק פונעם אַרבעטער־קלאַס אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אין געגעבענעם פאַל וואָלט אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער לערע פונעם מאַרקסיזם־לעניניזם וועגן דעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם דאָס וויכטיקסטע — די פאַראייניקונג פון די באַמיִונגען פון די אַרבעטער מיטן ציל צו ליקווידירן די קאַפּיטאַליסטישע אָרדענונג, צו אויסבויען דעם סאָציאַליזם און קאָמוניזם" (ז. 135).

אַ גרויס אָרט פאַרנעמען אין דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור די אויסגאַבעס, געווידמעט דער טעאָריע און פּראַקטיק פון פאַרווירקלעכן די פּרינציפּן פונעם סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַליזם אינעם פּראָצעס פון לייזן די נאַציאָנאַלע פראַגע אין פּססר און פון אַ ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע באַציִונגען אויפן עטאַפּ פון פאַרפולקומען דעם סאָציאַליזם. אין דער אָפּהאַנדלונג פון ר. ג. אַבדולאַטיפּאָוו און ט. יו. בורמיסטראָווא „די לענינישע פּאָליטיק פון אינטערנאַציאָנאַליזם אין פּססר: געשיכטע און היינטצייטיקייט" (מאָסקווע, 1982) איז באַוויזן, וויאַזוי די לענינישע אידייען פון אינטערנאַציאָנאַליזם זיינען פאַרקערפּערט געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון רוסלאַנד בייס דער בויונג פונעם סאָציאַליזם און דער אַנטוויקלונג פון אונדזער געזעלשאַפט אויפן איצטיקן עטאַפּ. די אויטאָרן זיינען ריכטיק אַרויסגעגאַן דערפון, אַז די לענינישע אינטערנאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק איז אַ וויכטיקער פאַקטאָר פון דער סאָציאַליסטישער איבערגעשטאַלטיקונג פון דער גאַנצער סיסטעם פון די געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען אין אונדזער פילנאַציאָנאַלער מלוכה. באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט ווערט געשאָנקען אינעם בוך אויך צו באַווייזן די ראָליע פונעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם אינעם באַשטעטיקן די נייע מאָראַל און די ווייטערדיקע פאָרמירונג פון דעם מאָראַלישן אויסזען פונעם סאָוועטישן מענטשן.

דער אַנאַליז פון דער דערשינענער ליטעראַטור באַווייזט, אַז פאַר אייניקע אויטאָרן איז פאַרשווערט צו לייזן די פּראָבלעם פון אַלזייטיק אויפדעקן די דיאַלעקטיק פונעם אינטערנאַציאָנאַלן און פונעם נאַציאָנאַלן. אין דער נייער רעדאַקציע פון דער פּראָגראַם פון קפּסס ווערט אָנגעוויזן, אַז די פּאַרטיי טרעט אַרויס פאַר „טיף באַנעמען סיי די נאַציאָנאַלע, סיי די אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָצעסן אין זייער אָרגאַנישער קעגנזייטיקער פאַרבינדונג". די קפּסס האָט שטענדיק געקעמפט און זעצט פאָר צו קעמפן מיט די אַנטפּלעקונגען פונעם נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, קעגן דער אימפּעריאַליסטישער אידעאָלאָגיע און פּאָליטיק, קעגן באַליביקע אַנטפּלעקונגען פון נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען.

די טעאָריע און פּראַקטיק פונעם פּראָלעטאַרישן, סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַליזם זיינען אומאָפּטיילבאַר פון דעם קאַמף קעגן דעם אַגרעסיוון און קריגערישן נאַציאָנאַליזם, וועלכער איז געוואָרן אַ געצייג פונעם אימפּעריאַליזם. צווישן די ביכער און אַרטיקלען, וועלכע קריטיקירן דעם נאַציאָנאַליזם, געהערט אַ וויכטיקע ראָליע יענע, וואָס דעמאַסקירן דעם רעאַקציאָנערן טאָך פונעם ציוניזם. צום באַדויערן, טרעפן זיך צומאָל אין אָט דער ליטעראַטור ניט־פּינקטלעכע פאָרמולירונגען, פעלערהאַפטע שטעלן, וועלכע גייען אָפּט אַריבער אין דירעקטער פאַרקריפּלונג פון די פּרינציפּן פון דער מאַרקסיסטיש־לענינישער מעטאָדאָלאָגיע. לאָמיר, למשל, נעמען דעם בוך פון א. ז. ראָמאַנענקאָ[1]. ער אַנטהאַלט אַ ריי ניט־ריכטיקע, ניט־דורכגעטראַכטע באַהויפּטונגען, פאַקטישע אומפּינקטלעכקייטן, פאַרקריפּלונגען און פעלערן. אין טאָך, טראָגט ניט אָט דער בוך בענעגייע אַ ריי וויכטיקע אַספּעקטן קיין עכט היסטאָריאָגראַפישן כאַראַקטער. אויסנוצנדיק די פאָרם פון אַ „היסטאָריאָגראַפישן איבערזיכט", דערלאָזט ערטערווייז דער אויטאָר אָפּשאַצונגען, וועלכע אַנטשפּרעכן ניט די מאַרקסיסטיש־לענינישע גרונט־שטעלן איבער די פּראָבלעמען פונעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם און פון דער אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג פון די אַרבעטנדיקע. ניט זעלטן מאַניפּולירט ער מיט אַרויסזאָגונגען פון די קלאַסיקער פונעם וויסנשאַפטלעכן קאָמוניזם וועגן אָט דער און וועגן אַ ריי אַנדערע פראַגן. פון איין זייט, זיינען אינעם בוך פאַראַן ניט ווייניק ציטאַטן פון זייערע ווערק, וועלכע כאַראַקטעריזירן דעם מהות פונעם ציוניזם. פון דער אַנדערער זייט, פאַרקריפּלט א. ז. ראָמאַנענקאָ, מיט דער הילף פון באַגיין זיך ווילקירלעך מיטן טעקסט, די אַלגעמיין־אָנערקענטע אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור גרונט־שטעלן און אָפּשאַצונגען איבער אַ ריי פראַגן. למשל, דער אויטאָר באַהויפּטעט, פאַררופנדיק זיך פאָרמעל אויף וו. אי. לענינען (לענין וו. אי. געזאַמלטע ווערק. ב. 8, ז. 509), אַז „בעמעשעך פון דער גאַנצער

[1] זע ראָמאַנענקאָ א. ז. וועגן דעם קלאַסן־טאָך פונעם ציוניזם. היסטאָריאָגראַפישער איבערזיכט פון ליטעראַטור. לענינגראַד, 1986.

צײַט זינט זײַן עקזיסטענץ אין רוסלאַנד ביז מאַרט 1921 איז דער „בונד" געווען א קריגערישער פײַנט פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג" (ז. 22—23). די פראַזע איז „אויסגעפורעמט" אזוי, גלײַך דאָס זײַנען לענינס ווערטער. אינדערעמעסן אָבער איז דאָס א באַמערקונג פון דער רעדאַקציע, נאָר אויך זי אַנטהאַלט ניט אַזאַ אָפּשאַצונג. און אַזעלכע, ווײַך געזאָגט, אונטערגעשטעלטע ערטער זײַנען פאַראַן אינעם בוך ניט ווייניק (זע, צום בײַשפּיל, די ז. 13, 18, 19, 21, 24—39). מירן דערמאָנען לענינס אַרויסזאָגונג, וואָס האָט א שײַכות צום יאָר 1912, ווען דער נאַציאָנאַליזם און אָפּאָרטוניזם פונעם „בונד" האָבן שוין געלאָזט טיפע וואָרצלען און די באָלשעוויקעס האָבן צוגעלייגט ניט ווייניק באַמיִונגען, קעדיי אָפּשפּאַלטן פונעם „בונד" אַלע די, וואָס האָבן זיך געפונען אין געפענקעניש פון דער בונדיסטישער דעמאַגאָגיע, אָבער זײַנען געווען פעיִק געפינען א ריכטיקן וועג. קריטיקירנדיק די געריכטעטע קעגן די באָלשעוויקעס באַלאַקירונג פון די רוסלענדישע ליקווידאַטאָרן, אײַנגעשלאָסן די בונדאָווצעס, מיט דער פוילישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי־לעוויצע, וועלכע איז דעמלט געווען איינע פון די פראַקציעס פונעם פוילישן סאָציאַל־נאַציאָנאַליזם, האָט לענין געשריבן: „דאָס איז דאָס זעלבע, ווי אויב די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן וואָלטן אָנגעהויבן „זיך פאַראייניקן" אויסערן „בונד" מיט די, לאָמיר זאָגן, אַזויגערופענע „סאָציאַליסטן־ציִעניסטן" אָדער אָן דער לעטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע מיט דעם אַזויגערופענעם „לעטישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פאַרבאַנד" (אינדערעמעסן עסערישער)..."[1] לענין, די באָלשעוויקעס האָבן געשטרעבט צוציִען די פּאַשטעטע מיטגלידער פונעם „בונד" צום איינהײַטלעכן פראָנט פון דעם קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס, אונטערהאַלטן אין אים דעם לינקן פליגל, וואָס איז אין א קלענערער מאָס געווען אָנגעשטעקט מיטן נאַציאָנאַליזם און איז אַרויסגעטראָטן פאַר פאַראייניקן זיך מיט דער רסדאַפּ.

וו. אי. לענין האָט ניט איין מאָל דעמאַסקירט אין זײַנע אָפּהאַנדלונגען דעם עכטן מעהוס פון די דעמאַגאָגישע ציִעניסטישע פּאָסטולאַטן און לאָזונגען. באַטראַכטנדיק די וועגן פון דער לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע אַלס וויכטיקע פּאָליטיש־סאָציאַלע פּראָבלעם און אַלס באַשטאַנדטייל פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע אינעם לאַנד, האָט לענין אָנגעוויזן, אַז לויט זייער קלאַסן־באַשטאַנד שיידן זיך די ייִדן ניט אונטער פון אַנדערע פעלקער און פעלקערשאַפטן פון רוסלאַנד. „צווישן די ייִדן זײַנען פאַראַן אַרבעטער, האָרעפּאַשניקעס, — זיי זײַנען די מערהייט. זיי זײַנען אונדזערע ברידער לויט דער פאַרשקלאַפונג מיצאַד דעם קאַפּיטאַל, אונדזערע כאַווײרים לויטן קאַמף פאַרן סאָציאַליזם. צווישן די ייִדן זײַנען פאַראַן באַלעגופים, עקספּלואַטאַטאָרן, קאַפּיטאַליסטן, ווי צווישן די רוסן, ווי צווישן אַלע נאַציעס...

די רײַכע ייִדן, ווי די רײַכע רוסן, ווי די רײַכע פון אַלע לענדער, זײַנען אין א בונד צווישן זיך, דריקן, פאַרשקלאַפן, באַראַבעווען, צעשפּליטערן די אַרבעטער"[1].

וולאַדימיר איליטש האָט אויפגעדעקט די פאַלשקייט פון די טעזיסן פון די ציִעניסטן און אַנטיסעמיטן וועגן דעם, אַז בא די ייִדן זײַנען ניטאָ קיין קלאַסן־ווידערשפּרוכן, אונטערגעשטראָכן, אַז דער ציל פון אַזעלכע באַהויפּטונגען איז — ניט דערלאָזן די האָרעפּאַשנע ייִדן אָנטיילנעמען אינעם קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע, אָוועקפירן זיי אין א זײַט פון דעם אינטערנאַציאָנאַליזם. איבערצײַגעוודיק באַווײַזנדיק די אידײיִשע קרויווערשאַפט פונעם ציִעניזם מיטן אַנטיסעמיטיזם, האָט לענין גערופן די ייִדישע אַרבעטנדיקע אָפּוואַרפן די אָנגעבונדענע זיי פאַלשע נאַציאָנאַליסטישע אָנשויונגען און צוזאַמען מיט זייערע קלאַסן־ברידער — די פּראָלעטאַריער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן — קעמפן פאַרן זיג פונעם סאָציאַליזם. די דאָזיקע גרונטלייגנדיקע געדאַנקען זײַנען, צום באַדויערן, אין א. ז. ראָמאַנענקאָס בוך ניט געלייגט געוואָרן אין יעסאָד.

דער אַוטאָר דערלאָזט ניט ווייניק פּאָליטיש ניט קלאָרע אָדער סוביעקטיוויסטישע רייד, וועלכע ווידערשפּרעכן דער קאָנסעקווענט קלאַסאָווער און היסטאָריש קאָנקרעטער אָפּשאַצונג פון די געשעענישן און דערשײַנונגען.

צווײדײַטיק קלינגט דעם אַוטאָרס רוף ספּעציעל און אַלזײַטיק אויסצופאָרשן „אַזאַ אייגנאַרטיקע דערשײַנונג, ווי די ייִדישע פּאָגראָמען" (ז. 44). ס'איז גוט באַוווּסט, ווי קאָנסעקווענט, אומדערמידלעך און צאָרנדיק האָבן וו. אי. לענין, אונדזער פּאַרטיי דעמאַסקירט יעטווידע אַנטפּלעקונג פון נאַציאָנאַלן יאָך, באַזונדערס די ייִדישע פּאָגראָמען, וועלכע ס'האָבן פּראָוואָצירט די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען און די פּאָליציי. „באַשולדיקט די רעגירונג אָפן און אויף א קאָל, — האָט געשריבן לענין, — רופט דאָס פאָלק אָרגאַניזירן מיליציע און זעלבשוץ, ווי דאָס איינציקע מיטל צו באַשיצן זיך פון פּאָגראָמען"[2]. אין דער רעזאָלוציע פונעם II צוזאַמענפאָר פון רסדאַפּ „וועגן די אַנטי־ייִדישע פּאָגראָמען" איז אָנגעוויזן, אַז אַזעלכע עקלהאַפטע

[1] לענין וו. אי. געזאַמלטע ווערק, ב. 21, ז. 355 (זע אויך: ב. 14, ז. 105; ב. 54, ז. 425, 712; וולאַדימיר איליטש לענין. ביאָגראַפישע כראָניק, ב. 5, מ., 1974, ז. 564).

דער סאָוועטישער היסטאָריקער מ. מ. טשערוויאַקאָוואַ מערקט אָפּ, אַנאַליזירנדיק די טאַקטיק פון די באָלשעוויקעס אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָליוציע, פאָלגנדעס: „די דערפאַרונג פון דער מיטאַרבעט פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי מיט די לינקע בונדאָווצעס אין 1905 זאָגט איידעס וועגן דעם, אַז די לענינצעס האָבן אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן טאַקט און נאָכגייביקייט בענוגייע די פאַרבינדעטע, רעספּעקטירט זייערע רעכט, מיט געדולדיקער אויפקלערונגס־אַרבעט זיך דערשלאָגן זייער איבערגאַנג אויף דער אויסגעהאַלטענער פּראָלעטאַרישער פּאָזיציע... פאַר א סאַך לינקע בונדאָווצעס איז דער געמיינזאַמער קאַמף מיט די באָלשעוויקעס אין 1905 געוואָרן א וויכטיקער פאַקטאָר פון זייער ווײַטערדיקער עוואָליוציע צום באָלשעוויזם". — אין דעם בוך „דער קאַמף פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי קעגן דעם רעכטן און „לינקן" אָפּאָרטוניזם (1909—1930)", שטאָט קאַלינין, 1978, ז. 49.

[1] דאָרטן, ב. 38, ז. 242—243.
[2] דאָרטן, ב. 13, ז. 201.

אַכזאָריעס „דינען אין די הענט פֿון דער פּאָליציי אַלס מיטל, מיט דער הילף פֿון וועלכן זי פּרוּווט פֿאַרהאַלטן דעם וווּקס פֿונעם קלאַסן־באַוווּסטזײַן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט", און דעריבער האָט דער צוזאַמענפֿאָר רעקאָמענדירט צו קעמפֿן מיט די פּאָגראָמען און דעמאַסקירן דעם רעאַקציאָנערן און קלאַסן־אונטערגרונט פֿון די „אַנטיסעמיטישע און פֿאַרשיידענע אַנדערע נאַציאָנאַל־שאָוויניסטישע העצעס".[1]

דער אויטאָר ווײַזט ניט אַרויס קיין מעטאָדאָלאָגישע, פּאָליטישע קלאָרקייט אויך אין דער אָפּשאַצונג פֿונעם קלאַסן־טאָך פֿון דעם ציוניזם; ער ווײַזט ניט אַרויס קיין נייטיקע פֿילבאַרקייט און געהיטקייט צו אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און נאַציאָנאַלע באַציונגען אין פֿססר. פֿאַקטיש פֿאַרקריפּלט דער אויטאָר אַ ריי אַלגעמיין־אָנגענומענע שטעלן און אָפּשאַצונגען פֿון די סאָוועטישע געלערנטע מיקויעך פּראָבלעמען פֿונעם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם און דעם קאַמף קעגן דעם ציוניזם. א. ז. ראָמאַנענקאָ באַטראַכט אין טאָך דעם ציוניזם, ווי דעם הויפּט־רעאַקציאָנערן קויעך פֿון דער הײַנטצײַטיקייט, דערקלערט פֿאַקטיש דעם ציוניזם פֿאַרן יעסאָד פֿונעם אימפּעריאַליזם. „אין דער פּערזאָן פֿונעם ציוניזם, — שרײַבט ער, — עקזיסטירט שוין אַ געפֿערלעכער קאָנקורענט לעגאַבע אַנדערע פֿראַקציעס פֿון דער אימפּעריאַליסטישער רעאַקציע, וועלכער פֿאַרכאַפּט פֿעסטע פּאָזיציעס אין דער וועלט פֿון קאַפּיטאַל". דערקלערנדיק, אַז דער ציל פֿונעם ציוניזם איז — „פֿאַרכאַפּן די הערשאַפֿט איבער דער וועלט", נעמט דער אויטאָר דערמיט אַראָפּ פֿונעם אימפּעריאַליזם די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר די גלאָבאַליסטישע שטרעבונגען (זע ז. 130, זע אויך ז. 127—128, 129, 131, 142 אאַ.).

אין דער נײַער רעדאַקציע פֿון דער פּראָגראַם פֿון קפּסס ווערט אָבער קלאָר און דײַטלעך געזאָגט, אַז „די ציטאַדעל פֿון דער צווישנפֿעלקערלעכער רעאַקציע איז — דער אימפּעריאַליזם פֿון פֿשאַ. גראָד פֿון אים גייט קוידעמקאָל די געפֿאַר פֿון אַ מילכאָמע. פּרעטענדירנדיק אַף וועלט־הערשאַפֿט, דערקלערט ער אומגעבעטענערהייט גאַנצע קאָנטינענטן אַלס זאָנעס פֿון זײַנע „לעבנס־אינטערעסן". זײַן פּאָליטיק פֿון העגעמאָניזם און דיקטאַט, פֿון אופּצווינגען ניט־גלײַכבאַרעכטיקטע באַציונגען מיט אַנדערע מעלוכעס, פֿון שטיצן די רעפּרעסיווע אַנטיפֿאָלקישע רעזשימען, פֿון דיסקרימינירן לענדער, וועלכע זײַנען ניט צום האַרצן די פֿאַרייניקטע שטאַטן, דעזאָרגאַניזירט די צווישנמעלוכישע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַציונגען, שטערט זייער נאָרמאַלער אַנטוויקלונג".[2]

פֿירנדיק אַ קאָמפּראָמיסלאָזן, קאָנסעקווענטן קאַמף קעגן ציוניזם, פֿאַרמינערן ניט די מאַרקסיסטן־לענינצעס און טרײַבן אויך ניט איבער דאָס אָרט און די ראָל פֿונעם ציוניזם אין דעם לאַגער פֿונעם אימפּעריאַליזם. דער ציוניזם און זײַן באַשטאַנדטייל, די רעגירנדיקע קרײַזן פֿון יִשׂראל, טרעט אַרויס אַלס אַגענט־פֿאַרבינדעטער פֿונעם אימפּעריאַליזם אינעם קאַמף קעגן אַלע רעוואָליוציאָנערע קרעפֿטן פֿון דער הײַנטצײַטיקייט.

מע קאָן בעשום־אופֿן ניט מאַסקים זײַן מיט דער געבראַכטער אינעם בוך באַהויפּטונג וועגן דעם, אַז אין דער גאַנצער „דערשײַנענער אין די 20־ער — 30־ער יאָרן (אין פֿססר. — די אויטאָרן.) ליטעראַטור" וועגן דער ייִדן־פֿראַגע איז דער ציוניזם געשילדערט „ניט ווי אַ פּראָדוקט פֿונעם אימפּעריאַליזם, נאָר ווי אַן ענטפֿער פֿון די ייִדישע אַרבעטנדיקע אַפֿן אַנטיסעמיטיזם" (ז. 50). ציטירנדיק אויסצוגן פֿון אַנדערע אָפּהאַנדגונגען און סאָלידאַריזירנדיק זיך מיט זיי, פֿאַרנעמט זיך א. ז. ראָמאַנענקאָ ניט נאָר מיט פֿאַרקריפּלען די פֿאַקטן, נאָר ער וואַרפֿט אויך אַ שאָטן אַף דער פּאָליטיק פֿון דער פּאַרטיי און פֿון דער מעלוכע, וועלכע האָבן, זעט איר, „ניט באַמערקט" דעם קאָלאָסאַלן אײַנפֿלוס פֿון די ציוניסטן. עס פֿרעגט זיך — וועלכן ציל פֿאַרפֿאָלגט די ניט־באַהאַלטענע אָנצוהערעניש פֿונעם אויטאָר, אַז די סאָוועטישע געלערנטע האָבן זיך, אַזוי צו זאָגן, ניט געווענדט צו דער קריטיק פֿונעם ציוניזם, מוירע האָבנדיק פֿאַר באַשולדיקונגען אין אַנטיסעמיטיזם (זע ז. 58)? וואָס איז עס, אויב ניט קיין פֿאַלסיפֿיצירונג פֿון אונדזער געשיכטע און היסטאָריאָגראַפֿיע, ווי ס'איז באַוויזן די אַקטיווע ראָליע פֿון דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס אינעם קאַמף סײַ קעגן דעם ציוניזם און סײַ קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם?

ניט אָנעמבאַר זײַנען א. ז. ראָמאַנענקאָס פּרוּוון רעווידירן, צום בײַשפּיל, די סיבעס און די אורקוואַלן פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע, אונטערטראָגן דעם ציוניזם ווי דעם איקערדיקן אָרגאַניזאַטאָר „אינעם פֿאַנאַנדערבינדן די צווייטע וועלט־מילכאָמע", הינטער וועלכן עס באַהאַלט זיך אויס, ווי ער שרײַבט, „דער בייזוויליקער פֿאַרצעף פֿונעם קלאַסן־צווילינג פֿון דעם היטלעריזם", וועלכער האָט געפּרוּווט שאַפֿן „אַן אײנהײַטלעכן אַנטי־סאָוועטישן פֿראָנט פֿונעם היטלעריזם און פֿונעם מײַרעוו־אייראָפּעישן, אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַליזם אין סאָף פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע" (ז. 114, 119, 121, 128, 130). באַמיונגען צו פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט די היטלעריסטן האָבן מיצאַד געוויסע ציוניסטישע קרײַזן געהאַט אַן אָרט, און וועגן זיי ווערט געזאָגט אין דער דערשײַנענער ליטעראַטור. ס'איז אומבאַשטרײַטבאַר, אַז מע דאַרף ווײַטער אויפֿדעקן די רעאַקציאָנערע ראָליע פֿונעם ציוניזם אין פֿאַרשיידענע פּעריאָדן פֿון דער געשיכטע. אָפּשאַצנדיק אָבער די היסטאָרישע געשעענישן, פֿאַקטן, איז וויכטיק אין יעדן פֿאַל זען די עמעסע מאָס פֿון דער ווירקזאַמקייט פֿון די אָדער יענע קויכעס אַפֿן גאַנג פֿון די געשעענישן. אַן אַנדער צוגאַנג וואָלט געווען אין אײַנרײַס מיטן היסטאָרישן עמעס. דאָס סאָוועטישע פֿאָלק, אַלע פּראָגרעסיווע קרעפֿטן אין דער וועלט ווייסן אַף זייער אייגענער דערפֿאַרונג, וואָס עס האָט פֿאַרגעשטעלט מיט זיך דער היטלעריזם, וועלכער האָט געשטרעבט פֿאַרשקלאַפֿן אַלע פֿעלקער, וועלכער

[1] די קפּסס אין רעזאָליוציעס און באַשלוסן פֿון צוזאַמענפֿאָרן, קאָנפֿערענצן און פּלענומס פֿון צק. ב. 1, 9־טע אויסגאַבע, דערגאַנצטע און אויסגעבעסערטע. מ., 1983, ז. 74.

[2] די פּראָגראַם פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד. ז. 16.

איז געווען לויט זײַן קלאַסן־טאָך דער וויכטיקסטער שלאַג־קויער פונעם אימפּעריאַליזם.

ס׳איז ניט נייטיק צו דערווײַזן די טעאָרעטישע און פּאָליטישע וויכטיקייט פון דער פראַגע וועגן דעם קלאַסן־טאָך פונעם ציוניזם און פונעם אנטיסעמיטיזם. די פּאָזיציע פון קפּסס איבער אָט דער פראַגע איז פאָרמולירט אין מ. ס. גאָרבאַטשאָווס ענטפערס אף די פראַגן פון דער צײַטונג „הומאַניטע“. רעדנדיק וועגן דער צעיושעטער אנטיסאָוועטישער קאַמפּאַניע מיקויעך די פאַבריצירטע מיצאַד דער אימפּעריאַליסטישער און ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע אינסינואַציעס וועגן דער „פאַרפאָלגונג פון די ייִדן“ אין פססר, האָט ער אונטערגעשטראָכן, אז דאָס איז ניט מער ווי צוויִעס, וועלכע פאַרפאָלגט ווײַט גייענדיקע פּאָליטישע צילן, דערבײַ צילן, וועלכע האָבן קיין שום געמיינזאַמס ניט מיט די עכטע אינטערעסן פון די סאָוועטישע ייִדן. „איך האַלט, — האָט אָפּגעמערקט מ. ס. גאָרבאַטשאָוו, — אז אין א ציוויליזירטער געזעלשאַפט דאַרף ביכלאַל ניט זײַן קיין אָרט סײַ פאַרן אנטיסעמיטיזם, סײַ פאַרן ציוניזם און סײַ ביכלאַל פאַר באַליביקע אנטפּלעקונגען פון נאַציאָנאַליזם, שאָוויניזם, ראַסיזם“.[1] אזא איז דער שטאַנדפּונקט פון קפּסס, פון דער צווישנפעלקערלעכער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

די וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און די סאָציאַל־פּאָליטישע פּראַקטיק באַווײַזן, אז דאָס דערלערנען, דאָס אויפדעקן און דאָס באַווײַזן די פילזײַ־

[1] גאָרבאַטשאָוו מ. ס. ענטפערס אף די פראַגן פון דער צײַטונג „הומאַניטע“, 4 פעוראַל 1987. מ., 1984, ז. 14.

טיקע פרוכטבאַרע טעטיקייט פון דער קפּסס, אין וועלכער עס באַהעפט זיך קאָנסעקווענט איר נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער כיווו, האָבן א קאָלאָסאַלע וויסנשאַפטלעכע און אידייִש־פּאָליטישע באַדײַטונג. אין אָט דעם געביט ווערן לאַנגזאַם בײַגעקומען די סטערעאָטיפּן אינעם אויפן פון דענקען, אין די פאָרמען און מעטאָדן פון פאַראַלגעמיינערן די דערפאַרונג פון קפּסס אינעם אידעאָלאָגישן קאַמף קעגן דעם אימפּעריאַליזם און נאַציאָנאַליזם, דערונטער קעגן דעם ציוניזם. עס זײַנען נאָך פאַראַן ווייניק אָפּהאַנדלונגען, אין וועלכע ס׳זאָלן ארויסגערוקט ווערן נײַע צוגאַנגען און אידייען אין פראַט פון פאָרמירן די קאָמוניסטישע וועלט־אָנשויונג, וועלכע זאָלן אָפּשפּיגלען, ווי ס׳האָט אָפּגעמערקט מ. ס. גאָרבאַטשאָוו אף דער אַלפאַרבאַנדישער באַראַטונג פון די פאַרוואַלטערס פון די קאַפעדרעס פון געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן, — „אײנצײַטיק אויך די באַזיִקטע קלאַסן־אינטערעסן און אידעאַלן, די רעכטלעכע און מאָראַלישע נאָרמעס, די סאָציאַלע פּריאָריטעטן און הומאַניסטישע ווערטן — דאָס אַלץ, וואָס באַשטימט דעם אויסוואַל פון דער אויפירונגס־ליניע פונעם מענטשן אין לעבן. זײַן אכרײַעספולע באַציִונג צו דער געזעלשאַפט און צו זיך גופע.[1] די טוער פונעם אידעאָלאָגישן פראָנט, דערונטער די טוער פון געזעלשאַפט־קענטעניש, זײַנען באַרופן צו זײַן אפן פאָדערגרונט פון אָט דעם קאַמף, דערפאָלגרײַך פאַרווירקלעכן אין לעבן די באַשלוסן פונעם XXVII צוזאַמענפאָר פון קפּסס.

[1] זשורנאַל „קאָמוניסט“, 1986, נומ. 15, ז. 6.

# כראָניק

## א מאָנאָגראַפיע וועגן דעם אוראַלטן נאָענטן מיזרעך

די הויפּט־רעדאַקציע פון דער מיזרעך־ליטעראַטור פונעם מאָסקווער פאַרלאַג „נאַוקא“ האָט פאַרעפנטלעכט א מאָנאָגראַפיע פונעם פּראָפעסאָר פון דעם דאַוגאַווּפּילסער פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט (לעטלאַנד) יויעל ווײַנבערג „דער מענטש אין דער קולטור פונעם אוראַלטן נאָענטן מיזרעך“. אינעם בוך איז אויסגעניצט א ברייטער פאַקטישער מאַטעריאַל, וועלכער איז שײַעך צו אַזעלכע ציוויליזאַציעס פונעם אוראַלט, ווי מיצראַיִם, שומער אקאַד און אַנד.

דער פּראָפעסאָר י. ווײַנבערג איז באַוווּסט אלס איינער פון די אָנגעזעענע סאָוועטישע העברעיִסטן. אין זײַן נײַער מאָנאָגראַפיע איז ברייט פאָרגעשטעלט דער טאַנאַך־מאַטעריאַל. עס זײַנען אָפּגעשפּיגלט פאַרשיידענע אַספּעקטן פון דער וועלט־אָנשויונג פון די אוראַלטע בנײ־ייִסראָעל, ווי אויך זייערע קולטורעלע פאַרבינדונגען מיט די אנדערע פעלקער פונעם אוראַלטן מיזרעך.

געאָרגי שמיגאָוו

# דעמאָקראַטיע לויטן אַמעריקאַנישן נוסח

אויב פֿאַנאַנדערקוקן די רעדעס פֿון פּאָליטישע טוער אין פּשא פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון אויסגעניצטע אין זיי ווערטער און באַגריפֿן, וועט ווערן קלאָר: די סאַמע באַליבטע און פֿיל מאָל געניצטע ווערטער זײַנען „דעמאָקראַטיע" און „פֿרײַהײַט". דערבײַ ווערן זיי געוויינלעך געבראַכט בלויז צוליב אַ כאַראַקטעריסטיק פֿונעם אַמעריקאַנער לעבנס־אויפֿן. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז מיט די דאָזיקע ווערטער ניצן זיך אַמעריקאַנער פּאָליטישע טוער פֿון אַלע קאַליברן — אָנהייבנדיק פֿונעם מער פֿון אַ קליינעם יישעוו און ענדיקנדיק מיט דעם מעלוכע־סעקרעטאַר און דעם פּרעזידענט פֿון פּשא. און וואָס העכער עס איז די שטעלע, אַלץ אָפֿטער קלינגען די דאָזיקע ווערטער. און אויב פֿאַרגלײַכן לויט די יאָרן, איז ניט שווער צו באַמערקן, אַז מיט יעדן יאָר דאַרשענען אַלץ מער די פּאָליטישע טוער פֿון פּשא וועגן פֿרײַהײַט און דעמאָקראַטיע.

„האַנדלענדיק אינעם גײַסט פֿון לינקאָלנען, האָט אַמעריקע פֿאַרווירקלעכט דעם טרוים וועגן דעמאָקראַטיע, גאַראַנטירנדיק פּאָליטישע רעכט פֿאַר אַלע בירגער אירע", — האָט דערקלערט אין איינער פֿון זײַנע פֿילצאָליקע ראַדיאָ־אַרויסטרעטונגען דער פּרעזידענט רייגאַן. ער האָט ניט איין מאָל אײַנגערעדט די אַמעריקאַנער, אַז גראָד דעמאָקראַטיע איז דער טאָך פֿונעם „אַמעריקאַנישן לעבנס־אויפֿן". „אונדזער דעמאָקראַטיע דאַרף מען עקספּאָרטירן אין אַלע מעלוכעס", — האָט אָן צערעמאָניעס געטײַנעט דער פּרעזידענט פֿון פּשא, פֿאַרגעסנדיק, זעט אויס, וועגן דער עקזיסטענץ פֿון אַזעלכע באַגריפֿן, ווי „סווערעניטעט" און „אינערלעכע איניאָנים" פֿון אַנדערע מעלוכעס. אַ פּראַקטישער פּרווו צו עקספּאָרטירן די אַמעריקאַנישע „דעמאָקראַטיע" איז געוואָרן דער ברייט פּראָקלאַמירטער מיצאַד רייגאַנען „נײַער קרייץ־צוג".

פֿאַרשטייט זיך, אַז אָט דער פּרווו איז פֿון סאַמע אָנהייב געווען פֿאַרורטיילט אויף אַ מאַפּאָלע, כאָטשבי דערפֿאַר, וואָס אָפּנאַרן די וועלט־עפֿנטלעכקײַט איז הײַנט ניט גרינג, און ניט געקוקט אויף דער ראַפֿינירטער פּראָפּאַגאַנדע פֿון די מיטלען פֿון מאַסן־אינפֿאָרמאַציע — דעם „קאָל פֿון אַמעריקע" און אַנדערע רופֿאָרן פֿון וואַשינגטאָן, זעען די פֿעלקער פֿון דער וועלט, אַז די אַמעריקאַנישע דעמאָקראַטיע — דאָס זײַנען ניט בלויז שיינע רעדעס פֿונעם מעלוכע־פּרעזידענט, פֿאַרביקע טעלעוויזיע־שאָו, רײַכע וויטרינעס און די סופּערמאַרקעטן, פּראַכטפֿולע אויטאָס און יאַכטעס בא געפֿעסטעטע מיצאַד דעם דאָלאַר־מאַזל, נאָר אויך מיליאָנען אַרבעטלאָזע, געטאָס פֿאַר קאָלירהויטיקע, צענדליקער מיליאָנען אָרעמעלײַט, הונגעריקע, היימלאָזע פֿרויען, מאַנצבלען, זקיינים און קינדער, וואָס לײַדן פֿון געצווונגענעם און כראָנישן ניט־דערעסן. דערבײַ — וואָס עס איז באַזונדערס שרעקלעך און מאָראַליש שווער — די הונגעריקע האַלטן זיך אויף צווישן אַ שעפֿע פּראָדוקטן און סכוירעס, בא אַ הויכן אַנטוויקלונגס־ניוואָ פֿון די פּראָדוציר־קרעפֿטן. ס'זײַנען אַרײַן שוין אין שטייגער אַרבעטלאָזיקײַט פֿון אַ באַדײַטנדיקן טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג, ניט קיין באַזאָרגטע עלטער און אַ פּערספּעקטיוולאָזע יוגנט, אַ דריקנדיקער געפֿיל פֿון סאָציאַלער ניט־זיכערקײַט, ניט געצוימטע פֿאַרברעכערישקײַט און קאָרופּציע, מיליטאַריזירונג פֿונעם מאַטעריעלן און גײַסטיקן לעבן פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַכזאָריעסדיקע דערשטיקונג פֿון די בירגערלעכע רעכט און פֿרײַהײַטן.

לאָמיר אַ קוק טאָן, וויאַזוי עס טראַקטירט דעם טערמין „דעמאָקראַטיע" איינע פֿון די פּאָפּולערסטע אַמעריקאַנישע ענציקלאָפּעדיעס — די „קאָלומביער". „דעמאָקראַטיע איז אַ פֿאָרם פֿון פֿאַרוואַלטונג, ווו דאָס פֿאָלק נעמט אָן אָנטייל אין דער אָנפֿירונג מיט דער טעטיקײַט פֿון דער מעלוכע". פֿאַרגעדענקט: „נעמט אָן אָנטייל", אָבער ניט פֿירט אָן, ניט פֿאַרווירקלעכט זײַן מאַכט. און אויך דאָס איז ניט דער איקער. די גאַנצע סיסטעם פֿון דער בורזשואַזער, באַזונדערס פֿון דער אַמעריקאַנישער דע־

מאָקראַטיע איז קאָנסטרויִרט און פונקציאָנירט אויף אַזאַ אופן, אַז אינדערעמעסן נעמט דאָס פאָלק אפילו קיין אָנטייל ניט אין דער אָנפירונג מיט דער מלוכה.

ווײַטער טײַנעט נעפלהאַפט די ענציקלאָפּעדיע, אַז „דאָס פעסטשטעלן די דעפיניציע פון דעמאָקראַטיע האָט זיך פאַרברייטערט איבער די גרענעצן פון ריין פּאָליטישע באַצייכענונגען, אײַנגעשלאָסן אַזעלכע קאָנצעפּציעס, ווי עקאָנאָמישע דעמאָקראַטיע, אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע און סאָציאַלע דעמאָקראַטיע".

איז אָט, די דאָזיקע „עקאָנאָמישע דעמאָקראַטיע" און „אינדוסטריעלע דעמאָקראַטיע" באַטײַטן ניט מער, ווי דאָס רעכט אויף פּריוואַט־אייגנטום און אויף עקספּלואַטאַציע פון איין מענטשן דורך אַנדערן. אָבער אַזאַ רעכט ליקווידירט דאָך אויף דער פּראַקטיק אַלע אַנדערע רעכט פון די אַרבעטנדיקע, פונעם פאָלק. די אונטערשטע שורה איז — ווער עס פאַרמאָגט פּריוואַט־אייגנטום, און וואָס מער אייגנטום, אַלץ מער רעכט האָט ער. זאָגן אַן אַמעריקאַנישן בורזשוא, אַז דאָס רעכט אויף פּריוואַט־אייגנטום, אויף עקספּלואַטירן גלײַכע צו זיך, איז ניט דעמאָקראַטיש, וועט ער אײַך ענטפערן: „דאָס דאָזיקע רעכט אָבער האָבן אַלע, יעדער איינער קאָן זײַן אַ מיליאָנער!"...

דער עמעס איז, אַז אין דער הײַנטצײַטיקער אַמעריקע איז אַ מיליאָן מאָל גרינגער צו ווערן ניט קיין מיליאָנער, נאָר איינער פון דער אַלץ וואַקסנדיקער אַרמיי אַרבעטלאָזע, אָרעמעלײַט, היימלאָזע אאַז"וו.

„אַ רעגירונג פונעם פאָלק, מיט וועלכער עס פירט אָן דאָס פאָלק, פאַרן פאָלק..." — אַזוי האָט אויסגעדריקט דעם דעמאָקראַטישן אידעאַל דער פּרעזידענט פון פשא אַווראַאַם לינקאָלן. דער אידעאַל פון דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפטלעכקייט פון פשא איז טאַקע פאַרבליבן פאַר איר אַן אומדערגרייכבאַרער טרוים, האַגאַם זינט דעמלט, ווען עס זײַנען געזאָגט געוואָרן די דאָזיקע ווערטער, איז פאַרבײַ אַ ביז גאָר לאַנגער צײַט־אָפּשניט — גאַנצע 120 יאָר. דעם אַוטאָר פון דער דעקלאַראַציע, דעם פּרעזידענט לינקאָלן, האָבן דערהאַרגעט יענע, פאַר וועלכע עס עקזיסטירט בלויז איין אידעאַל — באַרײַכערן זיך, אונטערדריקן און עקספּלואַטירן די אַרבעטנדיקע. זיי האָבן געהאַרגעט פּרעזידענטן און קאַנדידאַטן פאַר פּרעזידענטן, אַפילו פּאַרשטייער פון זייער אייגענעם קלאַס — בלויז דערפאַר, ווײַל יענע זײַנען געווען פיל קליגער און ווײַטזיכטיקער פון זיי און געוואָלט פאַרלענגערן דאָס לעבן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און פון דער בורזשואזער דעמאָקראַטיע מיט מער ראַפינירטע מעטאָדן. זיי האָבן פאַרפאָלגט און געהאַרגעט אַפילו רעאַליסטיש דענקענדיקע רעליגיעזע טוער, וועלכע האָבן געטרוימט וועגן גלײַכהייט, ווײַל „גאָט האָט באַשאַפן גלײַכע צווישן זיך מענטשן", ווי ס'איז פאַרשריבן אין דער ביבל און אין דער קאָנסטיטוציע פון פשא.

„איך האָב אַ טרוים..." — האָט געזאָגט מאַרטין ליוטער קינג, און הונדערטער טויזנטער מענטשן האָבן געהערט זײַן אויפגערעגטע און לײַדנשאַפטלעכע שטים. אַ פאַרשטאַרקטע מיט מעכטיקע דינאַמיקעס, איז זי אַרײַנגעדרונגען אין די נעשאָמעס פון יענע, וועלכע האָבן, ווי ער, געטרוימט וועגן גלײַכהייט פון די שוואַרצע און ווײַסע זין פון אַמעריקע, וועגן שפּײַז און וועגן אַ דאַך איבערן קאָפּ, וועגן אַרבעט און בילדונג, וועגן פאַרווירקלעכן די דעמאָקראַטישע רעכט פון די פּאַשעטע מענטשן אין אַמעריקע.

אַמעריקע האָט טאַקע ניט פאַרווירקלעכט, טראָץ די באַהויפּטונגען פונעם פּרעזידענט רייגאַן, דעם טרוים וועגן דעמאָקראַטיע. די מאַכטהאָבער־רעאַקציאָנערן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט דער מאַפיע, מיט טעראָריסטישע און נעאָפאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, קאָנען ניט מויכל זײַן דעם טרוימער וועגן עכטער דעמאָקראַטיע, באַזונדערס, ווען אָט דער טרוים ווערט פאַרפעסטיקט מיט האַנדלונגען. מאַרטין ליוטער קינג איז געווען טעטיק ווי אַ קעמפער, און די מענטשן זײַנען געגאַנגען נאָך אים. דעריבער האָט אים די רעאַקציע אין פשא דערהאַרגעט. און צוזאַמען מיט אים — אויך אַ טייל פון אָט דעם הייליקן טרוים.

„די רעגירונג פונעם פאָלק"... די איצטיקע רעגירונג פון ראָנאַלד רייגאַן (ווי די פריערדיקע פון דזשימי קאַרטער) באַשטייט קימאַט דורכויס פון מיליאָנערן און מיליאַרדערן פאַר מיליאַרדערן, פאַרן קריגס־אינדוסטריעלן קאָמפּלעקס, וועלכער באַרײַכערט זיך אויפן באַוואָפענונג־געיעג, אויף דער פּראָדוצירונג פון מאָדערנסטע און סאַמע באַרבאַרישע מיטלען פון מאַסן־פאַרניכטונג. דער שוץ־מיניסטער קאַספּאַר ווײַנבערגער איז דער אָנפירער פון דער טראַנסנאַציאָנאַלער קאָרפּאָראַציע „בעקטעל קאָרפּאָרייַשן". דער מלוכה־סעקרעטאַר דזשאָרדזש שולץ איז אין אַלטע און פרישע וויבער פונעם קאַפּיטאַליסטישן ביזנעס. דער געוועזענער פינאַנץ־מיניסטער און איצט אָנפירער פונעם אַפּאַראַט פון דעם ווײַסן הויז דאָנאַלד ריגאַן איז אַ באַוווּסטער ניו־יאָרקער באַנקיר און דער ראָש פון דער גרעסטער אין פשא בראָקער־פירמע „מעריל לינטש". דער האַנדלס־מיניסטער מאַלקאָלם באָלדרידזש איז דער אָנפירער פון אַזעלכע גרויסע קאָרפּאָראַציעס, ווי „סקאָוויל", „אַמפּ", „בענדיקס", „יוניראָיאַל", וועלכע האָבן אַ שײַכעס אויך צום מיליטערישן ביזנעס. דער דירעקטאָר פון דער צענטראַלער אויסשפּיר־פאַרוואַלטונג אוויליאַם קייסי איז אַ מיטגליד פונעם דירעקטאָרן־ראַט פון דרײַ

קאָמפּאַניעס און קאָנסולטאַנט פון א גרויסער יורידישער פירמע. דער קאָמוניקאַציע־מיניסטער ענדריו לויִס איז א מיטבאַזיצער פון א יורידישער פירמע און דירעקטאָר פון זעקס קאָרפּאָראַציעס און בענק. דער שעף פונעם פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט פון פּשא און דער „באַזינגער" פון דער אַמעריקאַנישער דעמאָקראַטיע טשאַרלז אוויק איז א ביזנעסמען־מיליאָנער, רייגאַנס אַן אַלטער גוטער־פריַינט. אויך דער פּרעזידענט אַליין איז א מיליאָנער. אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן איז ער פאַרבונדן מיט „דזשענעראַל עלעקטריק", איינער פון די פירנדיקע קאָרפּאָראַציעס פונעם קריגס־אינדוסטריעלן קאָמפּלעקס, פאַר וועלכער אייַז־אַלמערס און וואַש־מאַשינען זייַנען בלויז „ניסלעך", דער איקער זייַנען די פילמי־ליאַרדיקע באַשטעלונגען פונעם פּענטאַגאָן אויף נוקלעאַרע ראַקעטעס און אונטערוואַסער־שיפלעך, רעאַקטיווע מאָטאָרן צו פאַרניכטלער און באָמבאַרדירער, עלעקטראָניק פון מיליטערישן באַדייַט.

אויב אין דער קאַרטער־אַדמיניסטראַציע זייַנען געווען רעפּרעזענטירט אַרום דרייַסיק גרעסטע אַמעריקאַנישע מאָנאָפּאָליעס, זייַנען אין דער רייגאַן־אַדמיניסטראַציע פאַראַן ניט ווייניקער פון פופציק. דעריבער, ווען דער פּרעזידענט פון פּשא און זייַנע מיניסטאָרן טייַנען וועגן „לעבנס־ספערן" פון פּשא אין פאַרשיידענע טיילן פון דער פּלאַנעטע, איז עס פאַרזעגלעך פאַר זיי, פאַר זייער ביזנעס, ווירקלעך פראַגן פון לעבן און טויט, ווייַל ס'איז ניטאָ פאַר זיי קיין וויכטיקערע פראַגע, ווי באַרייַכערן זיך. זיי ראַבעווען ניט נאָר זייער פאָלק, נאָר אויך די פעלקער פון אַנדערע לענדער און קאָנטינענטן, ווו זיי פאַרמאָגן הונדערטער אונטערנעמונגען, פונוואַנען זיי פּאָמפּען אַרויס נאַפט, קאַוטשוק, צין, כראָם, מאַגני און אַנדער סטראַטעגיש רויוואַרג.

צי פאָרט זיך מיט דעמאָקראַטיע דער פאַקט, וואָס מיט דער איצטיקער אַמעריקע פירן אָן הונדערט גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע קאָרפּאָראַציעס? אָט דעם פאַקט האָט אַנערקענט אינעם נומער פאַרן 21 יולי 1986 די וואָכנשריפט „יונייַטעד סטייטס ניוס ענד וואָרלד ריפּאָרט". ווי פאַרבייַגייענדיק, האָט זי אָפּגעמערקט, אַז גראָד זיי שאַפן זיך מיטן גאַנצן רייַכטום פון אַמעריקע, מיט איר גאַנצן אַקציאָנערן קאַפּיטאַל און פאַרייַנס אויך מיט אַלע פּענסיע־פאָנדן און סטראַכיר־פּאָליסן פון 145 מיליאָן בירגער פון פּשא. דער אָנגעזעענער דרוק־אָרגאַן פון דער בורזשואַזער אַמעריקע האָט אָנגערופן די דאָזיקע הונדערט קאָרפּאָראַציעס — „שטיצזייַלן פונעם קאַפּיטאַליזם". און אין דעם איז דער זשורנאַל, פאַרשטייט זיך, געווען גערעכט. די עקזיסטירנדיקע אין פּשא געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג איז טאַקע די מאַכט פון די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע קאָרפּאָראַציעס. די דעמאָקראַטיע אָבער, ווי באַוווּסט, איז די מאַכט פונעם פאָלק.

צווישן די קאָרפּאָראַציעס און דעם פאָלק איז קיין שום געמיינזאַמס ניטאָ, אויב ניט רעכענען דאָס, וואָס די קאָרפּאָראַציעס קאָנען ניט עקזיסטירן און זיך אַנטוויקלען, ניט עקספּלואַטירנדיק דאָס פאָלק — סייַ אַלס אַרבעטס־קראַפט, סייַ אַלס געברויכער פון דער פּראָדוקציע, סייַ אַלס קינאָ־ און טעלעוויזיע־צושויער, ראַדיאָ־צוהערער, לייענער און אויך — וויילער, וועלכע מע באַאַרבעט מיט אַלע מיטלען פון פּאָליטישער רעקלאַמע און פּראָפּאַגאַנדע, מיט פּסיכאָלאָגישן פּרעסינג אאַז״וו. קעדיי צווינגען זיי פרייַוויליק אָפּשטימען פאַר יענע פּאָליטישע טוער, אין וועלכע עס נייטיקן זיך די קאָרפּאָראַציעס. און ניט נאָר אָפּשטימען, נאָר אויך גלייבן, אַז נעמלעך זיי, די פּאָשעטע וויילער, לייזן די גורלאָלעס פון אַמעריקע און אַז פון זייערע שטימען איז אָפּהענגיק די פּאָליטיק פונעם לאַנד און זייַן צוקונפט.

דער סאָציאָלאָג אוויליאַם דאָמהאָף, אָפּמערקנדיק, אַז די אָנפירער פון די גרעסטע קאָרפּאָראַציעס פון אַמעריקע „זייַנען מיטגלידער פונעם אַמעריקאַנישן העכסטן קלאַס, וואָס איז פאַרבונדן ניט נאָר מיט רייַכטום, נאָר אויך מיט מישפּאָכע־קנופּן, מיטן שטודיום אין וועלטלעכע לערן־אַנשטאַלטן, מיטן איבערעכענען זייערע פאַמיליעס אין די סאָציאַלע רעגיסטערס, מיט דער אָנגעהעריקייַט צו אויסשליסלעכע פּריוואַטע קלובן", האָט זיי אָנגערופן „מעגאַ־אייגנטימער". צווישן זיי — עדגאַר בראָנפמאַן, דער אָנפירער פון דער מעכטיקער אַלקאָהאָל־מאָנאָפּאָליע „סיגרעם קאָמפּאַני" און דער ראָש פונעם אַלוועלטלעכן יידישן קאָנגרעס. די צייַטונג „יונייַטעד סטייטס ניוס" באַרויִקט די לייענער דערמיט, וואָס קלוימערשט אינגאַנצן גענומען זייַנען די אַמעריקאַנער „ניט זייער שטאַרק באַאומרויִקט מיט דער קאָנצענטראַציע פון דער מאַכט אין די הענט פון געציילטע פּערזענלעכקייַטן, פון די קאָרפּאָראַציעס, וועלכע באַלעבאַטעווען אין אַמעריקע".

פאַרוואָס זשע, פרעגט זיך? דערפאַר, ווייַל, זעט איר, „דער דינאַמיזם פון דער סיסטעם פון פרייַער אונטערנעמערשאַפט וועט צו דער צייַט אָפּקאָרעקטירן א סאַך מיסברויכונגען"! אַך, ווי וווּנדערבאַר! און דערצו נאָך — „איבערצייַגעוודיק".

איינער פון די „מעגאַ־אייגנטימער" פיער דיופּאָן דער פערטער, דאָס אייניקל פונעם גרינדער פון דער באַוווּסטער דינאַסטיע מולטימיליאָנערן, וועלכער האָט ביז איצט „אָפּגעהאָרעוועט" אויפן פעלד פון דער אַמעריקאַנישער דעמאָקראַטיע אַלס גובערנאַטאָר, „האָפט אַרויסצורוקן זייַן קאַנדידאַטור אַלס פּרעזידענט פון פּשא בייַס די וואַלן אין 1988". נו, וואָס איז דאָ צו רעדן? גאַנץ ווירדיק פאַר דער אַמעריקאַנישער „פאָלקסמאַכט"!

„די סכוירע דאַרף זײַן פאַרבנרײַך אײַנגעפּאַקעוועט, דעמלט איז לײַכטער זי צו פאַרקויפן", — האַלטן די ביזנעסמענער. אַט דער ניטגעשריבענער געזעץ פונעם ביזנעס איז געוואָרן אין דער הײַנ־טיקער אַמעריקע אַן אומאָפּגעמבאַרער טייל פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, אַ גוט דורכגעטראַכ־טע סטראַטעגיע פון גרויסאַרטיקע און טומלדיקע וואַל־קאַמפּאַניעס. די פּאַרוואַל־פּראָגראַמען פון די וויכטיקסטע בורזשואַזע פּאַרטייען און די פּלאַטפאָרמעס פון זייערע קאַנדידאַטן — אין פּרעזידענטן, אין סענאַטאָרן, אין מערן אאַז״וו — אַליין די פּערזענלעכקייט פונעם קאַנדידאַט, ביז צו דער אוועק־געשטעלטער מיצאַד ספּעציעלע רעזשיסערן שטים זײַנער, די שמייכלען און זשעסטן, דאָס אַלץ איז געוואָרן אַ מין סכוירע, וועלכע די מעכטיקע מאַנאָפּאָליעס „פאַרקויפן" פאַר די פּאַשעטע ווײַלער מיט דער הילף פון טעלעוויזיע, ראַדיאָ, פּרעסע. און צי קאָן דען זײַן אַנדערש אין אַ געזעלשאַפט פון קאַפּיטאַל, ווו אַלץ ווערט געקויפט און פאַרקויפט?

„לאָמיר נעמען אַמעריקע, די סאַמע פרײַע און ציוויליזירטע, — האָט געשריבן וו. אי. לענין אין 1929. — דאָרט איז אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק. נו, איז וואָס? כוצפּעדיק הערשט אַ הײַפל ניט מיליאַנערן, נאָר מיליאַרדערן, און דאָס גאַנצע פּאָלק איז אין קנעכטשאַפט און פאַרשקלאַפונג" (געזאַמלטע ווערק, ב. 37, ז. 83). די פאַרגאַנגענע יאָרן האָבן די לאַגע ניט געענדערט. בלויז דער אָפּגרונט צווישן דעם הײַפל מיליאַרדערן און דער מערהייט פון דער נאַציע איז געוואָרן נאָך גרע־סער, און די קאַפּיטאַליסטישע קנעכטשאַפט און פאַרשקלאַפונג — נאָך ראַפינירטער. אין דער רײַכ־סטער מעלוכע פון דער וועלט זײַנען פאַראַן 35 מיליאָן אָפיציעל פאַרעגיסטרירטע אָרעמלײַט, אַרום 20 מיליאָן זײַנען אינגאַנצן און טיילווײַז אַרבעטלאָז, פיל מענטשן הונגערן כראָניש, פאַרמאָגן ניט קיין דאַך איבערן קאָפּ, פירן אַ קלאָגעדיק לעבן. אַ העלפט פון אַלע אַמעריקאַנישע מישפּאָכעס, יענע, וואָס געפינען זיך אינעם אונטערשטן טייל פון דער סאָציאַלער פּיראַמידע, פאַרמאָגן אין זייער רע־שוס בלויז 3 פּראָצענט פונעם סומאַרן פאַרמעגן פון די אַמעריקאַנער. דערפאַר אָבער פאַרמאָגן צוויי פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג העכער 80 פּראָצענט פונעם גאַנצן אַקציאָנערן קאַפּיטאַל פון פּשאַ. דאָס זײַנען פונקט יענע אַמעריקאַנער, וועלכער שרײַען העכער פון אַלעמען וועגן „פרײַהייט" און „מענטשן־רעכט". פאַר זיי איז אַמעריקע אַ לאַנד פון דער פרײַהייט, וועלכע זיי האָבן געשאַפן „לויט זייער מוסטער און לויט זייער נוסער".

אין דער זעלבער צײַט האָבן די פאַראייניקטע שטאַטן ראַטיפיצירט 30 פון די 40 איצט פונקציאָ־נירנדיקע צווישנפעלקערלעכע אָפּמאַכן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צו די מענטשן־רעכט, דערונטער די קאָנווענץ וועגן ראַסן־דיסקרימינאַציע, וועגן בירגערלעכע און פּאָליטישע רעכט, ווי אויך וועגן עקאָ־נאָמישע, סאָציאַלע און קולטורעלע רעכט.

אין סענאַט פון פּשאַ זײַנען אַ דריטל פון די הונדערט סענאַטאָרן ביזנעסמענער און באַנקירן, און די איבעריקע — יוריסטן. צווישן די 435 מיטגלידער פון דער רעפּרעזענטאַנטן־פּאַלאַטע זײַנען קימאַט אַ דריטל אויך ביזנעסמענער און באַנקירן, די איבעריקע — פאַרלעגער, פערמערס, זשורנאַ־ליסטן און יוריסטן. מיר וועלן באַמערקן, אַז „יוריסטן" — דאָס זײַנען אייגנטימער פון גרויסע יורי־דישע פירמעס, וועלכע באַדינען מעכטיקע קאָרפּאָראַציעס פון פּשאַ, „זשורנאַליסטן" — מיטבאַזיצער פון צײַטונגען, דינער פון די מאָנאָפּאָליעס, „פערמערס" — גרויסע קאַפּיטאַליסטישע אַרענדאַרן אָדער ערדבאַזיצער. אינעם אַמעריקאַנער קאָנגרעס האָט קיין אײַן אָרט זיך ניט געפונען פאַר אַן אַרבעטער. נו, איז דאָס דען ניט קיין „דעמאָקראַטיע"?!

סימפּטאָמאַטיש איז, וואָס קימאַט אַ פערטלײַלעך פון די סענאַטאָרן האָבן אַ פאַרמעגן, וואָס שטײַגט איבער אַ מיליאָן דאָלאַר.

די אָפיציעלע אַמעריקע באַליידיקט זיך, ווען מע רופט אָן די פּאָליטישע סיסטעם פון פּשאַ „דעמאָקראַטיע פונעם געלט־זאַק". אָבער פאַר אַזעלכע רעאַליעס זײַנען דען פאַראַן בעסערע טער־מינען?

אינעם בוך „גווירים און איבער־גווירים" שרײַבט דער באַוווּסטער עקאָנאָמיסט און היסטאָריקער פון פּשאַ פ. לאַנדבערג: „ערשטנס, גיט די איצטיקע קאָנצענטראַציע פון רײַכטום אַ מעגלעכקייט אַ קליינינקער גרופּע פערזאָנען, וועלכע האָבן ניט פאַר דעם קיין ספּעציעלע צוגרייטונג און שפּאַרט זיך אָן הויפּטזאַכלעך אָף דער באַקומענער ירושע, אומגעזעצלעך און אומפאַראַנטוואָרטלעך קאָנ־צענטרירן אין זייערע הענט אַ ביז גאָר גרויסע מאַכט אָף צו באַשטימען די אינערן־ און אויסערן־פּאָליטיק; צווייטנס, טיילט פּאַנאַנדער אָט די גרופּע די קאָלאָסאַלע עקאָנאָמישע רעסורסן סײַ אינ־ווייניק אינעם לאַנד, סײַ אויסער די גרענעצן אָף אַזאַ אויפן, אַז זיי זאָלן דינען אירע אייגענע שמאָ־לע און אייגננוציקע אינטערעסן און ניט קעדיי באַפרידיקן די שאַרפסטע געזעלשאַפטלעכע און פער־זענלעכע באַדערפענישן פון די אַמעריקאַנער".

פ. לאַנדבערג שרײַבט, אַז די דאָזיקע גרופּע „איז פּעיִק אונטערגראָבן און גראָבט ווירקלעך אונטער אַ סאַך רעגירונגס־פּראָגראַמען, וועלכע זײַנען באַוויליקט געוואָרן מיצאַד דעם גאַנצן פּאָלק".

דאָס קלינגט, ווי א קאָמענטאר צו דער רייגאנישער פּאָליטיק פון פארקירצן 250 פּראָגראמען פון הילף פאר אָרעמע, ארבעטלאָזע, זקנים, קינדער פון ווייניק־פארמעגלעכע מישפּאָכעס אאזוו.

„די דאָזיקע גרופּע, — קאָנסטאטירט ווײַטער פ. לאנדבערג, — שלעפּט פּערי׳אָדיש אריַין דאָס לאנד אין אכזאָריעסדיקע מילכאָמעס, וועלכע העלפן מיט אײַנצוהיטן און פארגרעסערן דאָס אייגנטום, אָבער ווידערשפּרעכן די אינטערעסן פונעם לאנד און פון דער גאנצער וועלט".

יאָ, דאָס איז טאקע אזוי. און אזעלכע ביַישפּילן זײַנען פאראן ניט ווייניק. די מילכאָמע אין קאָרייע, ווו הונדערטער טויזנטער אמעריקאנישע וואָיאקעס האָבן געזייט טויט און רוי׳נירונג אונטערן צודעק פון „קאמף פאר דעמאָקראטיע". דאָס אמעריקאנישע כאַיל האָט אופגעצווונגען מיט נאפּאלם און גיפטיקע גאזן א געוווּנטשענע דעם מאָנאָפּאָליסטישן קאפּיטאל פון פּשא „דעמאָקראטיע" אין וויעטנאם. פיל טויזנטער וויעטנאמער זײַנען אומגעקומען אינעם קאמף מיט די טרעגער פון דער „אמעריקאנער דעמאָקראטיע". ניט בילֵיק האָט געקאָסט די מיסי׳ע צו איַינשטעלן דעמאָקראטיע אויך דעם עצעם אמעריקאנער פאָלק. די רעגירנדיקע קרייַזן פון פּשא פּרווון אויך הייַנט אײַנשטעלן דעמאָקראטיע ליטן אמעריקאנער נוסעך אין סאלוואדאָר און ניקאראגוא, אומעטום, ווו עס קאָנען נאָר דערלאנגען די לאנגע הענט פון דער צענטראלער אויסשפּיר־פארוואלטונג, פונעם פּענטאגאָן, פון די אמעריקאנישע קאָרפּאָראציעס.

עכטע דעמאָקראטיע זעט פאָר פרייַהייַט פון וואָרט, פרייַהייַט פון פּרעסע. אין דער הייַנטיקער אמעריקע זײַנען די דאָזיקע פרייַהייַטן פּראָקלאמירט און עקזיסטירן פאָרמעל, אָבער די ברייטע שיכטן פון די ארבעטנדיקע האָבן ניט קיין מעגלעכקייַט צו רעאליזירן זיי אין דער וואָר. אלס שטערונג דינט ווידער דער אומעטומיקער דאָלאר. פאר דעם, אז דאָס וואָרט זאָלן דערהערן אָדער איבערלייענען מענטשן, דארף מען צאָלן. און צאָלן א סאך. גאנץ אָפּט קומט אויס בלויז פאר איין מינוט פון א טעלעוויזיע־ אָדער ראדי׳אָ־ארויסטרעטונג, פאר עטלעכע דוימען צייַטונג־פּלאץ צאָלן טויזנטער און צענדליקער טויזנטער דאָלאר. ווייַל ווי אלע פּראָדוציר־מיטלען, געפינען זיך די פּראָדוציר־מיטלען פונעם וואָרט — דעם געדרוקטן און דעם דורכגעלאָזטן אין עפיר — אין די הענט פון מאָנאָפּאָליעס. אין דער פּרעסע איז עס די אסאָשיייטעד פּרעס (אפּ) און יונײַטעד סטייטס אינטערנײשנל (יופּי), ווי אויך עטלעכע מעכטיקע צייַטונגס־קאָמפּאניעס — „ניו־יאָרק טײַמס", „וואשינגטאָן פּאָסט", „לאָס־אנדזשעלעס טײַמס" און זשורנאל־קאָמפּאניעס — „טײַם", „יונײַטעד סטייטס ניוס ענד וואָרלד ריפּאָרט", „ניוסוי׳ק", אָף דער טעלעוויזיע און ראדי׳אָ זײַנען עס „סי־בי־עס (קאָלאמבי׳א בראָדקאסטינג סיסטעם"), „איי־בי־סי" („אמעריקען בראָדקאסטינג קאָמפּאני"), „ען־בי־סי" („נעשעל בראָדקאסטינג קאָמפּאני").

עטלעכע מאָנאָפּאָליעס פונעם וואָרט, וועלכע זײַנען זיך ענג צונויפגעוואקסן מיט די מאָנאָפּאָליסטישע קאָנגלאָמעראטן פון די ראָקפעלערס, מאָרגאנס, מעלאָנס, דיופּאָנס, געטיס און מיט אנדערע, ווי אויך מיטן קריגס־אינדוסטרי׳עלן קאָמפּלעקס אינגאנצן גענומען — אָט ווער עס באשטימט, מעסט אָפּ און רעגולירט די פרייַהייַט פון וואָרט אין דער איצטיקער אמעריקע. קלײנע ראדי׳אָ־ און טעלעוויזיע־סטאנציעס, ווי אויך צייַטונגלעך זײַנען פאראן עטלעכע טויזנט. אָבער זיי אלע געפינען זיך אין די הענט פון די אויבנדערמאָנטע סופּערגיגאנטן. דערצו נאָך ווערן זייערע שטימעלעך, וועלכע זײַנען באגרענעצט מיט מיני׳אטיור־ראדי׳וסן פון אולטרא־קורצע סטערעאָ־כוואליעס, אופגענומען בלויז מיצאד פארהעלטניסמעסיק ניט־גרויסע גרופּעס פון דער באפעלקערונג. ארויסגיין אָף א רעגי׳אָנעלער, ביפראט נאָך אָף דער נאצי׳אָנאלער אאודיטאָריע קאָן מען, אזויארום, בלויז מיט דער הילף פון דער רעגירונג אָדער פון דער אָנפירונג מיט די סופּערגיגאנטן פונעם וואָרט.

הייסט עס, אז טאקע זיי קאָנטראָלירן און צענזורירן אלץ, וואָס עס גייט אָף א גרויסער אאודיטאָריע און איז פעי׳ק אויסי׳בן א פּראָפּאגאנדיסטישן דרוק. אויך די שפּע פון קאָמערץ־רעקלאמע און איר קאָלאָסאלער קאָסט באגרענעצט שארף די פרייַהייַט פון וואָרט, דערשטיקט זי.

מע דארף אָפּמערקן נאָך איין כאראקטעריסטישן פאר דער אמעריקאנער דעמאָקראטיע פּראָצעס — די אויסוואָרצלונג פון די ני׳ט־געוווּנטשענע פאר די רעאקצי׳אָנערע קרייַזן ליטעראטור. אין געגעבענעם פאל קאָנען די רעאקצי׳אָנערע קוי׳כעס זיך מאסקירן מיט בירגערלעכע, רעליגי׳עזע, שילערישע, פרויען־אָרגאני׳זאציעס, זיך שלייערן אין קליידער פון פארטיידיקער פון דער מאָראל און אין אנדערע מאלבושים, און אונטער אזא צודעק ארויסנעמען פונעם פארקער יענע ביכער, לערנביכער, פּיעסעס, קינאָ־פילמען אדג., אין וועלכע עס זײַנען פאראן כאָטשבי עטלעכע ווערטער, וואָס ווייַזן זיך אויס פאר זיי רעוואָלוצי׳אָנער, עוואָלוצי׳אָנער, „אמאָראליש". אָף אזא אופן זײַנען פארבאָטן געוואָרן באזונדערע ווערק און גאנצע בענדער פון שעקספּירן און פושקינען, פון דיקענסן, דאָסטאָיעווסקין, לעוו טאָלסטאָיען, מארק טווענען.

אין דעם שטאט צאָפן־קאראָלינע איז ארויסגענומען געוואָרן פון די שול־ביבלי׳אָטעקן דער פּאָפּולערער אמעריקאנער אויסטײַטש־ווערטערבוך, אינעם שטאט וואיאָמינג — די מעדיציני׳שע מישפּאָכע־ענציקלאָפּעדיע און אין פלאָרידע — אפילע אריסטאָפאנס „ליסיסטראטא", וועלכע איז אָנגעשריבן געוואָרן מיט קאָרעוו 2400 יאָר צוריק. אין א ריי שול־ביבלי׳אָטעקן איז פארבאָטן דער פּאָפּולערסטער

און הויך־הומאַנישער אַמעריקאַנער מײַסע־בוך „דער קישעפּמאַכער פונעם לאַנד אָס". אין לאָויזיאַנע זײַנען פּאַראַיאָרן פאַרבאָטן געוואָרן דרײַ שול־לערנביכער אַף דעם סמאַך, וואָס זיי „פּראָפּאַגאַנדירן ראַדיקאַלע סאָציאַל־פּאָליטישע אָנשויונגען", נעמלעך... דאַרווינס טעאָריע. אין פלאָרידע זײַנען אַרויס־געדרוקט געוואָרן דערווידערונגען קעגן 22 לערנביכער פון ביאָלאָגיע פאַר די עלטערע קלאַסן מאַכ־מעס דעם, וואָס „די עוואָלוציע איז אונטערגעטראָגן אין זיי ווי א פאַקט, און די געטלעכע אָפּשטאַ־מונג פון אַלדאָס לעבעדיקע ווערט איגנאָרירט".

אַף דער באַשולדיקונגס־באַנק אין גרינוויל (שטאַט טענעסי) זיצט הײַנט דער שול־לערער דזשאָן סקאָפּס, וועלכער האָט זיך דערוועגט אונטעריכטן די שילער דאַרווינס עוואָלוציע־טעאָריע. אַלזאָ, עס גייט ווידער אין פּשא, ווי אין 1925, א „מאַלפּע־פּראָצעס"! אין דער זעלבער צײַט צעבליט זיך די אינדוסטריע פונעם פּאָרנאָגראַפישן ביזנעס, וועלכע האָט פאַרפלייצט גאַנץ אַמעריקע. אין א באַלי־ביקן קיאָסק פאַרקויפט מען פּאָרנאָגראַפישע זשורנאַלן, גיגאַנטישע שײַנענדיקע אַפישן פון קינאָ־טעאַטערס רופן, מע זאָל קוקן פילמען, וועלכע שילדערן גרופּסווײַזע סעקסועלע אָרגיעס מיט „פּי־קאַנטע פאַרקריפּלונגען".

פון די ביבליאָטעקן ווערט אַרויסגענומען „דער טאָגבוך פון אַנאַ פראַנק", און דאָ טאַקע, אינעם קינאָ־טעאַטער בישכיינעס, באַווײַזט מען א פילם, וועלכער באַזינגט די „העלדנטאַטן" פונעם היטלע־ריסטישן כאַיל, פון יענע, וואָס האָבן געטייט דאָס דאָזיקע ייִדישע מיידעלע, אויסגעראָטן זעקס מיליאָן ייִדן, אָפּגענומען דאָס לעבן בײַ צוואַנציק מיליאָן סאָוועטישע מענטשן, בײַ מער ווי צוויי הונדערט טויזנט אַמעריקאַנישע סאָלדאַטן און אָפיצערן.

יאָ, אַזאַ איז די „אַמעריקאַנישע דעמאָקראַטיע", דער „אַמעריקאַנישער לעבנס־אויפן", וועלכע האַלטן אונטער א צווייהונדערט־טויזנטקעפּיקע מאַפיע מיט אַן אומזאַץ־קאַפּיטאַל פון 60 מיליאַרד דאָ־לאַר, א מיליאָניקע אַרמיי פּראָסטיטוטקעס, מאַסן־נאַרקאָמאַניע, אָפיציעל און האַלב־אָפיציעל רעקלאַ־מירטע פּאָרנאָגראַפיע. מיט זייער היקף ווערט אויפגעהאָדעוועט דער מאָנסטער פון מיליטאַריזם, אין וועמענט העענט מע סטאַרעט זיך אָפּגעבן די גאַנצע מענטשהײַט, איר קעגנוואַרט און צוקונפט.

די רעאַליטעטן אין אַמעריקע זײַנען אָבער ניט קיין איינדײַטיקע. ווײַל אין איר פרײַהײַט און דעמאָקראַטיע, וועלכע זײַנען אַף דורך און דורך געפּענטעט מיט א שוואַרצן און קלעפּיקן שפּינוועבס פון עקלהאַפטע בלוטדורשטיקע געשעפטמאַכער פונעם ביזנעס, פון פּאָליטיקאַנישקײַט און מיליטאַריזם, טרעפן זיך אויך אויפבליצן פון ריינע גאָלדענע פעדעם, וועלכע זײַנען אויסגעוועבט מיט דער אָרנט־לעכער מי פונעם טאַלאַנטפולן און פרידנסליבנדיקן אַמעריקאַנער פאָלק, מיט זײַנע מאַכשאַוועס און האָפענונגען, מיט זײַנע טרוימען וועגן עכטער פרײַהײַט און וועגן שאָלעם אַף דער פּלאַנעטע, מיט זײַן מעכטיקן סייכל און וויסנשאַפטלעכן העלדנטאַט, מיט זײַן עקאָנאָמישן דענקען און מענעדזשער־קונסט פון אָנפירונג, מיט זײַנע הומאַניסטישע טראַדיציעס אין דער ליטעראַטור, מוזיק, מאָלערײַ, מיט זײַן אָפּטימיזם און לעבנספּעקײַט, מיט זײַן טומלדיקן און ניט־געפּלאָנעם כאַראַקטער פון א פּיאָנער און פאָרשער, מיט זײַן אופריכטיקן בליק און פרײַנטלעכן האַנטדרוק, מיט זײַן גלויבן אין גוטס און אין גערעכטיקײַט, אין ווירדע פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקײַט, — מיט אַלדאָס גוטס און מענטשלעכס, וואָס לעבט אינעם אַמעריקאַנער פאָלק טראָץ דער הערשנדיקער אינעם לאַנד מאָראַל פון באַרײַכערונג און עגאָיזם.

און טראַכטנדיק וועגן דער אַמעריקאַנישער דעמאָקראַטיע, ווילט זיך מיר ווידער זען יענע האַרעפּאַשניקעס, וועלכע זײַנען געגאַנגען אינעם יאָרטאָג פונעם גרויסן אָקטיאַבער דורך דעם צענט־ראַלן פּאַרק פון ניו־יאָרק, געגאַנגען פונעם פּאַרויכערטן וועסטסײַד אַפּן רעספּעקטאַבעלן איסט, קעדיי דעמאָנסטרירן זייערע געפילן פון פּראָלעטאַרישער סאָלידאַרישקײַט מיט אונדז, מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד, מיט אונדזערע גרויסע און דרייסטע אויפטועז, מיט אונדזער קאַמף פאַר שאָלעם אין דער גאַרער וועלט. דאָס זײַנען געווען פאַשעטע אַרבעטער, סטודענטן און פּעדאַגאָגן, ווײַסע און שוואַרצע, קאָ־מוניסטן, שאָלעם־קעמפער.

עס קומען אויף אין זיקאָרן אויך אַנדערע מעכטיקע מאַניפעסטאַציעס פון דעמאָקראַטישע שיכטן אינעם גרויסן ניו־יאָרק — א יאַם מיט מענטשן אַפּן פּלאַץ און אַף די גאַסן לעבן די געבײַדעס פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַרייניקטע נאַציעס, אויסרופן לעטויוועס דעם שאָלעם, קעגן מילכאָמע. לאַנג איז דעמאָלט אויסגעקומען צו שטיין אין דעם פאַרגליווערטן שטראָם פון מאַשינען, אָבער קיין גערפּיל פון פאַרדראָס איז ניט געווען. ס'איז געווען א געפיל פון סאָלידאַרישקײַט, פון פרייד פאַר דעם, וואָס דאָס אַמעריקאַנער פאָלק קאָן פונדעסטוועגן זאָגן זײַן וואָגיק וואָרט.

און וואָס פאַר א שאַרפער קאָנטראַסט דאָס איז מיט די בייזע, מענטשנהאַסנדיקע אַנטיסאָוועטישע דעמאָנסטראַציעס פון ציוניסטישע טומלער, וועלכע ס'איז אויסגעקומען ניט איין מאָל צו זען לעבן דער פאַרשטייערשאַפט פון פּססר בײַ דער אונאָ! מיר האָבן געוווסט, אַז זייערע אָרגאַניזאַטאָרן זײַנען פאַר יעדער שאָ „אַרבעט" באַצאָלט געוואָרן בײַ די קאַסעס פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

און נאָך אַ פֿראַגע, וועלכע קומט ניט־ווילנדיק אויף אַפֿן זינען באַם טראַכטן וועגן דער אַמעריקאַנישער דעמאָקראַטיע: צי פּאָרט זיך דעמאָקראַטיע מיט אַמעראַציִשקײַט, מיט שטוינענדיקער אָפּוועזנהײַט פֿון אָביעקטיווער אינפֿאָרמאַציע, מיט דעם אויסערגעוויינלעך נידעריקן ניוואָ פֿונעם פּאָליטישן באַוווּסטזײַן בײַ דער איבערוועגנדיקער מערהײַט אַמעריקאַנער, מיט זייער גלײַכגילט צו דער אונטערדריקונג פֿון די אַרבעטנדיקע אין צענדליקער לענדער פֿון דער וועלט מיצאַד דעם אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם, מיט די באַרבאַרישע באָמבאַרדירונגען און אינטערווענצן פֿון דער אַמעריקאַנישער מיליטערישער קליקע קעגן אַנדערע סוּווערענע מעלוכעס?

דער באַשײַמפּערלעכער פּאַר אַ רײַפֿן פּאָליטישן אויפֿן פֿון דענקען פֿאַקט, אַז מיליאָנען דאָלאַרן אין דער קעשענע פֿון אַ מיליאָנער זײַנען אַ פּרוכט פֿון עקספּלואַטאַציע פֿון איין מענטש דורך אַן אַנדערן, אַז פּריוואַט־אייגנטום מאַכט מעגלעך צו עקספּלואַטירן און, הייסט עס, פֿאַרשקלאַפֿן מיצאַד אַ קליינער צאָל בירגער די גרונט־מאַסע פֿון דער באַפֿעלקערונג און אַז די דאָזיקע פֿאַרשקלאַפֿונג באַטײַט אָפּנעמען בײַ די אַרבעטנדיקע זייערע דעמאָקראַטישע רעכט, פֿאַרוואַנדלען די דעמאָקראַטיע אין אַ פֿיקציע, — אָט דער אומבאַשטרײַטבאַרער עמעס דערגייט דערווײַל ניט צום באַוווּסטזײַן פֿון דער מערהײַט אַמעריקאַנער.

די לאַגע פֿון דער פֿרוי אין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן איז שטענדיק געווען און פֿאַרבלײַבט איינער פֿון די צײַגערס פֿון דער מאַדרייגע פֿון דעמאָקראַטישער אַנטוויקלונג אין דער געזעלשאַפֿט. און די זאַך ווערט דאָ לאַכלוטן ניט באַשטימט מיט דעם פֿאַקט, וואָס אַ פֿרוי פֿאַרנעמט, לאָמיר זאָגן, אַ פֿירנדיקן פּאָסטן אין דער רעגירונג. איין שוועלבעלע, ווי הויך עס זאָל זיך ניט אופֿהייבן, מאַכט ניט קיין ווינטער. די לאַגע פֿון דער פֿרוי איז אַ פֿראַגע פֿון אַ ברייטן קאָנטעקסט. וועלכער איז דער קאָנסטיטוציאָנעלער און יורידישער סטאַטוס פֿון דער פֿרוי אין פֿשאַ? אין דער סיסטעם פֿון דער אַמעריקאַנישער „דעמאָקראַטיע” פֿאַרמאָגן ניט די פֿרויען קיין גלײַכע רעכט מיט די מאַנצבלען. די אויסבעסערונג וועגן אויסגלײַכן די רעכט פֿון דער פֿרוי מיט די רעכט פֿון די מאַנצבלען, וועלכע איז צום ערשטן מאָל פֿאָרגעלייגט געוואָרן אַרײַנצוטראָגן אין דער אַמעריקאַנישער קאָנסטיטוציע אין 1923, איז נאָך אַדהײַנט ניט ראַטיפֿיצירט. צווישן די 435 מיטגלידער פֿון דער רעפּרעזענטאַנטן־פּאַלאַטע פֿונעם אַמעריקאַנישן קאָנגרעס זײַנען פֿאַראַן בלויז עטלעכע פֿרויען, און אין סענאַט — קיין איינע ניט! די רעכט פֿון דער פֿרוי בענעגייע דעם פֿאַרמעגן אין דער פֿאַמיליע און אַפֿילע בענעגייע די קינדער זײַנען ערנסט געמינערט אין פֿאַרגלײַך מיט די רעכט פֿונעם מאַנצבל.

די פֿרויען זײַנען פֿאַרנומען בלויז אין 20 פֿון די 420 קלאַסיפֿיקאַציעס פֿון באַשעפֿטיקונגען, וועלכע זײַנען איבערגערעכנט מיצאַד דעם אַרבעטס־מיניסטעריום פֿון פֿשאַ. דערבײַ זײַנען דאָס, אַלס קלאַל, ניט קיין קוואַליפֿיצירטע אָדער האַלב־קוואַליפֿיצירטע מינים באַשעפֿטיקונגען. אָבער קימאַט 10 מיליאָן מישפּאָכעס, אָדער קימאַט יעדע זעקסטע אַמעריקאַנער מישפּאָכע ווערן מאַטעריעל אויסגעהאַלטן מיצאַד פֿרויען. פֿאַר אַלצײַנער אַרבעט באַקומען די פֿרויען אַרום 60 פּראָצענט פֿונעם אַרבעטלוין פֿון די מאַנצבלען.

די אַמעריקאַנישע ווירקלעכקײַט באַשטעטיקט הײַנט לעניִנס דעפֿיניציע וועגן דעם, אַז די בורזשואַזע דעמאָקראַטיע האָט טאָמיד „איבערגעטראָגן דעם שווערפּונקט אויף דער פֿײַערלעכער פּראָקלאַמירונג פֿון די פֿרײַהײַטן און רעכט, ניט דערלאָזנדיק פּאַקטיש, אַז די מערהײַט פֿון דער באַפֿעלקערונג, די אַרבעטער און פּויערים, זאָלן זיך באַנוצן מיט זיי וויפֿל־ניט־איז אין דער פֿולער מאָס”.





# קאמפּס-לידער

צום 19טן אפּרעל — דעם יאָרטאָג פֿונעם העלדישן אופשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, פֿאַרעפּנטלעכן מיר אַן אָפּקלײַב פֿון לידער, וועלכע זײַנען געשאַפֿן געוואָרן אין יענע טעג און פֿאַרבליבן אין פֿאָלקס־זיקאָרן.

## וואַרשע

ס׳פֿאַרשווינדט ניט די נאַכט און דער טאָג קומט ניט אָן,
אַ בלוטיקע קויל ווערט די ערד שוין,
אַ ייִד פֿלאַטערט אויף ווי אַ שטורמישע פֿאָן,
אַ פֿאָן איינעם טאָל פֿון די מײַסים.

אין כורוועס די געטאָ, די ייִדן — אין שלאַכט,
דער ייִד שפּרײַזט דורך רויך און דורך פֿלאַמען,
— נעקאָמע! נעקאָמע! — עס שטורעמט די נאַכט
פֿאַר קינדער, פֿאַר טאַטעס, פֿאַר מאַמעס!

דער שניי שיט און שיט און די ערד ווערט ניט ווײַס,
עס האַלט נאָך דאָס בלוט אין איין זידן,
עס רופֿט נאָך נעקאָמע אַף שנייִיקן אײַז
דאָס בלוט פֿון די העלדישע ייִדן.

קיין טאָג וועט ניט זײַן, — רופֿט דער ייִד, — און קיין נאַכט,
מיר וועלן די וועלט ניט פֿאַרגעבן!
די, וועלכע זײַנען געפֿאַלן אין שלאַכט,
אײביק אין אונדז וועלן לעבן!

מיר וועלן געדענקען דעם ווײ און דעם מוט,
עס פֿיבערט אין גלי די נעשאָמע,
קריץ אויס זיך אין הארצן דרײַ ווערטער פֿון בלוט:
נעקאָמע! נעקאָמע! נעקאָמע!

טעקסט — ש. קאַטשערגינסקי

## שטיי אויף

שטיי אויף, מײַן אָרעמער ברודער,
נעם אין האנט דעם רודער
פון דײַן נײַעם לעבן אין דײַן שטארקער האנט,
ניט טרעט אויף אַלטע שטעגן,
ס׳וועט בא נײַע ברעגן
שענער, ברודער, אויפבליִען דאָס לאנד!

שווימען טײַכן, שווימען,
זינגען לידער, רימען
פינקלדיקן זילבער פון ווײַסן וואסער־שוים.
כ׳קאָן ניט זינגען, שפּילן,

עס זאָל די וועלט דערפילן, —
רויטע יאמען בלוטן און נעקאָמע־טרוים.

ס׳לויפן טעג און יאָרן,
ס׳שטארבן און געבאָרן —
פון מײַרעוו ביזן מיזרעך —
פעלקער אין דער וועלט.

נאָר דו, מײַן פאָלק פון לײדן,
דו וועסט דעם טויט פארמײַדן,
ווי דאָרעם־זון ביסט אייביק
און אויך ווי צאַפּן־קעלט.

טעקסט — ס אָ ר ע ס א פ י ר

## מוישע האלט זיך

מײַן ברודער מוישע לעבט אין שרעק,
ער טראכט: ווו גייט מען דאָ אוועק,
ווו קאָן מען זיך באהאלטן?
דעם קאָפּ נאָר, מוישע, הייב אים הויך,
פאַל בא זיך נאָר ניט אראָפּ,
געדענק, מע וועט ארויס.
מוישע, האלט זיך, מוישע, האלט זיך!
זע, ניט צעפאַל זיך, האלט זיך, מוישע,
פעסטער.

מוישע האלט אויס, גליטש זיך ניט אויס
און געדענק — מע דארף ארויס.
ווײַל עפּעס הערט מען, עפּעס פילט מען, —
האלט זיך, מוישע,
עס קומט די צײַט, עס שלאָגט שוין באלד
די שאָ די גרויסע,
מוישע, האלט אויס,
גליטש זיך ניט אויס,
און געדענק — מע וועט ארויס!

טעקסט — ק א ס ר י ע ל ב ר ו י ד ע

## נאָר ניט געקלאָגט

וויינט ניט, פעלקער, וויינט ניט, לײַטן,
איר האָט פארלאָרן מוטער, קינד,
עס זײַנען איצט אזוינע צײַטן —
פון מײַרעוו בלאָזט א בייזער ווינט;
אין מיזרעך אָבער שטייען פעלדזן,
די פעלדזן זײַנען זייער הויך,
עס האָבן פינף און צוואנציק יאָרן
די פעלדזן ווינטן ניט דערגרייכט.

נאָר ניט געקלאָגט, גיסט קיין טרערן,
הארט ווי שטיין און הארט ווי שטאָל,
עס וועלן זיך גוטע צײַטן קערן,
ס׳וועט נאָך גוט זײַן אויך אמאָל.

וויין ניט, בעסטער פרײַנט דו מײַנער,
דאָס לעבן איז א לאָטעריי,
הײַנט בין איך נאָך עפּשער דײַנער,
און מאָרגן קאָן שוין זײַן מײַן ריי, —
הײַנט וועל איך נאָך עפּשער זינגען,
און מאָרגן קאָן איך שווײַגן שטיל,
עס וועלן אָבער לידער קלינגען,
ווײַל פרײַ זײַן איז דאָך — אונדזער ציל.

מעכאבער — אומבאקאנט

# יוגנט־הימן

אונדזער ליד איז פול מיט טרויער, —
דרייסט איז אונדזער מונטער־גאַנג,
כאָטש דער סוינע וואַכט באַם טויער, —
שטורעמט יוגנט מיט געזאַנג:

יונג איז יעדער, יעדער, יעדער, ווער עס וויל נאָר,
יאָרן האָבן קיין באַדייט,
אַלטע קענען, קענען, קענען אויך זײַן קינדער
פון אַ נײַער פרײַער צײַט.

ווער עס וואָגלט אום אַף וועגן,
ווער מיט דרייסטקייט ס'שטעלט זײַן פוס,
ברענגט די יוגנט זיי אַנטקעגן
פון דער געטאָ אַ גערוס.

מיר גערדענקען אַלע סאָנים,
מיר גערדענקען אַלע פרײַנט,
אייביק וועלן מיר דערמאָנען,
אונדזער נעכטן מיטן הײַנט.

קלײַבן מיר צונויף די גלידער,
ווידער שטאָלן מיר די ריי.
גייט אַ בויער, גייט אַ שמידער, —
לאָמיר אַלע גיין מיט זיי!

טעקסט — ש. קאַטשערגינסקי

# אפן פּאָסטן

אונטערן הימל, טונקל־גרוי און וואָלקנדיק,
אפן פּאָסטן אין דעם לאַגער כ'גיי אַרום,
שלאָפן דאָ זעמליאַנקעס אונטער צודעק נאַכטיקן,
איך בין וואַך, די נאַכט איז פרעמד און שטום.

שלאָפט דער וואַלד אונטער אַ דעקע ווײַסע שנײַיקע,
שלאָפט מיט לײַכטן פּאַרטיזאַנער־שלאָף,
ס'האָבן עס פאַרוויגט די לידער ווײַיקע,
אַ ליד פון גרויס פאַרברעכן און פון שטראָף.

שטעק איך דורך די נאַכט מיט אויגן ליכטיקע,
כאַפּ איך אויף פון ביימער יעדן קלאַנג,
עפּשער קריכן סאָנים דאָ ניט־זיכטיקע
צו דעם לאַגער מיט אַ מויזיש גאַנג.

שטייען שטיל די ביימער ווי פאַרשווירענע,
דורך קרוינען וואַרף איך מיר'עכדיק אַ בליק,
עפּשער דאָרט מײַן היימלאַנד, דאָס פאַרלוירענע,
דערוואַרט צום מאָרגן, פּונקט ווי איך, זײַן גליק.

טעקסט — סאָרע סאַפּיר

# איך בין פרײַ

און אָט איז אָנגעקומען דער מאָמענט,
דערוואַרט האָבן מיר די מינוט,
אַף אונדזער ערד, אין אונדזער שטאָט
מיר זעען דאָס פאַשיסטיש בלוט.

ווען עס איז זיגעריש אַרײַן
דער ערשטער ליבער רויטער טאַנק,
ווען כ'האָב מיט ליבשאַפט אַזוי פיל
געדריקט דעם רויטאַרמייערס האַנט.

איך גיי איצט אַזוי פרײַ אין גאַס,
און כ'גלייב זיך ניט, אַז איך בין פרײַ,
די אַלטע ליבע היימשטאָט מײַנע
קומט אויס מיר איצט אַ ליב, אַ נײַ.

אָט שטעל איך פאַר אַ הויז זיך אַף,
געוווינט דאָ האָבן מײַנע פרײַנט.
פיל מאָל פלעג איך פאַרברענגען דאָ, —
איך פרעג איך: ווו זיי זײַנען הײַנט?

און אָט אַ גוט באַקאַנטער הויף,
ווו טײַער איז מיר יעדער שטיין, —
נאָר ווו זײַנען די ליבסטע ווו
אַז איך שטיי דאָ גאָר אַליין?

דאָ האָט אַמאָל מײַן מאַמע מיך
געדריקט צום ברוסט אַזוי מיט האַרץ,
איך האָב אַ פאָטער דאָ געהאַט —
ווער וועט שפּירן איצט מײַן שמאַרץ?

נאָר מיטאַמאָל שפּריצט אַ געדאַנק,
כ'דערשפּיר אַף אַקסל דאָס געווער:
דאָס בלוט עס קאָכט אין מיר און
ווידט —
נעקאָמע נעמען און וואָס מער!

נעקאָמע נעמען פֿאַר מײַן היים
נעקאָמע נעמען פֿאַרן בלוט.

די ביקס וועט מײַן באַהעלפֿער זײַן,
מיט איר אין וועג צו גיין איז גוט.

איך דריק די ביקס מײַנע צום האַרץ,
זי איז געווען מיר שטענדיק טרײַ,

אין יעדער רעגע פֿון געפֿאַר —
האָט זי געבראַכט פֿאַר מיר די פֿרײַ.

אָט זײַנען רויטאַרמייער פֿיל,
זיי גייען, זינגענדיק אַ ליד,
— היי, כאַווײרים, — קלינגט מײַן
רוף, —
מיט אײַך צום פֿראָנט, איך גיי איצט
מיט!

טעקסט — ריקלע גלעזער

## וואָס דאַרפֿן מיר ווײַנען

וואָס דאַרפֿן מיר ווײַנען, וואָס דאַרפֿן מיר קלאָגן,
מיר וועלן נאָך פֿראַנקן אַ קאַדיש נאָך זאָגן.
ביריבי, באַם־באַם־באַם.
ביריבי, באַם־באַם־באַם.

לאָמיר זײַן פֿריילעך און זאָגן זיך וויצן,
מיר וועלן נאָך היטלערן שיווע נאָך זיצן.
ביריבי, באַם...

די סאָנים, וואָס פֿירן אונדז דאָרט קיין טרעבלינקע,
זיי וועלן נאָך ווערן אין דער ערד אײַנגעזונקען,
ביריבי, באַם...

מיר וועלן צוזאַמען נאָך אָרעם־באַ־אָרעם
אימירצעשעם טאַנצן אויף זייערע קוואָרים.
ביריבי, באַם...

מעכאַבער — אומבאַקאַנט

---

## בראָניק

### אַ מאַנאָ־אָפּערע „אַנאַ פֿראַנקס טאָגבוך"

אויף דער בינע פֿונעם קעשענעווער רעפּובליקאַנישן אַקטיאָרן־הויז איז לעצטנס אויפֿגעפֿירט געוואָרן אַ מאָנאָ־אָפּערע אונטערן נאָמען „אַנאַ פֿראַנקס טאָגבוך". דער רעזשיסער פֿונעם ספּעקטאַקל איז די פֿאַרדינסטפֿולע אַרטיסטקע פֿון דער מאָלדאַווישער סס״ר אַ. יאַנקו.

דאָס געשטאַלט פֿון דער לעגענדאַרער אַנאַ פֿראַנק האָט גלענצנדיק דערטראַגן צו די צושויער די סאָליסטקע פֿונעם מאָלדאַווישן טעאַטער פֿון אָפּערע און באַלעט אַנאַסטאַסיע בורוויאַן, וועלכע האָט געלונגען אויסגעדריקט דעם טיפֿן ווייטיק און די האַרפֿענונג פֿון דעם ייִדישן מיידעלע פֿון אַמסטערדאַם.

לעאָניד קאָוואַל

# מארק ראזומנים אופשטײַג

וויאזוי, מיט וועלכער מאָס דארף מען שאצן די ווערק פון א שרײַבער, וואָס האָט אָפּגעלעבט אין דער ליטעראטור מער פון זעכציק יאָר?

לאָמיר פּרוּוון זיך ווענדן צו צוויי קאטעגאָריעס: צום שרײַבערס פּערזענלעכקײַט און צו דעם מאָקער פון זײַנע ווערק.

— א גאנץ לעבן סטארע איך זיך, אז מײַן שאפונג זאָל, צוזאמען מיט דער גאנצער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, זײַן א בריק צווישן דער דוירעסדיקער דערפארונג פון מײַן פאָלק מיטן גרויסן הײַנט, — אזוי זאָגט מארק ראזומני.

איך הער זײַנע רייד און פארשטיי, אז דאָס, וואָס איז עכט נאציאָנאל, איז עכט אינטערנאציאָנאל. ווען מארק ראזומני לייגט-אונדז פאָר עפּעס לייענען פונעם ייִדישן לעבן, הייסט עס, אז ער לייגט פאָר באקאנען זיך מיט א שטיק לעבן בײַכלאל. ווײַל דאָס לעבן — דאָס ייִדישע, אָדער ניט-ייִדישע — איז א מענטשיש לעבן. מע קאָן אָנשרײַבן וועגן פראנצויזישן לעבן אזוי, אז דער יאפּאָנער זאָל פּלאצן פון געלעכטער; און פארקערט: מע קאָן שרײַבן וועגן דעם יאפּאָנער אזוי, אז דער פראנצויז זאָל זיך באגיסן מיט טרערן.

יעדער פאָלק איז א טייל פון דער גרויסער מענטשהײַט.

— אשטייגער איך, — זעצט פאָר מארק אבראמאָוויטש. — כ׳האָב זייער ליב דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר גריג. אז איך הער „אניטרעס טאנץ״, שוין אָפּגערעדט פון דער סאָלווייג-ליד, פארקלעמט מיר אזש דאָס הארץ און ס׳באהערשט מיך א שטילער טרויער, א זיסער, ווי א רײַפער אפּעלסין. כ׳זע, ווי עס הוידעט זיך אף די שוימיקע כוואליעס פונעם פיאָרד אן אײַנזאם שיפל... גריגס מוזיק איז אן אייביקע, ווי דער אָטעם פונעם יאם. זי איז פול מיט אומרו, ווי דער געשריי פון דער צאָפּנדיקער מעווע. יעדער פאָלק האָט זײַן מוזיק. וואָס זאָל איך אײַך זאָגן וועגן דער ייִדישער מוזיק? שטעלט זיך פאָר: א מענטש האָט דורכגעמאכט א לאנגן, שווערן וועג. אף יענעם וועג האָבן אים ווילדע כײַעס געריסן אף שטיקער, פײַער-און-פלאם האָט געברענט זײַן הויט, גיפטיקע שלאנגען האָבן געשלענגלט זיך ארום אים, אן אויסגעמאטערטער, פארפײַניקטער, אָנגעליטענער, שוין אן אומגעפאלענער — הייבט ער זיך אוף און גייט ווײַטער. אָבער וויפל קאָן מען שפּאנען אָן רו, מיט די לעצטע קויכעס, מיטן לעצטן אָטעם? דער מענטש האָט באשטימט זיך אָפּרוען. און ער האָט אָנגעהויבן זינגען, און דאפקע א פריילעכן ניגן. אָבער ס׳האָט זיך אים נאָר אויסגעוויזן, אז דער ניגן איז א פריילעכער. פונוואַנען זאָל זיך נעמען די פריילעכקײַט? צי קאָנט איר קײַען ביטערן פעפער און שמייכלען דערבײַ? אָט אזא איז די ייִדישע מוזיק, די פריילעכקײַט איז אָנגעזאפּט מיט טרערן, די פרייד — געפּרוּווט מיט פײַן. אגעוו, איר האָט זיך שוין מיסטאמע אליין אָנגעשטויסן, אז דאָס וואָרט „מוזיק״ קאָן מען דאָ פארבײַטן מיטן וואָרט „ליטעראטור״. ווײַל וואָס איז ליטעראטור, אויב ניט דער נעשאָמע-צושטאנד? אין וואָס עס נייטיקט זיך די נעשאָמע — אין דעם נייטיקט זיך דער מענטש. ווי א בלום, דארף דער מענטש האָבן זונען-שטראלן און א ווארעמען רעגן אף זײַן אייגענער ערד...

מארק ראזומני פארמאָגט אזא אייגענע ערד — דאָס איז זײַן היים לעטלאנד. ער איז אלט געווען צוויי יאָר, אין 1898, ווען זײַנע עלטערן זײַנען אריבערגעפאָרן פונעם ליטווישן שטעטעלע זשאגארע קיין ריגע. אָט די שטאָט איז געוואָרן די היים פונעם צוקינפטיקן שרײַבער.

— מײַן זיידע איז געווען א ראָוו, — דערציילט ראזומני, — און ווי יעדער ראָוו, האָט ער געוואָלט זען מײַן טאטן אין דעם זעלבן ראנג. פריִער איז מײַן פאָטער געוואָרן א שויכעט, נאָר אז מע האָט אים געבראכט אן אָף צו דער שכיטע, אָדער א גאנדז, פלעגט ער פאלן אין כאלאָשעס, ווי נאָר ער האָט פארהויבן דעם כאלעף צו דעם פייגלס האלדז... אָט אזא הארץ האָט ער געהאט, אזא נעשאָמע... ער האָט דאַן געמאכט א סאָף צו דער קלייקוידעשדיקער קאריערע און איז געוואָרן א מיל-ארבעטער. די גאנצע האָפענונג, אז דעם זיידנס טרוימען וועלן מעקויעם ווערן, איז איבערגעגאנגען אף מיר. פריִער — א כיידער-

ייִנגל, דערנאָך — אַ ישיבֿה־בחור, שפּעטער האָב איך געענדיקט די ייִדישע גימנאַזיע אין ריגע, נאָך דער גייַסטלעכער ראַנג פֿונעם זיידן איז אַזוי טאַקע ניט געוואָרן קיין מישפּחה־טראַדיציע.

אין 1919 פֿאָרט מאַרק אַוועק קיין דייַטשלאַנד. דאָרט אַרבעט ער אַלס אַ קלערק אין באַנק. אין די אָוונטן דערלערנט ער פֿילאָסאָפֿיע און עסטעטיק אין דעם האַמבורגער אוניווערסיטעט. צו יענער צייַט איז דער יונגער מאַרק ראַזומני געווען פֿאַרכאַפּט מיט שפּינאָזעס דערהויבענעם פּאַנטעיִזם.

— דרייַ טויזנט יאָר איז אַלט די פֿילאָסאָפֿיע, וועלכע איז אויפֿגעקומען אין די לענדער פֿונעם אוראַלטן מיזרח, — זאָגט מאַרק אַבראַמאָוויטש, — און אין אַלע יאָרהונדערטער זייַנען אירע אָפּאָנענטן געווען אויסטערלישע דענקער פֿון פֿאַרשיידענע פֿעלקער. קיין שום וויסנשאַפֿט האָט ניט געדינט אַזוי די שרייַבער, ווי די פֿילאָסאָפֿיע. יעדער עכטער שרייַבער איז באַוואָפֿנט מיט אַ באַשטימטן פֿילאָסאָפֿישן מעטאָד. פֿאַר מייַן לאַנגן מעכאַבערישן לעבן האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן מיט ווירקונגען פֿון פֿאַרשיידענע פֿילאָסאָפֿישע קאָנצעפּציעס, פֿאַרשטייט זיך, אַז כ׳בין זיי ניט פֿאַרבייַגעגאַנגען. זיי האָבן געפֿונען אַן אָרט אין מייַנע ווערק, אין מייַן באַציִונג צו דער ליטעראַטור, צום מענטשן, וועלכן כ׳האָב געשילדערט, צו דער געזעלשאַפֿט. כ׳מיין, אַז איך בין ניט קיין אויסנאַם. וועגן וואָס מיר זאָלן ניט שרייַבן, איז עס אַלעמאָל אונדזער אייגענער סייפער־האַזיכרוינעס... אויב איך וויל וויסן אַ וועלכער איך בין געווען מיט זעכציק, פֿופֿציק, פֿערציק יאָר צוריק, — דאַרף איך איבערלייענען מייַנע אייגענע ביכער פֿון יענע צייַטן...

זייַן וועג אַלס מעכאַבער האָט זיך אָנגעהויבן אין 1924, ווען ער איז צוריקגעקומען קיין ריגע און איז אַוועק אַרבעטן אין דער צייַטונג „דאָס פֿאָלק“. דערנאָך האָט ער זיך אייַנגעאָרדנט אַלס רייַזנדיקער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער צייַטונג „פּרימאָרגן“. ער איז אויסגעוועזן אַ האַלבע וועלט, גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע. ביפֿראַט נאָך, אַז דער יונגער שרייַבער־זשורנאַליסט האָט פֿולקום באַהערשט די דייַטשישע, ענגלישע, פֿראַנצויזישע שפּראַכן. איניִכן זייַנען דערשינען זייַנע ערשטע רייַזע־נאָטיצן „איינער צווישן מיליאָנען“ און „דאָס לאַנד מיט טויזנט געזיכטן“. די אַמעריקאַנער און סקאַנדינאַווער פֿאַרצייכענונגען האָבן אָפּגעטראָטן דאָס אָרט דעם טייַערן פֿאַר זייַן נעשאָמע ריגער רעפּאָרטאַזש, אינעם בוך „הינטערגעסלעך“. אין דעם ווערק זייַנען בולט פֿאָרגעשטעלט געוואָרן דעם אווטאָרס סאָציאַלע פּאָזיציעס, זייַן פּניעסדיקע באַציִונג צום פּאָשעטן „קליינעם“ מענטשן, וועלכער לעבט אין ליידן און נויט, געשטיקט פֿון ווילקיר, אַ צונויפֿגעלעבטער מיט דאַלעס, ווי אַ פֿיש מיטן וואַסער. דער בוך איז געווען קאָנפֿיסקירט אונטערן אויסרייד... — פּאָרנאָגראַפֿיע. פֿאַר דער קריוודע פֿונעם בוך האָט זיך אייַנגעשטעלט ליאָן פֿייכטוואַנגער, וועלכער האָט געשאַצט הויך דעם אווטאָרס שאַרפֿזיניקן צוגאַנג צו סאָציאַלע פּראָבלעמען. שפּעטער, ווען מאַרק ראַזומני האָט איבערגעזעצט אויף ייִדיש דעם ראָמאַן „דער ייִד זיוס“, האָט זיך צווישן דעם באַרימטן דייַטשישן ראָמאַניסט און דעם שרייַבער־אָנפֿאַנגער פֿאַרפֿירט אַ לאַנגדויערנדיקע קאָרעספּאָנדענץ (צום באַדויערן, איז זי אומגעקומען אין דער מילכאָמע־צייַט).

ווי רייַך און פֿאַרינטערעסירט עס זאָל ניט זייַן די ליטעראַטור־קריטיק, ווי גרויס ס׳זאָל ניט זייַן דער ייִראַס־האַקאָוועד פֿונעם לייענער, אָדער, פֿאַרקערט, זייַן גלייַכגילטיקייַט צום שעפֿער, — איז קיינער ניט פֿעיִק אַזוי טיף און ריכטיק אָפּשאַצן דאָס געשאַפֿענע, ווי דער מעכאַבער אַליין. אין דעם קאָן מען זיך איבערצייַגן, לייענענדיק מאַרק ראַזומנים בריוו צו... מאַרק ראַזומנין, וועלכע זייַנען פֿאַרפֿלאָכטן אין דעם דערשינענעם בוך „אַ וועלט מיט וווּנדער“. פֿון דאָרט ווילן מיר ברענגען אַ גרעסערע ציטאַטע, ווייַל דאָס, וועגן וואָס עס רעדט זיך אין אָט דעם אויסצוג, האָט אַ דירעקטע שייַכעס צו מאַרק ראַזומנין אַליין:

„ס׳איז דאָך באַוווּסט, אַז אַלץ אין אונדזער לעבן איז פֿאַרבונדן מיטן באַגריף „צייַט“. צייַט אין דער פֿאַרגאַנגענהייַט, צייַט אין דער קעגנוואַרט, צייַט אין דער צוקונפֿט. זי, די צייַט, איז אין אַלע אירע פֿאָרמען און בייגונגען שטענדיק מיט אונדז, אַרום אונדז, אין אונדז. אַלע פֿריילעכע און טרויעריקע, אַלע פֿייַערלעכע און וואָכעדיקע געשעענישן פֿון אונדזער לעבן זייַנען פֿאַרבונדן מיט איר. איז דערפֿאַר אונדז באַזונדערס פֿייַנלעך זיך צו דערמאָנען אין דעם, ווי גראָד אָט דער נאָענטסטער, אומיטלבאַרסטער שוטעף פֿון אונדזער לעבן איז גלייַכצייַטיק אויך אונדזער גרעסטער סוינע. אַ סוינע, וואָס מאַכט פֿון אונדז אַ טעל! עמעס, ניט שטענדיק מערקן מיר דאָס אין דער געהעריקער צייַט, מיר לעבן אומבאַרעכנט און בייַטן אָן אויפֿהער אומבאַקלערט אונדזערע יאָרן. נאָר סאָפֿקאָלסאָף קומט זי פֿאַר אונדז אָן, די שאָ פֿון דערקענטעניש. אָבער ענדערן קאָן מען דאָ גאָרניט, און מיר זייַנען געצוווּנגען צו שליסן מיט איר, מיט דער צייַט, שאָלעם און גיין מיט איר האַנט אין האַנט. ביז עס קומט דער טאָג, ווען זי וואַרפֿט אויף אונדז אַרויף דעם פֿאַרלאַטעטן בעגעד פֿון זיקנע. דאָס געפֿעלט אונדז טאַקע ניט, אָבער צי זייַנען מיר אַליין דען ניט בעקויעך צו געפֿינען טרייסט און אויפֿמונטערונג אַפֿילע אין אָט דער, דאַכט זיך, אויסגאַנגסלאָזער לאַגע? איז לאָמיר דאָס זוכן און געפֿינען אין דעם, וואָס מיר ווילן נאָכטאָן דעם פֿאַרצייַטיקן גראָוובערדיקן כאָכעם, וועלכער האָט אויף דער פֿראַגע „ווי אַלט זייַט איר?“ געענטפֿערט: „איך ווייס אַליין ניט, וויפֿל יאָר מיר איז. ווייַל איך בין יונג, ווי אַלע מייַנע טרוימען און האָפֿענונגען, און אַלט בין איך אַזוי ווי אַלע מייַנע ניט־פֿאַרווירקלעכטע טרוימען און האָפֿענונגען“. די דאָזיקע ווונדערלעכע אַרויסזאָגונג באַשטעטיקט דעם אייביקן עמעס, אַז טרוימען און האָפֿן קערט אונדז אום די יוגנט, און אַז דער, ווער עס טרוימט און האָפֿט, באַזיגט די צייַט און ווערט קיינמאָל ניט אַלט“.

• • •

## זאַלמען שנייער

(1959—1877)

### טראַ־לאַ־לאַ־לאָ

אין וועלדל באַם טײַכל, דאָרט זײַנען געוואַקסן
מאַרגאַריטקעלעך עלנט און קליין, —
ווי קליינינקע זונען מיט ווײַסינקע שטראַלן,
מיט ווײַסינקע טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

געגאַנגען איז כאַוועלע, שטיל און פאַרכאָלעמט,
צעלאָזן די גאָלד־בלאָנדע צעפּ, —
דאָס העלדזל אַנטבלויזט און געמורמלט־געזונגען
אַ לידעלע טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

דאָ קומט איר אַנטקעגן אַ באָכער אַ שוואַרצער,
מיט לאָקן מיט שוואַרצע, ווי פּעך:
ער לאַכט מיט די אויגן און ענטפערט איר לוסטיק,
און ענטפערט איר: טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

— וואָס זוכסטו דאָ, מיידל? וואָס האָסטו פאַרלאָרן,
וואָס ווילסטו געפינען אין גראָז?
„איך זוך מאַרגאַריטקעס”, — פאַרויטלט זיך כאַווע,
פאַרויטלט זיך טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

דו זוכסט נאָך? און איך האָב שוין טאַקע געפונען
די שענסטע מאַרגאַריטקע אין וואַלד,
אַ מאַרגאַריטקע מיט צעפּ און מיט אויגן סאַפּפירן
מיט אייגעלעך טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

די זון איז פאַרגאַנגען, דער באָכער — פאַרשוווּנדן,
און כאַוועלע זיצט נאָך אין וואַלד.
זי קוקט אינדערווײַטנס און מורמלט פאַרכאָלעמט
דאָס לידעלע: טראַ־לאַ־לאָ־לאָ...

## רויטע עפּל

רויטע עפּל, גרינע שאָטנס,
גראָזן — סאַמעט, הימלען — זײַדנס...
און א הילכיק טײַך־געלעכטער
גיסט זיך, טראָגט זיך פונדערווײַטנס.

קום צו גיין, מײַן מיידל־מאַלער!
פּרוכטן רייצן, צווייגן קנאַקן.
מיר אַן עפּל, דיר אַן עפּל,
און א גנייווע־קוש אין נאַקן.

קום צו גיין, דאָ קלינגען, קלינגען
לעצטע בלויע גלעקלעך־בלומען.
מיר א בלימל, דיר א בלימל
און א דריק צום ברוסט, א שטומען.

קום... איך וועב דאָ גאָלד־כאַלוימעס
פון דער וועלט און פון מײַן טרויער.
מיר א כאַלעם, דיר א כאַלעם
און א שטילן סאָד אין אויער...

## פרילינג־מײַסעלע

אין א הייל פון שוואַרצן טאַרשיש,
אויף א זײַדן בלויען טעפּיך,
ליגט די טאָכטער פונעם פרילינג
און זי שלאָפט א גאַנצן ווינטער.

און פאַרשלאָסן דער אַרײַנגאַנג
איז מיט זיבן שנייענע טירן;
יעדע טיר האָט זיבן ריגלען,
זיבן שווערע שנייענע ריגלען.

בא דער הייל דער האַר פון ווינטער,
אײַז־פאַרהילט און האָר־באַוואַקסן,
מיט אײַז־שפּיז אויף דער פּלייצע
שטייט און היט דעם היילס אַרײַנגאַנג.

און ווען ס'ווערט א זאַווערוכע,
ווערט דערפרייט דער האַר פון ווינטער:
„היי, דו מאַלקע, פרילינג־מאַלקע,
וועסט שוין קיינמאָל ניט אַרויסגיין!"

שטייט און קײַכט זיך; און די מאַלקע,
שלאָפט זיך רויק, און זי כאַלעמט:
ס'לעבן איז — א גרויסער פרילינג,
און די גאַנצע וועלט — א גאָרטן.

גייט א כוידעש נאָך א כוידעש,
און עס כאַפּט זיך אויף די מאַלקע:
„זון, דו זון, אוי, נעם באַפרײַ מיך,
און איך וועל דערפאַר דײַן ווײַב זײַן!"

לויפט און אײַלט זיך זון פון ניסן,
און אין שיידל — גאָלד'נע פײַלן;
שפּאַנט ער אָן זײַן שטראַלן־בויגן,
און ער צילט זיך צו דער ערד שוין.

גאָלד'נע פײַלן גליִענד פליִען
דורך די שפּאַלטן פון די וואָלקנס —
צו דער ברוסט פון ווײַסן ווינטער,
און זיי לעכערן דאָס האַרץ אים.

גיט א פּאַל דער האַר פון ווינטער,
אין זײַן אײַז־שפּיז גליטשט אַראָפּ זיך;
און פון זײַנע וווּנדן פלייצן
נעמט דאָס וואַסער אין די טײַכן.

אָט צעפאַלן זײַנע וואָנצעס,
אָט צעפליסן זײַנע לאָקן;
און פון שיין געשופּטן מאַנטל
איז געוואָרן בלויזע שמאַטעס.

און די ערד האָט אָפּגעדעקט זיך,
אָפן שוין דעם היילס אַרײַנגאַנג:
פּלאַצט דאָס אײַז און ס'פּלאַצן קנאָספּן,
און דער מאַלקעס אויער הערט עס.

גיט א שפּרונג דעם פרילינגס טאָכטער
מיט א יוגנט־קוויטש פון טפיסע:
דאָ א שפּרונג און דאָרט א קער זיך,
און הייבט פּלוצלינג אָן צו וויינען.

טראָפּנס טרערן קלאָרע, וואַר'מע
קײַקלען אויף דער הוילער ערד זיך:
שפּילט אין זיי מיט טריבע פאַרבן —
ערשטע פאַרבן־שפּיל פון פרילינג.

און געקומען זון איז באַלד שוין,
ווישט מיט שטראַלן־גלעט איר טרער אויס:
„זאָג, מײַן שיינע, זאָג, מײַן ריינע,
וואָס זשע וויינסטו? וואָס זשע וויינסטו?"

„אוי, אַן אומעט שווער באַפאַלט מיך!
כ'בין געשלאָפן — האָט מײַן שטיף־זון
אויסגעהאַרגעט מײַנע ליאַלקעס,
מײַנע שוועסטערלעך די שטילע.

מײַנע ליאַלקעלעך — די בלימעלעך,
מײַנע שוועסטערלעך — די גרעזלעך...
מאַך זיי לעבעדיק, מײַן ליבסטער,
און איך וועל דערפאַר דײַן ווײַב זײַן!"

און פאַמעלעך זון פון ניסן
ציט זיך אויס אַף דר'ערד איינגאַנצן,
און מיט שטראַלן־סנאָפּעס קלאַפּט ער,
וועקט די ערד, וואָס ליגט פאַרכאַלעשט.

נעמען שטיפעריש באַלד קריכן
פון איר בויך אַ שלאַל פון גרינסן;
קנאָספּ פון בלעטער, קנאָספּ פון פּלאַנצן
עפ'נען בלויע, ראָזע אייגלעך.

אַלץ, וואָס טויט — שטייט אויף צום לעבן!
ס'עפ'נען מײַלכלעך די מאַיאָווקעס —
און צו זייער קלונג פון גלעקלעך
האָרכן צו די שמעטערלינגען.

פּאַטשט די מאַלקע מיט די הענטלעך,
גייט אַנטקעגן איר געליבטן:
„זון, מײַן טײַערער און ליבסטער,
איצטער וועל איך שיין דײַן ווײַב זײַן!"

און באַהעפט מיט האַנט און זעלע,
טרעטן זיי מיט פריידן־ציטער
פונעם טאָל אַרויף צו בערגלעך,
שטיל, פאַמעלעך שטײַגן אויף זיי.

ס'איז דער באַסענע־מאַרשרוט איצט, —
זייער וועג — מיט טעפּיך־גרינסן,
וואַסערפאַלן זיי באַגריסן,
שפּריצן אָפּ זיי מיט בריליאַנטן.

זינגען לערכעס, קלאַנגען הילכן:
„לעבן זאָל די פּאָר געליבטע!"
און פאַר גרויסער שׂימחה ווײַנען
סאָסנעס מיט געווירצטע טרערן.

כעוורע שמעטערלינגען פליִען
און זיי רופן: „מאַכט אַ וואַרע!"
און אָרקעסטערס יונגע גרילן
הויך באַגלייטן זיי מיט פידלען.

גליק־פאַרשיכּורט טרעטן ביידע,
און זיי גייען און זיי שיקן
ליכט־ און לופטקושן צו יעדן,
יעדן ווערעמל און בוים דאָרט.

## באַפאַלן דעם וואַלד האָט דער שטורעם...

באַפאַלן דעם וואַלד האָט דער שטורעם
און האָט אים מיט דונערס צעוויטערט;
געײַלט צו דער בעסט האָבן פייגל,
צעטומלטע ביימער — געציטערט.

געטוליעט זיך בלימעלעך האָבן,
ווי זיי וואָלטן עפּעס שוין וויסן.
אַ רעגן אַ וואַרעמער, שטאַרקער
אַראָפּ און געקלאַפּט און געשמיסן.

נאָר קוים איז דער וואָלקן צעגאַנגען,
באַפרײַט פון דעם פּאַכעד דעם שווערן —
אַרויס איז די זון, צו פאַרווישן
אַף בלעטלעך די ליכטיקע טרערן.

דער שפּערלינג האָט גלײַך זיך צעצוויטשערט,
די וועווערקע לוסטיק געשפּרונגען;
און הויך די לאַנגפיסיקע גריל האָט
געזונגען, געקנאַקט און געקלונגען.

און באַלד איז געקומען אַ ווינטל,
געלייגט זיך די גראָזן דערפרישן;
געהויבן די קעפּלעך באַ בלימלעך,
געצערטלט פאַרשעמטע נאַרציסן.

פון העברעיש איבערזעצט מ אָ ר ד כ ע י אַ פ ע



# דער יוביליי פֿון אַ פֿילם

די פּרעסע, ראַדיאָ, טעלעוויזיע און באַזונדערס די קינעמאַטאָגראַפֿיסטן פֿון ווײַסרוסלאַנד, האָבן לעצטנס אָפּגעמערקט 50 יאָר, זינט עס האָט זיך באַוויזן אויף די קינאָ־עקראַנען בא אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד דער קאָלאָריטפֿולער פֿולמעטראַזשיקער קלאַנגען־פֿילם וועגן די ערשטע יאָרן פֿון דער בויונג פֿון ביראָבידזשאַן — „גליקזוכער" — («Искатели счастья»)[1], וועלכן די מענטשן פֿונעם עלטערן דאָר האָבן נאָך ביז הײַנט ניט פֿאַרגעסן.

דער פֿילם „גליקזוכער" מיט זײַנע מינאָרע, איראָנישע און שאַרפֿזיניקע סצענעס געהערט צו יענע קלאַסישע קינאָ־לענטעס, וועלכע וועלן ניט אויפֿהערן צו באַגײַסטערן די צושויער.

אין שײַכעס מיט אָט דער קולטור־געשעניש האָבן די צײַטונגען פֿון ווײַסרוסלאַנד פֿאַרעפֿנטלעכט ספּעציעלע אַרטיקלען און אַרויסזאָגונגען פֿון קינעמאַטאָגראַפֿיסטן.

„די שעפֿערישע אַרבעט פֿון די סצענאַריסטן, אַקטיאָרן, רעזשיסערן און איסאַק דונאַיעווסקיס מוזיק, — שרײַבט די צײַטונג „סאָוועטסקאַיאַ בעלאָרוסיאַ", — דאָס אַלץ האָט זיך צונויפֿגעגאָסן צוזאַמען, געשאַפֿן אַן אײנהײַטלעכן געשמעלץ, וועלכן די קריטיקער האָבן מיט רעכט אָנגערופֿן קלוגע און מענטשלעכע קאָמעדיע. דער דאָזיקער פֿילם האָט ניט סתּם פֿאַרווײַלט, נאָר געצוווּנגען צו טראַכטן און צו טאָן". „דער פֿילם שפּיגלט וואָרהאַפֿטיק אָפּ די ברידערלעכקײַט פֿון די פֿעלקער פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד — אײנעם פֿון די ניצחונות פֿון דער לעניניסטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, — האָט געשריבן דעם 25 מײַ 1936 די צײַטונג „פּראַוודאַ". — דער פֿילם טרײַבט ניט איבער די שוועריקײַטן, מיט וועלכע די העלדן האָבן זיך באַגעגנט; ער איז אָנגעפֿילט מיט הומאָר, וואָרעמקײַט, ליריזם, שיידט זיך אונטער מיט בולטע געשטאַלטן פֿון די צענטראַלע פּערסאָנאַזשן".

...אין דרײַסיק יאָר אַרום נאָך דער פּרעמיערע, אין די 60־ער יאָרן, איז דער פֿילם ווידער באַוויזן געוואָרן אויף די עקראַנען פֿונעם לאַנד, און נאָכאַמאָל האָט די קריטיק אָפּגעמערקט, אַז ער שטעלט מיט זיך פֿאַר אַ וויכטיקן עטאַפּ ניט נאָר אין דער שאַפֿונג פֿון אירע שעפֿער — וו. קאָרש־סאַבלין, ג. קאָבעץ, י. זעלצער, אי. דונאַיעווסקי, נאָר אַ ריכטציַיכן אין דער געשיכטע פֿון דעם ווײַסרוסישן קינעמאַטאָגראַף. „גליקזוכער" איז אַרײַן אינעם גאָלדענעם פֿאָנד פֿון דער סאָוועטישער קינאָ־קונסט".

ס'איז גאַנץ מעגלעך, — שרײַבט די צײַטונג „וועטשערני מינסק", — אַז עמעצן האָט דער פֿילם „גליקזוכער" געהאָלפֿן אויסצושטיין אין די שווערע מלחמה־יאָרן, ווײַל די העלדן פֿונעם פֿילם האָבן נאָך לאַנגע זוכענישן סאַפּקאָלסאָפּ געפֿונען זייער גליק צו אַרבעטן און לעבן אינעם סאָוועטנלאַנד, ווו מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן זײַנען צווישן זיך ווי לײַבלעך־אייגענע. פֿאַר דעם, אויב ס'וועט אויסקומען, איז קיין שאָד ניט מאַקריוו צו זײַן דאָס לעבן".

לאָמיר דערמאָנען דעם מאָנאָלאָג פֿון דער אַלטער קאָלווירטלערן דווירע: „ווען מיר האָבן געלעבט אינעם שטעטל, האָט מען מיך געהאַלטן פֿאַר אַ גוטער באַלעבאָסטע. איך האָב געקאָנט טיילן איין קליין הערינגל אויף נײַן מײַלער. קיינער האָט אָבער ניט געוווּסט, אַז דאָס דאָזיקע הערינגל האָב איך געשניטן, ווי דאָס אייגענע האַרץ. ווען די קינדער קוקן דיר אונטער די הענט, און יעדעס פֿון זיי איז הונגעריק און בעט אַ ביסל מער, און אויף יעדן האָסטו ראַכמאָנעס, און אין שטוב, אויסער אָט דעם פֿאַרזשאַווערטן הערינג, איז גאָרנישט ניטאָ... איך וויל קיינעם ניט ווינטשן דאָס צו זען. און הײַנט דאַרף איך מיט דעם זיך ניט פֿאַרנעמען..."

„פֿאַרשטייט זיך, אַז דער פֿילם וואָלט ניט געקאָנט צו שטאַנד קומען, — באַמערקט די צײַטונג, — אָן דעם סאַמע וויכטיקסטן — אָן אַ בוילעטן ליטעראַרישן יעסאָד, וועלכער געהערט דעם עלטסטן ווײַסרוסישן קינעמאַטאָגראַפֿיסט, דעם פֿאַרדינסטפֿולן קונסט־טוער פֿון דער ווײַסרוסישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק גריגאָרי קאָבעצן און זײַן מיטאַוטאָר יאָהאַן זעלצער".

און איצט נאָך אַ צײַט־אָפּשניט פֿון אַ האַלבן יאָרהונדערט איז אָפּסנײַ פֿאָרגעקומען די פּרעמיערע פֿון דעם וווּנדערלעכן פֿילם. די רעסטאַוורירטע לענטע איז באַוויזן געוואָרן אין דעם מינסקער ליטעראַטן־הויז, אין דער רעפּובליקאַנישער טעלעוויזיע, אין מינסקער קינאָ־הויז.

[1] דעם סצענאַרי פֿונעם פֿילם אין דער איבערזעצונג אויף ייִדיש זע אין „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 6, 1986.

## טעלעוויזיע

# דאָס לעבן פון די סאָוועטישע ייִדן אויפֿן טעלעקראַן

סאָף פֿאַריקס יאָר האָט אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד געאַרבעט אַ גרופּע אַמעריקאַנער טעלעוויזיע־זשורנאַליסטן, בעראָש מיטן פּראָדיוסער ביל מאַק־קליור. ווי באַוווּסט, איז באַם אוילעם אין די מײַרעוו־לענדער פֿאַראַן אַ ניט שטענדיק באַגרינדעטער אינטערעס צו דעם לעבן פֿון די סאָוועטישע ייִדן. אָפֿט איז די דאָזיקע טעמע אַן אָביעקט פֿון ספּעקוליאַציעס און אַנטיסאָוועטישע קאַמפּאַניעס. אין דעם זײַנען פֿאַרינטערעסירט יענע קרײַזן אויפֿן מײַרעוו, וועלכע שטרעבן צו טאָרמאָזירן דעם דעטאַנט־פּראָצעס. ס'איז דעריבער וויכטיק, וואָס איינע פֿון די גרעסטע טעלעוויזיע־קאָמפּאַניעס פֿון פּשאַ סי־בי־עס־ניוס, וועלכע טראַנסלירט אירע פּראָגראַמען פֿאַר קימאַט 50 מיליאָן צושויער פֿון די ענגליש־שפּראַכיקע מעלוכעס — פֿאַרייניקטע שטאַטן, גרויסבריטאַניע, קאַנאַדע, האָט באַשטימט פֿילמירן אַ שאַיִקע דאָקומענטאַלע סטענגע וועגן דעם לעבן פֿונעם סאָוועטישן ייִדישן יִישעוו.

די פֿילמירונג איז דורכגעפֿירט געוואָרן אין צוויי עטאַפּן. זי האָט זיך אָנגעהויבן אין דער הויפּטשטאָט פֿון פּסס"ר מאָסקווע, ווו די טעלעוויזיע־זשורנאַליסטן האָבן זיך באַקאַנט מיטן טאָגטעגלעכן, קולטורעלן און רעליגיעזן לעבן פֿון די ייִדן אין מאָסקווע. זיי האָבן פֿאַרצייכנט דענקמעלער, מעמאָריאַלע טאָוולען אאַז"וו, וועלכע דעמאָנסטרירן דעם אָפּשײַ פֿון די סאָוועטישע מענטשן צו זייערע מיטבירגער־ייִדן, וועלכע האָבן אַרײַנגעטראָגן אַ ווירדיקן צושטײַער אין דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג, אין דער קולטורעלער און עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿונעם ערשטן לאַנד פֿון סאָציאַליזם, אינעם קאַמף קעגן היטלעריזם אויף די פֿראָנטן פֿון דער גרויסער פּאַטריאָטישער מילכאָמע.

די ווײַטערדיקע קאַדרען פֿונעם פֿילם זײַנען אַראָפּגענומען געוואָרן אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, ווו די אַמעריקאַנער פֿילמירונגס־גרופּע האָט פֿאַרבראַכט עטלעכע טעג. דער צושויער וועט זען אייניקע עפּיזאָדן פֿון דער אַרבעט אין די גרעסטע ביראָבידזשאַנער אונטערנעמונגען — דעם זאַוואָד „דאַלסעלמאַש" און די זאַקן־טריקאָטאַזש־פֿאַבריק; אַ זיצונג פֿון דער רעדקאָלעגיע פֿון דער געגנטלעכער צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן", רעפּעטיציעס פֿון קינסטלערישע קאָלעקטיוון אין דער געגנטלעכער פֿילהאַרמאָניע; אַ לימעד פֿון דער ייִדישער שפּראַך אין דער ביראָבידזשאַנער שול נומער 3, דאָס טאָגטעגלעכע לעבן אין אַ קינדער־גאָרטן, ווי אויך אַן עפּיזאָד אינעם ביראָבידזשאַנער בעסמעדרעש.



די אויסלענדישע געסט האָבן זיך באַגעגנט מיט די אָנפֿירער פֿון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אין דעם דאָרף וואַלדהיים (קאָלווירט „איליטשס געבאָטן") זײַנען פֿילמירט געוואָרן שמועסן מיט דער גרינסציכטלערן, מיטגליד פֿונעם קאָמיטעט פֿון די סאָוועטישע פֿרויען פֿייגע פֿײַמאַן, מיטן טראַקטאָריסט, דעפּוטאַט פֿונעם אויבער־סאָוועט פֿון רספּסר יאַקאָוו קאָפּילאָוו, מיטן וועטעראַן פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע יעפֿים קויסמאַן, אַ סוזשעט וועגן דער אַרבעט אין דער וואַלדהיימער מילך־פֿערמע.

עס ווילט זיך גלייבן, אַז דער נײַער דאָקומענטאַלער פֿילם, די אווטאָרן פֿון וועלכן האָבן געהאַט אַ פֿולע מעגלעכקײַט זיך צו באַקאַנען מיטןווירקלעכן לעבן פֿון די סאָוועטישע ייִדן, וועט דינען דער פֿעלקער־פֿרײַנטשאַפֿט און דער זאַך פֿון שאָלעם אין דער גאַנצער וועלט.

אנאַטאָלי קאַרדונער

# דער נאָמען און דער טאָך

דרײַ אָוונטן — דרײַ ספּעקטאַקלען. אַגעוו, צוויי פון זיי — ניט קיין ספּעקטאַקלען, נאָר מוזיקאַלע פאַרשטעלונגען. אַלנפאַלס, אַלס אַזעלכע זײַנען זיי אָנגעוויזן אויף די אַפישעס. דאָס איז „טום, באַלאַלײַקע" (מעכאַבער פון די טעקסטן — א. כײַט, אַוטאָר פון די מוזיקאַלישע באַאַרבעטונגען — מ. גלוז, רעזשיסער — א. לעווענבוק, סצענאָגראַפיע און קאָסטיומען — ג. קאַלמאַנאָק, כאָרעאָגראַפיע — וו. וויטאַלס) און „לאָמיר אַלע אײַנס" (קאָמפּאָזיטאָר — מ. גלוז, סצענאַר, סצענישע אויפפירונג און כאָרעאָגראַפיע — יו. שערלינג, סצענאָגראַפיע און קאָסטיומען — ג. קאַלמאַנאָק). די דריטע פאָרשטעלונג, „בעלמער כאַכאָמים", איז אַ מוזיקאַל מײַסעלע לויט שיקע דריזס לידער (מוזיק — וו. — זאַסלאַווסקי, ליברעטאָ — ג. סאַפּגיר און א. באַסילאָווא, רעזשיסער — מ. כוסיד, קינסטלער — א. גאָלדבערג, באַלעטמייסטער — יע. קליוטשאַריאָווא). דאָס איז, אייגנטלעך, דער גאַנצער רעפּערטואַר פונעם טעאַטער, וועלכער דערנענטערט זיך שוין צו זײַן צעניאָריקן יובילײ, — צוויי מוזיקאַלע פאָרשטעלונגען און איין מוזיקאַל מײַסעלע. ס'איז נאָך פאַראַן „דער פידלער אויפן דאַך", וואָס ווערט אָנגערופן — אין אָפּערע לויט די מאָטיוון פונעם מיוזיקל מיט דעם זעלבן נאָמען און לויט שאָלעם-אַלייכעמס „טעוויע דער מילכיקער", אָבער אויף דער גאַסטראָל-אַפישע איז אָט די שטעלונג ניט אָנגעוויזן.

שוין דאָס אַליין, וואָס דאָ איז געזאָגט וועגן דעם רעפּערטואַר און וועגן די זשאַנער-באַצייכענונגען איז אַן און פאַר זיך גאַנץ וויכטיק, אָבער דער ערשטער אײַנדרוק פון אונטערצײַען אַ סאַכאַקל איז אויפגעשווימען ניט גראָד מיקוייעך די שטעלונגען, נאָר קוידעמקאָל אַרום דעם נאָמען, וואָס דער טעאַטער טראָגט. און דאָ ווילט זיך שטעלן אונטער אַ סאָפעק יעדן פון די באַגריפן, וועלכע גייען אַרײַן אין באַשטאַנד פון אָט דעם נאָמען.

קאַמער־טעאַטער

דער באַוווּסטער „וועגווײַזער איבער קאָנצערטן" פון איגאָר גליעבאָוון קלערט אויף, אַז קאַמערישקײַט דאָס איז „שטוביקע" מוזיצירונג, וועלכע איז באַגרענעצט אין דער צאָל מוזיקאַנטן — פון צוויי ביז צען, — און לויט דער פאָרם זעט זי פאָרויס אינטימקײַט און אַ באַזונדערע פּאַרטרוילעכקײַט.

וואָס איז שײַעך דער מוזיקאַלער פאָרם, פאַרנעמט אין אַלע דרײַ אַרבעטן דעם אויבנאָן די עסטראַדע־ליד. זי ווערט אויסגעפילט מיצאַד סאָליסטן, אַנסאַמבלען און דעם כאָר. די צאָל אויספילער — פון איינעם ביז פינף און צוואַנציק. ווייניקער לידער (אין ערשטן אַקט „לאָמיר אַלע אײַנס") זײַנען אויסגעהאַלטן אין פאָלקס־נוסעך, זיי דערנענטערן זיך צו זייערע פאָלקלאָרקוואַלן. און דאָ איז דער עלעמענט פון קאַמערישקײַט אָנוועזנד: עס יאָוועט זיך פאַרטרוילעכקײַט, דורכדרינגלעכקײַט, אַ געשפּרעך פון האַרץ צו האַרץ. אָבער די אַבסאָליוטע מערהײַט לידער, לויטן כאַראַקטער פון דער ראַנזשירונג, לויטן סטיל פון דער אינסטרומענטירונג, לויט דער מאַניר פון דער אויספירונג, ציט זיך צום כאַראַקטער און צום סטיל פון דער הײַנטצײַטיקער עסטראַדע. די עסטראַדע אָבער איז בעטעווע אַ קאַטעגאָריע פון מאַסן־קונסט. קאַמערישקײַט איז איר קעגנגעוויזן, ווי דעם צירק און דעם קאַרנאַוואַל. די אַרויסטרעטונג אויף דער בינע פון אַ גרויסן פאָמפּעזן קאָנצערט־זאַל שאַפט פולשטענדיק אָפּ די קאַמערישקײַט, און שטעלט אַרויס אויפן פאָדער־

פלאַן די טעכנישע מיטלען (ראַדיאָ, עלעקטראָניק, פאַרשטאַרקערונג), די עמאָציאָנעלע הילכיקייט, די קימאַט מיטינגאָווע גראַדליניקייט פון דער באַהעפטונג מיטן צושויער־זאַל, די געדיכטקייט פונעם קלאַנג, די דערהויבנקייט, ענערגיע, אָדער, אַלס קאָנטראַסט, די מעלאָדראַמאַטישקייט און סענטימענטאַלישקייט.

אויב קאַמערישקייט, אין קעגנזאַץ צום „וועגוויַזער איבער קאָנצערטן", אויסטיַטשן אַפילע פאַרברייטערט און זי איבערטראָגן אין דער אידייִש־טעמאַטישער רייַ, איז אויך דאַן אָט די קאַטעגאָריע שווער צו אָנווענדן, וויַל די טעמאַטישע אַמפּליטודע פאַרטשעפּעט סיַ די „שטעטלדיקע" טעמעס, סיַ דעם טראַגישן אָוואַר פונעם פאָלק, סיַ די פּאַטערלענדישע מילכאָמע, סיַ דעם קאַמף פאַר שאָלעם, סיַ די אינטערנאַציאָנאַלע ברודערשאַפט און פריַנטשאַפט צווישן פעלקער, און נאָך א סאַך זאַכן — אָנהייבנדיק פון די „ייִדישע" אַנעקדאָטן מיט א באָרד ביז דעם פּאָליטיש אַקטועלן לאָזונג, וועלכער באַקומט אין דעם אַלגעמיינעם קאָנטעקסט א וווּלגאַרע שאַטירונג און ווערט אַליין אַן אַנעקדאָטישער. דאָס איז ווידעראַמאָל א פראַגע וועגן דער טעמע און איר פאַרווירקלעכונג.

ייִדישער טעאַטער

א באַליבּיקער נאַציאָנאַלער טעאַטער דאַרף זיַן דער היטער און אויסדריקער פונעם פאָלקסגיַיסט, פון דער פאָלקס־מאָראַל, פון זייער אייגנאַרטיקייַט, וועלכע אַנטפּלעקט זיך קודעמקאָל אינעם שאַפן א נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, א פילפאַרביקע קולטור, אָנהייבנדיק פון דער שפּראַך־קולטור, פונעם אַרט צו רעדן און ענדיקנדיק מיט פאָלקלאָרישקייַט, ריטואַלקייַט און דעם גאַנצן גיַיסטיקן פאַרמעגן פונעם פאָלק. כאָטש דעם, אַלס טעאַטער, וועלכער לעבט אין א געוויסער צייַט אין דער קאָנקרעטער סאָציאַל־פּאָליטישער אומגעבונג פון א קאָנקרעטער מעלוכע, איז ער מעכוייעוו, אינעם גיַיסט פון די פאָדערונגען, וואָס עס שטעלן אַרויס די צייַט און די קאָנקרעטע באַדינגונגען, אַנטוויקלען און פאַרגרעסערן די גיַיסטיקע ירושע, אויסנוצנדיק די קלאַסישע געשטאַלטן און שאַפנדיק הייַנטצייַטיקע ווערק, וואָס סינטעזירן די טראַדיציעס און די הייַנטצייַטיקייַט, דאָס נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע, אַלמענטשלעכע.

מיט אָט דעם קריַיז ווערט ניט אויסגעשעפּט די פּראָגראַם פון א נאַציאָנאַלן טעאַטער, אָבער ניט אויספילנדיק די דאָזיקע אויפגאַבעס, פילט ער ניט אויס זיַן דירעקטע מיסיע.

אין דעם טעאַטראַלן קאָלעקטיוו, וועגן וועלכן עס גייט א רייד, איז אין יעדן פונקט פון דער אָנגערופענער פּראָגראַם די עצעם זאַך פאַרביטן מיט לעפּאָנעמדיקייַט. ניט־ווילנדיק קומט אַפן זינען דאָס מייַכל הירזשענע מאַצע. אַלץ איז ניט עכט.

לאָמיר אָבער גיין לויט א סיידער!

האַגאַם דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון דער טרופּע איז א פאַרשיידנאַרטיקער און די ייִדישע שפּראַך איז שטייגעריש דאָ אין טאָך פאַר אַלעמען א פרעמדע, האָט מען פאַר ניַין יאָר עקזיסטענץ פונעם טעאַטער געקאָנט באַהערשן דאָס לאָשן ווי ס׳געהער צו זיַין: ס׳איז דאָך פונדעסטוועגן ייִדיש, ניט איווריט, דאָס הייסט — ס׳איז א דיאַלעקט, וואָס קאָנטאַקטירט זיך מיט אייראָפּעיִשע שפּראַך־גרופּעס און עקזיסטירט עטלעכע יאָרהונדערטער. און דאָך באַהערשט ניט די טרופּע אָט די שפּראַך. דאָס איז צו זען און צו הערן דערפון, וואָס מערסטנטייל גייט דער ריידנדיקער, דיאַלאָגישער טעקסט אַף רוסיש (דער ערשטער באַוויַיז פון דער ניט־אָרגאַנישקייַט פון דער שפּראַך און ניט־זיכערקייַט פון דער אַקטיאָרישער אַרבעט) און די לידער־טעקסטן — אַף ייִדיש, נאָר אָט די ייִדישע שפּראַך מאַכן אַן איַינדרוק פון א מעכאַניש אויסגעכאַזערטער אַבראַקאַדאַבּרע. זי איז אַן אומריַיפע, ניט־איַינגעוווינטע, אין איר זיַינען צעשווּמען די באַזונדערקייַטן פון דער אויסשפּראַך און, וואָס ס׳איז דאָס סאַמע וויכטיקסטע, די מעלאָדישקייַט פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן געבוי פונעם לאָשן. זיי פאַרבלייַבן אַבסאָליוט רוסישע לויט דער מאַניר, דערפאַר — אומפאַרשטענדלעכע לויטן זין.

דאָס זעלבע קומט פאָר מיט דער מוזיק. דער אינטאָנאַציאָנעלער און מעלאָדישער געבוי פון די פאָלקסלידער, איַינזינקענדיק אין דער סטיכיי פון די מאָסעלע עסטראַדע־סטילן — אינעם ראָק און אין זיַינע קאָלערלייִקע סאָרטן (ברייקדאַנס, האַרד־ראָק) — פאַרלירט זיַינע באַזונדערקייַטן און סימאָנים און פאַרוואַנדלט זיך אין עפּעס א מיטל־אַריפמעטישס פון די אויסגעקנאָטענע עסטראַדע־לידלעך, און דאַן איז אין זיי גאַנץ פּאָשעט אָפּצוזוכן א קרויוועשאַפט מיט א גרויסער צאָל ברייט־עקזיסטירנדיקע מעלאָדיעס — פון דער איטאַליענישער עסטראַדע ביז דער מוזיק פונעם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר ביזע. טאַקע בכדיי צו אַנטפּלעקן אַזאַ מין קרויוועשאַפט פון ניגונים איז געבויט דער פינאַל פון דער פאָרשטעלונג „טום, באַלאַלייַקע" — „ווען לידער זיַינען באַפריַינדעט". מוזיקאַליש איז ער געמאַכט שאַרפזיניק און דערפינדעריש, אָבער אין טאָך בלייַבט ער אַן עסטראַדע־שפּאַס, און כאָטש זיַין מיין באַשטייט אין דעם, וואָס די ייִדישע ליד אַנטלייַען און עקספּלואַטירן אַלע, ווער עס פוילט זיך ניט, מאַכט ער אַן איַינדרוק פונקט א קאַפּוירעדיקן: די אייגנאַרטיקייַט פון דער מעלאָדיע ווערט ניט אַנטפּלעקט, פאַרקערט, זי צעשווימט זיך.

וואָס איז שייַעך דער נויטווענדיקייַט צו שאַפן א נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, איז פאַר אַזאַ כאַראַקטער פּאָשעט ניטאָ ווו זיך אַנטפּלעקן אינעם

מאַטעריאַל פֿון די מוזיקאַלע עסטראַדע־פֿאַרשטעלונגען פֿונעם טעאַטער. בלויז צומאָל טוט זיך אַ ווײַז זײַן שאָטן בײַ יאַקאָוו יאַוונאָן — דעם אַמערסטן בוילעטסטן אויספּילער, ווען ער זינגט עכטע ייִדישע לידער.

דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער וואָלט געקאָנט געשאַפֿן ווערן אויפֿן מאַטעריאַל פֿונעם מײַסעלע „כעלמער כאַכאָמים", נאָר דאָ האָבן אים געשטערט זיך אַנטפּלעקן די פּרינציפּן פֿון דער רעזשיסור. מ. כוסיד לייזט דעם ספּעקטאַקל ווי אַ קאַרנאַוואַליזירטע פֿאַרשטעלונג (אַפּסנײַ פֿאַרשטעלונג!), אָבער די טראַדיציעס פֿון אַ קאַרנאַוואַל פֿאָדערן אַ מאַסן־שפּיל, ניט קיין פּסיכאָלאָגישע אײנצלהײַטן און קיין עמעסדיקײַט, וועלכע, פֿון ריין פּראָפֿעסיאָנעלן שטאַנדפּונקט, באַהערשן נישט ניט דער רעזשיסער, ניט די טרופּע, וואָס האָט פֿאַר אַלע יאָרן עקזיסטענץ פֿונעם טעאַטער זיך ניט געטראָפֿן מיט קיין עכטן גראַמאַטנע רעזשיסער און מיט קיין עמעסדיקער טיפֿער דראַמאַטורגיע.

אַלזאָ, אָנשטאָט אַ פֿולבלוטיקן אײגנאַרטיקן נאַציאָנאַלן כאַראַקטער באַקומט זיך אַ באַנאַלע, אַנטלײַענע אין דער אַנעקדאָטן־וועלט מאַסקע. אָנשטאָט אָריגינעלקײַט און עמעסדיקײַט — סטיליזאַציע. דאָס געהער זיך אָן אויך צו דעם אויפֿן, וויאַזוי די אַרטיסטן ווײַזן זיך אַרויס, צו די פּרינציפּן פֿון סצענאָגראַפֿיע און מאַלבושים־לייזונג, און, וואָס עס איז וויכטיקער פֿון אַלץ, אָנשטאָט עכטן פֿאָלקלאָר ווערט אויסגענוצט זײַן ערזאַץ — דער אַזוי־גערופֿענער קיטש. קיטש — דאָס איז דער יעסאָד פֿון דער עסטעטיק אין אָט דעם טעאַטער־קאָלעקטיוו. קיטש — דאָס איז זײַן דערקענצייכן און זײַן פֿלאַג. זײַן אַפּאָלאָגיע און זײַן פּרינציפּ, וועלכע ווערן דעקלאַרירט אויפֿן שוין אויף די זײַטלעך פֿון דער פּראָגראַמקע: „מיר, יונגע טוער פֿונעם מוזיקאַלן טעאַטער, דאַרפֿן, זײַנען מעכוייעוו דערהערן די טראַדיציאָנעל־היימישע ניגונים אין הײַנטצײַטיקע פֿאַר אונדז פֿאָרמען, ריטמען, סטילן". „מיר האָבן אויסגעזוכט, וווּ ס'איז נאָר געווען מעגלעך, פֿאַרגעלטע, אויסגעטליעטע מאַכמעס דער צײַט נאָטן, געפּלאַצטע פּלאַטן.[1] מיר האָבן נישט געקאָנט זיך ניט פֿאַרטראַכטן, וויאַזוי פֿאַרצושטעלן אוראַלטע מעלאָדיעס דער הײַנטיקער אַודיטאָריע, וועלכע איז טאָג אײַן, טאָג אויס אײַנגעטונקען אין דער הײַנטצײַטיקער מוזיקאַלער סטיכיי. אָט דאָס איז די ערשטע וויכטיקע פּראָבלעם פֿון אונדזער טעאַטער..." אינטערעסאַנט צו וויסן, פֿאַרוואָס

[1] דאָס, וואָס עס ווערט אויסגעזוכט און אַראָפּגענומען פֿון נאָטן און פּלאַטן, ווי אַלט זיי זאָלן ניט זײַן, פֿאַרמאָגט פּונקט אַזאַ „עמעסדיקײַט", ווי די פּילצאָליקע „ציגײַנערישע" ראָמאַנסן, אָבער ניט זיי, נאָר עמעסע טאַבאָר־לידער זײַנען געלייגט געוואָרן אין יעסאָד פֿון דעם טעאַטער „ראָמען". דערנאָך ערשט איז געשאַפֿן געוואָרן אַן אייגענע מוזיק (באַמערקונג פֿונעם אַווטאָר).

אָט די פּראָבלעם שטייט ניט פֿאַר באָריס פּאָקראָווסקיס קאַמער־טעאַטער, וועלכער ריעסטאַווירט די אַלטע מאָטיוון? פֿונוואַנען ביכלאַל שטאַמט אָט דער אויסברוך פֿונעם אינטערעס צו עמעסדיקײַט, צו עכטקײַט, צו די אורקוואַלן, צו דערקענטעניש פֿון דער געשיכטע, פֿון אונדזערע וואָרצלען, וואָס עס ווײַזט זיך אַרויס אין דעם מוירעדיקן דראַנג צו דער אוראַלטער מאָלערײַ און מוזיק? פֿאַרוואָס וויל דער אײנציקער אין לאַנד (אויב ניט אין גאַנץ אייראָפּע) מעלוכישער ייִדישער טעאַטער פֿאַרשטעלן די ייִדישע פֿאָלקס־מוזיק אין אַ הײַנטצײַטיקער אײַנפּאַקונג און דערהייבט עס ביז אַ פּרינציפּ? און ווען ער איז אָפּגעטראָטן פֿון אָט דעם פּרינציפּ (אָדער ער איז נאָך צו אים ניט דערגאַנגען), ווען ער האָט אָפּגעשפּילט דעם ערשטן אַקט „לאָמיר אַלע אינאיינעם", אַן אויסגעבויטן אויף „שטעטלשע" לידער און ניגונים, האָט ער אָפּגעהאַלטן אַן איבערצײַגעוודיקן זיג. דאָ פֿלעגט אויפֿקומען אַן עמעסדיקער עמאָציאָנעלער אָפּרוף, אַן עכטע מיט־איבערלעבונג און אַ טיפֿער מיטגעפֿיל, וועלכע זײַנען זייער ווײַט פֿון דעם דערנידעריקנדיקן פֿאַר דער נאַציאָנאַלער ווירדע אונטערשפּילן זיך מיט די פּרימיטיווע נאַציאָנאַליסטישע אינסטינקטן — נאָך איין אויפֿן און מיטל, וואָס כאַראַקטעריזירן ניט קיין עכטע קונסט, נאָר גראָד טאַקע דעם קיטש.

## מוזיקאַלער טעאַטער

דער דאָזיקער באַגריף איז פֿאַרבונדן מיט דעם, וואָס די מוזיק דערוואָרבט אײגנשאַפֿטן און פֿונקציעס פֿון דראַמאַטורגיע, און דער טעאַטער געפֿינט צו איר אַ סצענישן עקוויוואַלענט. ווײַבאַלד דער מוזיקאַלישער קערן פֿונעם ייִדישן מוזיקאַלן טעאַטער איז אַ ליד, וואָלט מען, ווײַזט אויס, אים געקאָנט אָנרופֿן טעאַטער פֿון דער ליד, איבערהויפּט, אַז פֿיל לידער ווערן „באַוויזן", דערבײַ גייען זיי איינע נאָך דער אַנדערער לויט דער דראַמאַטורגיע פֿון אַן עסטראַדע־קאָנצערט. „זײַן עקסעלענץ" — דער קאָנצערט־נומער הערשט אומבאַגרענעצט. הייסט עס, אַז נאָך פּינקטלעכער וואָלט מען אָט דעם קאָלעקטיוו געדאַרפֿט אָנרופֿן עסטראַדע־טעאַטער. אָבער דאָ בלײַבט ניט אַרומגעכאַפּט איין באַזונדערקײַט. די זאַך איז אין דעם, וואָס די טרופּע איז שטאַרק מיט איר טאַנצעוודיקײַט, מיט אירע פּלאַסטיש־ריטמישע מעגלעכקײַטן און זייער אויסנוצונג. דאָס ווערט געטאָן אויף דעם בעסטן ניוואָ. די פּלאַסטישע טאַנצעוודיקע כאַראַקטעריסטיק פֿון יעדן נומער איז אויף אַזויפֿיל הויך־פּראָפֿעסיאָנעל און איבערצײַגעוודיק, אַז דאָ אַנטשטייט שוין די עסטעטיק פֿון מיוזיק־כאָל, אָבער די פֿאַרבינדונג מיט טעאַטער פֿאַרהיט זיך, ווײַל אַליין די כאָרעאָגראַפֿיע — איז פֿון אַ ריין מיוזיק־כאָלישן סטיל. אָט די אַלע באַזונדערקײַטן האָבן

זיך אַמערסטנס בולט אַנטפּלעקט אינעם ספּעקטאַקל „לאָמיר אַלע אײַנײַנעם": די קאַפּשווינדלדיקע וואָקאַליש־טאַנצעווּדיקע, בכלל מוזיקאַלע מעגלעכקײַטן פון דער טרופּע, די מוזיקאַלישע באַגאַבטקײַט און דער געשמאַק פון מ. גלוזן, די ניט־אָרדינאַרקײַט פון די זעונגען און פּלאַסטישע לײַזונגען פונעם אָפּירער־כאָרעאָגראַף, די קולטור פון דער שוישפּיל און די אײַגנאַרטיקײַט פונעם מאַטעריאַל. און כאָטש אַט די אײַגנאַרטיקייט ווערט אַלץ קלענער, וואָס מער קאָנסעקווענטער עס אַנטוויקלט זיך דער אָרגאַניזירנדיקער הויפּט־פּרינציפּ פונעם ספּעקטאַקל (פון דעם קערנדיקן שאַלן פון די טאַטע־זיידע־לידער, וועלכע קלינגען איבערן „שטעטל", דורך זייער איראָנישער באַזײַטיקונג „פון דער הייך פון אונדזער צײַט, מיט די אויגן פון אַן אַנדער דערפאַרונג" — צום דריטן אַקט — „צו אונדזער פֿאָלקלאָר אין דער הײַנטיקער אינטערפּרעטאַציע"[1]), אָבער אַליין דער ספּעקטאַקל, וויאַזוי ער שטייט און גייט אין זײַן עסטראַדע־מיוזיקכאַלישן זשאַנער, איז אָנשטעקנדיק, אײַנדרוקספול, נאַציאָנאַל־אײַגנאַרטיק. ער האָט ניט קיין אַנאַלאָגן, און שוין דערפאַר האָט ער פאַרדינט, מע זאָל אים באַווײַזן אױף אַ באַליביקער בינע אינעם סאָוועטנפאַרבאַנד און אין אויסלאַנד. אָבער בלויז אַט דעם אײנציקן ספּעקטאַקל.

די אונטערשטע שורה. דער ייִדישער מוזיקאַלער קאַמער־טעאַטער אַנטשפּרעכט ניט הײַנט־צו־טאָג זײַן נאָמען, נאָר דאָס איז נאָך אַ האַלבע צרה, אַ סך ערנסטער איז דאָס, וואָס ער אַנטשפּרעכט ניט זײַן מיסיע. גיכער פאַר אַלץ וואָלט ער געדאַרפט הייסן ייִדישער מיוזיק־כאָל אָדער ייִדישער עסטראַדע־טעאַטער. די זאַך איז, פאַרשטייט זיך, ניט אינעם נאָמען, עס גייט אין דעם, מע זאָל פּינקטלעכער באַנעמען די דערשײַנונג, מיט וועלכער מיר שטויסן זיך אָן, פאַרשטיין איר געזעלשאַפטלעכע און קינסטלערישע מיסיע. דער אײנציקער אין לאַנד ייִדישער טעאַטער — אַן אוניקאַלע דערשײַנונג — קאָן ניט, דאַרף ניט, האָט ניט קיין רעכט אַזוי צו באַגרענעצן און פאַרשמעלערן זײַנע פאַרבאַשטימונגען און זײַנע פולמאַכטן. ער איז ניט נאָר פּאַשעט נײטיק אין סאָוועטנפאַרבאַנד, ער איז אויסערסט און אומבאַדינגט נײטיק אין קולטורעלן, סאָציאַלן, סאָפּקאָלסאָף — אין פּאָליטישן אַספּעקט פון אַט דער פּראָבלעם. ער איז אַ נײטיקער רינג אין דער סיסטעם פון דער פילנאַציאָנאַלער קולטור בא אונדז אין לאַנד. הײַנט איז ער אויפגערופן צו היטן און אַנטוויקלען די רײַכע קולטור־ירושה פון זײַן פאָלק, פון דער פילנאַציאָנאַלער סאָוועטישער קונסט. דער איצטיקער ייִדישער טעאַטער וועט ניט אויסמײַדן קיין פאַרגלײַכן, בא אים זײַנען געווען גרויסע פאָרגייער. מיכאָעלס, זוסקין, גאָסעט — אַט דאָס זײַנען די שאַטנס, וועלכע שוועבן אומזעבאַר איבערן קאָפּ פונעם ייִדישן קאַמער־טעאַטער. נאָר דאָס זײַנען שאַטנס מאַגנעטיקע, ניט קיין שומער־שאַטנס.

(זשורנאַל „טעאַטראַלנאַיאַ זשיזן", נומער 21, 1986)

[1] פון דער פּראָגראַם צום ספּעקטאַקל „לאָמיר אַלע אײַנײַנעם" (באַמערקונג פונעם אַוטאָר).

# אונדזער רעפּליק

ס'איז קיין ספק ניט, אַז דאָס פּובליקירן מיצאַד „טעאַטראַלנאַיאַ זשיזן" אַנאַטאָלי קאַרדונערס רעצענזיע אױף די שטעלונגען פונעם ייִדישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער איז אַ באַווײַז, ווי טײַער עס איז פאַר דער ברייטער סאָוועטישער טעאַטראַלער געזעלשאַפטלעכקײַט דער גורל און די הײַנטצײַטיקע אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן טעאַטער בא אונדז אין לאַנד. דער זשורנאַל פון דעם קולטור־מיניסטעריום פון רספסר, פון דער אַלרוסלענדישער טעאַטראַלער געזעלשאַפט און פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון רספסר הייבט אויף פּראָבלעמען, וואָס זײַנען אויסערסט וויכטיק פאַר יעדן ליבהאָבער פון דער טעאַטראַלער קונסט אױף ייִדיש. באַזונדערס זעט אונדז אויס ווערטפול דער פאַרינטערעסירטער, לאַכלוטן ניט צוגעפּוצטער, שטרענגער און אײַנצײַטיק גוטהאַרציקער טאָן פון דער רעצענזיע, וואָס עס איז אַ באַווײַז, אַז ס'גייט אָן דער געזעלשאַפטלעכקײַט, אַז אַ גוטער ייִדישער טעאַטער זאָל האָבן האַצלאָכע און אויסדויערונג אױף די בינעס פונעם לאַנד און אַז די גרויסע קינסטלערישע ירושה פון גאָלדפאַדענען, מיכאָעלסן, זוסקינען זאָל אָפּגעהיט ווערן אין איר נאַציאָנאַלן לעוווש.

מיר וועלן דאָ ניט פּרוון זיך אַרײַנטאָן אין די ספּעציפיש־פּראָפעסיאָנעלע אַספּעקטן, וואָס

ווערן באהאנדלט אין דער רעצענזיע — וועגן די זשאנער־באצייכענונגען, וועגן דעם נאָמען גופא, וואָס דער טעאַטער טראָגט אדג., — אָבער איין פּראָבלעם איז אונדז באַזונדערס נאָענט — די פּראָבלעם פון דער שפּראַך, אַף וועלכער די אַרטיסטן פונעם יידישן טעאַטער רעדן מיטן צושויער, און — אין ברייטערן זין — דער נאַציאָנאַלער קאָלאָריט, די נאַציאָנאַלע אופאַסונג פון די ספּעקטאַקלען.

אין די לעצטע יאָרצענדליקער האָט באַשיימפערלעך זיך אויסגעקלאָרט פאָלגנדעס: 1) דער יידישער טעאַטער זעצט פאַר אין סאָוועטנפאַרבאַנד זיין לעבן (אַכוץ דעם מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער שפּילט אין מאָסקווע און גאַסטראָלירט איבערן לאַנד א יידישער דראַמאַטישער אַנסאַמבל, וואָס האָט לעצטנס באַקומען דעם סטאַטוס „טעאַטער־סטודיע"; עס אַרבעטן אין מעשעך שוין פון א פערטל יאָרהונדערט יידישע פאָלקס־טעאַטערס אין ביראָבידזשאַן און אין ווילנע, דער זעלבסטעטיקער טעאַטער אין קאָוונע; אַן אויסגעשפּראָכענע סצעניש דראַמאַטורגיע איז אייגנטימלער דעם שאָו־אַנסאַמבל „פריילעכס"); 2) ס'וועט ניט זיין קיין גוזמע צו זאָגן, אַז די יידישע טעאַטראַלע־ און עסטראַדע־קונסט האָט פאַרהיט פאַר זיך ביז היינט און באַוויזן צו פאַרמערן און דערציִען א מאַסן־צושויער אין אַלע רעפּובליקן און שטעט, ווו עס לעבן יידן; 3) אויך באַם ניט־יידישן צושויער רופן אַרויס אינטערעס און פאַרינטערעסירונג די גאַסטראָלירנדיקע איבערן לאַנד יידישע טעאַטערס און עסטראַדע־קאָלעקטיוון (ווען יידישע אויספילער, אפילע א גאַנצער טעאַטער, וואָס שפּילט אין יידיש, קומט אַף גאַסטראָלן אין א דורכויס רוסישער שטאָט פון סיביר, אָדער קיין גרוזיע, אָדער אין א מיליטער־שטעטל פון דער סאָוועטישער אַרמיי, — זיינען די זאַלן פולגעפּאַקט, און דער צושויער געפינט זיין אָריגינעלן און גאַסטפריינטלעכן קאָנטאַקט מיט דער בינע).

די דאָזיקע אומשטאַנדן וועלן אונדז, מיינען מיר, געבן מיט דער צייט א מעגלעכקייט צו שטעלן אפן טאָג־סיידער די פראַגע וועגן שאַפן א מער קאָמפּאַקטע און סטאַבילע סטרוקטור פונעם סאָוועטישן יידישן טעאַטער, און דאַן וועלן באַקומען אַקטועלקייט די פּראָבלעמען, וועלכע שליסן זיך אָן צו דער פריינטלעכער קריטיק פונעם זשורנאַל „טעאַטראַלנאַיאַ זשיזן": דאָס איקערדיקע אין יידישן טעאַטער איז יידיש לאָשן, און די טרעגער פון נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט זיינען די יידישע אַרטיסטן און רעזשיסערן. פאַרן יידישן טעאַטער מוז געשאַפן ווערן א היינטצייטיקער יידישער רעפּערטואַר.

צו די דאָזיקע פראַגן וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אַף די זייטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד". ס'איז נייטיק איצט בלויז אונטערשטרייכן, אַז די עקזיסטירנדיקע יידישע טעאַטער־ און עסטראַדע־קאָלעקטיוון זיינען מעכויעוו פילבאַר און אופמערקזאַם דורכלייענען דעם שאַרפן און אופריכטיקן אַרטיקל אין דעם פּראָפעסיאָנעלן טעאַטראַלן זשורנאַל און אופנעמען ווי געהעריק דאָס וואָגיקע וואָרט, וואָס איז געווענדט צו די זינגער און שוישפּילער, וועלכע טרעטן איצט אוף אַף דער יידישער סאָוועטישער בינע.

צום שלוס פון אונדזער רעפּליק זיינען מיר געצוווּנגען, האַגאַם ס'איז אונדז ניט גאָר אָנגענעם, צו מאַכן א פאָרוווּרף דעם אווטאָר פונעם אַרטיקל אַנאַטאָלי קאָרדונערן און דער רעדאַקציע פון „טעאַטראַלנאַיאַ זשיזן". אין דער ערנסטער אַרויסטרעטונג פונעם זשורנאַל זיינען ניט דערלאָזבאַר די פעלערן, וואָס נעמען זיך, לאָמיר האָפן, פון אומוויסן און ניט פון א פּאָזיציע פון ניט־דערשאַצונג און פון מאַנגל אין אָפּשיי צו דער יידישער קולטור. די רייד גייט קוידעמקאָל וועגן דעם, וויאַזוי עס ווערט אינעם זשורנאַל־אַרטיקל דערמאָנט וועגן דער יידישער שפּראַך. דער איבערזעצער פונעם אַרטיקל אין „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אויס שעמעוודיקייט צו ברענגען אַף די ליפּן אַזאַ אומפאַראַנטוואָרטלעכע דעפיניציע פון דער היינטצייטיקער יידישער שפּראַך, ווי זי ווערט געבראַכט מיצאַד אַנאַטאָלי קאָרדונערן, געמאַכט די דעפיניציע מער צוגענגלעך, אַרויסגענומען פון איר די אַמעראַצישקייט און זי צוגעפּוצט. די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט זיך באַצויגן מיט פאַרשטאַנד צו די אַרגומענטן פונעם איבערזעצער, ווייל אין טאַך איז דעם אווטאָרס לאָגישער געדאַנק אָפּגעהיט, ניט מער, עס איז געמאַכט ווייכער די אוולע צו יידיש. דאָ אָבער, אין אונדזער רעפּליק, וועלן מיר זיין פּינקטלעכער, קיינעם ניט שוינענדיק אין דעם אַרויסגעזאָגטן פאָרוווּרף. וועלנדיק באַשטעטיקן דעם געדאַנק, אַז פאַר ניין יאָר עקזיסטענץ פונעם יידישן מוזיקאַלן קאַמער־טעאַטער האָבן זיינע אַרטיסטן געהאַט גענוג צייט אַף צו באַהערשן יידיש, שרייבט אַנאַטאָלי קאָרדונער בוכשטעבלעך אָט וואָס:









**אויבן** — ש. מיכאָעלס גרימירט זיך; **אין דער ערשטער ריי** (פון לינקס אף רעכטס: **גלאָסטער** — טעוויע כאַזאַק, **קענט** — דאַניִעל פינקעלקראוט, **עדמונד** — אַווראָם פוס־טילניק; **אין דער צווייטער ריי: האָנעריליע** — סאָרע ראָט־באום, **רעגאַנע** — עסטער קארטשמער, **קאָרדעליִע** — יעווע איצכאָקי; **דריטע ריי: גלאָסטער** — אַווראָם שידלאָ, **עדגאַר** — יאַקאָוו גערטנער, **קענט** — מיכאַיִל שטיימאַן.

...«это все-таки идиш, а не иврит, то есть не столько язык, сколько разновидность жаргона, возникшего за несколько веков существования в Европе и связанного с европейскими языковыми группами».

(ס'איז דאָך פונדעסטוועגן יידיש, ניט איווריט, דאָס הייסט — ניט אזוי א שפּראַך, ווי אַן אַנטפּלעקונג פון א זשאַרגאָן, וועלכער איז אופגעקומען אין מעשך פון עטלעכע יאָרהונדערטער אין אייראָפּע און איז פאַרבונדן מיט די אייראָפּעיִשע שפּראַך־גרופּעס).

ניט בעמענדיק זיך דאָ אין אונדזער קורצער רעפּליק אויסצובעסערן דאָס דאָזיקע אַמעראַצעס, וועלן מיר בלויז באַמערקן, אַז בא דער רעדאַקציע פון א סאָלידן זשורנאַל, וואָס עס איז „טעאַטראַל־נאַיאַ זשיזן", וואָלט אַזאַ סאַקראַמענטאַלע פאָרמולירונג בענעגייע דער שפּראַך פון איינעם פון די סאָוועטישע פעלקער, געדאַרפט אַמווייניקסטנס אַרויסרופן א געפיל פון צווייפל אין איר ריכטיקייט, קעדיי דורכקאָנטראָלירן די זאַך... ס'איז אויך ניט דערלאָזבאַר דער פעלער, וואָס ווערט געמאַכט, ווען אַנאַטאָלי קאָרדונער באַהויפּטעט, אַז דער יִידישער טעאַטער, וועגן וועלכן ער שרײַבט, איז „דער איינציקער אין לאַנד (אויב ניט אין גאַנץ אייראָפּע)". מיר האָבן שוין דאָ דערמאָנט וועגן דעם מאָסקווער יִידישן דראַמאַטישן טעאַטער מיטן סטאַטוס פון א סטודיע. און וואָס איז שײַעך „גאַנץ אייראָפּע", איז ניט גוט, וואָס אַנאַטאָלי קאָרדונער ווייסט ניט וועגן דער עקזיסטענץ בא אונדזערע אייראָפּעיִשע שכיינים, אין דער פּוילישער פאָלקס־רעפּובליק — פון דעם יִידישן מעלוכע־טעאַטער אַפן נאָמען פון עסטער־ראָכל קאַמינסקע און אין דער רומענישער סאָציִאַליסטישער רעפּובליק — אויך פון א יִידישן מעלוכע־טעאַטער.

מע קאָן זײַן ניט מאַסקים מיט נאָך איינִיקע ערטער אינעם אַרטיקל, וואָס רופן אַרויס דערווידערונג (לעמאָשל, דעם אוּוטאָרס שטרעבונג צו וואַרפן די שולד פאַר די שוואַכקײַטן און מאַנגלען אף דעם שעפערישן קאָלעקטיוו, גענומען ווי עפּעס אַן אַבסטראַקציע, און דאָס אַרויספירן פון אונטער דער קריטיק דעם קינסטלערישן אָנפירער פונעם טעאַטער מ. גלוזן, אויסטיילנדיק פאַר אים און פאַר זײַנעם א ספּעקטאַקל ניט־פאַרדינטע לויב), אָבער אין טאָך איז נייטיק באַגריסן די פּובליקאַציע פון אַנאַטאָלי קאָרדונערס אַרטיקל אין „טעאַטראַלנאַיאַ זשיזן", אויסדריקנדיק די האָפענונג, אַז דער שמועס וועט פאַרגעזעצט ווערן אויך אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

אַרן ווערגעליס



# „פּאַלעסטינסקי סבאָרניק"




ס'איז דערשינען דער 28 (91)־טער העפט פֿונעם „פּאַלעסטינסקי סבאָרניק" („פּאַלעסטינער זאַמלבוך"), וועלכער איז געווידמעט דער געשיכטע און דער קולטור פֿונעם נאָענטן מיזרעך אין דער אוראַלטער און מיטל־אַלטערלעכער טקופֿע. ווי געוויינלעך, אַנטהאַלט דער זאַמלבוך אַרטיקלען איבער אַ ברייטן קרײַז פֿראַגן, וואָס זײַנען דירעקט אָדער אומדירעקט פֿאַרבונדן מיט דער פֿאַרגאַנגענהײַט פֿון די פֿעלקער, וועלכע באַוווינען דעם נאָענטן מיזרעך און די דערבײַיִקע געגנטן.

דער העפֿט הייבט זיך אָן מיט אַן אַרײַנפֿיר־אַרטיקל וועגן דעם הונדערטיאָריקן יובילײ פֿון דער רוסלענדישער פּאַלעסטינער געזעלשאַפֿט, וועמענס פּעריאָדישע אויסגאַבע עס איז דער „פּאַלעסטינסקי סבאָרניק".

די געזעלשאַפֿט איז געגרינדעט געוואָרן אין 1882 אונטערן נאָמען „פּראַוואָסלאַוונאַיאַ פּאַלעסטינסקאַיאַ אָבשטשעסטוואָ" („פּראַוואָסלאַוונע פּאַלעסטינער געזעלשאַפֿט"). איר טעטיקײַט האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויקלט אין עטלעכע ריכטונגען: די הויפּט־אויפֿגאַבע איז געווען — אײַנאָרדענען רוסישע פּיליגרימען, וועלכע פֿלעגן קומען צו די הייליקע ערטער. חוץ דעם, האָט די געזעלשאַפֿט געפֿירט אַן אויפֿקלערונגס־אַרבעט צווישן דער אַרטיקער אַראַבישער באַפֿעלקערונג, ווי אויך וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרשונגען, קאָנצענטרירטע אין דער ערשטער ריי אויף די אַלטערטימלעכקײַטן פֿונעם הייליקן לאַנד. די געזעלשאַפֿט האָט געהאַט שולן און אַכסאַניעס, אַרויסגעגעבן וויסנשאַפֿטלעכע ווערק. אין 1918 האָט זי באַקומען אַ נײַעם נאָמען — „רוסלענדישע פּאַלעסטינער געזעלשאַפֿט", אַנטשפּרעכיק האָט זיך געביטן אויך דער קרײַז פֿון איר טעטיקײַט. זי האָט זיך הויפּטזאַכלעך קאָנצענטרירט אויף ריין וויסנשאַפֿטלעכע פֿראַגן. אין דער דאָזיקער ריכטונג ווערט די אַרבעט פֿאָרגעזעצט ביז הײַנט. אין דער געזעלשאַפֿט זײַנען געווען טעטיק באַרימטע סאָוועטישע מיזרעך־פֿאָרשער, אַזעלכע ווי וו. סטרווע, אי. קראַטשקאָווסקי, נ. פּיגולעווסקאַיאַ. די געזעלשאַפֿט האָט אָפּטיילונגען אין מאָסקווע, לענינגראַד, טביליסי, יערעוואַן און גאָרקי. פּעריאָדיש ווערן דורכגעפֿירט זיצונגען, די מאַטעריאַלן פֿון וועלכע עס פֿאַרעפֿנטלעכט דער „פּאַלעסטינסקי סבאָרניק".

אין דעם נײַעם העפֿט פֿונעם זאַמלבוך זײַנען ברייט פֿאָרגעשטעלט מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צו דער ייִדישער געשיכטע און קולטור. אין פּ. קאָנדראַטיעווס אַרטיקל „ייִדישע מאַנוסקריפּטן אין דער זאַמלונג פֿונעם אינסטיטוט פֿאַר מיזרעך־קענטעניש בײַ דער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע פֿון פֿססר" איז צום ערשטן מאָל באַשריבן דער גרויסער פֿאָנד פֿון ייִדישע (דאָסראָוו העברעיִשע) קסאַוויאַדן, וועלכע ווערן אָפּגעהיט אין לענינגראַד, אין דער ביבליאָטעק פֿון אָט דעם אַנשטאַלט.

לעכאַטכילע דערציילט דער אַוטאָר די געשיכטע פֿון דער אַנטשטייונג און פֿון די דערגאַנצונגען פֿון דער זאַמלונג. אין גרונט פֿונעם פֿאָנד איז געלייגט געוואָרן די אוניקאַלע קאָלעקציע, וואָס דער באַרימטער קאָמערסאַנט און מעצענאַט א.־מ.־ל. פֿרידלאַנד האָט אין 1892 געבראַכט אַלס מאַטאָנע דעם אַזיאַטישן מוזיי פֿון דער אימפּעראַטאָרישער וויסנשאַפֿט־אַקאַדעמיע. די זאַמלונג האָט דעמלט אַנטהאַלטן 13.007 געדרוקטע ביכער און בערעך 100 מאַנוסקריפּטן. שפּעטער פֿלעגט מען דעם פֿאָנד שטענדיק דערגאַנצן, און אַצינד ציילט ער אָן 1148 מאַנוסקריפּטן.

ווײַטער ווערט אינעם אַרטיקל געגעבן אַ באַשרײַבונג פֿון די מאַנוסקריפּטן לויט אָפּטיילן: טאַנאַך, פּיירושים, פֿילאָלאָגיע, בעלעטריסטיק, נאַטור־וויסנשאַפֿט, מעדיצין, מוזיק, פֿילאָסאָפֿיע און עטיק, טעאָלאָגיע, סידורים און מאַכזיירים, רעכט, קאַבאָלע, בריוו און אַנד. ס'איז אינטערעסאַנט, וואָס אין דער זאַמלונג זײַנען ניטאָ קיין טאַלמודישע טעקסטן. דער גרעסטער טייל קסאַוויאַדן זײַנען געשריבן אין העברעיִש. עס זײַנען אָבער אויך פֿאַראַן מאַנוסקריפּטן אויף קאַראַיִמיש, פּערסיש, אַראַביש און אַראַמעיִש — אַלע מיט העברעיִשע אויסיִעס. לויט דער צײַט, ווען זיי זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן, געהערט דאָסראָוו מאַנוסקריפּטן צו XVI—XIX יאָרהונדערטער. דער עלטסטער קסאַוויאַד — „נביאים אחרונים" — שטאַמט, אַלפּי האַשאָרע, פֿונעם 9־טן יאָרהונדערט.

אויסער דער וויסנשאַפֿטלעכער ווערט, שטעלט פּ. קאָנדראַטיעווס אַרטיקל פֿאָר, בעלי־סאָפֿעק, אַן אינטערעס פֿאַר אַלע די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער קולטור־געשיכטע פֿון די ייִדן. חוץ טראַדיציאָנעלע טעקסטן, אַנטהאַלט דער פֿאָנד אַ גרויסע צאָל העברעיִשע איבערזעצונגען פֿון פֿאַרשיידענע ווערק, קוידעמקאָל — פֿון אַראַביש. די זאַמלונג באַזיצט אַן אוניקאַלן קסאַוויאַד — די העברעיִשע איבערזעצונג פֿונעם באַוווּסטן טראַקטאַט פֿון דעם מיטלאַלטערלעכן קריסטלעכן פֿילאָסאָף באָעטיוס „טרייסטונג דורך פֿילאָסאָפֿיע", וועלכע איז געמאַכט געוואָרן פֿונעם לאַטײַנישן אָריגינאַל. מע דאַרף אָפּמערקן אויך די לידער פֿון איבן־גוויראָל, מוישע איבן־עזראָ, אַלכאַריזי, ווי אויך זאַמלונגען פֿון מײַסעס וועגן שלוימע־האַמעלעך און אַנד. אינטערעסאַנט זײַנען די פּילצאָליקע קאַראַיִמישע שאַפֿונגען אויף העברעיִש און אויף קאַראַיִמיש, וועלכע ברענגען אַ ווערטפֿולע אינפֿאָרמאַציע וועגן דער קולטור און דעם טאָגטעגלעכן לעבן פֿון די

קאַראַימישע קעהילעס אין דאָרעם־רוסלאַנד אין XVIII—XIX יאָרהונדערטער.

אינעם העפט פון „פּאַלעסטינסקי סבאָרניק" איז איינגעשלאָסן ל. ווילסקערס אַרטיקל „וועגן איינעם אַן אַלטגעדרוקטן פּאַרמעטענעם פראַגמענט". דער אויטאָר מאַכט אַן איבערצייגעוודיקע רעקאָנסטרוקציע, קעדיי ווידער אופשטעלן עטלעכע בלעטער פונעם מיטלאַלטערלעכן סייפער „הילכות רבי אלפאַסי".

דער יידישער טעמאַטיק זיינען געווידמעט די אַרטיקלען פון ק. סטאַרקאָווא „די נעסיע פון אוראַם־אַווינו (וועגן איינעם אַן אַפּאָקריפישן פראַגמענט, וועלכער איז געפונען געוואָרן צווישן די קומראַנער קסאַוויאָדן)" און פון ס. יעליזאַראָווא „די ביבלישע אַפּאָקריפישע ליטעראַטור און די קומראַנער געפינענסן". אין אָט די אַרבעטן ווערן באַהאַנדלט ווערק, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער טקופע פון די טאַנאַר־ספאָרים און זיינען מיט זיי פאַרבונדן לויטן אינהאַלט. איבער פאַרשיידענע סיבעס האָט מען די דאָזיקע ווערק ניט איינגעשלאָסן אין טאַנאַך. האַגאַם זיי זיינען לעכאַטכילע אָנגעשריבן געוואָרן אויף העברעיש (אָדער אַראַמעיש), זיינען זיי ביז אונדזער צייט דערגאַנגען הויפּטזאַכלעך אין גריכישע, לאַטייניש און אַנדערע איבערזעצונגען. די נייסטע אַנטדעקונגען אין מידבער־יעהודע (קומראַן) האָבן געבראַכט אויך טעקסטן פון אייניקע אַפּאָקריפן. דאָס האָט שטאַרק געענדערט אונדזערע פאַרשטעלונגען וועגן דעם רעליגיעזן און קולטורעלן לעבן אין יעהודע אין דער טקופע צווישן דעם צווייטן יה. פאַר אונדזער ערע ביז דעם צווייטן יה. פון אונדזער ערע.

טיפע קולטורעלע און רעליגיעזע פאַרבינדונגען צווישן פאַרשיידענע פעלקער פונעם נאָענטן מיזרעך אַנטפּלעקן זיך אין אַנדערע אַרטיקלען פונעם „פּאַלעסטינסקי סבאָרניק". לעמאָשל, אין א. פאַרפאַזיאַנס אַרבעט „אַל־כידר און עליאָהו־האַנאָווי. מיפאָלאָגישע קוועלן און אַנאַלאָגיעס" ווערט דורכגעפירט א פאַרגלייך פון צוויי געשטאַלטן — עליאָהו־האַנאָווי און דעם מוסולמענישן נאָווי אל־כידר. אינעם אַרטיקל פון וו. פלאַטאָנאָוון „קעברא נעגאַסט (הויפּט־אידייען פונעם עטיאָפּישן דינאַסטישן ראָמאַן פונעם 14־טן יה.)" ווערט אויסגעטיילט ספּעציעל איינע פון די ליניעס פונעם ראָמאַן, וועלכע שטרייכט אונטער די אָפּשטאַמונג פון דער עטיאָפּישער קיניגלעכער דינאַסטיע פונעם מיילעך מענעליק, דעם זון פון שלוימע־האַמעלעכן און פון דער מאַלקע פון סאַבע.

דער העפט פאַרענדיקט זיך מיט א ביבליאָגראַפישן אָפּטייל און מיט כראָניק.

מיכאל קרוטיקאָוו

## „יודאַיקא באָהעמיע"




ס'איז ארויס פון דרוק „יודאַיקא באָהעמיע" נומ. 2, 1986. דער אַלמאַנאַך דערשיינט איין מאָל אין 6 כאָדאָשים, זיינע מאַטעריאַלן דרוקן זיך אויף פאַרשיידענע אייראָפּעישע שפּראַכן. אַזוי, לעמאָשל, זיינען אינעם לעצטן נומער פאַראַן אַרטיקלען און רעצענזיעס אויף דייטש, ענגליש און פראַנצויזיש. אַלע גרעסערע ווערק האָבן רעזומעען אין רוסיש.

מיט אַן אריינפיר־אַרטיקל וועגן דעם פּראָגער יידישן מוזיי „אונדזער אַרבעט: אַ קוק אויף צוריק און פאָרויס" טרעט ארויס אָטאַקאַר פּעטרזשיק. אַליוואַ פּעכאָוואַ האָט אָנגערופן איר אַרטיקל „אין אָנדענק פון יויסעף פּאָלאַק". זי דערציילט אויספירלעך וועגן דעם לעבן און די ווערק פון דעם דאָזיקן טאַלאַנטפולן פאָרשער פון דער קולטור־געשיכטע פון די יידן אין טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכער איז שפּורלאָז נעלעם געוואָרן אין יאַנואַר 1945 בעשאַס דער ליקווידאַציע פונעם טויט־לאַגער אוישוויץ, ווו ער איז געווען אַן אַסיר.

מיראָסלאַוו קריל און מאַרקעטאַ פּעטראַשאָווא אַנאַליזירן קאָלעקציעס פונעם יידישן מוזיי אין פּראָג, באַהאַנדלענדיק דערביי פאַרשיידענע מאָמענטן פונעם קולטור־לעבן פון די קאַצעטניקעס אינעם לאַגער טערעזין. מע דאַרף אָפּמערקן, אַז די דאָזיקע טעמע איז א באַשטענדיקע אין אַלע בענדער פון „יודאַיקא באָהעמיע".

דער מיטאַרבעטער פון דער פּראָגער נאַציאָנאַלער גאַלעריי לובאָמיר סרשען דערציילט אין זיין פאָרשונג וועגן דער שאַפונג פונעם טשעכיש־יידישן מאָלער פון פאַריקן יאָרהונדערט אַרן פּולצער.

כוץ די אויבנדערמאָנטע אַרטיקלען, ווערן אינעם נומער פאַרעפנטלעכט אויך קורצע ביבליאָגראַפישע נאָטיצן וועגן מאָנאָגראַפיעס ארום פראַגן פון דער יידישער געשיכטע, וועלכע זיינען אין די לעצטע יאָרן ארויסגעלאָזט געוואָרן אין טשעכאָסלאָוואַקיע, אין דער דייטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק און אין פּשאַ. אירזשינא שעדינאָווא אינפאָרמירט די לייענער וועגן אַן אויסשטעלונג אין דער געביידע פון דער פּראָגער יידישער רעליגיעזער געמיינדע, ווו עס זיינען פאַרגעשטעלט געוואָרן די ווערק פונעם קינסטלער־האָלצשניצער לעאָפּאָלד העכט (1912—1984). העכט האָט געאַרבעט אין דער מאַניר פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער פאָלקס־קונסט.

די אויסגאַבע איז אילוסטרירט מיט רעפּראָדוקציעס פון בילדער פון די טשעכיש־יידישע קינסטלער אַרן פּולצער, לעאָ האַאַס, בעדרזשיך פריטאַ, אַרנאָשט קליין, אָטאָ אונגאַר.

וועלוול טשערנין

# אַ פֿרײַנט פֿון אונדזער ליטעראַטור



ס'איז אַלט געוואָרן זעכציק יאָר ארנאָלד טאָם, דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער רעדאַקציע אינעם מאָסקווער פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", וועלכע גרייט צום דרוק פּראָזע-ווערק פֿון די פֿעלקער פֿונעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

אין דעם פֿאַרלעגערישן פּראָצעס באַטייליקן זיך פֿיל דינסטן, בעסיכעם די פּאָליגראַפֿישע אינדוסטריע, צווישן זיי אַנטשטייען געוויינלעך שוועריקייטן, קעגנזײַטיקע פּרעטענזיעס. פֿון די שטערונגען דאַרף מען קאָנען זיך באַפֿרײַען, קעדיי שאַפֿן אַ נאָרמאַלע אַרבעטס-אומגעבונג. אָט אין דעם טאַקע איז אַ בעפֿײַרעשער מײַסטער ארנאָלד טאָם.

יעדן טאָג נעמט ער אויף און הערט אויס באַ זיך אינעם אַרבעטס-צימער אַ גרויסע צאָל פֿאַרשיידנשפּראַכיקע שרײַבער. טורקמענישע, ליטווישע, ייִדישע, גרוזינישע, ווײַסרוסישע, אוקראַיִנישע — האַקלאַל, פֿון אַלע רעפּובליקן, פֿון אַלע אויטאָנאָמע געגנטן קומען צו אים מיט זייערע דײַגעס ליטעראַטור-שעפֿער.

אויף זײַן שרײַבטיש הערן זיך אָן אויפֿהער צווישנשטאָטישע טעלעפֿאָן-קלונגען. טראָץ אָבער דער איבערגעלאָדנקײַט איז ארנאָלד אָסוואַלדאָוויטש אַזוי פֿרײַנטלעך, אַז אויף דעם ווײַטן עק פֿונעם טעלעפֿאָן-דראָט באַקומט עמעצער זײַנעם אַ קוואַנט פֿון האַרציקער מאָסקווער גוטמוטיקײַט און בייגט זיך ווידער אַראָפּ אין אַ דערהויבענער שטימונג צום איבערגעלאָזטן אויף אַ רעגע מאַנוסקריפּט.

שוין אין מעשׂעך פֿון פֿיל יאָרן איז ארנאָלד טאָם דער סעקרעטאַר פֿון דער פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע אין פֿאַרלאַג און צו אים גייט מען מיט קאָלערליי ענײַנים, צווישן זיי — וווינונג-פּראָבלעמען, מישפּאָכע-זאָרגן, מיספֿאַרשטייענישן צווישן מענטשן אינעם קאָלעקטיוו. און אויך דאָ פֿאַרמאָגט ער פֿאַר יעדן אַ האַרציקן שמייכל, אַ וואָרט פֿון ביטאָכן, קאָנקרעטע הילף.

ארנאָלד טאָם איז לויט דער נאַציאָנאַליטעט אַן עסטאָנער, אין דער ליטעראַטור איז ער באַוווּסט אַלס קריטיקער און איבערזעצער. ער האָט איבערגעזעצט אויף רוסיש שיר ניט די גאַנצע הײַנטצײַטיקע עסטאָנישע סאָוועטישע פּראָזע.

וועגן ארנאָלד אָסוואַלדאָוויטשן דעם איבערזעצער דאַרף געזאָגט ווערן באַזונדער. די עסטאָנישע פּראָזע איז פּאָפּולער מאַכמעס אירע נאָוואַטאָרישע אַספּעקטן, און מע מוז אַוואַדע זײַן אַן אויסגעצייכנטער „אַקטיאָר אינעם ליטעראַרישן טעאַטער", קעדיי קאָנען ווידערופֿשטעלן, אַשטייגער, די סטיליסטישע באַפֿאַרבונג און די טיפֿע פֿאָלקסטימלעכקײַט פֿונעם לאָשן אין לויזע וואָכערס דערציילונגען, די גײַסטיקע שטרענגקײַט פֿון רודאָלף סירגעס נאָוועלעס, די אײדעלע און אײַנעם מיט דעם שאַרפֿע פּסיכאָלאָגישע זוכונגען און דעם „אָפֿענעם עמעס" פֿון פּאָול קוּוסבערגס ראָמאַנען.

ארנאָלד טאָם זעצט איבער אַ באַליביק ווערק מיטן העכסטן דרך-ערעץ צו דער קינסטלערישער מאַניר פֿונעם מעכאַבער. די קלאַסיק לערנט, אַז נאָענטקײַט צום אָריגינאַל באַשטייט ניט אין בוכשטעבלעכקײַט. וויכטיק איז די אַדעקוואַטקײַט פֿון דעם גײַסט. צומאָל קומט אויס זיך דערווײַטערן פֿונעם אָריגינאַל, קעדיי זײַן צו אים נעענטער. ארנאָלד טאָם טוט עס מײַסטערהאַפֿט. ניט אומזיסט איז אים צוגעטיילט געוואָרן די מעלוכע-פּרעמיע פֿון עסטאָניע און ניט צופֿעליק איז די טעטיקײַט פֿון אָט דעם פֿרײַנט פֿון פֿאַרשיידנשפּראַכיקע ליטעראַטורן געקרוינט געוואָרן מיט אַן אָרדען פֿון דער רויטער אַרבעטס-פֿאָן.

זייער פֿיל האָט ארנאָלד טאָם אויפֿגעטאָן לטויווס דער ייִדישער ליטעראַטור. אירע בעסטע ווערק סײַ אויף ייִדיש, סײַ אין דער איבערזעצונג אויף רוסיש דרוקן זיך אין פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל" אונטער זײַן האַשגאָכע. דורך זײַן האַרץ ווערט דורכגעלאָזט, אײדער ער דערשײַנט, יעדער בוך פֿון ייִדישע שרײַבער. פֿרעגט אַ באַליביקן פֿון זיי, וויאַזוי ער באַציט זיך צו טאָמען, וועט איר דערהערן קעסיידער: „אַ, אונדזער ארנאָלד!". אַזאַ איז אָט דער מענטש — אַן אינטערנאַציאָנאַליסט אויף דורך און דורך, ביזן מאַרך פֿון די ביינער.

א ל ע ק ס א נ ד ע ר   ט ו ו ע ר ס ק אָ י

# דאָס וואָרט וועגן אַ זינגערין

אין דער קעשענעווער קאָנסערוואַטאָריע, ווי איך האָב זיך געלערנט מיט מאַריע ביִעשו אַף איין קורס, האָבן אַלע געהאַלטן, אַז זי איז אַ געבוירענע אויספילערן פון מאָלדאַווישע פאָלקסלידער, אַ שילערן פון דער באַוווסטער טאַמאַרע טשעבאַן. זי פלעגט שוין דאַן מיט די לידער אַרויסטרעטן אַף קאָלערליי קאָנקורסן, פעסטיוואַלן, קאָנצערטן. נאָכן דריטן קורס לאַדט מען זי אַפילע איין אַף אַרבעט אינעם פראָפעסיאָנעלן פאָלקלאָר־אַנסאַמבל „פלוערַאש", מיט וועלכן זי פאָרט אַרום אַלס סאָליסטקע איבערן גאַנצן לאַנד.

ווער ווייסט, עפשער וואָלט מאַריע ביִעשו נאָכן פאַרענדיקן די קאָנסערוואַטאָריע אויך ווייַטער פאָרגעזעצט איר קאַריערע אין אָט דעם אייגנאַרטיקן קאָלעקטיוו, ווען ניט איינע אַ באַגעגעניש, וועלכע האָט ראַדיקאַל איבערגעאַנדערשט דעם שפעטערישן גורל פון דער יונגער זינגערין. באַם אַרויסלאָז־קורס איז פאָרזיצער פון דער מעלוכישער עקזאַמענירקאָמיסיע געווען דער פאָלקס־אַרטיסט וויקטאָר מערזשאַנאָוו — אַ באַוווסטער פיִאַניסט, פראָפעסאָר פון דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע. אויסהערנדיק מאַריִעס אַרויסטרעטונג אַף די אַרויסלאָז־עקזאַמענעס, האָט מערזשאַנאָוו באַמערקט, אַז אַ זינגערין מיט אַזאַ טאַלאַנט איז געבוירן געוואָרן פאַר דער אָפערע.

אַזוי האָט זיך אין 1961 באַוויזן אין מאָלדאַווישן רעפובליקאַנישן אָפערע־טעאַטער אַ באַשיידן מיידל, וועלכע האָט אָנגעהויבן איר שפעטערישן וועג אַלס סאָליסטקע פון דער צווייטער קאַטעגאָריע אין דער סאָפראַנאָ־גרופע. דאַ איז זי אויסגעוואַקסן ביז אַ פאָלקס־אַרטיסטקע פון סאָוועטנפאַרבאַנד, אַ לאַורעאַט פון דער לעניןַ־פרעמיע — איינע פון די בעסטע סאָפראַנאָס אין דער וועלט.

די נאַטור האָט מיט אַ ברייטער האַנט באַשענקט מאַריִען מיט אַ שטים פון אַן אויסטערלישן טעמבער און שיינקייַט, מיט אַ מוזיקאַלישן און דראַמאַטישן טאַלאַנט. כ׳מיין אָבער, אַז ווען ניט די גרויסע מייַלע אירע — די אויסערגעוויינלעכע אַרבעטזאַמקייַט, וועלכע זי האָט, אַפאָנעם, געיאַרשנט באַ די עלטערן, פראָסטע פויערים, לוקאַ סאָוועליעוויטש און טיקיאַנע סטעפאַנאָוונע, — וואָלט זי עפשער ניט געווען די מאַריִע ביִעשו, וואָס מיר אַלע קענען. די קעסיידערדיקע שפעטערישע זוכונגען און די שטרענגע פאָדערונגען צו דער אייגענער אויספילערישער מאַניר האָבן איר געהאָלפן צו שאַפן אַף דער מאָלדאַווישער בינע אַן ערעך פערציק וואָקאַלישע פאַרטיעס, פראַקטיש אַלע הויפט־ראָלן, וואָס זייַנען אָנגעשריבן פאַר אַ דראַמאַטישער סאָפראַנאָ.

דעביוטירט האָט מאַריִע ביִעשו אין אַפרעל 1962 אין דער פאַרטיִע פון טאָסקאַ — איינער פון אירע באַליבטע ראָלן ביז הייַנט־צו־טאָג. טאַקע אָט די ראָל האָט אַנטדעקט אין מאַריִע ביִעשוס שאַפונג די גרינטלעכע, איקערדיקע טעמע, די טעמע פון אַ פרוי מיט אַן איידלמוטיקן און טראַגישן גורל, אַ פרוי, וואָס איז גרייט מאַקריווו זייַן דאָס לעבן פאַר אַ גרויסן ליכטיקן געפיל.

מע וואָלט אוודאי געדאַרפט זאָגן אַ פאָר ווערטער סייַ וועגן דער רירנדיקער מאַדאַם באַטערפלייַ (פאַר דער ראָל האָט ביִעשו באַקומען אַפן ערשטן צווישנפעלקערלעכן קאָנקורס אין טאָקיאָ דעם „גראַן פרי"), סייַ וועגן די צוויי לעאָנאָרעס פון ווערדיס אָפערעס „טרובאַדור" און „קויעך פון גורל", סייַ וועגן טשייַקאָווסקיס טאַטיאַנע, כרעניקאָווס נאַטאַליע פון דער אָפערע „שטורעם". אין די איטאַליענישע קלאַסישע אָפערעס איז די ראָל פון נאָרמע איינע פון די צענטראַלע אין ביִעשוס שאַפונג. אין „נאָרמע" האָט ביִעשו זיך אייַנגעגעבן צו שאַפן אַ געשטאַלט, אין וועלכן עס שמעלצן זיך אָרגאַניש צונויף די שטים, די מוזיק און די שפיל.

אין איינעם אַ שמועס האָט מאַריִע מיר דערציילט, וויִאַזוי בעשאַס דער אַרבעט איבער דער פאַרטיע פון נאָרמע, פלעגט זי אָפט פאַרכאַפט ווערן פון אַ געפיל, אַז בעליני האָט אָנגעשריבן די מוזיק ספעציִעל צוליב איר. די ספעציפישע אומשטאַנדן, אין וועלכע דער קאָמפאָזיטאָר שטעלט אַוועק זייַנע העלדן, רופט באַ דער אַקטריסע אַרויס אַזעלכע גייַסטיקע קרעפטן, אַז עס דאַכט זיך: ניט אַף דער בינע, נאָר גופע אין לעבן קומט פאָר דער טראַגישער קאַמף צווישן ליבע און כויוו, צווישן טרייַהייַט און פאַראַט, צווישן נעקאָמע נעמען און זיך מאַקריווו זייַן. דער קעסיידערדיקער איבערגאַנג פון איין צושטאַנד אין אַן אַנדערן באַגלייט די פאַרטיע פון נאָרמע אין מעשעך פונעם גאַנצן ספעקטאַקל, און מאַריִע ביִעשו בויט זיך אָרגאַניש איבער אין יעדן נייַעם עפיזאָד, פילט אָן דאָס געשטאַלט מיט קאָנטראַסטירטע דראַמאַטישע פאַרבן. דאָס דאָמינירנדיקע אין דער ראָל איז ווייַזן, אַז אונטער די רייַכע קייסערשע מאַלבושים באַהאַלט זיך אויס אַ צאַרט, איידלמוטיק האַרץ פון אַ פרוי און פון אַ מוטער. כ׳מיין, אַז אַזאַ טראַק־

טירונג איז נעענטער צו דער זשאנער־באַפארבונג פון בעלינים אָפּערע.

די בעסטע ראָלן פון מאריִע ביִעשו אין דער רוסישער קלאסיק זײַנען פארבונדן מיט טשײַקאָווסקיס שאפונג. ביִעשו האָט געזונגען אין אלע זײַנע פיר אָפּערעס, וואָס גייען הײַנט אף דער מאָלדאווישער בינע. דער ליריש־פּסיכאָלאָגישער זשאנער, אן אייגנטימלעכער פאר טשײַקאָווסקין, איז זייער נאָענט ביִעשוס שעפערישע שטרעבונגען. אין שײַכעס מיט דעם איז קעדײַ צו דערמאָנען די אָפּערע „טשאראָדייקא", ווו ביִעשו האָט געשפּילט די ראָל פון קומא נאסטיא — דער פּאָשעטער רוסישער פרוי, וועלכע איז אופגעוואקסן אף די ברעגן פון דער וואָלגע און האָט אײַנגעזאפּט אין זיך דעם פרײַען אָטעם פון די רוסישע ראכוועסן. זי, נאסטיא, קוקט אף דער וועלט מיט אן אָפענעם שמייכל, ברייט און הארציק. איר „קישעף", וואָס לאָזט קיינעם ניט רוען, שטעקט ניט אין דער כיטרעקײַט, אין דער ווײַבערשער קאָקעטישקײַט, נאָר אין דער הויכער מאראלישער קראפט.

א סאך קויעך גיט ביִעשו אָפּ דער ארבעט איבערן נאציאָנאלן אָפּערע־רעפּערטואר. אין משך פון די עטלעכע און צוואנציק יאָר, זינט זי איז געקומען אין טעאטער, האָט זי געזונגען כמעט אלע צענטראלע פּארטיעס אין די אָפּערעס פון מאָלדאווישע קאָמפּאָזיטאָרן. דעביוטירט האָט די זינגערן אין דאָוויד גערשפעלדס אָפּערע „אאורעליִא" (אאורעליִא — אזוי הייסט דאָס סאָוועטישע מיידל, אן אָנטיילנעמערן פון דער גרויסער פּאָטערלענדישער מילכאָמע).

די לעצטע ארבעט ביִעשוס אין דער מאָלדאווישער אָפּערע איז אָלגא לאזאָ אין גערשפעלדס אָפּערע „סערגיי לאזאָ". די ראָל האָט דער קאָמפּאָזיטאָר אָנגעשריבן אין א לירישן „שליסל". אָבער מאריִע ביִעשו האָט פארברייטערט די ראמען פונעם לירישן געמעל. זי ברענגט ארײַן אינעם געשטאלט פון אָלגען העלדישע שטריכן, מאכט עס וואָגיקער און דראמאטישער. אָלגע איז אי א געטרײַע פרוי, אי א צערטלעכע מוטער, אי סערגיי לאזאָס שלאכט־כאווערטע.

אף צו דערציילן וועגן אזא דערשײַנונג אין דער מאָלדאווישער קולטור, ווי מאריִע ביִעשו, זײַנען די ראמען פון א זשורנאל־ארטיקל צו ענג. כ'האָב נאָך, לעמאָשל, ניט דערמאָנט וועגן ביִעשוס קאָמעדיע־געשטאלטן, וועגן אירע פילצאָליקע קאָנצערטן בא אונדז אין לאנד און אין אויסלאנד, וועגן דער גרויסער געזעלשאפטלעכער ארבעט, וועלכע זי טוט אלס דעפּוטאט פונעם אויבער־סאָוועט פון פססר.

לעצטנס האָט זיך מיר אײַנגעגעבן זיך טרעפן מיט ביִעשון בײַ אירע גאסטראָלן אין לענינגראד און מיט איר קורץ א שמועס טאָן. ווי תאָמיד זײַנען אירע שעפערישע פּלענער אָנגעזעטיקט מאקסימאל. אין לענינגראד רעפּעטירט זי איצט מיט דער היגער אָרגאניסטקע נינע אָקסענטיאן א נײַע פּראָגראם, אין וועלכער ס'גייען ארײַן באכס, גענדעלס און פּיאָרסעלס ווערק. און נאָך איין פּראָג־



מאריִע ביִעשו און סערגאָ בענגעלסדאָרף

ראם פון קאמער־מוזיק גרייט ביִעשו צום קינפטיקן סעזאָן — צוזאמען מיט איר קעסיידערדיקן אקאָמפּאניִאטאָר יעווגעני שענדעראָוויטש. וואָס איז שײַעך דער קאָנצערט־ארבעט, פּאָרט זי איצטיקן קיין טולוז, דערנאָך ווארט מען אף איר אינעם אוראלער שטעטל קורגאן. אהינצו, קיין קורגאן, האָט זי אײַנגעלאדן דער בארימטער אין דער גאנצער וועלט כירורג, דער פּראָפעסאָר גאוורילע איליזאראָוו. ביִעשו וועט דאָרט זינגען פאר די אָנטיילנעמער פונעם אלוועלטלעכן סימפּאָזיום פון די דאָקטוירים־טראוומאטאָלאָגן. עס שטייט איר פאָר, דער זינגערן, איין באגעגעניש, שוין אין מאָלדאוויע, מע קאָן זאָגן, בא זיך אינדערהיים, אינעם דאָרף וואָלאָנטיראָווקא, ווו זי איז געבוירן געוואָרן און אופגעוואקסן, — א באגעגעניש מיט די זעמליאקעס, וואָס האָבן זי אויסגעווייילט פאר א דעפּוטאט אין אויבער־סאָוועט פון פססר...

— פון זיצן ליידיק וועל איך געוויס ניט שטארבן, — צעשמייכלט זיך מאריִע. — אנטשולדיק, כ'מוז שוין לויפן אף דער רעפּעטיציע...

א שטרענגע צו זיך, פּאָדערט מאריִע ביִעשו אויך פון אנדערע זיך אָפּגעבן דער ארבעט מיט אלע קויכעס. רעפּעטירן און שפּילן צוזאמען מיט איר איז ניט גרינג. צוריקגערעדט, איז מאריִע א גוטער, ווארעמהארציקער פרײַנט. איר דירע אין קעשענעוו אף דער סאדאָווע־גאס איז תאָמיד אָפן פאר קאָלעגן, ניט זעלטן פלעג ארײַנקומען צו איר אין שטוב דער איצט שוין פארשטאָרבענער זינגער באָריס ראיִסאָוו. אין אן ארטיקל, וועלכן ס'האָט פארעפנטלעכט „סאָוועטיש היימלאנד", זײַנען געבראכט געוואָרן ביִעשוס ווערטער וועגן דעם גלענצנדיקן זינגער און אקטיאָר, וועגן זייער געמיינזאמער שעפערישער ארבעט אין פארשיידענע ספּעקטאקלען. טאקע בא איר, בא ביִעשו אינדערהיים, האָבן מיר מיטן פאָלקס־ארטיסט פון מאָלדאוויע באָריס ראיִסאָוון אויסגעפילט אין איינעם א פארנאכט א ציקל ייִדישע פאָלקסלידער. ביִעשו האָט דעמלט הויך אָפּגעשאצט ראיִסאָווס טאלאנט. ווער־ווער, נאָר מאריִע ביִעשו ווייסט גוט דעם טאם פון א פאָלקסליד, זאָל דאָס זײַן א מאָלדאווישע, אָדער א ייִדישע...

די אקטריסע איז איצט אין פולן בלי.

לייב ווילסקער

# אפן וועג פון קאסטיליע קיין גראנאדע

(וועגן מוישע איבן־עזראס ראָליע אין דער דיכטערישער פּאַרמירונג
און אין די שאַפונגען פון יעהודע האַליעווי)

ס׳איז פאַראַן א ספּעציעלע שוועריקייט, אַף וועלכער עס שטויסט זיך אָן יעדער פאָרשער פון יעהודע האַלייוויס שאַפונגען: דאָס פעלן, אויסער אין גאָר זעלטענע פאַלן, פון די מינדסטע אָנווייזונגען אַפן אָרט און צייט פון זייער פאַרפאַסונג. דאָס איז טאַקע די סיבע, וואָס ביז היינט־צו־טאָג איז ניט פעסטגעשטעלט, ווען און ווו ער האָט געשריבן די אבסאָליוטע מערהייט פון זיינע ווערק. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן א פולקומער אַרבעט, וועלכע זאָל זיין געווידמעט דעם לעבן און שאַפן פונעם דיכטער. עמעס, פיל אין דעם געביט האָבן מיר צו פאַרדאַנקען קוידעמקאָל כ. שירמאַנען פאַר זיינע בײדע קלאַסישע ווערק „חיי יהודה הלוי" („דאָס לעבן פון יעהודע האַליוווי"), געשריבן אין 1937—1938, און „השלמות ל׳חיי יהודה הלוי" („דערגאַנצונגען צום אַרטיקל „דאָס לעבן פון יעהודע האַליוווי"), געשריבן אין 1978, ווי אויך אַנדערע פאָרשער. די קסאַוויאַדן־אויצרעס, וועלכע געפינען זיך אין די ביבליאָטעקן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד און וואָס זיינען ניט אויסגענוצט געוואָרן אין דער ווויסנשאַפט, קאָנען וואַרפן א נייע שיין אַף דעם און אַף אַנדערע געביטן אין איינציקע שאַפונגען פונעם דיכטער.

דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווידמעט א באַגרענעצטן צייט־אָפּשניט — פאַר נאָיאַבער 1090, דח. איידער דער בערבערישער צאָפן־אַפריקאַנישער אָנפירער יוסוף איבן־טאַשפין האָט פאַרנומען די שטאָט גראַנאַדע. מיר וועלן דאָ פּרוּוון אַפן סמאַך פונעם קסאַוויאַד נומער 43 פון דער צווייטער פּירקאָוויטשער זאַמלונג (ווייטער: 2פ 43) און איינציקע אַנדערע קסאַוויאַדן צונויפשטעלן די עכטע ריי פון איינציקע שאַפונגען פון יעהודע האַלייווי און זיינע מיטצייטלער, איידער ער האָט פּערזענלעך באַקאַנט זיך מיט מוישע איבן־עזרא. דאָ פאָדערט זיך אַריבערטראָגן אין געדאַנק קיין שפּאַניע פון יענע צייטן.

צוערשט א ביסל געשיכטע.

די קריסטלעכע מעלוכע קאַסטיליע איז אַנטשטאַנען אין 1035, און אין די יאָרן 1037—1065 און 1072—1157 האָט זי זיך פאַרייניקט מיט דער פעאָדאַלער מעלוכע לעאָן. קאַסטיליע, וואָס האָט געפירט א קאַמף אַף לעבן און טויט מיט די אַראַבער פאַר איר אומאָפּהענגיקייט, ווי אויך א בלוטיקן געראַנגל קעגן איסלאַם און פאַרן קריסטלעכן גלויבן, איז אַפן געביט פון ליטעראַטור און קולטור ביכלאַל געווען אָפּגעשטאַנען אין פאַרגלייך מיטן אַראַבישן טייל פון שפּאַניע. געשריבן האָט מען אין קאַסטיליע אַף דער טויטער, קירכלעכער שפּראַך לאַטיין. צו דער פאָלקס־שפּראַך, אַף וועלכער אומבאַוווּסטע פאָלקס־דיכטער האָבן פאַרפאַסט זייערע אינטימלעכסטע פערזן, האָט מען זיך באַצויגן מיט פולן ביטל. די פאָלקס־שפּראַך איז ביכלאַל ניט געווען קיין שריפטלעכע. בלויז פראַגמענטן פון איינציקע אַזעלכע לידער זיינען אַלפּי נעס איינגעהיט געוואָרן אין דער אַראַבישער אָדער העברעישער גראַפיק אין ווערק פון די אַראַבישע און יידישע דיכטער פון יענער צייט. פונדאַנען נעמט זיך טאַקע, וואָס יעהודע האַלייווי — דער דיכטער, פאַר וועמען פּאָעזיע ביפראַט און ליטעראַטור ביכלאַל שטעלן מיט זיך פאָר דעם זין פון זיין לעבן, — פלעגט ניט זשאַלעווען קיין גאַליקע פערזן אַפן אַדרעס פון זיין היימלאַנד קאַסטיליע.

אונטערן נאָמען אַנדאַלוסיע, מיט וועלכן מיר באַנוצן זיך דאָ, האָבן מיר אין זינען ניט בלויז די איצטיקע געגנט פון דאָרעם־שפּאַניע, וועלכע טראָגט אַזאַ נאָמען און באַשטייט אינגאַנצן פון

עטלעכע און אכציק טויזנט קוואַדראַטע קילאָמעטער, נאָר די ראַכוועסדיקע שטאָכים פונעם פירענעיִשן האַלבאינדזל, וועלכע האָבן אין מיטלאַלטער געהערט צו די אַראַבער און ווערן ביז היינטצוטאָג אָנגערופן מיצאַד די אַראַבישע היסטאָריקער און שרײַבער „אַל־אַנדאַלוס”. אין יאָרן פון איר אופשטײַג האָט אַנדאַלוסיִע אַרומגענומען דעם גרעסטן כיילעק פונעם פירענעיִשן האַלבאינדזל, דה. די מערהײַט טעריטאָריע, וועלכע ס׳פאַרנעמען איצט צוזאַמען שפּאַניע און פּאָרטוגאַל. דער אופבלי פון אַנדאַלוסיִע און איר ליטעראַטור און קולטור אין אַלגעמיין איז פאָרגעקומען דאַן, ווען דאָרט האָט געוועלטיקט אַבד אַר־ראַכמאַן דער דריטער (912—961), וועלכער האָט אינעם יאָר 929 אָנגענומען דעם טיטל „כאַליף”. אין דער הויפּט־שטאָט פונעם כאַליפאַט קאָרדאָבע, וועלכע איז געווען אינעם 10־טן יה. דער גרעסטער צענטער פון דער וויסנשאַפט אין אייראָפּע, איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע ביבליאָטעק, איינע פון די בעסטע און גרעסטע אין דער וועלט ביכלאַל אין יענער צײַט. די כאַליפן אַבד אַר־ראַכמאַן דער דריטער און זײַן נאָכפאָלגער כאַקאַם דער צווייטער (961—976) זײַנען אַרײַן אין דער געשיכטע אַלס ליבהאָבער פון קסאָוויאַדן און מעצענאַטן פון געלערנטע און ליטעראַטאָרן. כאַקאַם דער צווייטער האָט געהאַט פיל אַגענטן אין די מיזרעך־לענדער, וועלכע האָבן דעראָבערט פאַר זײַן ביבליאָטעק ראַריטעטן — זעלטענע קסאָוויאַדן. זײַן ביבליאָטעק האָט געציילט העכער 400.000 עקזעמפּליאַרן, געזאַמלטע אין אַלע עקן פון דער מוסולמענישער וועלט. איר קאַטאַלאָג איז באַשטאַנען פון 44 בענדער. אַרום דער ביבליאָטעק האָבן זיך שטענדיק געזאַמלט וויסנשאַפטלער, פּאָעטן, איבערזעצער.

דעם מוסטער פון די כאַליפן פלעגן נאָכטאָן אויך אַנדערע פּערזענלעכקייטן. אַזוי, לעמאָשל, האָט דער קאַדי (מוסולמענישער דײַען) פון קאָרדאָבע אַבו־ל־מוטריף (געשט. 1011) אײַנגעלאַדן אין זײַן ביבליאָטעק קאָפּיסטן, וועלכע האָבן טעג און נעכט קאָפּירט לויט זײַן באַשטעלונג קסאָוויאַדן. זײַנע ביאָגראַפן דערציילן, אַז נאָך זײַן טויט האָט מען די קסאָוויאַדן פון זײַן ביבליאָטעק פאַרקויפט בעמעשעך פון אַ קיילעכדיק יאָר און פאַר זיי באַקומען אַ גוואַלדיק גרויסע סומע — 40.000 דינאַרן.

אַבד אַר־ראַכמאַנס בײַשפּיל האָט געהאַט אויך אַ גרויסע ווירקונג אויף זײַן ייִדישן מיניסטער כיסדײַ (אָדער כאַסדײ) איבן־שאַפּרוט, דעם זעלבן, וואָס איז באַרימט מיטן בריוו, וועלכן ער האָט געשיקט צום מײַלעך פון די כאַזאַרן. כיסדײַ איבן־שאַפּרוט האָט געשאַפן אַ גרויסע ביבליאָטעק מיט העברעיִשע און אַראַמעיִשע קסאָווים. געזאַמלט האָט ער זיי ניט נאָר אין שפּאַניע גופע. ער פלעגט נאָך זיי שיקן שעליכים קיין באָוול, פּאַלעסטינע, דאָרעם־איטאַליע און אַנדערע ייִדישע יישוווים. לעכאַטכילע האָט ער אונטערגעשטיצט די באַרימטע דיכטער און שפּראַכקענער דאָנאַש בען לאַבראַט און מענאַכעם בען סאַרוק. דאָנאַש בען לאַבראַטן האָט די העברעיִשע דיכטונג צו פאַרדאַנקען די ציפאַסונג פון דער העברעיִשער פּאָעזיע אין אַנדאַלוסיִע און דערנאָך אויך אויסער אירע גרענעצן צו די אַראַבישע פערזן־מאָסן. זײַן ליטעראַרישער קעגנער מענאַכעם בען סאַרוק איז אַרײַן אין דער געשיכטע פון דער העברעיִשער פּאָעזיע אין מיטלאַלטער אַלס ערשטער העברעיִשער דיכטער, וועלכער האָט פאַרפאַסט וועלטלעכע לידער. ער האָט טאַקע לויטן אויפטראָג פון כיסדײַ איבן־שאַפּרוט אָנגעשריבן דעם דערמאָנטן בריוו צום מײַלעך פון די כאַזאַרן אַרום יאָר 950. דער בריוו האָט אינעם אַרײַנפיר אַ לויב־ליד אין דער פאָרם פון אַן אַקראָסטיך: „אני חסדאי בר יצחק בר עזרא בר שפרוט מנחם בן סרוק” (איך, כיסדײַ, דער זון פון ייִצכאָק, דער זון פון עזראָ, דער זון פון שאַפּרוט; מענאַכעם בען סאַרוק). מיט דער צײַט אָבער, איבער ניט פעסטגעשטעלטע ביז איצט סיבעס, האָט מענאַכעם בען סאַרוק אָנגעוווירן כיסדײַ איבן־שאַפּרוטס גנאָד.

נאָכן יאָר 1031 איז זיך צעפאַלן די צענטראַלע מעלוכע פון קאָרדאָבע אין עטלעכע קליינע פירשטנטומס. די פירשטן פלעגן קאָנקורירן איינער מיטן אַנדערן אויפן געביט פון שטיצע פאַר ליטעראַטאָרן און קינסטלער. אַלס קולטורעלע צענטערס זײַנען דאָרט באַרימט געוואָרן קורדעמקאָל סעווילִיע, — ווו אינעם הויף פונעם אַראַבישן הערשער און גלענצנדן דיכטער מוטאַמיד האָט מען אין די 1070־ער און אָנהייב פון די 1080־ער יאָרן געקאָנט געפינען די פּאָפּולערסטע פּאָעטן פון אַנדאַלוסיִע — וואַלענסיִע, סאַראַגאָסע, טאָלעדאָ, — אַ שטאָט, וועלכע איז פונעם סאָף פון 9־טן יה. פיל מאָל אַריבערגעגאַנגען פון די מוסולמענער צו די קריסטן, און צוריק, ביז וואַנען דער קאַסטיליאַנער מײַלעך אַלפאָנס דער 6־טער האָט אינעם יאָר 1085 ענדלעך זי פאַרנומען, ווי אויך גראַנאַדע און אַנדערע. די דאָזיקע שטעט זײַנען אינעם 11־טן יה. געווען אויך צענטערס פון דער קולטור באַ ייִדן.[1]

וואָס איז שײַעך גראַנאַדע, וועלכע די אַראַבישע היסטאָריקער פונעם 10־טן—12־טן יה. האָבן געקרויִנט מיטן צונאָמען „די ייִדישע שטאָט”, האָט זי געהאַט אַ ייִדישן יישעוו נאָך פון די רוימישע צײַטן, נאָר איז באַרימט געוואָרן הויפּטזאַכלעך, ווען דאָרט האָבן געלעבט און געשאַפן שמועל האַנאָגיד (993—1056) און דערנאָך זײַן יעהויסעף האַנאָגיד, די וויזירן פון די דאָרטיקע הער-

[1] צווישן אַנדערע ייִדישע יישוווים פונעם 11־טן יה. אויפן פירענעיִשן האַלב־אינדזל איז קעדײַ צו דערמאָנען די פאָלגנדע (מיר ברענגען זיי אינעם ייִדישן אַלעפבייס־סיידער): אַלמעריִא (Almeria), באַרסעלאָנע, באַדאַכאָס (**Badajoz**), דזשאַען (Jaen), דזשאַקאַ (Jaca), דזשעראָנאַ (Gerona), דעניִא (Denia), הועסקאַ (Huesca), טאַראַגאָנאַ (Tarragona), טאָרטאָסאַ (Tortosa), טודעלאַ (Tudela), לוסענאַ (Lucena), לעאָן (Leon), לערידאַ (Lerida), מאַלאַגאַ (Malaga), נאַכשעראַ (Najera), עסטעלאַ (Estella), פּאַמפּלאָנאַ (Pamplona), קאַסטראָכעריס (Castrojeriz), רועסטאַ (Ruesta). אייניקע פון זיי האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אינעם קולטורעלן לעבן פון די ייִדן.

שער. עס איז באַוווּסט, אַז ביידע האָבן זיי אָפּן זיך אַוועקגעשטעלט אויפֿן, ווי כּסדר, איבן־שאַפּרוט, בעשײַטע געזאַמלט קסאַוויאַדן און געשאַפֿן אַן אויסגעצייכנטע ביבליאָטעק. אויסער העברעיִשע און אַראַמעיִשע קסאַווים, האָט זי אַנטהאַלטן אויך אַראַבישע, פֿאַרפֿאַסטע אין פֿאַרשיידענע צווײַגן פֿון דער וויסנשאַפֿט. אין יעהוויסעפֿס ביבליאָטעק זײַנען שטענדיק געווען באַשעפֿטיקט צוויי באַאַמטע מיט קאָפּירן קסאַוויאַדן. די ביבליאָטעק איז געווען באַרימט ניט בלויז צווישן ייִדן, נאָר אויך צווישן די אַראַבישע געלערנטע קרײַזן.

יעהויסעף, אַלס מעצענאַט, האָט פֿונקט ווי זײַן פֿאָטער געשטיצט פֿיל פּאָעטן און געלערנטע, צווישן זיי די באַרימטע ייִצכאָק איבן־גיִיאַט און ייִצכאָק איבן־אַלבאַליאַ. דעם 31 דעקאַבער 1066, אינעם טאָג פֿון דעם פּאָגראָם, ווען עס זײַנען געהאַרגעט געוואָרן דרײַ אָדער פֿיר טויזנט ייִדישע נעפֿאָשעס אין גראַנאַדע און בעסריכעס דער דרײַסיקיאָריקער יעהויסעף האַנאַגיד, איז אויך געקומען אַ סאָף צו זײַן וווּנדערבאַרער קסאַוויאַדן־זאַמלונג.

עס זײַנען פֿאַריבער ניט מער ווי אַ פּאָר צענדליק יאָר, און אין גראַנאַדע איז ווידער אויפֿגעקומען אַ פּאָלסירנדיקער ייִדישער יישעוו. דאָס מאָל האָבן זיך אויסגעצייכנט די פֿיר ברידער איבן־עזראַ, און קוידעמקאָל מוישע. ער האָט געהאַט אַ מעלוכע־שטעלע „צאַחב אלשרטה" (לייען: סאַכיב אַל־שורטאַ), וועמענס באַטײַט זעצט מען געוויינלעך איבער אין די אַראַבישע ווערטערביכער „דער הויפּט פֿון דער פּאָליציי". עס איז אָבער באַוווּסט, אַז די באַצייכענונגען און מיטלען אין אַנדאַלוסיִע זײַנען ניט געווען אידענטישע מיט די, וועלכע זײַנען געווען אָנגענומען אויף די אַנדערע אַראַבישע טעריטאָריעס. געלערנטע (ש. מ. שטערן, ע. פֿליישער) מערקן בלויז אָפּ צוויי ייִדישע פּערזענלעכקייטן פֿון אַנדאַלוסיִע, וועלכע האָבן געטראָגן דעם זעלבן טיטל: אַווראַהאַם באַר כיִיאַ (1065—1136), דער באַרימטער מאַטעמאַטיקער, אַסטראָנאָם און פֿילאָסאָף, ווי אויך איינער, וועמענס נאָמען איז אַבי־איבראַהים. ווײַזט אויס, אַז גערעכט איז דער פּראָפֿ. ע. פֿליישער, וועלכער האַלט, אַז אַבי־איבראַהים איז ניט שמועל האַנאַגיד, ווי מע האָט געהאַט אַרויסגעזאָגט אַ האַשאָרע, נאָר אַ ניט־פֿעסטגעשטעלטע ביז איצט פּערזענלעכקייט. אין געגעבענעם פֿאַל איז פֿאַר אונדז וויכטיקער וויכטיק מוישע איבן־עזראַס מעלוכע־שטעלע און פֿיל באַדײַטנדיקער דאָס, וואָס ער איז געווען דער וואָרטזאָגער פֿון אַנדאַלוסיִע אָפּן געביט פֿון דער העברעיִשער דיכטונג שוין אין די 1080־ער יאָרן. ער איז געווען גוט באַהאַוונט סײַ אין דער דוירעסלאַנגער קלאַסישער פּאָעזיע בײַ די אַראַבער און ייִדן מיט איר פֿאַרשיידנאַרטיקער פּערזן־מאָס (זי איז באַשטאַנען פֿון צוויי פֿאָרמען פֿון מאָנאָרימען, דה. לידער, געשריבענע דורכויס מיט איין און דעם זעלבן גראַם — די לאַנגע, אַזוי־גערופֿענע „קאַסידע" און די קורצע „קיטאַ"), סײַ אין דעם מוּוואַשעך, מיט וועלכן עס האָט געקאָנט דאַן שטאָלצירן בלויז אַנדאַלוסיִע.

וועגן דעם באַטײַט פֿונעם מוּוואַשעך האָב איך געשריבן אין „יעהודע האַלייוויס מאַטאָנע" („סאָוועטיש היימלאַנד", 1985, נומ. 1). איך געפֿין אָבער פֿאַר נייטיק דאָ איבערכאַזערן, אַז „מוּוואַשעך" איז אַן אַראַבישער טערמין, וועלכער באַטײַט בוכשטעבלעך: „אַרומגעגאַרטלטער מיט אַ גאַרטל, אַ באַצירטן מיט שיינע שטיינדלעך". אין דער פּאָעטיק באַטײַט ער סטראָפֿישע לידער, אין וועלכע יעדע פֿון זיי ענדיקט זיך מיט אַ „גאַרטל". דער „גאַרטל" באַשטייט געוויינלעך פֿון צוויי שורעס, וועלכע אונטערשיידן זיך מיט זייער געבוי, גראַם און גרייס פֿון די פֿריִקע אין דער סטראָפֿע. דער געבוי, גראַם און גרייס אין אַלע „גאַרטלען" פֿון איין ליד דאַרפֿן זײַן איינע און די זעלבע. דער גראַם פֿון יעדער סטראָפֿע מוז זײַן זעלבשטענדיקער און טאָר זיך ניט איבערכאַזערן אין אַ צווייטער סטראָפֿע.

די פּיקאַנטקייט פֿונעם מוּוואַשעך איז אָבער באַשטאַנען ניט בלויז אין דער פֿילפֿאַכיקייט פֿון די גראַמען: יעדע סטראָפֿע מיט אַ באַזונדערן גראַם, אַלע „גאַרטלען" — מיט אַ שטענדיקן גראַם, נאָר אויך, און עפּשער הויפּטזאַכלעך, מיטן לעצטן „גאַרטל", וועלכער ווערט אָנגערופֿן מיטן אַראַבישן טערמין „כאַרדזשאַ", וואָס באַטײַט „אַרויסגאַנג". די „כאַרדזשאַ" שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן אויסצוג, וועלכער פֿאַרנעמט געוויינלעך צוויי שורעס, פֿון אַ פֿאָלקסטימלעכער ניט־ליטעראַרישער ליד, פֿאַרפֿאַסט אין אַראַביש אָדער אין דער פֿרי־שפּאַניש־אַנדאַלוסישער שפּראַך, און אָפּטער — אין אַ געמיש פֿון די ביידע שפּראַכן.

די פּראָבלעמען פֿונעם מוּוואַשעך, זײַנע ספּעציפֿישקייטן, געהיימניספֿולע וואָרצלען, שפּראַצונגען, בליִונגען און רײַפֿקייט, זײַן ראָליע אין דער געשיכטע פֿון דער פּאָעזיע פֿון די דרײַ בעשײַטע שכיינעסדיקע קולטורן און ליטעראַטורן: אַראַבישע, ראָמאַנישע (הויפּטזאַכלעך, אַלט־קאַסטיליאַנישע) און העברעיִשע, וועלכע האָבן שעפֿעריש געווירקט איינע אויף דער אַנדערער, הערן ניט אויף אַרויסרופֿן גרויס אינטערעס און כילוקע־דייעס צווישן די געלערנטע ביז הײַנט־צו־טאָג.

שוין אין די 1080־ער יאָרן איז מוישע איבן־עזראַ געווען ניט בלויז באַקאַנט מיט די איינצלנע מוּוואַשעכן, פֿאַרפֿאַסטע פֿון שמועל האַנאַגיד און שלוימע איבן־גאַבירואָל (1021/1022, געשט. אין די פֿופֿציקער יאָרן פֿונעם 11־טן יה.), נאָר אויך מיט די אַראַבישע מוּוואַשעכן פֿון אובאַדאַ איבן מאַ אַס־סאַמאַ (געשט. אַרום 1028—1035), וועגן וועלכן עס האָט געשריבן דער רוסישער אַקאַדעמיקער אי. יו. קראַטשקאָווסקי (אויסגעוויילטע ווערק [אין רוסיש], 1956, ב. 2, ז. 261), מיט די מוּוואַשעכן פֿון איבן אַל־לאַבאַנאַ (געשט. אין מײַאָרקע 1113), וועלכער איז, אַגעוו, באַרימט מיט זײַנע ליבעפּאָעמעס. געוויס איז מוישע איבן־עזראַ, שוין, פֿאַרשטייט זיך, אין ערשטן דריטל פֿונעם 12־טן יה., געווען אויך באַקאַנט מיט די מוּוואַשעכן פֿונעם ביז גאָר פּאָפּולערן אַוטאָר אַמאַ אַט־טוטילי (געשט. אַרום 1126 אָדער 1131). אָן אַזאַ ברייטער באַקאַנטשאַפֿט מיט די אַוטאָרן פֿון מוּוואַשעכן אין אַראַ־

ביש איז זיך פּאַשעט אומעגלעך פאַרשטעלן דעם פּאָפּוליאַריזאַטאָר פון די מוּוואַשעכן אין העברעיִש מוישע איבן־עזרא.

דער יונגער יעהודע האַליוֵוי, וועלכער האָט געוווינט אין קאַסטיליִע, האָט זיך אונטערגענומען צו באַהערשן דעם דעמאָלט אומבאַוווּסטן אין זײַן היימלאַנד זשאַנער — דעם מוּוואַשעך. צוליב דעם האָט ער זיך געלאָזט אין וועג קיין אַנדאַלוסיִע, ווּ ער האָט געהאָפּט צו באַקאַנען זיך פּערזענלעך מיט די דאָרטיקע דיכטער און קוידעמקאָל מיט מוישע איבן־עזראַן.

אפֿן סמאַך פון די צוגענגלעכע אונדז מאַטעריאַלן און אין קעגנזאַץ פון אייניקע אויספירן, וועלכע זײַנען ביז הײַנט־צו־טאָג אָנגענומען אין דער וויסנשאַפט, לייגן מיר פאָר די פאָלגנדע שאַפונגען פון יעהודע האַליוֵוי זעלבסט און פון זײַנע קאָרעספּאָנדענטן (וועלכע זײַנען ענג צוזאַמענגעבונדן איינע מיט די אַנדערע), אײַנגעשלאָסן די מעסיבע פון דיכטער, אינעם דערמאָנטן צײַט־אָפּשניט, דה. פאַר נאָיאַבער 1090, אין אַזאַ סיידער: ערשטנס, יעהודע האַליוֵויס ליד, געווידמעט יויסעפן איבן־לאַיִרן; צווייטנס, די ערשטע ליד פון יעהודע האַליוֵוי, געווידמעט מוישע איבן־עזראַ; דריטנס, מוישע איבן־עזראַס לויב־ליד און יעהודע האַליוֵויס ענטפער; פערטנס, מוישע איבן־עזראַס מוּוואַשעך, געווידמעט יויסעף איבן־צאַדיק (ניט אויסגעשלאָסן אָבער, אַז מע דאַרף אים דאַטירן פיל פריִער); פינפטנס, די מעסיבע פונעם דיכטער, וועלכער האָט געפּרוּווט געפינען אַ געהעריקן ענטפער אף מוישע איבן־עזראַס מוּוואַשעך; זעקסטנס, יעהודע האַליוֵויס בריוו צו מוישע איבן־עזראַ און דער בײַגעלייגטער מוּוואַשעך צו אים.

## יעהודע האַליוֵויס ליד, געווידמעט יויסעף איבן לאַיִרן

איידער יעהודע האַליוֵוי איז אָנגעקומען קיין אַנדאַלוסיִע איז פאָרגעקומען אַ בריוו־אויסטויש צווישן אים און דעם היגן טוישעוו, וועלכער איז, ווי עס ווײַזט אויס, געווען אויך אַ דיכטער, אַבו־אַלהגאַג (לייען: אַבולכידזשאַדזש) יויסעף איבן לאַיִר. דער ענטפער־בריוו פון יעהודע האַליוֵוי אין דער פאָרם פון אַ קאַסידע הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „אל בחלום ליל" („ניט אין כאָלעם פון נאַכט") און איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך כ. בראָדי (דיוואַן, ב. 1, ז. 19—20). די ליד איז אויך פאָרגעשטעלט, מיט אייניקע ניואַנסן, אין די קסאַוויאַדן 2פּ 4—600, ב. 2—2:2 און 2פּ 1—106, ב. 4. אין דער ליד, פּונקט ווי אין דעם בריוו צו מוישע איבן עזראַ, כאַזערט זיך איבער די מיינונג, אַז ס'איז געווען עפּעס אַ סיבע, וועלכע האָט געשטערט יעהודע האַליוֵוין צו קומען אין אַנדאַלוסיִע — אַהין, ווּ ער האָט געשטרעבט.

| | (איבערזעצונג) |
|---|---|
| הנה נאום נמכר באהבתך | |
| מיום עלותו בין בני עלוה | עס רעדט אַ מאַן, וואָס האָט דיך ליב, |
| בא מאדום אל מערב קדר | ער קומט אָן פון אַ קריסטלעך לאַנד. |
| ופני מגמתו לך שוה | צו מוסולמענער ליגט זײַן וועג, |
| לא ממך התאחרו רגליו | ער שטרעבט צו זײַן מיט דיר באַנאַנד, |
| אך את נתיבותיו זמן עוה | נאָר ס'האָט די צײַט זײַן וועג פאַרקרימט, |
| | און קומען האָט ער זיך פאַרזאַמט¹. |

ווי מיר זעען, האָט יעהודע האַליוֵוי אין דער ליד זיך באַנוצט מיט מעטאָנימיִען (מעטאָנימיִע — אַן אומגאַנג־געברויך, ווען מע רופט אָן דערשײַנונגען, באַגריפן אָדער קעגנשטאַנדן מיט אַנדערע ווערטער, וואָס רופן אָבער אַרויס אין אונדזער באַוווּסטזײַן אַן אַסאָציִאַציע מיט די געמיינטע דערשײַנונגען, באַגריפן אָדער קעגנשטאַנדן), וועלכע זײַנען, אַלנפאַלס אין זײַנע צײַטן, ברייט אָנגענומען געווען אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. דער פּרינציפּ איז באַשטאַנען אין פאָלגנדן. אַלץ, וואָס עס האָט לויטן טאַנאַך געהאַט אַ שײַכעס צו אייסעוון, באַטײַט קריסטן, קריסטלעך לאַנד אאַז"וו. און אַלץ, וואָס עס האָט געהאַט אַ שײַכעס צו יישמאָעלן, באַטײַט: אַראַבער, לאַנד, וואָס געהערט צו די אַראַבער, אאַז"וו. אינעם ציטירטן פראַגמענט פון דער ליד רופט אָן יעהודע האַליוֵוי די קריסטן „בני עלוה" („די קינדער פון אַלוואַ", וועלכער איז, לויטן כומעש, געווען איינער פון די הויפּטן פון אייסעווס קינדער), דער קריסטלעכער טייל פון שפּאַניע — „אדום"" (לייען: עדוים); דער אַראַבישער טייל פון שפּאַניע — „קדר" (לייען: קיידאַר), וועלכע ער רופט אָן גאַנץ אָפּט אין זײַנע לידער פּאַשעט: „מערב" (מײַרעוו), וואָס פונעם געאָגראַפישן שטאַנדפּונקט שטימט ניט, און אין אונדזער ליד — „מערב קדר".

אין דער ליד דערציילט זיך, אַז יעהודע האַליוֵוי האָט געזען אַ כאָלעם און געזוכט, ווער עס זאָל אים פּויסער־כאָלעם זײַן. זוכט יעהודע האַליוֵוי יויסעפן, דעם באַרימטן פּערסאָנאַזש פונעם כומעש, וועלכער פלעג פּויסער־כאָלעם זײַן פּאַרען און זײַנע אונטערטעניקע. אָנשטאָט דעם דאָזיקן יויסעף דערהאַלט ער אַ בריוו פון אַבולכידזשאַדזש יויסעף איבן־לאַיִר, וועלכער שרײַבט אים:

להיות צבי המערב צוה
הוא החלום הבא ופתרונו

(אַ מײַרעוו־הירש זײַן אים האָט מען געהייסן.
אָט דאָס איז דער כאָלעם, און דאָס איז זײַן באַשייד).

---

¹ דאָ און ווײַטער ווערן די לידער געגעבן אין אַ. מאַרגאָלינס איבערזעצונג.

לויט אונדזערע האַשאַרעס, לאָזט זיך די ליד פון יעהודע האַלייווי דאַטירן פאַר נאָיאַבער 1090, דה. פאַר דער אינוואַזיע פון די מוראַבאַטער כאַליפֿעס קיין גראַנאַדע. באַ אַט דער דאַטירונג האָט זיך אויך געהאַלטן כ. שירמאַן (שירמאַן, כ. צו דער געשיכטע, ב. 1, ז. 262).

## די ערשטע ליד פון יעהודע האַלייווי, געווידמעט מוישע איבן־עזראַן

לויט דעם, וואָס עס מעלדעט דאָס פּאַרגייענדיקע אַראַבישע קעפּל אינעם קס. 2פּ 43, איז די ליד, וואָס הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך מיט די ווערטער „עמדו עמודו קט מעט אחינו" („שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע, ברידער אונדזערע!"), די ערשטע, וואָס יעהודע האַלייווי האָט גלײַך נאָך זײַן אָנקום פון קאַסטיליִע געשריבן צו מוישע איבן־עזראַ. פאַרפאַסט האָט ער זי אין דער פאָרם פון אַ קאַסידע, דה. די ליד שטעלט מיט זיך פאָר אַ מאָנאָרים (דער גראַם פון די פּערזן איז דאָ דורכויס איינער און דער זעלבער), באַשטייט פון 60 האַלב־פּערזן.

דער אינהאַלט פון דער קאַסידע איז, לויט אונדזערער באַשיידענער מיינונג, אַ פאָלגנדער. יעהודע האַלייוויס פּערזן האַלטן אין איין לויפן אין דער ריכטונג, ווו עס געפינט זיך מוישע איבן־עזראַ. זייער יאָגעניש פּרווון פאַרפאַמעלעכערן זייערע „ברידער", דה. אַנדערע פּערזן.

יעהודע האַלייוויס פּערזן טײַנען זיך אויס מיט זייערע „ברידער" און דערציילן דערבײַ וועגן די מאַטערנישן, מיט וועלכע זיי שטויסן זיך אָן בייס די וואָגלענישן.

ניט געקוקט אָף אַלע שוועריקײַטן און שטרויכלונגען, פאַלן יעהודע האַלייוויס יאָגנדע פּערזן ניט אַרײַן אין קיין ייִעש, ווײַל זיי האָבן פאַר זייערע אויגן דעם ציל, וואָס געפינט זיך פאָרויס. זיי גרייטן זיך אַפּילע, אויב עס וועט נייטיק זײַן, אײַנשפּאַנען די רײַטוואָגנס פון די וואָלקנס, אַבי צו דערגרייכן וואָס גיכער צו מוישע איבן־עזראַס געצעלט.

דער גרעסטער טייל פון דער ליד שטעלט מיט זיך פאָר אַ לויב־געזאַנג פאַר מוישע איבן־עזראַס דיכטערישע שאַפונגען, געשריבענע אָף פאַרשיידענע טעמעס. אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ — לויט דער קאַסידע — די שײַן פון דער זון מיט דער לעוואָנע און דער גלאַנץ פון אַ שנירל פּערל. יעהודע האַלייוויס פּערזן פאָדערן פון זייער אווטאָר, ער זאָל זיי — דערווײַל נאָך ניט קיין רײַפע בלומען — וואָס גיכער ברענגען צו זייער „מײַלעך און מאָשיעך", צו מוישע איבן־עזראַ, קעדיי עס זאָל אַזויאַרום „גיכער אָנקומען דער טאָג, ווען עס וועלן צײַטיק ווערן אונדזערע בלומען". די קאַסידע פאַרענדיקט זיך מיט די פאָלגנדע פּערזן:

מי יתננו בעלי כנף אזי
לא דלקה צפור אבק ארחינו
עד כי ברקיס אחרינו יצעקו
עמדו עמודו קט מעט אחינו

(ווען מיר וואָלטן פליגלען געהאַט, וואָלט אונדז דאָן
קיין פויגל ניט קאָנען דעריאָגן אין פליִען.
„אוי, ברידער, בלײַבט שטיין, גאָר אַ ווײַלינקע וואָרט!" —
אַזוי וואָלטן בליצן געבעטן, געשריִען).

ווי עס דרינגט אַרויס פון אַן אַראַביש קעפּל, געשריבן אין אַן אַנדער קסאַוויאַד (וועגן אָט דעם קעפּל האָט געהאַט מיטגעטיילט כ. שירמאַן), האָט יעהודע האַלייווי צו דער קאַסידע בײַגעלייגט אַ בריוו. דער דאָזיקער בריוו איז ליידער צו אונדז ניט דערגאַנגען. ס'איז אָבער ניטאָ קיין סאָפעק, אַז אין אים האָט יעהודע האַלייווי מיטגעטיילט, אַז געקומען איז ער פון „שעיר" (לייען: סייִר, געמיינט: פון דעם קריסטלעכן טייל פון שפּאַניע) און דערציילט וועגן זײַן יונגן עלטער.

## מוישע איבן־עזראַס לויב־ליד און יעהודע האַלייוויס ענטפער

לויטן קס. 2פּ 43, האָט מוישע איבן עזראַ געענטפערט אָף דער אויבנדערמאָנטער קאַסידע מיט אַן אייגענער קאַסידע, אין איר איז אויסגעדריקט אַ באַגײַסטערונג פאַרן טאַלאַנט פון דעם ביז גאָר יונגן יעהודע האַלייווי, וועלכער איז אָנגעקומען פון קאַסטיליִע. ער האָט אויך אים אײַנגעלאַדן צו זיך אין גראַנאַדע. מוישע איבן־עזראַס ענטפער־ליד הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „ילדי ימים חשו לצבוא על לב הכחיד יגון רבו" (אין וואָרט־באַ־וואָרט־איבערזעצונג: „עס האָבן די קינדער פון טעג געײַלט זיך צונויפזאַמלען צו אַ האַרץ, וואָס דער טרויער האָט פאַרניכטעט זײַן גרעסטן טייל"). מוישע איבן־עזראַס ליד איז אײַנגעשלאָסן אין צוויי קסאַוויאַדן פון דער צווייטער פירקאָוויטשער זאַמלונג, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר פראַגמענטן פון יעהודע האַלייוויס דיוואַנען (דער אָקאָרשט דערמאָנטער נומער 43, אָף די בלעטער 23, לינקע זײַט, ביז 24, לינקע זײַט, ווי אויך נומער 3—110, בלאַט 1).

דער לעצטער קסאוויאַד אַנטהאַלט בלויז די צווייטע העלפט פון דער ליד. אין די קסאוויאַדן געפינען זיך אומבאַוווּסטע וואַריאַנטן אין פאַרגלײַך מיט די אויסגאַבעס.

די לעצטע שורעס פון דער ליד שטעלן מיט זיך פאָר אַן אָפיציעלע אײַנלאַדונג יעהודע האַלייוויין צו קומען וואָס גיכער צו מוישע איבן־עזרא קיין גראַנאַדע, ווו ער וועט זיך באַקענען מיט די „רײַפע פרוכטן” פון זײַן „סאָד”.

יעהודע האַלייוויס דאַנקבאַרער ענטפער אויף דער ליבע־ליד פון מוישע איבן־עזרא מיט דער אײַנלאַדונג צו זיך איז אָפּגעשפּיגלט אין זײַן בריוו צו מוישע איבן־עזרא (זע אונדזער אויסגאַבע פונעם בריוו, שורעס 59—61).

## מוישע איבן־עזראַס מוּוואַשעך „ליל מחשבות...”

מוישע איבן־עזרא האָט פאַרפאַסט אַן אויסערגעוויינלעך קאָמפּליצירטן מוּוואַשעך, געווידמעט אים, און געשיקט צום יונגן פּאָעט און טוישעוו פון קאָרדאָווע אַבו־אַמר יויסעף איבן־צאַדיק. לויטן אָנגענומענעם אין יענע צײַטן עטיקעט בא דיכטער, האָט דער אַדרעסאַט געדאַרפט פאַרפאַסן אַן ענלעכן מוּוואַשעך מיט די זעלבע פערזן־מאָסן און גראַמען און צוריקשיקן אַלס ענטפער דעם אוטאָר. אָבער ניט יויסעף איבן־צאַדיק זעלבסט און ניט די, צו וועמענס הילף ער האָט זיך געווענדט, זײַנען נישט געווען בעקויעך אַזאַ מין מוּוואַשעך צו פאַרפאַסן. מוישע איבן־עזראַס ליד האָט זיך ענדלעך באַוויזן אויף דער מעסיבע פון דיכטער, אין וועלכער עס האָט צווישן אַנדערע אויך אָנטיילגענומען יעהודע האַלייווי.

ווי עס האָט דערוויזן ש. מ. שטערן, דער פאָרשער פון דיכטונג אין דער אַראַבישער שפּראַך, געשריבן דורך העברעיִשע פּאָעטן פון שפּאַניע, האָט מוישע איבן־עזרא געהאַט פאַר זײַנע אויגן אַן אַראַבישן פּראָטאָטיפּ, געבויט אויף אַן ענלעכן אופן. דאָס איז אַ מוּוואַשעך, וועלכן ס'האָט פאַרפאַסט דער אויבנדערמאָנטער טאַלאַנטפולער אַראַבישער דיכטער אַבו־בכר אַלאַביאַץ (לייען: אַבו־בעקר אַלאַביאַדי). זײַן ליד איז מיר ניט באַקאַנט. אויך פון מוישע איבן־עזראַס אָריגינאַל זײַנען מיר באַוווּסט בלויז די ערשטע צוויי סטראָפעס מיט זייערע „גאַרטלען” אַדאַנק דער אויסגאַבע פונעם פּראָפ. ד. פּאַגיס „חידוש ומסורת בשירת־החול העברית: ספרד ואיטליה” („נײַע דערשײַנונגען און טראַדיציעס אין דער וועלטלעכער העברעיִשער דיכטונג אין שפּאַניע און אין איטאַליע”, 1976, ז. 137).

יעהודע האַלייוויס מוּוואַשעך „אחד גלות סוד” באַשטייט פון 30 פערזן, וועלכע בילדן 5 פיר־פערזנדיקע סטראָפעס און צוויי־פערזנדיקע „גאַרטלען”. די סטראָפעס באַשטייען פון די פערזן 1—4, 7—10, 13—16, 19—22 און 25—28, און די גאַרטלען — פון די פערזן 5—6, 11—12, 17—18, 23—24 און 29—30. דערצו נאָך דער לעצטער „גאַרטל” שטעלט מיט זיך פאָר אַ „כאַרדזשאַ” אין אַראַביש.

יעדע סטראָפע באַשטייט פון פיר פערזן און אַנטהאַלט אַ זעלבשטענדיקן גראַם, וועלכער כאַזערט זיך ניט איבער אין קיין אַנדער סטראָפע. געגראַמט זײַנען דאָ בלויז די ענדן פון די פערזן. דער געבוי פון די גאַרטלען איז פיל קאָמפּליצירטער. יעדער פערז פונעם גאַרטל באַשטייט פון 4 טיילן. די ערשטע דרײַ זײַנען אידענטישע און האָבן 2 זעלבשטענדיקע גראַמען: איינעם — פאַר די ערשטע (אומיקע) פערזן פון די גאַרטלען (שורעס 5, 11, 17, 23 און 29); דער גראַם איז אומעטום: — יל. אַ צווייטן גראַם — פאַר די צווייטע (גראַדיקע) פערזן (שורעס 6, 12, 18, 24 און 30). דער גראַם איז — ל (לייען — אל).

מיר גיבן די ליד לויטן קסאוויאַד פון דער צווייטער פירקאָוויטשער זאַמלונג נומער 1—44, ב. 39—:39, ליד נומער 371. דאָס פאָרגייענדיקע קעפּל אויף אַראַביש: „ולה פי אבי הרון בן עזרא והי אלתי אשער אליהא פי רסאלתה אלתי אולה שלום רב וישע יקרב” („און אים — יעהודע האַלייווין — געהערט אויך די פאָלגנדע ליד, געווידמעט אבי־הארון” — געמיינט: מוישע איבן־עזרא. און דאָס איז די ליד, וועלכע ער, יעהודע האַלייווי, האָט אים מיטגעטיילט אין זײַן בריוו, וואָס זײַן אָנהייב איז: „שלום רב וישע יקרב” — „זאָל פיל שאָלעם און אַ יעשועו זיך דערנעענטערן”).

אחד גלות סוד מה אטמין
כוס משמאל דוד מימין
איש רב חדל בך לא אאמין
רק אשמאילה אם תימין

אם את רגיל/ לשמחה[1] וגיל / עדן וגל — / עד ראה נגדי
לא אאבל / ביום אבל / בטוב אבל / כל ימי חלדי

פי כוס בפי עופר צפה
ייני ומגדי פה אל פה
אין לי במוסרך מרפא
נא קט מעט מגי הרפה

[1] די פערזן־מאָס פאָדערט „שמחה”, ווי אין בראָדיס אויסגאַבע.

רופא אליל / אשמע חליל / רון על צליל / יין בפי כדי
מריב גדל / מכאוב חדל / אשא כדל / מצבי נדדי

שיר נעלם גלי סודו
נפשי בשם שר וכבודו
זה פעמון למעיל הודו
חלף כתב רקמת ידו

רקמת כליל / זהב כליל / שיר מגליל / מערב תעדי
זה הכלל / ממהלל / שולל שלל / כל יקר חמדי

חכמה קראתהו הימן
משה בכל ביתי נאמן
לך תענוג שדי זומן
עם חוט שפת שני כמן

רקוק בלול / נופת כלול / יופי ולול — / אות שפת מדי
התר יוגל / שד קם כגל / כשדי שגל / הן ועש דדי

מאהבתה בו תגמור
שיר אהבה עם שיר מזמור
ללין בחיקה כצרור מור
ציר נאמן תשבע לאמר

באללה רסול/ קל ללכליל / כיף אלסביל / ויבית ענדי
כלף אלתגאל/ אעטיה דלאל / עלי אלנכאל / ונזיד נהדי

איבערזעצונג:

וואָס זאָל איך דעם סאָד באַהאַלטן, וועלכער איז שוין לאַנג אַנטפּלעקט?
לינקס זאָל שטיין א פּולער בעכער, זאָל מײַן פרײַנט זיך זעצן רעכטס.
לאָז געמאַך, מײַן בייזער קעגנער, כ׳גלייב דיר ניט און גיב ניט רעכט.
כ׳וועל אַף לינקס. מײַן וועג אָפּקערן, אויב דו וועסט זיך ווענדן רעכטס.

אויב דו האָסט געוווּסט / פון פרייד און פון גלוסט, /
טאָ וויסן דו מוזט / —צום גאנײדן צײט מיך.
איך טרויער ניט מער, / איצט איז מײַן באַגער /
צום גליק טאָן א קער, / ווי לאַנג נאָך לעב איך.

צו א קאָס מײַן מויל איז ענלעך, הירש דו מײַן, דריק צו דײַן מויל.
זאַפּטיק־שוימענדיקע ווײַנען זיך גיסן פיל און ווויל!
ס׳וועט דײַן מוטער מיך ניט היילן, ער פאַרשאַפט מיר בלויז א גרויל.
לאָז געמאַך! כאַטש אַף א ווײַלע מיך אַפוואַרפן מאַך זיך פויל.

א רויפע די שויטע! / זע נאַר, ווי זײַן רויטער /
טוט קלינגלען זיך לויטער, / מײַן קרוג פילט אָן גיך.
טאָ זאָל מיך דעריבער / קיין שמאַרץ מער ניט טריבן, /
מײַן הירשס טרײַע ליבע / דערמונטערט דאָך מיך.

ס׳איז א ליד פון מיר פאַרבאָרגן, מיט א סאָד איז זי פאַרדעקט —
נעשאָמע מײַן! אין הערשערס נאָמען מיר דעם סאָד פון ליד אַנטפּלעקט!
כ׳וויל זײַן פּרעכטיק קלייד באַצירן מיט א גלאָק, וואָס יעדן וועקט,
מיט מײַן בריוו וויל איך אויסבײַטן ס׳אויסגעניי, וואָס ער מיר שטרעקט.

געשטיקט גאָר רײַך, / צו גינגאָלד גלײַך, /
א ליד שענק אײַך / פון מײַרעוו איך.
וואָס דאָ געזאָגט, / די ליד אויך טראָגט, /
וואָס איך פאַרמאָג, / ברענג אים מיט זיך.

ס׳האָט די כאָכמע מיטן נאָמען „הײמאַן" אים באַלוינט, באַצירט.
„אין מײַן הויז, — דערקלערט האָט כאָכמע, — איז דאָך מױשע האַר אוןווירט.

זאָל ער האָבן פֿאַרגעניגן, ווען ער מײַנע בריסט באַרירט,
מײַנע ליפּן אים צו קושן זײַנען רויט באַפֿאַרבט, געשנירט".

ווי קוכן פֿאַרמישט, / מיט זאַפֿטן פֿאַרזיסט, /
מײַן שײנקייט אומזיסט / שטרעבט צוזיבערן דיך.
מײַן קלייד בינד מיר אויף, / די בריסטן דעק אויף, /
וואָס צירן מײַן גוף / זיי גלעטן בעט איך.

אָנגעזעטיקט פֿול מיט ליבע, זינגט די כאַכמע אַ געזאַנג.
פֿול מיט ליבע און מיט בענקשאַפֿט וועט פֿאַרהילכן יעדער קלאַנג.
בייג דײַן קאָפּ צו איר אין בוזעם, דאָרט איז דופּטיק יעדער זאַנג.
דיר אַ שאַליעך וועט זי שיקן, אָנצוזאָגן: „ס'טוט מיר באַנג".

כ'באַשווער דיך מיט גאָט, / דערפֿיל מײַן געבאָט /
און ריכט אָן דײַן טראָט, — / צו אויפֿזוכן מיך.
דער פֿאַרהאַנג וועט מײַן / פֿאַר דיר אָפֿן זײַן. /
באַלוינען כ'וועל פֿײַן / דײַן ליבע גאָר גיך.

## אייניקע אָפּרופֿן אויף יעהודע האַלייוויס מוואַשעך

דער סייכל איז מעכײַעוו, אַז די ערשטע אָפּרופֿן אויף יעהודע האַלייוויס ליד אין נוסעך פֿון מוישע איבן־עזראַס ליד, וועלכע ער האָט אַדרעסירט צו יויסעף איבן־צאַדיק, דאַרף מען פּרוּוון זוכן אין די ווערק פֿון די ביידע, אויב זיי זײַנען צו אונדז דערגאַנגען.

דער טאַלאַנטפֿולער דיכטער יויסעף איבן־צאַדיק האָט זיך דער ערשטער באַשײַמפּערלעך איבער־צײַגט אין יעהודע האַלייוויס איבערהאַנט אַלס פּאָעט סײַ אויף אים זעלבסט, סײַ אויף אַנדערע דיכ־טער — זײַנע מיטצײַטלער און פֿרײַנט. ער האָט פֿאַרפֿאַסט לעקאָווועד יעהודע האַלייווי אַ ליד און אים זי צוגעשיקט. זי הייבט זיך גלײַך אָן מיט די ווערטער „ימיננו בחיק קוצר עצורה" („אונדזער רעכטע האַנט — דער סימבאָל פֿון קויעך — איז אין בוזעם פֿון קורצקײַט פֿאַרבונדן") און אין עטלעכע פֿערזן אַרום לייענט זיך: „ומי זה גדלך יוכל להשיג" („און דײַן גרויסקײַט ווער איז בעקויעך צו דערגרייכן?"). די ליד איז פֿאַרגעשטעלט אינעם קס. 2פּ 43, ב. 34—34:.

דער ווידערקאָל פֿון יעהודע האַלייוויס זיג אינעם דיכטער־פֿאַרמעסט איבער עלטערע פֿון אים און מער דערפֿאַרענע פּאָעטן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויך אין ווערק פֿון אַנדערע זײַנע מיטצײַטלער. לאָמיר נעמען, לעמאָשל, אין באַטראַכט די פּרעכטיקע ליד „עב תערוף או יזלי עינים" („דאָס טריפֿט אַ וואָלקן, אָדער עס רינט פֿון די אויגן"). די ליד געפֿינט זיך אין אונדזערע קסאַוויאַדן (ג 1331, ב. 23; 2פּ 39, ב. 16:; 2פּ 206, ב. 62 און 2פּ 1—209, ב. 1—1:), וועלכע עס האָט פֿאַרפֿאַסט אַבו איוב שלוימע איבן־אַלמואַלים לעקאָווועד יעהודע האַלייווין, געפֿינט זיך צווישן אַנדערס אַ כאַראַקטע־ריסטישער שטריך פֿונעם געלויבטן דיכטער, באַשריבן בעזע האַלאָשן:

איש בין אשר בקרב תבונות יחשף
בהן ימין עוזו כאיש בינים.

(„אַ טיפֿזיניקער מענטש, וועלכער אין פֿאַרמעסט פֿון קלוגשאַפֿט אַנטפּלעקט זײַן קרעפֿטיקע רעכטע האַנט ווי אַ העלד פֿון אַ צווייקאַמף").

צי האָט אַבו איוב שלוימע איבן־אַלמואַלים אויך זעלבסט אָנטיילגענומען אינעם באַשריבענעם דיכטער־שטרײַט, אָדער וועגן דעם זײַנען בלויז קלאַנגען צו אים דערגאַנגען, איז איצט שווער צו באַהויפּטן. אויף געוויס מעג מען בלויז קאָנסטאַטירן, אַז יעהודע האָט דאַן געלעבט אין גראַנאַדע. עס קאָן אויך זײַן, אַז ער איז דאַן געווען אַ גאַסט בא מוישע איבן־עזרא, וועלכער האָט יעהודען אײַנגעלאַדן צו זיך אין דער ליד „ילדי ימים חשו לצבוא". אזא האַשאָרע דערלויבט צו מאַכן די אַראַבישע צושריפֿט צו איבן־אַלמואַלימס ליד, וועלכע געפֿינט זיך אינעם קס. 2פּ 206, ב. 62 און כאַזערט זיך איבער אין אייניקע אַנדערע קסאַוויאַדן: „וצלת הדה אלקטעה ולם יכן ר' יהודה ז"ל האצרא פגאיב ענהא אבי הרון בן עזרא נ"ע" („און עס איז אָנגעקומען די דאָזיקע קליינע ליד, ווען יעהודע האַלייווי זיכרוינוי ליוורואָכאָ איז געווען אָפּוועזנד, האָט אויף איר געענטפֿערט מוישע איבן־עזרא, זאָל זײַן נעשאָמע רוען אין גאַנײדן"). די ווײַטערדיקע קוואַלן גיבן צו, אַז ווען יעהודע האַלייווי איז צוריקגעקומען, האָט ער אויך געענטפֿערט אויף איבן־אַלמואַלימס ליד. דאָ איז קעדײַ צו באַמערקן, אַז די לידער־ענטפֿערס פֿון מוישע איבן־עזרא און יעהודע האַלייווי זײַנען געשריבן פּונקט מיט די זעלבע פֿערזן־מאָסן און גראַמען, ווי איבן־אַלמואַלימס ליד „עב תערוף" („דאָס קאַפּעט אַ וואָלקן, אָדער עס רינט פֿון די אויגן").

יעהודע האַליִווין אַלס זיגער אינעם דיכטער־פאַרמעסט האָבן ניט פאַרגעסן אויך די קאָמענדיקע דורות, און קוידעמקאָל די דיכטער. אַלנפאַלס, אין בעערעך 125 יאָר אַרום האָט יעהודע אַלכאַריזי (1235—1170) געוויס געהאַט דעם דאָזיקן פאַקט אין זינען, ווען ער האָט פאַרפאַסט זײַן קאַפּיטאַל ווערק „תחכמוני“ (לייען: „טאַכקעמוני“, אַ וואָרט, וואָס מע פלעג אין יענע צײַטן געוויינלעך איבערזעצן: „דער געלערנטער“). אינעם דריטן קאַפּיטל פונעם בוך, ווו אַלכאַריזי האָט אויך געווידמעט אַ כאַראַקטעריסטיק יעהודע האַליִוויס דיכטערישער שאַפונג, געפינען מיר צווישן אַנדערע די פאָלגנדע פערזן:

ויום ערכו חכמים מלחמות שיר
יהודה הוא אשר גבר באחיו.

(„ווען פון די לידער געשעפן איז דער שטרײַט, באַזיגט האָט יעהודע די גאַר קלוגע לײַט“).

אַז יעהודע אַלכאַריזי, וועלכער האָט אין זײַן רײַזע באַזוכט די ייִדישע קעהילעס אין אַלעקסאַנדריִע און קאַיִר, אין פאַלעסטינע, סיריע און איראַק, האָט געהאַט אין זײַן רעשוס פיל מער מאַטעריאַלן וועגן דעם דאָזיקן פאַרמעסט, איידער די, וועלכע זײַנען צו אונדז דערגאַנגען, איז ניט קיין סאָפעק.

אָט אַזוי וואַרפן אַ שײַן די דערמאָנטע קסאַוויאַדן פון דער לעגענדאַרער עפנטלעכער ביבליאָטעק אַפן פאַרגעפלדיקן פּראָצעס פון איינעם אַ ביז גאַר וויכטיקן ריכטצייכן אין דער געשיכטע פון דער העברעיִשער פּאָעזיע אין שפּאַניע און איליוסטרירן זײַן אָפּקלאַנג אין דער שפּעטערדיקער ליטעראַטור.

---

## כראָניק

### נײַע אַרבעטן פון יונגע געלערנטע אין געביט פון יודאַיִק

עס זײַנען אַרויס פון דרוק די טעזיסן פון דער 4־טער אַלפאַרבאַנדישער קאָנפערענץ פון יונגע מיזרעכקענער, וועלכער ס'האָט צונויפגערופן אין מאָסקווע דער אינסטיטוט פון מיזרעכקענטעניש בא דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פססר. ס'איז אָנגענעם אָפּצומערקן, אַז אַלץ אַ גרעסער אָרט אַף די שוין טראַדיציאָנעל־געוואָרענע קאָנפערענצן פאַרנעמט די טעמאַטיק, וואָס איז אַזוי אָדער אַנדערש פאַרבונדן מיטן פאָרשן די קולטור־געשיכטע פון די ייִדן. אין דעם נײַעם ביכעלע, וואָס שליסט אײַן די טעזיסן, זײַנען פאַרעפנטלעכט דרײַ מאַטעריאַלן אַף אָט דער טעמע.

דער קאַנדידאַט פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן אַלעקסאַנדריע אײַכענוואַלד האָט געווידמעט איר פאָרשונג אייניקע ספּעציפישע שטריכן פון דער איצטיקער איוורית־גראַמאַטיק אין פאַרגלײַך מיטן דיקדעק פון דער אוראַלטער העברעיִשער שפּראַך. דער יונגער פאָרשער וועלוול טשערנין האָט אין זײַנע טעזיסן אונטערן טיטל „עלעמענטן פון דער שפּראַך־סיטואַציע בא די ייִדישע איידעס אין דער דיאַספּאָרע“ געמאַכט אַ פּרוּוו אויסצובויען אַ פאַראַלגעמיינערטע סכעמע, וועלכע זאָל קאָנען אָפּשפּיגלען די קאָמפּליצירטקײַט און פאַרשיידנאַרטיקײַט פון דער שפּראַך־אויפירונג פון דעם ייִדישן עטנאָס אין פאַרלויף פון יאָרהונדערטער. אַן אַנדער יונגער געלערנטער — איגאָר קאָטלער האָט אין זײַן אַרבעט „וועגן איינעם אַ קרימטשאַקישן פאַמיליע־נאָמען“ באַלויכטן די געשיכטע פונעם פאַמיליע־נאָמען באַקשי (גערטנער), זייער אַ פאַרשפּרייטן צווישן דער דערמאָנטער איידע.

# קינסטלער ליפּע רויטער

ליפּע רויטער איז געבוירן געוואָרן אין 1910. אין זײַן פריִער יוגנט האָט ער געאַרבעט אויף אַ זאַוואָד. די שטרעבונג צו מאָלערײַ האָט זיך אַרויסגעוויזן בײַ אים שוין דעמאָלט. שפּעטער איז ער געוואָרן אַ קאַריקאַטוריסט אין אַ צײַטונג. אַ קערפּונקט פון ל. רויטערס שעפערישער ביאָגראַפיע איז געוואָרן דאָס 1931 יאָר, דאַן האָט מען אים פּרעמירט פאַר זײַנע ווערק, וואָס זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן אויף דער אַלפאַרבאַנדישער אויסשטעלונג פון קינסטלער־אויטאָדידאַקטן: מע האָט אים אָן שום עקזאַמענס אויפגענומען אויפן קינסטלערישן פאַקולטעט פונעם מאָסקווער פּאָליגראַפישן אינסטיטוט (איצט — מאָסקווער קינסטלערישער אינסטיטוט אויף וו. אי. סוריקאָווס נאָמען). שטאַרק האָבן געווירקט אויפן יונגן קינסטלער זײַנע פּעדאַגאָגן, אַזעלכע ווי די גדולים פון דער סאָוועטישער מאָלערײַ וו. פאַוואָרסקי, ק. איסטאָמין און אַנדערע. אין 1938 האָט ל. רויטער מיט אַן אויסצייכענונג פאַרענדיקט דעם אינסטיטוט. צו דער צײַט איז ער שוין אַ רײַפער קינסטלער־גראַפיקער. אַלס פּראָסטער סאָלדאַט־סאַפּיאָר האָט ער דורכגעמאַכט דעם לאַנגן און בלוטיקן וועג אין די יאָרן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, זיך באַטייליקט אינעם באַפרײַען פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, עסטרײַך און איז דערגאַנגען ביז דײַטשלאַנד. די מילכאָמע־אײַנדרוקן האָבן זיך טיף אײַנגעקריצט אינעם קינסטלערס נשאָמע. ער האָט אַ סאַך געמאָלט אויך אויפן פראָנט. אויפן יעסאָד פון יענע פראָנט־געמעלן איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסער ציקל אויטאָליטאָגראַפיעס „פון דער פראָנט־סעריע" (1948—1975).

ליפּע רויטער איז ברייט באַוווּסט אַלס אילוסטראַטאָר פון ליטעראַרישע ווערק. באַזונדערס אינטערעסאַנט זײַנען אין דעם פּראַט זײַנע אילוסטראַציעס צו מ. סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס „געשיכטע פון איינער אַ שטאָט". ס'איז דעם קינסטלער ניט פרעמד אויך די ייִדישע טעמאַטיק. ס'איז קעדײַ אָפּצומערקן זײַנע אילוסטראַציעס צו שאָלעם־אַליכעמס ווערק. עס גיבן זיך אים אויך אײַן פּאָרטרעטן, געשטעל־קאָמפּאָזיציעס. אַ באַדײַטנדיק אָרט פאַרנעמט אין ליפּע רויטערס שאַפונג אויך די ספּאָרט־טעמע.

דער קלאַס פונעם קינסטלער וולאַדימיר פאַוואָרסקי



פאָרטרעט פון שאָלעם-אַלייכעמען






אילוסטראַציע צו מיכאל שטיטעל-
מאַנס „דערציילונג וועגן דער קינדהייט"



פון דער סעריע „סטודענטן אױף דער צעלינא":
„אינדערפרי"
„אין װעג"





פון דער פראָנט־סעריע:
„אין א טעפּלושקע"
„אף נײַע פּאָזיציעס"



# יעזשעגאָדניק: מיר זעצן פאָר דעם שמועס

**טשינגיז אייטמאַטאָוו,**
העלד פון סאָציאַליסטישער מי, לאַורעאַט פון דער לענין־פּרעמיע און פון מעלוכע־פּרעמיעס פון פססר, סעקרעטאַר פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד פון פססר

## יאָר נאָך יאָר

די פילנאַציאָנאַלע סאָוועטישע ליטעראַטור אַנטוויקלט זיך אַף די שפּראַכן פון אַלע, אָן אויסנאַם, פעלקער פון אונדזער לאַנד. און דאָס איז טאַקע זייער גוט. יעדע פון די דאָזיקע ליטעראַטורן דערגייט צום אַלפאַרבאַנדישן לייענער דורך דער פאַרמיטלונג פון דער רוסישער שפּראַך. עס ווערן געוויינלעך איבערגעזעצט די בעסטע ווערק — נאָכדעם, ווי זיי זײַנען שוין אַפּראָבירט אַף דער אָריגינאַל־שפּראַך.

א פערטל יאָרהונדערט לעבט און אַרבעט דער סאָלידער און זייער אינטערעסאַנטער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכער מערקט איצט אָפּ זײַן 25־יאָריקן יובילײ. אַף זײַנע שפּאַלטן ווערן פאַרעפנטלעכט אַף מאַמע־לשון יידישע פּראָזע, פּאָעזיע, פּובליציסטיק, אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור און קונסט. און אַט ליגט פאַר מיר דער יאָרבוך „יאָר נאָך יאָר", זײַן ערשטער נומער, וואָס איז צונויפגעשטעלט פון די בעסטע זײַטלעך פונעם דאָזיקן זשורנאַל, איבערגעזעצט אַף רוסיש.

אין דער רוסישער איבערזעצונג דערשײַנען, פאַרשטייט זיך, אויך באַזונדערע ביכער פון יידישע שרײַבער. אַף דעם דאָזיקן געביט טוט א גרויסע אַרבעט דער פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל". אָבער אין דעם יאָרבוך, וועלכער איז אַרויס אין זעלבן פאַרלאַג, וועט דער רוסיש־רײדנדיקער לייענער געפינען דאָס אויסגעווײלטע און וועט באַקומען א פולע פאַרשטעלונג וועגן די שעפערישע פּרינציפּן און וועגן דעם סטיל פון די יידישע שרײַבער, וועגן דער פילאַרטיקײַט, וואָס איז אייגנטימלעך דעם יידישן ראָמאַן, דער יידישער דערציילונג אָדער פּאָעמע, דעם אַלטן און הײַנטצײַטיקן יידישן פאָלקלאָר. אין דעם יאָרבוך וועט דער לייענער געפינען אַן אַלגעמיינעם איבערזיכט וועגן דער יידישער ליטעראַטור. אַנדערש געזאָגט, דער רוסיש־שפּראַכיקער לייענער וועט זיך צובאַהעפטן צו דער ליטעראַטור פון נאָך איין ברידערלעך פאָלק.

לויט מײַן מיינונג איז דער יאָרבוך צונויפגעשטעלט גוט און געלונגען. בעפּויעל מאַמעש זעט מען, אַז די מאָדערנע יידישע סאָוועטישע ליטעראַטור לעבט און אָטעמט קוידעמקאָל מיט הײַנטצײַטיקײַט. אָפּגענומען אָפּנהאַרציק דערציילן די שרײַבער וועגן זייער נאַציאָנאַלער סוויווע, די ווערק זייערע קלינגען נאַטירלעך, ניט־געצוווּנגען און אָרגאַניש. זיי פּאַסן זיך גוט און האַרמאָניש אַרײַן אינעם אַלגעמיינעם שטראָם פון אונדזער ליטעראַטור. די אווטאָרן פון דעם יאָרבוך לעבן אין פאַרשיידענע ערטער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, זייערע העלדן אַרבעטן זײַט בא זײַט מיט די פאָרשטייער פון אַנדערע ברידערלעכע פעלקער. דערבײַ היטן זיי אָפּ זייערע נאַציאָנאַלע שטריכן און אייגנטימלעכקײַטן פונעם כאַראַקטער.

מע ווערט טיף גערירט, לייענענדיק וועגן דער אויספאָרשונג, וואָס עס האָבן דורכגעפירט

---

זע „סאָוועטישע היימלאַנד", נום. 12, 1986.

ליטן אויפֿטראָג פֿון דער רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד" די דאָקומענטאַליסטן לעוו אַרקאַדיעוו און אַדע דיכטיאַר. זיי האָבן אויפֿגעזוכט און אַנטדעקט דעם נאָמען פֿון דעם ייִדישן מיידל־אונטערערדלערן מאַשע ברוסקינאַ, וועמען די פֿאַשיסטן האָבן אומגעבראַכט אין אָקופּירטן מינסק, אַ נאָמען, וואָס איז אַ לאַנגע צײַט געבליבן אומבאַוווּסט. די דאָזיקע דאָקומענטאַלע דערציילונג לאָזט קיינעם ניט איבער גלײַכגילטיק.

דער דיכטער אַרן ווערגעליס האָט אונטערגענומען אַ רײַזע איבער לענדער, ווו עס איז פֿאַרלאָפֿן דער ווײַטער און כמורנער וואָר פֿון זײַן פֿאָלק, און ער האָט זיך דאָרט פּנים־אל־פּנים אָנגעטראָפֿן אויף צאַפּלדיק־אַקטועלע הײַנטצײַטיקע פּראָבלעמען — דאָרט, פֿונוואַנען די אינקוויזיציע האָט אַמאָל אַרויסגעטריבן די ייִדן.

יאָ, אינעם יאָרבוך זײַנען פֿאַראַן אַ סך אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלן.

פֿאַר מיר, למשל, איז געווען אַן עמעסע אַנטפּלעקונג דער ציקל ביראָבידזשאַנער ייִדישע לידער פֿון עמאַנויל קאַזאַקעוויטשן, כאָטש, בכלל גערעדט, האָב איך געוווּסט, אַז ס'איז געווען אַ צײַט, ווען ער האָט געשריבן לידער אויף ייִדיש. דער יאָרבוך האָט מיר געהאָלפֿן דערגרונטעווען זיך צו די שפּעפֿרישע מקורים און קוואַלן פֿון דעם שפּעטערדיקן אַוטאָר פֿון דער עכט־רוסישער פּראָזע וועגן דער פֿאָטערלענדישער מלחמה. ווײַזט זיך אַרויס, אַז פֿאַרן סאַמע קריג האָבן זײַנע פּאָעזיע־העלדן געפֿירט אַ פֿאַרביסענעם אָנגריף אויף דער ווײַטמיזרעכדיקער טײַגע, ווו יעדער שפּאַן וואַלד האָט זיך געקאָנט פֿאַרוואַנדלען אין אַן אָקאָפּ אינעם גרעאַנגל פֿאַר ליכט און וואַרעמקײַט פֿאַר די מענטשן.

מע ווערט אויך געריִרט פֿונעם פֿאָלקלאָר אינעם יאָרבוך. נאַום גרעבניעוו איז באַקאַנט אַלס איבערזעצער פֿון דער אַוואַרישער, קירגיזישער, גרוזינישער, אַרמענישער, טורקמענישער פּאָעזיע. און דאָ לייגט ער פֿאָר דעם לייענער איבערזעצונגען פֿון דער שפּראַך פֿון זײַן אייגן פֿאָלק. די היסטאָרישע באַדײַטונג פֿון די דאָזיקע איבערזעצונגען באַשטייט דערין, וואָס זיי „אַרבעטן", מאַמעש בוכשטעבלעך, לטובת דער הײַנטצײַטיקײַט. פֿאַר די אויגן פֿון דעם לייענער רופֿן זיי אַרויס די שוידערלעכע בילדער פֿונעם לעבן אין געטאָ בעשאַס דער מלחמה. זיי שילדערן די לײַדן פֿון די ייִדן, וואָס זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין די בלוטיקע פֿאַשיסטישע לאַפּעס, און זיי וואָרענען גרויזאַם קעגן דער נײַער געפֿאַר, דאָס מאָל — קעגן דער געפֿאַר פֿון אַ גלאָבאַלער פֿאַרניכטונג פֿון דער גאַנצער מענטשהײַט. גרעבניעוו האָט איבערגעזעצט לידער און געזאַנגען, וועלכע ס'האָבן געשאַפֿן געטאָ־אסירים ערעוו זייער אומקום.

צווישן די פּראָזע־ווערק טיילן זיך באַזונדערס אויס די גרעסערע דערציילונג פֿונעם יונגן שרײַבער באָריס סאַנדלער און דער אויסצוג פֿונעם ראָמאַן פֿונעם אַכציקיאָריקן נאָטע לוריע. סאַנדלער אַראַנזשירט זײַן סטיל מיט דורכויס מאָדערנע הײַנטצײַטיקע מיטלען. לוריע ווייסט אויסגעצייכנט, וויאַזוי צו ניצן זיך מיט די טראַדיציאָנעלע פֿאָרמען באַם אויפֿבויען עפּיזאָדן און סצענעס.

אַ פּאָר ווערטער וועגן נאָך איין זאַמלבוך. דער פֿאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטורא" האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „ייִדישע סאָוועטישע פּאָעזיע". צום ערשטן מאָל זײַנען דאָרט צונויפֿגעזאַמלט רוסישע איבערזעצונגען פֿון די בעסטע פּאָעזיע־ווערק פֿון אַלע דורות סאָוועטישע ייִדישע דיכטער.

„די סאָוועטישע ייִדישע דיכטונג איז אַ קינד פֿונעם גרויסן אָקטיאַבער און איז מיט לײַב און לעבן אומצערײַסבאַר פֿאַרבונדן מיט אים. זי איז געריכטעט און געווענדט מיטן פּנים צו דער צוקונפֿט", — אַזוי כאַראַקטעריזירט זי אין זײַן פֿאָרוואָרט צום זאַמלבוך דער העלד פֿון סאָציאַליסטישער מי וואַלענטין קאַטאַיעוו. ווײַטער שרײַבט ער: „אויב מע זאָל זיך פֿאָרשטעלן אַ ליניע די לענג בערעך אַריבער 60 יאָר, וואָס ציט זיך פֿונעם גרונטלייגער פֿון דעם סאָוועטישן פּעריאָד אין דער ייִדישער פּאָעזיע אַשער שוואַרצמאַן און ביז צום הײַנטצײַטיקן פֿאָרשטייער אַרן ווערגעליס, — געפֿינען מיר צווישן די דאָזיקע פּאָעטן אַזעלכע ערשטקלאַסיקע מײַסטראָס, ווי האָפֿשטיין, מאַרקיש, קוויטקאָ".

צווישן די איבערזעצער פֿונעם זאַמלבוך זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע אויסגעצייכנטע רוסישע פּאָעטן, ווי אַ. אַכמאַטאָוואַ, ל. מאַרטינאָוו, ס. מאַרשאַק, ס. נאַראָווטשאַטאָוו, מ. סוועטלאָוו, ב. סלוצקי, יאַ. סמעליאַקאָוו און אַ סך אַנדערע אָנערקענטע מײַסטערס פֿון דער קינסטלערישער איבערזעצונג. דער צונויפֿשטעלער פֿונעם זאַמלבוך אַ. ווערגעליס און דער רעדאַקטאָר ר. גוזאידאָוו האָבן אײַנגעשלאָסן אין דער אַנטאָלאָגיע באַ פֿופֿציק אָפּקלײַבן פֿון לידער, וואָס כאַפּן אַרום און שפּיגלען אין זיך אָפּ אַ ריזיקן צײַט־אָפּשניט, אָנגעהויבן פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און ביז דער קעגנוואַרט.

דער לייענער נייטיקט זיך אין די ביכער, וועגן וועלכע עס גייט אַ רייד. זיי באַווײַזן די רײַכקײַט פֿון דער סאָוועטישער ליטעראַטור און דינען דער פֿאַרטיפֿונג פֿון די קולטור־פֿאַרבינדונגען צווישן די פֿעלקער פֿון אונדזער לאַנד.

„ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ"

■ ■ ■

אורן גורעלניק,
דאָקטער פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן

# לײַבלעך פאַרבונדן מיטן גרויסן אָקטיאָבער

די דאָזיקע צוויי ביכער זײַנען דערשינען כּמעט אין איין צײַט. דער ערשטער בוך „יאָר נאָך יאָר" אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", דער צווייטער — „סאָוועטישע ייִדישע פּאָעזיע", אין פאַרלאַג „כודאָזשעסטווענאַיאַ ליטעראַטורא". די לייענער סײַ אין סאָוועטנפאַרבאַנד, סײַ אין אויסלאַנד וועלן אָן שום ספק אויפנעמען ביידע אויסגאַבעס מיט גרויס אינטערעס.

אין די מערעוו־לענדער האַלט מען אין איין טײַנען, אַז בײַ אונדז איז קלוימערשט בכלל ניטאָ קיין ייִדישע ליטעראַטור. אין דערווירקלעכקײַט אָבער דערשינען אין ראַטנפאַרבאַנד ייִדישע לידער־זאַמלונגען, ראָמאַנען און דערציילונגען אין באַזונדערע ביכער. זײַן 25־יאָריקן יוביליי האָט אָפּגעמערקט דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". מיט אָפּשײַ און ייִראַס־הכּבֿוד באַציט מען זיך בײַ אונדז צו דער ליטעראַרישער ירושה פון די ייִדישע קלאַסיקער. אין 1984 איז דערשינען אַ זאַמלונג אַרטיקלען און דערינערונגען „שלום־עליכם — דער שרײַבער און דער מענטש". ניט לאַנג צוריק איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַנד פון מענדעלע מוכר־ספֿרימס פּראָזע.

אַ וויכטיקער קולטור־אויפטו איז דאָס דערשײַנען פונעם ערשטן נומער פון דעם ליטעראַרישן יאָרבוך, צונויפגעשטעלט פון איבערגעזעצטע אויף רוסיש מאַטעריאַלן, וועלכע זײַנען געווען פאַרעפנטלעכט אויף די שפּאַלטן פונעם ליטעראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד". איצט גרייט זיך צום דרוק די זעלבע אויסגאַבע אין דער איבערזעצונג אויף ענגליש און פראַנצויזיש. דער יאָרבוך „יאָר נאָך יאָר" גיט דעם לייענער אַ מעגלעכקײַט צו באַקומען אַ פולע פאָרשטעלונג וועגן דער שאַפונג פון די הײַנטצײַטיקע ייִדישע פּראָזאיקער, פּאָעטן, דראַמאַטורגן, קריטיקער, ליטעראַטור־פאָרשער, ווי אויך וועגן דער ייִדישער ליטעראַרישער קלאַסיק.

דער יאָרבוך הייבט זיך אָן מיט דער דערציילונג „טרעפלעך אַרויף צו אַ נעס". דער אויטאָר באָריס סאַנדלער איז הײַנט־צו־טאָג איינער פון די סאַמע ייִנגסטע ייִדישע פּראָזאיקער. פון פאַך אַ פידלער מיט העכערער מוזיקאַלער, קאָנסערוואַטאָרישער בילדונג, האָט ער פאַרענדיקט אויך די העכסטע ליטעראַרישע קורסן בײַם ליטעראַטור־אינסטיטוט אויף מ. גאָרקיס נאָמען. ניט לאַנג צוריק איז אין מאָסקווע דערשינען זײַן ערשטער בוך — אַ דערציילונג פון דער קינדהייט, עכט הײַנטצײַטיק לויט איר גײַסט און עמאָציאָנעלער באַפאַרבונג. זי איז אויף דורך און דורך ווי באַלויכטן פון זון־שטראַלן, די ליריק און דער פײַנער הומאָר באַשײַנען זי מיט העלע אָפּטימיסטישע טענער...

אַ בעקאָוועדיק אָרט פאַרנעמען אינעם יאָרבוך די נײַע ווערק פונעם עלטערן דאָר ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער אַזעלכע, לעמאָשל, ווי די אויסצוגן פון די ראָמאַנען פון נאָטע לוריע (אָדעס) און פון כאַיִם מעלאַמוד (טשערנאָוויץ), די גרעסערע דערציילונג פון טעוויע גען „אַן עקסטרע טעלעגראַמע (מאָסקווע), די דערציילונגען פון בוזי מילער (ביראָבידזשאַן) און הערשל פּאָליאַנקער (קיִעוו), די אײַנהאַלטסרײַכע מיניאַטורן פון יעכיעל שרײַבמאַן (קעשענעוו). דער לייענער וועט גוט פאַרגעדענקען די רײַזע־נאָטיצן פון אַרן ווערגעליס „דאָרט, וווּ איך בין נאָך ניט געווען".

אַלע דערמאָנטע ווערק צייכענען זיך אויס מיט איין אַלגעמיינער אייגנטימלעכקייט — אַלע זײַנען זיי געווענדט צו די אַקטועלע פּראָבלעמען פון דער הײַנטצײַטיקײַט. מיט דער זעלבער ווערטפולער אייגנטימלעכקײַט צייכענען זיך אויס אויך די לידער פון כאַיִם ביידער און באָריס מאָגילנער — פּאָעטן פון די לעצטע יאָרצענדליקער.

דער יאָרבוך פּלאַנירט צו פאַרעפנטלעכן מאַטעריאַלן וועגן ייִדישן טעאַטער, מאָלערײַ, מוזיק, אַרטיקלען, געווידמעט די שעפערישע פאַרבינדונגען פון דער ייִדישער ליטעראַטור מיט דער רוסישער, ווי אויך מיט די ליטעראַטורן פון אַנדערע ברידערלעכע סאָוועטישע פעלקער.

די זאַמלונג „ייִדישע סאָוועטישע פּאָעזיע" איז אַ מין ליטעראַריש־געשיכטלעכער פּינקעס, וואָס כאַפּט אַרום די סאָוועטישע ווירקלעכקײַט פאַר די פאַרגאַנגענע יאָרצענדליקער נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע. איינע פון די סאַמע אײַנדרוקספולע טעמעס איז דאָ די העראָיִק פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מלחמה (אגעוו, די לידער פון דרײַ און צוואַנציק ייִדישע פּאָעטן־פראָנטאָוויקעס, געפאַלענע מיט אַ העלדן־טויט, זײַנען אײַנגעשלאָסן אין דעם בוך „לירע", וועלכער איז געווידמעט דעם 40־טן יאָרטאָג פונעם זיג איבערן דײַטשישן פאַשיזם).

אינעם פאָרוואָרט צו דער אַנטאָלאָגיע רופט אָן וואַלענטין קאַטאַיעוו די סאָוועטישע ייִדישע דיכטונג — „אַ קינד פונעם גרויסן אָקטיאַבער". ער שרײַבט: „האָבנדיק אין זינען, אַז די סאָוועטישע

ביכער פֿון די הײַנטצײַטיקע ייִדישע פּאָעטן איז פֿאַר דער ברייטער לייענער־מאסע א מין רעאלע אנטדעקונג פֿון א נײַעם פּאָעטישן קאָנטינענט, דאַרף מען קודעמקאָל א קוק טאָן, וויִאַזוי עס זעט אויס דאָס לעבן אַף אָט דעם קאָנטינענט, ווי ברייט און ווײַט זײַנען די האָריזאָנטן, צי איז פֿאַראַן דאָ גענוג זון־שײַן, ליכט און וואַרעמקײַט. דער זאַמלבוך ענטפֿערט אַף די אַלע פֿראַגעס פּאָזיטיוו".

אין זײַן רעדע אַף דעם ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די סאָוועטישע שרײַבער האָט מ. גאָרקי אונטערגעשטראָכן, אז אונדזער ליטעראַטור איז „אַן אַלפֿאַרבאַנדישע ליטעראַטור", אז אונדזערע שרײַבער, אַלצײַנס אַף וועלכער שפּראַך זיי זאָלן ניט שרײַבן, „אַרבעטן ניט בלויז פֿאַר זייער אייגן פֿאָלק, נאָר יעדערער — פֿאַר אַלע פֿעלקער פֿונעם פֿאַרבאַנד פֿון סאָציִאַליסטישע רעפּובליקן".

די נײַע ביכער, וועגן וועלכע ס'גייט א רייד, באַשטעטיקן נאָכאַמאָל דעם געדאַנק פֿון דעם גרויסן קינסטלער.

„איזוועסטיִא"

## אָפּשאַצונגען פֿון לייענער

# מײַן אנטדעקונג

איך בין א רוסישער מענטש, א ליבהאָבער צו לייענען עכטע ליטעראַטור, און צוערשט, ווען כ'האָב דערזען דעם יעזשעגאָדניק „יאָר נאָך יאָר" אַף דער ביכער־פּאָלקע אין קראָם, ווו איך קויף געוויינלעך ווערק פֿאַר מײַן שטוב־ביבליִאָטעק, איז עס ניט געווען פֿאַר מיר א מין אנטדעקונג. „מיסטאמע א זאַמלונג צווישן אַנדערע אַזעלכע", — האָב איך א קלער געטאָן. די אָנווײַזונג אַף דער הילע, אז דער בוך איז צונויפֿגעשטעלט פֿון ווערק, פֿאַרעפֿנטלעכטע אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", האָט אויך קימאַט ניט געענדערט מײַן שטימונג. מיטן שפּיץ אויער האָב איך דאַפֿקע יאָ געהערט, אז עס עקזיסטירט אַזאַ פּעריִאָדישע אויסגאַבע, אָבער איך האָב געהאַלטן, אז קיין שײַכעס צו איר איז בײַ מיר ניטאָ: די ייִדן, גלײַכבאַרעכטיקטע בירגער, פֿאַרמאָגן א געדרוקטן אָרגאַן, איז זאָל זיי וווילן באַקומען. אַזויאַרום, וואָלט איך געוויס דורכגעגאַנגען פֿאַרבײַ דעם יעזשעגאָדניק, ווען ניט מײַן באַקאַנטע פֿאַרקויפֿערן.

— לייגט אַכט אַף אָט דער נאָווינקע (נײַע זאַך), — האָט זי מיר אונטערגעשטופּט דעם בוך אין א ווייכער ווײַסער הילע, גלעטנדיק אים דערבײַ צאַרט מיט די פֿינגער, — איר וועט קיין כאַראָטע ניט האָבן...

אז די פֿאַרקויפֿערן איז א מיווון אַף ליטעראַטור, האָב איך געוווּסט, דעריבער האָב איך זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן.

געלייענט האָב איך דעם בוך ביז שפּעט אין דער נאַכט. כ'האָב זיך געצוווּנגען אָפּלייגן אים אין א זײַט, ווײַל אינדערפֿרי איז מיר פֿאָרגעשטאַנען א פֿאַראַנטוואָרטלעכע שמעלצונג, און כ'האָב ניט געטאָרט ערעוו איר צעטרענצלען די קויכעס.

באַם מאַרטען, ווי טאָמיד, האָב איך פֿאַרגעסן וועגן אַלע זײַטיקע דײַגעס. עמעס, פֿון מאָל צו מאָל פֿלעג עפּעס א שווינדל טאָן אין מויעך א בילדל, א שורע, אַן אויסדרוק, א וויץ, א געשטאַלט, אָפּשטאַמיקע פֿון דעם נעכטיקן יעזשעגאָדניק, נאָר דאָס אַלץ פֿלעג מאָמענטאַל פֿאַרפֿלייצט ווערן מיט פֿלאַם און פֿײַער פֿונעם אויוון. נאָר נאָך דעם, ווי מיר האָבן באַקומען דעם געשמעלץ, א געלונגענעם, און איך האָב זיך א ביסל אינדערהיים אָפּגערוט, האָט דער יעזשעגאָדניק אָפּסנײַ זיך באַוויזן אַף מײַן שרײַבטיש.

צו אייניקע ווערק פֿונעם בוך „יאָר נאָך יאָר" האָב איך זיך אומגעקערט א צווייט מאָל. פֿאַראַן בײַ מיר אַזאַ מין טעווע, כ'מוז זיך מודיע זײַן, עכטע ווערק האָב איך ליב לייענען עטלעכע מאָל.

איך האָב אנטדעקט א גאַנצן, אומבאַוווּסטן ביז אַהער פֿאַר מיר „מאַטעריק" — ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור. אייניקע ווערק אין דער זאַמלונג „יאָר נאָך יאָר" אַנטשפּרעכן די סאַמע העכסטע סטאַנדאַרטן. אַצינד, באַקענענדיק זיך מיט דער שאַפֿונג פֿון די ייִדישע שרײַבער, הייב איך אָן צו קלערן, אז עס האָט א ווערט צו דערלערנען ייִדיש, קעדיי האָבן א מעגלעכקײַט לייענען די ייִדישע ליטעראַטור אין אָריגינאַל. כ'מיין, אז עפּעס־וואָס פֿאַרלירן די ווערק, ווען מע זעצט זיי איבער. נאָר דאָס רעד איך איצט, פֿאַרשטייט זיך, וועגן א ווײַטער פּערספּעקטיוו. דערווײַל דאַרפֿן מיר אַלע זײַן צופֿרידן, וואָס עס איז דערשינען א גוטע זאַמלונג, וועלכע באַקאַנט דעם רוסישן און, הייסט עס, דעם אַלפֿאַרבאַנדישן לייענער מיט א הײַנטצײַטיקער און געזונטער ליטעראַטור, וועלכע עס שאַפֿן ייִדישע אויטאָרן אַף זייער מוטער־לאָשן.

וו א ס י ל י ל י כ אָ ב א ב י ן,
מעטאַלורג (כאַריקאָוו)

# א פֿײַנע מאַטאָנע

איך וועל ניט זאָגן, אז איך האָב ביכלאל ניט געוווּסט וועגן דער עקזיסטענץ פון א ייִדישער ליטעראטור בא אונדז אין סאָוועטנפארבאנד, דאָס וואָלט זײַן ניט ריכטיק, ווײַל פון מאָל צו מאָל פלעג זיך בא אונדז אין שטוב באווײַזן א פּראָזע-בוך, אָדער א זאמלונג לידער, דערשינענע אין מאָסקווער פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל", מיט אָנווײַזונגען, אז דאָס זײַנען איבערזעצונגען פון ייִדיש. אָט די ביכער האָבן מיט פארגעניגן געלייענט מײַנע עלטערן. ווי בא מיר, איז בא זיי ייִדיש געווען א מין טערא אינקאָגניטאָ. אהער, קיין טאגיל, האָט מען זיי געבראכט אין 1941, בייס זיי זײַנען נאָך געווען קינדער, און געהערט האָבן זיי דאָס ייִדישע לאַשן בלויז בא איין געלעגנהײַט, ווען מײַן זיידע און די באָבעשי האָבן געוואָלט עפּעס-וואָס אויסבאהאלטן פון די קינדער. אזוי איז געווען אײַנגעפירט בא מײַן טאטנס מישפּאָכע און בא מײַן מאמעס מישפּאָכע. מײַנע עלטערן — דער טאטע אין נאָוואָגראד-וואָלינסק, די מאמע אין דניעפּראָפּעטראָווסק — זײַנען פאר דער מילכאָמע אוועק זיך לערנען אין רוסישע שולן, כאָטש ייִדישע שולן זײַנען אין זייערע היימשטעט אויך געווען.

פארשטייט זיך, אז ניט מײַנע עלטערן און ניט איך אליין קאָנען ניט לייענען אף ייִדיש, און שרײַבן געוויס ניט. דעם עמעס אָפּלייקענען וויל איך ניט, מיך האָט קיינמאָל ניט געצויגן צו לייענען די ייִדישע ביכער אין דער רוסישער איבערזעצונג, וועלכע האָבן פארשאפט טאָמיד פארגעניגן מײַנע „אָוועס". כ'פלעג זיי א בלעטער טאָן און אָפּלייגן אין א זײַט. איך ווייס ניט פארוואָס, נאָר אזוי איז עס געווען. און קיין וואָרט, ווי מע זאָגט, פון דער שורע ווערסטו ניט ארויסווארפן. פון שכיינים און באקאנטע האָב איך געוווּסט, אז בא אונדז אפן אוראל שרײַבט מען זיך גערן אונטער אפן זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד", אָבער פאר מיר איז דאָס געווען אן אויסגאבע „אף א פרעמד לאָשן".

ס'קאָן זײַן, אז מײַן גלײַכגילט בענעגייע אָט דער ליטעראטור וואָלט זיך געצויגן ביז איצט, ווען אין איינעם א שיינעם טאָג זאָל איך ניט דערזען אין דער מאמעס הענט דעם בוך „יאָר נאָך יאָר". קוידעמקאָל האָט מיך פארינטערעסירט די הילע. דוכט זיך, א ביז גאַר באשיידענע, אָבער איך נעם דעם בוך אף די דלאָניעס, כ'קוק זיך אין אים אײַן אופמערקזאם און ווער באצויבערט. מע זאָגט, אז דער טעאטער הייבט זיך אָן פון גארדעראָב. אויב איבערפראזירן אָט דאָס ווערטל, וואָלט מען געקאָנט זאָגן, אז דער בוך הייבט זיך אָן פון דער הילע. אזוי אָדער אנדערש, נאָר איך האָב שוין פון דעמלט דעם יעזשעגאָדניק פון די הענט ניט ארויסגעלאָזט.

וויניק צו זאָגן, אז איך האָב געלייענט אלץ נאָכאנאַנד, אָן איבערקלײַבעניש — איך האָב געלייענט פארכלינענדיק זיך, מיך האָט פארפלייצט א געפיל: איך בין געווען גליקלעך, דאָס ערשטע מאָל האָב איך פארשטאנען, פארוואָס מײַן טאטע און מײַן מאמע „שלינגען" אזוי די ביכער פון די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער, זאָל זײַן אין דער איבערזעצונג אף אן אנדער שפּראך. ס'האָט מיך אויך געמוטשעט א געדאנק, אז אהא, א מיצווע אף דיר! האָסט זיך אליין דאָס גאנצע לעבן בארויבעוועט! הײַנט זעסטו, סארא יאָלעפּ ביסט געווען — נישט פארשטאנען ניט דעם טאטן, ניט די מאמע...

אָפּט טאקע פלעג איך מײַנע „אָוועס" ניט פארשטיין. אגעוו, זיי מיך — אויך. אָט, אשטייגער, זײַנען זיי ניט צופרידן, וואָס איך בין ניט קיין כאסענע געהאטער. מע טרײַבט מיך ניט, כאָלילע, פון שטוב און מע ווארפט מיר ניט אויס, וואָס זיי האווירן נאָך מיר — איך אוכאזשעווע נאָך זיך אליין פולקום. זיי זײַנען אָבער איבערצײַגט, אז א באָכער בא די דרײַסיקער מוז האָבן א ווײַב. מיילע! אז מע דארף, איז דאָך ניט שײַעך, נאָר איך וועל פונדעסטוועגן נאָך א ביסל צוווארטן...

דעם יעזשעגאָדניק האָבן מײַנע עלטערן ניט געריסן בא מיר פון די הענט, און איך האָב אין דער פולער מאָס געקאָנט פון אים געניסן. ווײַזט אויס, אז אזוי קומט עס פאָר מיט א ליטעראטור: דו ווייסט וועגן איר גאָרניט, און מיטאמאָל עפנט זיך פאר דײַנע אויגן א נײַע וועלט... לאָמיר אפילע זאָגן, אז א גרויסן כיילעק אין דעם, וואָס דער יעזשעגאָדניק „יאָר נאָך יאָר" האָט זיך אײַנגעגעבן, פארמאָגן די איבערזעצער, נאָר סײַווי פארמינערט דאָס ניט דעם אײַנדרוק, וועלכן דער בוך מאכט אלס אָריגינעלע ליטעראַרישע דערשײַנונג. לויט אלע זשאנרען איבערצײַגט ער, אז אין דער צעצווײַגטער מישפּאָכע פון דער פילנאציאָנאלער סאָוועטישער ליטעראטור פארנעמען די ייִדישע שרײַבער זייער אייגן אָרט. איך בין זיך מוידע, פאר מיר איז עס אן אנטדעקונג. אָט די רײַפקײַט פון די ווערק, וואָס זײַנען פאַרגעשטעלט אינעם יאָר-בוך. ס'איז קיין סאָפעק ניט, אז דער יעזשעגאָדניק האָט שוין איצט אופגעטאָן ניט וויניק אלס פּראָפּאגאנדיסט פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראטור. איך האלט, אז אין דעם באשטייט זײַן וויכטיקער פארדינסט, קוידעמקאָל אין דעם.

איך וויל האָפן, אז די קומענדיקע נומערן פון אָט דער אויסגאבע וועלן לויט דער קוואליטעט זײַן ניט קיין ערגערע, איידער דער ערשטער, און די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראטור, וועמענס פארערער איך בין אצינד געוואָרן, וועט דעראָבערן אלס נײַע און נײַע לייענער אין אלע עקן פון אונדזער לאנד.

דאָוויד וואנדער,
שאָפּער (טאגיל)

■ ■ ■

# * די לעצטע פון די ערשטע *

אפּן אַקט־און־אַכציקסטן יאָר פון איר לעבן איז אַוועק אין דער אייביקייט די פּאַר־דינסטפולע אַקטריסע פון רספּסר עסטער קאַרטשמער, אַ פּערסאָנעלע פּענסיאָנער־קע פון רעפּובליקאַנישן באַ־דייט, איינע פון די ערשטע אַקטריסעס פונעם מאָסקווער יידישן מעלוכע־טעאַטער (גאָסעט). עסטער קאַרטשמער איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע. ווען ס׳האָט אויסגע־בראָכן די ערשטע וועלט־מילכאָמע, איז די מישפּאָכע אַריבערגעפאָרן קיין ראָס־לאַוול, און עסטער איז גע־קומען קיין פּעטראָגראַד, ווו זי האָט פאַרענדיקט די גימ־נאַזיע. אינגיכן האָט זי זיך דערוווּסט, אַז עס ווערט גע־שאַפן אַ יידישע טעאַטראַלע סטודיע. אין צעטל פון די ערשטע טאַלמידים זיינען געווען שלוימע מיכאָעלס, עסטער קאַרטשמער, גערמאַן מאַנעס, וועלכער איז שפּע־טער געוואָרן עסטערס מאַן, ליבע ראָם, ושעניע עפּשטיין.

דעם 20 נאָיאַבער 1920 איז די טעאַטער־סטודיע לויט אַ באַשלוס פון דער סאָוועטישער רעגירונג אַריבערגעפאָרן קיין מאָסקווע און באַקומען דעם נאָמען „מאָסקווער מעלוכי־שער יידישער טעאַטער". קאַרטשמער האָט געשפּילט אַ פירנ־דיקע ראָל קימאַט אין יעדער פאָרשטעלונג. אַזוי האָט זי פאַר דער צייט פון איר אַרבעט געשאַפן העכער 50 הויפּטגע־שטאַלטן. באַזונדערס זיינען איר געווען אייגנטימלעך כאַראַק־טער־ראָלן (דוואָסיע אין גערשענזאָנס קאָמעדיע „הערשעלע אָסטראָפּאָליער", סאָרע אין לערמאָנטאָווס פּיעסע „די שפּאַ־ניער", ביילקע אין שאָלעם־אַליכעמס „200.000", פראַדל אין „מאַזלטאָוו", כאַווע אין „טעוויע דער מילכיקער", רעגאַנע אין שעקספּירס „קיניג ליר" און אַנד.).

די סאָוועטישע רעגירונג האָט הויך אָפּגעשאַצט דעם צושטייער פון עסטער קאַרטשמער אין דער אַנטוויקלונג פון דער טעאַטראַלער קונסט. אין 1939 איז איר צוגעייגנט גע־וואָרן דער ערן־טיטל פאַרדינסטפולע אַרטיסטקע פון דער רוסלענדישער פעדעראַציע.

ע. קאַרטשמער האָט געפירט אַ גרויסע געזעלשאַפטלע־כע אַרבעט. אין משעך פון פיר יאָר איז זי געווען אַ פאָלקס־ביי־צייטער איינעם פאָלקס־געריכט פונעם סאָוועטישן ראַיאָן אין מאָסקווע. אין 1946 איז זי באַלוינט געוואָרן מיט דער מע־דאַל „פאַר העלדנמוטיקער אַרבעט אין דער גרויסער פאַטער־לענדישער מילכאָמע פון 1941—1945".

דער ליכטיקער אָנדענק פון עסטער קאַרטשמער, וועל־כע איז געווען די לעצטע פון דער ערשטער פּלעיאַדע שעפער פון דער יידישער בינע, וועט אויף לאַנג פאַרבלייבן אין אונד־זער זיקאָרן.

מאָניע קאַטליאַראָוו



„טעוויע דער מילכיקער" אין גאָסעט: ש. מיכאָעלס — טעוויע, עסטער קאַרטשמער — כאַווע

# א פּאָלעמיק אין דער ייִשׂראָעלדיקער פּרעסע:

## וועגן די מאַטעריאַלן, וועלכע ווערן געבראַכט אַף די זײַטן 152—153

אין מעשעך פון די לעצטע כאַדאָשים קומט פאַר צווישן די ייִסראָעלדיקע אויסגאַבעס „דער וועג" און „ייִסראָעל־שטימע" א וויקועך אַרום אייניקע פּראָטים פון די קאָנטאַקטן מיט דער ייִדישער ליטעראַרישער סוויווע אין סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס זײַנען געוויס פּראָטים, אָבער גענוג וויכטיקע, מע זאָל זיי ניט פאַרבײַגיין.

די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט באַשטימט אָפּגעבן אָרט אין זשורנאַל אַף צו איבערכאַזערן אין זייער נאַטירלעכן, דאָקומענטאַלן אויסזען צוויי, לעכאַלהאַפּאָכעס, מאַטעריאַלן פונעם וויקועך: דער ענטפער, וואָס דער רעדאַקטאָר פון דער מאַפּאַמישער „ייִסראָעל־שטימע" ד. שטאָקפיש האָט געגעבן אַף א נאָטיץ אין קאָמוניסטישן „דער וועג", ווו דער אווטאָר „יודלאַמעד" ווײַזט אָן אַף אומפרײַנטלעכע בענעגייע דעם סאָוועטנפאַרבאַנד ניט־פּינקטלעכקײַטן, וואָס עס דערלאָזט אין איר אינפאָרמאַציע די „ייִסראָעל־שטימע", און דעם ענטפער אַף אָן ענטפער (נאָכן דורכלייענען שטאָקפישס רעפּליק), וועלכע איז פאַרעפנטלעכט אונטערן קעפּל „דורכרייד אָן עפּיטעטן" מיטן אונטערשריפט י. ליפּסקי. די רעדאַקציע גלייבט, אַז די לייענער וועלן פון דער דאָזיקער דאָקומענטירטער פּובליקאַציע באַקומען א פאָרשטעלונג סײַ וועגן די באַרירטע פראַגן, סײַ וועגן דעם סטיל פון באַהאַנדלען עפנטלעכע פּראָבלעמען, לויט וועלכע מע קאָן גרינג אָפּשיידן די צוויי אווטאָרן אײנעם פונעם צווייטן.

ד. שטאָקפישס ענטפער איז אָנגערופן „צוריק צום אַלטן (יעווסעקישן) לעקסיקאָן". מיר קלערן אויף, אַז דער אַנטיסאָוועטשיק מיינט דאָ אַרופוואַרפן אַפן ניט־אינפאָרמירטן לייענער א פּאַכעד מיט דעם וואָרט „יעווסעקציע", וואָס עס באַטײַט — די ייִדישע סעקציע באַם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין די ערשטע יאָרן נאָכן גרויסן אָקטיאַבער, וועלכע האָט אויפגעטאָן א גיגאַנטישע אַרבעט אַף פּראָדוקטיוויזירן דאָס לעבן פון די שטעטלדיקע מאַסן, שאַפן יעסוידעס פאַר דער אַנטוויקלונג פון נײַע סאָציאַל־עקאָנאָמישע באַדינגונגען אינעם שטייגער און אין היסטאָרישן מאַצעוו פון די ייִדישע מאַסן.

מיר ווילן דאָ אויך דערמאָנען דעם לייענער, אַז „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט ניט איין מאָל זיך געווענדט צו די ייִסראָעלדיקע ליטעראַטור־אינסטאַנצן, צו די דאָרטיקע פּעריאָדישע אויסגאַבעס און צו באַזונדערע שרײַבער און זשורנאַליסטן מיט פאָרשלאָגן וועגן שעפערישער צוזאַמענאַרבעט לעטויוועס דעם וועלט־שאָלעם, לעקאָוועד אונדזער דוירעסדיקער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור. די דאָזיקע פאָרשלאָגן בלײַבן אויך הײַנט גילטיק, און עס ווערט געטאָן אַלץ, וואָס מעגלעך, צום באַדויערן אַף אָן איינזײַטיקן אויפן, זיי צו רעאַליזירן. שטאָקפישס באַשולדיקונגען אין „א טיפן ריס" און „אומנייטיקע מאַכלויקעסן", אין „פאַרלייקענונגען" אַדג. דאַרף מען אַדרעסירן אים, שטאָקפישן, דער צײַטונג „ייִסראָעל־שטימע" און זייערע אידייִשע קאָלעגן. דער פעלשער וועט זיכער אויך ניט קאָנען אָנווײַזן קיין איין פאַקט, וואָס זאָל באַשטעטיקן, אַז אַף די זײַטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן געפונען אָן אָרט „גיפטיקע אַנטי־ייִסראָעל־העצע", „פעלשונג פון אַלץ און אַלעמען, וואָס האָט א שײַכעס צו דער ייִדישער מעדינע". אָבער וואָס עמעס איז עמעס: אויב שטאָקפיש איז אַף אַזויפיל אומשעמעוודיק, אַז ער פאַררעכנט דעם ציוניזם אַלס „נאַציאָנאַלע באַפרײַונגס־באַוועגונג פון אונדזער פאָלק", זײַנען מיר זיך „מוידע", אַז מיר זײַנען קאַטעגאָריש קעגן אַזעלכע פּרעטענזיעס. מיר נעמען אַף זיך אויך די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט צו באַשולדיקן דעם ציוניזם אין מיטאַרבעט מיטן היטלעריזם אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע.

מיר ווילן אויך זיך אַנטשולדיקן פאַר די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", וואָס לעשעם אָנשוילעכקײַט דרוקן מיר איבער די צוויי נאָטיצן ניט מיטן פּראָסט־פּאַשעטן, פאַרשטענדלעכן סאָוועטישן אויסלייג, נאָר מיט דעם „מײַרעוודיקן", באַ וועלכן די קאָנסערוואַטאָרן און אַרכאַיסטן האַלטן זיך אַזוי האַרטנעקיק, ווי די קלעריקאַלן האַלטן זיך באַ פּאות (פּייעס), טלית קטן (טאַלעסקאָטן) אַדג.

אינעם איבעריקן, דאָס הייסט — גופע אין דעם טאָך פונעם וויקועך צווישן דאָוויד שטאָקפישן און דעם פּראָגרעסיוון ייִסראָעלדיקן זשורנאַליסט יויסעף ליפּסקין, וועט דער ברייטער לייענער זיך אַליין פאַנאַנדערקלײַבן.

רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד"

# צוריק צום אלטן (יעווסעקישן) לעקסיקאָן

**דוד שטאַקפיש**

אין דער וואָכן־אויסגאַבע אין יידיש פון רק״ח, „דער וועג“ פון 25.3.86, איז דערשינען אַ נאָטיץ אונטערן נאָמען „שענדלעכער באָיקאָט“, אין וועלכער יוד לאַמעד האָט אַ טענה, הלמאַי אין אונדזער באַריכט וועגן דער יידיש־פּרעסע אין דער וועלט, האָבן מיר אָנגעגעבן בלויז דריי יידישע טאָג־צייטונגען, בעת אויך אין ביראָבידזשאַן דערשיינט 5 מאָל אַ וואָך אַ יידישע טאָג־צייטונג, וואָס צוזאַמען מאַכט עס אויס פיר.

אמת ויציב, פּונקט ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר. נאָר אויב דער מחבר האָט אונדז געכאַפּט ביי אַזאַ ניט ריכטיקן חשבון, איז דען פאַראַן אַ מער פּשוטער וועג ווי געבן אַ טעלעפאָן אין רעדאַקציע „ישראל־שטימע“ און פרעגן היתכן? אָדער ריכטיקשטעלן דעם פעלער. ס׳איז שוין געשען אַזעלכעס אין אַלע צייטן און ביי אַלע צייטונגען.

נאָר יודלאַמעד האָט זיך פאַרגלוסט צו רעאַגירן מיט דער פּעדער — און דאָס איז זיין רעכט, הגם אויך מיר וואָלטן אָפּגעדרוקט זיינעם אַ בריוו מיט דער אויסבעסערונג. די צרה באַשטייט אָבער דערין, וואָס אויב ער האָט שוין יאָ גענומען די פּעדער אין האַנט, דערצו נאָך פאַר אַזאַ אכסניה ווי „דער וועג“ — טאָ פאַר וואָס נישט באַנוצן זיך מיטן אַלטן, פאַראָסטעטן געווער פונעם יעווסעקישן אַרסענאַל (לויטן באַוווסטן כלל, אַז אין אַ וואָסער בית־המדרש מע קומט, אַזאַ קדושה זאָגט מען). „דעם שענדלעכן באָיקאָט“ האָבן מיר שוין דערמאָנט, נאָר אין דער נאָטיץ גופא פרעגט יודלאַמעד מעשה תם:

„ווי אַזוי באַצייכנט מען דאָס? קליינקעפּלדיקייט? מעקאַרטיזם? פּשוט פעלשן די ווירקלעכקייט אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד?“

אמת, נאָך יעדער אַזאַ באַשולדיקונג און פּאַשקוויל אויפן אַדרעס פון „ישראל־שטימע“, האָט יודלאַמעד טאַקע אַוועקגעשטעלט אַ פרעגצייכן, נאָר מיר ווייסן, אַז ביי אים איז נישטאָ דער מינדעסטער ספק, אַז דער וואָס אַפּלאָדירט נישט גאָרבאַטשאָוון, אָדער איז נישט מסכים מיט ווערגעליסן — איז קליינקעפּלדיק, מעקאַרטיש און פעלשט די סאָוויעטישע ווירקלעכקייט. פּאָלעמיזירן מיט אַזאַ לעקסיקאָן האָט נישט קיין זינען און מיר האָבן טאַקע באַשלאָסן צו רעאַגירן מיט אַ... שווייג אויף דעם „שענדלעכן באָיקאָט“.

נאָר פאַריקע וואָך ברענגט אונדז די פּאָסט אַ לענגערן אַרטיקל פון י. ליפּסקי „מיינע באַמערקונגען אויף אַ רעאַגירונג“, אין וועלכן דער מחבר פּאָלעמיזירט מיט דניאל בן־נחום׳ס „ס׳האָט ניט קיין שייכות צום קאַלטן קריג“ („ישראל־שטימע“ פון 8.4.86). מיר לערנען זיך טרעפן, אַז י. ליפּסקי איז דער זעלבער יודלאַמעד פון „דער וועג“, ווייל ער חזרט איבער די טענה מיט די 3 טאָג־צייטונגען אַנשטאָט 4. נאָר דאָסמאָל — אָן די קליינקעפּלדיקע און מעקאַרטישע עפּיטעטן. אויסער דעם — אַ לאַנגער צעטל פון יידיש־גליקן אין ראַטן־פאַרבאַנד, שוין אָפּגערעדט פון ביראָבידזשאַן, ווו די אָרטיקע צייטונג האָט אפילו אין איין נומער אָפּגעדרוקט אַ רובריק „עסט געזונטערהייט — 50 מאכלים פון דער יידישער קיך“. און צווישן די מאכלים: המן־טאַשן, פלאָדן און שטרודל... ער דערציילט אויך וועגן לערנבוך פאַר יידיש „אַלעפבייס“, אַ דערשינען בוך פון יוסף ראַבין און אויפטריטן פון יידישן מוזיקאַלישן קאַמער־טעאַטער אין גרוזיע.

נאָך דערציילט י. ליפּסקי, אַז „דער שרייבער נאָטע לוריע איז פּרעמירט געוואָרן דורכן אוקראַיִנישן אויבער־סאָוויעט און אַז דער זון פון דוד בערגעלסאָן, אַ באַוווסטער וויסנשאַפט־מאַן האָט באַקומען אויסצייכענונגען פון דער סאָוויעטישער רעגירונג“.

ווי הייסט עס ביי יידן — נסים מיט טשיפּקעס. אַזאַ גן־עדן פאַר די סאָוויעטישע יידן איז זיך גאָרנישט פאַרצושטעלן. י. ליפּסקי האָט די אַלע אינפאָרמאַציעס פון דער ערשטער קוועלע, נאָר מיר, נעבעך, זענען אַזעלכע „פינצטערע עלעמענטן“, וואָס הייבן נישט אָן וויסן (אָדער ווילן נישט וויסן) וואָס סע טוט זיך אויפן יידיש־פראָנט אין ביראָבידזשאַן, מאָסקווע, קיעוו און ווילנע.

זיין לאַנגן מאמר פאַרענדיקט ער מיט אַזאַ אַפּעל:

„איך וויל ענדיקן מיט אַ רוף פאַר מאַכן אָנשטרענגונגען דורכן יידישן שרייבער־פאַריין אין ישראל, דורך יידישע קולטור־געזעלשאַפטן, דורך יידישע רעדאַקציעס, פאַר פּרוּוון איינשטעלן אַ בריק פון אויסטויש פון אינפאָרמאַציעס, שאַפונגען, קעגנזייטיקע באַזוכן — פאַר דורכרידן זיך. ס׳איז אוממעגלעך צוריקדרייען די געשיכטע און לאָמיר איינשטעלן אַ בריק פון איינפאַרשטיין זיך מיט די סאָוויעטישע יידישע שרייבער, מיט „סאָוויעטיש היימלאַנד“ און מיטן „ביראָבידזשאַנער שטערן“. לאָמיר זיך דערנענטערן און בעסער באַקענען פאַר אַ צונויפריד לטובת אַלעמען“.

ממש גאָלדענע ווערטער — נאָר אַ טעות אין אַדרעס! די אַלע שיינע רייד דאַרפט איר, י. ליפּסקי (יודלאַמעד?) איבערשיקן אין רעדאַקציע „סאָוועטיש היימלאַנד“ און איר רעדאַקטאָר אהרון ווערגעליס. דער טיפער ריס; די אומגייטיקע מחלוקתן; די פאַרלייקענונג; די גיפטיקע אַנטי־ישראל העצע; די שנאה צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייונג־באַוועגונג פון אונדזער פאָלק; די פעלשונג פון אַלץ און אַלעמען וואָס האָט אַ שייכות צו דער יידישער מדינה; די באַשולדיקונגען, אַז היטלעריזם און ציוניזם האָבן צוזאַמענגעאַרבעט — שטאַמט פון דאָרט, פון מאָסקווע. פּונקט ווי די ישראל־רעגירונג טענה׳ט מיט רעכט, אַז די באַנייונג פון דיפּלאָמאַטישע באַציונגען מיטן ראַטן־פאַרבאַנד, איז אָפּהענגיק פון די סאָוויעטן, ווייל זיי האָבן מיט אונדז איבערגעריסן — אַזוי דאַרף אויך פון יענעם צד קומען די אויסגעשטרעקטע האַנט צו קאָאָפּעראַציע אויפן געביט פון דער יידישער שפּראַך, קולטור און ליטעראַטור.

ד. שטאַקפּישס ענטפער אפן ארטיקל פון „יודלאַמעד“ אין דער צײַטונג „דער וועג“

# דורכרייד אָן עפּיטעטן

**י. ליפּסקי**

„מיר וואַרטן אויף אַן ענטפֿער!“ — רופֿט אויס צו מיר דוד שטאַקפּיש און איך נעם גערן אָן דעם אַרויסרוף („ישׂראל שטימע“, 6.5.86).

אייגנטלעך אַנערקענט ד. ש., אַז ס׳איז געווען ריכטיק מיין באַמערקונג וועגן דעם, אַז אויף דער וועלט דערשיינען היינט 4 טאָג־צייטונגען אין ייִדיש און ניט 3 טאָג־צייטונגען, ווי ס׳האָט אָנגעגעבן „ישׂראל שטימע“, און אַז די 4־טע טאָג־צייטונג איז דער „בירעבידזשאַנער שטערן“, וואָס דערשיינט 5 מאָל אין דער וואָך. ס׳איז דערביי וויכטיק צוצוגעבן, אַז דער „בירעבידזשאַנער שטערן“ ווערט געלייענט אין 250 יישובים אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דאָס איז געווען וויכטיק צו באַמערקן, ווייל אין די לעצטע 20 יאָר, איז די צאָל ייִדישע טאָג־צייטונגען אויף דער וועלט דראַסטיש געפֿאַלן פֿון 16 צו 4 טאָג־צייטונגען. ס׳איז דעריבער געווען אַ וווּנדער, פֿאַר וואָס „ישׂראל־שטימע“ האָט פֿאַרשוויגן דאָס דערשיינען פֿון דער 4טער טאָג־צייטונג. צי איז דאָס געווען דערפֿאַר, ווייל די דאָזיקע צייטונג אין ייִדיש דערשיינט אין בירעבידזשאַן?

ד. שטאַקפּיש האָט טאַקע אַנערקענט, אַז די באַמערקונג איז געווען אַ ריכטיקע, ער האָט אָבער געהאַט אַ טענה, פֿאַר וואָס מען האָט צוליב דעם געפֿרעגט צי איז דאָס „קליינקעפּלדיקייט? מעקאַרסים? צי פּשוט פֿעלשן די ווירקלעכקייט אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד?“. דאָס זענען, דאַכט זיך, לויט אַלע אָנגענומענע כּללים, לעגיטימע, ניט באַליידיקנדיקע פֿראַגן. אויב אָבער ד. שטאַקפּיש האַלט, אַז דאָס זענען באַליידיקנדיקע פֿראַגן, בין איך זיי גרייט אויסצומעקן און צוריקציִען, ווייל ס׳איז ניט געווען די מינדסטע כּוונה צו באַליידיקן עמיצן, אָדער די „ישׂראל שטימע“ ,נאָר גלייכצושטעלן, קלאָר מאַכן, באַזייטיקן מיספֿאַרשטייענישן.

אויב אָבער ד. שטאַקפּיש איז אַזוי פֿילבאַר אויף אויסדרוקן, ווי קומט עס, וואָס ער באַנוצט אַזעלכע עפּיטעטן, ווי „צוריק צום אַלטן (יעווסעקישן) לעקסיקאָן“, אָדער אַזאַ זאַג, ווי: „דער וואָס אַפּלאָדירט ניט גאָרבאַטשאָוון, אָדער איז ניט מסכּים מיט זעגאַליסן, איז...“. צוליב וואָס דאַרף מען אַריינשלעפּן די דאָזיקע נעמען און די יעווסעקעס, ווען מען פּאָלעמיזירט מיט י. ליפּסקי און מיט זיינע אַרגומענטן...

י. ליפּסקי ברענגט אין זיין אַרטיקל אינפֿאָרמאַציעס וועגן ייִדישן קולטור־לעבן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. ד. ש. האַלט פֿאַר נייטיק צו מאַכן דערביי אַ באַמערקונג, אַז י. ל. האָט די אַלע אינפֿאָרמאַציעס פֿון דער ערשטער קוועלע. נאָר מיר נעבעך, וועגן אַזעלכע ,פּיצטעפּרע עלעמענטן‘, וואָס הייבן ניט אָן צו וויסן (אָדער ווילן ניט וויסן) ,וואָס סע טוט זיך אויפֿן ייִדיש־פֿראָנט אין בירעבידזשאַן, מאָסקווע, קיעוו און ווילנע“. ס׳איז באמת אַן אומנייטיקע באַמערקונג, ווייל איך בין שוין גרייט צו טיילן זיך מיטן סוד, פֿונוואַנען איך נעם „די אַלע אינפֿאָרמאַציעס פֿון דער ערשטער קוועלע“. יעדער איינער קען באַקומען אין תּל־אָביב „סאָוועטיש־היימלאַנד“ און אַ רעדאַקציע קען זיכער באַקומען אויך דעם „בירעבידזשאַנער שטערן“. דאָס איז די בעסטע „ערשטע קוועלע“ פֿון וועלכן איך שעפּ מיינע אינפֿאָרמאַציעס.

דאָס איז דאָך מיין עיקרדיקע טענה: אַז מען פֿאַרשוויגט, אַז מען אינפֿאָרמירט ניט וועגן דעם פֿאָראַנגעם אין ייִדישן לעבן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. דאָס הייסט בשום אופֿן ניט, אַז מען דאַרף זיך באַגנוגענען דערמיט, אַז מען קען ניט האָבן טענות צו דער אָרטאָגראַפֿיע, צו דער פֿאָרעם, צום אינהאַלט, צי דאָס איז גענוג ייִדישלעך. טענות זענען באַרעכטיקט, איך אָבער באַרעכטיק ניט בשום אופֿן דאָס טאָטאַלע פֿאַרשווייגן, דאָס ניט אינפֿאָרמירן וועגן דעם פֿאָראַנגעם אין ייִדישן לעבן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד.

לאָמיר נעמען אַלס בײַשפּיל דעם בוך „אין אונדזערע טעג“, אין וועלכן אַרום 30 ייִדישע שרייבערס דערציילן וועגן זייערע באַגעגענישן מיט ייִדישע אַרבעטער, דאָקטוירים, וויסנשאַפֿט־לייט, קולטור־טוער פֿון פֿאַרשיידענע געגנטן אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד .דער עצם פֿאַקט פֿון אַרויסגעבן אַזאַ זאַמלונג רעפּאָרטאַזשן וועגן לעבן פֿון ייִדן אין פֿאַרשיידענע ראַיאָנען פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד, איז גאָר וויכטיק. דערביי איז אינטערעסאַנט, אַז צווישן די מחברים פֿון די רעפּאָרטאַזשן זיינען אויך פֿאַראַן פֿאַרהעלטניסמעסיק יונגע מענטשן, צווישן זיי לעאָ שקאָלניק, אַ געבוירענער אין 1945, אַ געבוירענער אין בירעבידזשאַן, וועלכער איז שעף־רעדאַקטאָר פֿון „בירעבידזשאַנער שטערן“. איך חזר איבער די פֿראַגע: פֿאַר וואָס זאָל „ישׂראל שטימע“, צי אַנדערע ייִדישע צייטונגען און דער וועלט־ראַט פֿאַר ייִדיש ניט אינפֿאָרמירן וועגן דעם, ניט קוקנדיק אויף די באַוואָרענישן, קריטיק, וואָס זיי קענען אַרויסרופֿן אין פֿאַרבינדונג דערמיט?

איך האָב נאָך אַמאָל אַרויסגערוקט די פֿראַגע פֿון זוכן וועגן און מיטלען פֿון אָפּשטעלן די „קאַלטע מלחמה“ און מאַכן אָנשטרענגונגען פֿאַר איינשטעלן אַ צונויפֿרייד, פֿון אויסטויש פֿון אינפֿאָרמאַציעס, ביכער, זשורנאַלן, שאַפֿונגען צווישן ייִדישע שרייבער, ייִדישע בכער אין ישׂראל, אויף דער וועלט און דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. ענטפֿערט מיר דערויף ד. שטאַקפּיש, אָפּשיקנדיק מיך צו „סאָוועטיש היימלאַנד“, אַרויסרוקנדיק דערביי טענות וועגן: „אומנייטיקע פּלוגתּן, פֿאַרלייקענונג, גיפֿטיקע אַנטי־ישׂראל־העצע...“ און אַנדערע.

איך לייקן ניט, אַז ס׳האָט זיך אָנגעזאַמלט פֿיל בייז־בלוט. ס׳איז אמת, אַז ס׳זענען פֿאַראַן, דאַכט זיך, תּהומיקע מיינונגס־פֿאַרשיידנהייטן. ווען דאָס אַלץ וואָלט ניט געווען, וואָלט מען דאָך ניט געדאַרפֿט רופֿן צו אַ צונויפֿרייד. ד. שטאַקפּיש האַלט, אַז: „פֿון יענעם צד דאַרף קומען די אויסגעשטרעקטע האַנט צו קאָאָפּעראַציע אויפֿן געביט פֿון דער ייִדישער שפּראַך, קולטור און ליטעראַטור“. אויב מען אַנערקענט דעם פּרינציפּ, אַז אַזאַ קאָאָפּעראַציע איז נייטיק, אויך דערפֿאַר ווייל די מערכה פֿון ייִדיש איז אינגאַנצן ניט קיין פֿריגלדיקע און אויסער דעם האָבן זיך איבער די הימלען סיי פֿון מזרח און סיי פֿון מערב אָנגעזאַמלט זייער שווערע און דראָענדיקע כמאַרעס — צוליב וואָס וואַרטן, אַז: „פֿון פֿון יענעם צד דאַרף קומען די אויסגעשטרעקטע האַנט...“ איך וויל דערביי אונטערשטרייכן, אַז מיט עטלעכע חדשים צוריק איז געקומען אַ דעלעגאַציע פֿון סאָוועטישע ייִדן קיין פֿראַנקרייך, פֿאַרשלאָגנדיק דורכצופֿירן אַ „ראָונדן טיש“ מיטן פֿראַנצויזישן ייִדישן ישוב און די אויסגעשטרעקטע האַנט איז זייער ניט פֿריינטלעך אָפּגעוואָרפֿן געוואָרן. אַפֿילו דער פּאַריזער רבֿ האָט זיך אָנגעזאָגט אויפֿצונעמען דעם מאָסקווער רבֿ...

איך האָב גאָרניט קעגן דעם, אַז: „פֿון יענעם צד זאָל קומען די אויסגעשטרעקטע האַנט צו קאָאָפּעראַציע אויפֿן געביט פֿון דער ייִדישער שפּראַך, קולטור און ליטעראַטור“, אָבער דאָך האַלט איך אונטער מיין באַשיידענע מיינונג, אַז מיר אין ישׂראל דאַרפֿן פֿון אונדזער זייט מאַכן אָנשטרענגונגען פֿאַר איינוואָרפֿן דעם תּהום און אויפֿשטעלן אַ בריק פֿון אַ צונויפֿרייד, פֿון אויסטויש פֿון אינפֿאָרמאַציעס, שאַפֿונגען, ניט קוקנדיק אויף די פֿאַראַנענע מיינונג־פֿאַרשיידנהייטן, ווייל סיי ישׂראל, דער מזרח און דער מערב, שטייען אויפֿן ראַנד פֿון גורלדיקע אַנטשיידונגען. ס׳איז פֿאַראַן אַרום וואָס צו קאָאָפּערירן ,איבער די אונטערשיידן אינעם צוגאַנג, אין אויפֿנעמען און באַהאַנדלען פֿראַגן.

איך דאַנק פֿאַרויס פֿאַר אָפּדרוקן מיין ענטפֿער אויף אייער רוף צו מיר: „מיר וואַרטן אויף אַן ענטפֿער!“.

**3.6.86 / ישׂראל־שטימע / ד׳ 3**

י. ליפּסקיס „ענטפֿער אַף אַן ענטפֿער“




## אירמע דרוקערס פאָלקלאָר־אַנזאַמלונג

# רעדנסאַרטן



דער עמעס איז ווי די אופגייענדיקע זון, מיט דער האַנט וועסטו אים ניט פאַרשטעלן.



דער יאַם רוישט נאָר בא די ברעגן, וואָס טיפער אַלץ שטילער.



די, וואָס ווייסן, אַז זיי קאָנען ניט שרײַבן, די לייענען ניט, די, וואָס לייענען, מיינען אַז זיי קאָנען שרײַבן.



די טאָכטער מעג, און די שנור טאָר ניט.



די אייגן זײַנען גרעסער ווי דאָס מויל.



די גוטע צײַט טראָגט אונדז, די שלעכטע, מוזן מיר איבערטראָגן.



די הויפּט־סיבע פון געטן זיך איז — דאָס כאַסענע האָבן.



דער מענטש איז וואָס ער איז, אָבער ניט וואָס ער איז געווען.



דער מאַלכאַמאָוועס קוקט ניט אין לועך.



לאַקייען האָבן די שענסטע מאַנירן אין דער וועלט.



דײַן מויל בלאָזט אויף דעם פײַער און דײַן מויל פאַרלעשט אים.



מע דערקענט דעם גיבער אין מילכאָמע, דעם כאָכעם אין קאַס, דעם פרײַנט אין דער נויט.



דאָס, וואָס דו באַהאַלטסט פאַר דײַן פײַנט, אַנטפּלעק ניט פאַר דײַנע פרײַנט.



דער אָרעמאַן האָט ווייניק פײַנט, נאָך ווייניקער האָט דער רײַכער גוטע פרײַנט.



האָב אין זינען זיך, וועסטו פאַרגעסן אין יענעם.



הייב מיך ניט און וואַרף מיך ניט.



ווען דאָס מאַזל גייט, קעלבט זיך דער אָקס.



ווען דער קאַצעוו גייט אַוועק, שפּרינגט דער הונט אפן קלאָץ.



ווען עס איז ניט ווי מ'וויל, מוז מען וועלן ווי עס איז.



ווען א שטיין פאַלט אַף איר האַרץ, וואָלט ער זיך צעבראָכן.



ווער עס וויל באָרגן, זאָל קומען מאָרגן.



וואָרפסטו דײַן פֿײַנט צו דער ערד, קאָן ער נאָך אופשטיין, מאַכסטו מיט אים שאָלעם, דאַן האָסטו אים אײַנגעוווּנען אינגאַנצן.



וואָס מער געערט, מער גענאַרט.



וויינען און לאַכן איז בא ווײַבער לײַכטע זאַכן.



וואָס א גראָבער בויך קאָסט, וואָלט איך געוואָלט פאַרמאָגן, וואָס ער איז ווערט, זאָלן מײַנע סאָנים פאַרמאָגן.



ליבע קאָן ברענען און ניט אופהערן.



וויאַזוי די מייסים עסן, אזא פּאָנעם האָבן זיי.



ווען מ'שערט די שאָף ציטערן די לעמעלעך.



ווען מ'שלאָגט די גאַלאָכים, ציטערן די געטער.



ווען ס'איז ניטאָ קיין פֿינפערל, איז א דרײַערל אויך געלט.



ווען דער קאָפּ טראַכט, רוט אָפּ די צונג.



וואָס אזוינס איז א פעסימיסט? — ער איז גליקלעך, ווען ער איז אומגליקלעך.



ווי מ'בעט זיך אויס, אזוי שלאָפט מען.



זײַ ניט צופיל זיס, מ'זאָל דיך ניט אופעסן, זײַ ניט צופיל ביטער, מ'זאָל דיך ניט אויסשפּײַען.



זיך אליין אופהייבן בא די אויערן קאָן מען ניט.



טאַטע־מאַמע מוזן פון קינדער לײַדן.



טו א הונט גוטס בילט ער נאָך.



יעדער וואָרעם האָט זײַן דאָרעם.



קאָווער וואָלגערט זיך ניט אַף דעם מיסט.



קאָוועד איז ווי א שאָטן: וואָס מער מע לויפט אים נאָך, אַלץ ווײַטער אנטלויפט ער.



ליידיקע הענט מאַכן קאַליע די ווענט.



לעבן איז: אָדער דו פרעגסט, אָדער דו ענטפערסט.



מיט וואָס פאַר אן אויג מ'קוקט אײַנעם אָן, אזא פּאָנעם האָט ער.



מע לייגט דער הון אונטער איין איי, קעדיי מ׳זאָל האָבן צוויי.



מע זאָגט „אַרעמעלײַט״, ווײַל די רײַכע זײַנען קיין לײַט ניט.



מ׳קאָן זײַן א באַשיידענער, ניט זײַענדיק קיין קלוגער, נאָר מע קאָן ניט זײַן קיין קלוגער, ווען מען איז ניט באַשיידן.



מיט וואָס דער טאָפּ ווערט אָנגעברענט, מיט דעם ווערט ער צעבראָכן.



נאַרישקײַט און שטאָלץ וואַקסן אויף איין האָלץ.



עס ניט קיין ביינער ווען דיר ניט ווי טאָן די ציינער.



ער זעט אויס ווי א פלוי אין פּאַנטאָפל (וועגן א קליינעם מענטש אין א גרויסן מאַלבעש).



עס פעלן פעלערן, און דאָס איז זײַן כיסאָרן.



ער איז ניט קראַנק זײַן געזונט.



ער איז פון די, וואָס אהין און אהער; און יענער איז פון די, וואָס ניט אהין און ניט אהער.



ער מאַכט לאַכנדיק מיט א טרער און וויינענדיק מיט א שמייכל.



ער פּילט זיך ווי א פיש אין נעץ.



צום באָרשטש דאַרף מען קיין ציין.



צופיל קאָוועד איז א האַלבע שאַנד.



פאַר א פויסט זײַנען אַלע פינגער גלײַך.



פון קינע קומט סינע.



פיל שווייגן איז פאַר דעם צווייטן ניט גוט, פיל ריידן איז פאַר זיך ניט גוט.



פרײַנטשאַפט איז ווי א גלאָז, האָסטו עס צעבראָכן, ווערסטו עס ניט צונויפלייגן, ניט צונויפנעמען.



פונוואַנען נעמט זיך א ווינט? — פון דעם, וואָס דיביימער טרייסלען זיך.



פון צוויי דאַרף מען אַנטלויפן: פון דעם, וואָס האָט ליב נאָר זיך אַליין, אויך פון דעם, וואָס האָט פײַנט אַפילע זיך אַליין.



פון א הונט קאָן מען אַפילע קיין גוטן פעלץ ניט מאַכן.



פונויטן זײַנען אַלע גוטע לײַטן.



פאַרשפּעטיקט א שאָ, פאַרלאָרן א יאָר.



פון גליק צום אומגליק איז א שפּאַן, פון אומגליק צום גליק איז א מײַל.



פאר א שיקער איז קיין שלעכטער בראנפן ניט פאַראַן.



פון לײדיקע פעסער איז דער ליאַרעם גרעסער.



קיין מיִעסע קאַלע איז נישטאָ.



קיינער שרײַט ניט „אוי״, אַז עס טוט ניט ווי.



שיין שווײַגן איז מער קונץ ווי שיין ריידן.



שווער איז צו בעטן דאָס, וואָס עס קומט, אָבער צו פאָדערן דאָס, וואָס עס קומט ניט, איז גרינג.



אין אייוועלע קיין פענדעלע,
אין שטײַגעלע קיין הענדעלע,
אין בײַטעלע קיין רענדעלע.



אינמיטן טאנצן פלאַצט די סטרונע.



איך האָב גערעכנט זונטיק,
אַז איך וועל פאָרן מאָנטיק,
איך גיב א קוק דינסטיק,
אַז מאָרגן איז מיטוואָך,
איז וואָס וועל איך פאָרן דאָנערשטיק,
אַז פרײַטיק איז ערעוו שאַבעס?



אומזיסט קושט מען נאָר די מעזוזע.



איז דײַן גאָרטן ניט געראָטן, איז ניט דער הימל שולדיק, נאָר דו אַליין.



# כראָניק

## אין מאָסקווער צענטראַלן הויז פון די קונסט־טוער

אין צענטראַלן הויז פון די קונסט־טוער אין מאָסקווע איז פאָרגעקומען אן אָנדענק־אָוונט, געווידמעט דעם 100־טן געבורטסטאָג פונעם באַוווּסטן סאָוועטישן טעאַטער־טוער יעשוע (איסײַ) פײַל, וועלכער איז אין פארלויף פון קימאַט זעקס צענדליק יאָר געווען טעטיק אלס אקטיאָר און טעאַטראַלער אדמיניסטראַטאָר. א היפּשן טייל פון זײַן לעבן האָט י. פײַל אָפּגעגעבן דער ייִדישער בינע, ווו ער איז דורכגעגאַן דעם וועג פון א זעלבסטעטיקן ארטיסט אין צארישן רוסלאַנד ביז דעם דירעקטאָר פונעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער (גאָסעט). ער האָט אויך געאַרבעט אין מינסקער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, געשטאַנען בײַם וויגל פונעם מאָסקווער ציגײַנערשן טעאַטער „ראָמען״, געווען טעטיק אין פארשיידענע אנדערע טעאַטערן. אין 1938 האָט די אַלרוסלענדישע טעאַטראַלע געזעלשאַפט ארויסגעגעבן אף רוסיש י. פײַלס אַוטאָביאָגראַפישן בוך „דאָס לעבן פון א ייִדישן אקטיאָר״.

אפן אָוונט, געווידמעט יעשוע פײַלס אָנדענק, זײַנען געקומען פאָרשטייער פון דער טעאַטראַלער געזעלשאַפטלעכקײַט פון פארשיידענע נאַציאָנאַליטעטן.

אין דער קינסטלערישער פּראָגראַם האָט צווישן אנדערע גענומען אן אָנטייל די יונגע אַקטריסע פונעם מאָסקווער ייִדישן סטודיע־טעאַטער אַלעקסאַנדרע גאָרעליק, וועלכע האָט אויסגעפילט די ייִדישע פאָלקסלידער „לאָמיר זיך איבערבעטן״ און „טשירי־בים, טשירי־באָם״ און צוויי זינגלידער פונעם סאָוועטישן ייִדישן קאָמפּאָזיטאָר וולאדימיר טערלעצקי אף די ווערטער פון ארן ווערגעליס — „א שיינע ייִדישקע״ און „צאר לי״. די פאָרטעפּיאַנע־באַגלייטונג האָט געפירט דער קאָמפּאָזיטאָר.

דאָס קאָל פון י. פײַלן האָט אפן אָוונט געקלונגען פון מאַגניטאָפאָן־טאַשמעס סײַ אף רוסיש, סײַ אף ייִדיש.

# צוגאַסט בא די העזעלעך

טשיקאַווע טראַדיציִעס פֿאַרמאָגן אייניקע אַזיִאַטישע פֿעלקער. די יאַפּאַנער, לעמאָשל, וואָס זײַנען גרויסע ליבהאָבער פֿון פֿײַערלעכע פֿאַרשטעלונגען, האָבן ערעוו דעם נײַעם 1987 יאָר האַרמוינענווײַז זיך א לאָז געטאָן אין דעם שטעטל יאַסוטאָווי, פּרעפֿעקטור כיאָגאָ, ווו עס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן א קאַרטאָנענער האָז, צוויי מעטער די הייך, וועלכער זיצט, ווי אַף א העסע־בעט, אַף א ריזיקער לעוואָנע פֿון פּאַפּיע־מאַשע. דעם באַלכײַ, אונטער וועמענס האַזשגאָכע ס׳וועט זיך געפֿינען דאָס יאָר, גיט מען אָפּ קאָוועד! הערכער פֿיר טויזנט יאָר טוט מען אַזוי... אַגעוו, קעדיי דאָס נײַע יאָר זאָל זײַן מאַזלבראָכעדיק, ראַמען די יאַפּאַנער קוידעמקאָל אוף יעדער ווינקעלע בא זיך אין דער דירע — אַזאַ איז דער דוירעסדיקער מינהעג, — זיי שטעלן אַפֿילע איבער פֿון איין אָרט אַפֿן אַנדערן דאָס מעבל. דעם אַרײַנגאַנג אין שטוב באַצירן זיי מיט בוקעטן פֿון סאָסנע־צווײַגן, מיט בלעטער־קראַנצן פֿון פֿלוימענביימער און מיט באַמבוק־שטענגלעך — דאָס זײַנען סימבאָלן פֿון אַריכאַס־יאָמים. אין כינע איז דעם 5 יאַנוואַר 1987 דערשינען א פּאָסט־מאַרקע, אַף וועלכער ס׳איז אָנגעמאָלט א גרוי־ווײַסער האָז. די אויגן זײַנען בא אים רויטע און אויך די אויערן.

די אוראַלטע מעסוירעס באַשטעטיקן, אַז טיכטיקײַט און האַמצאָעדיקײַט, ווי אויך א געוויסער לײַכטזין, זײַנען אייגנטימלעך אַלעמען, ווער עס איז געבוירן געוואָרן אונטערן צייכן פֿונעם האָז. אויב גלייבן די פֿאַרצײַטיקע ספֿאָרים, קאָן מען דערוואַרטן, אַז דאָס 1987 יאָר, אַלס יאָר פֿונעם האָז, וועט זיך אויסצייכענען מיט פֿיל געשעענישן, ווײַל א האָז איז פֿעיִק אומגעריכט א שפּרונג טאָן, ווײַל דעם האָז שרײַבט מען צו, אַז ער איז א כיטרער, ער האָט ליב צו טאָן שפּיצלעך, עמעס, גוטמוטיקע. כוץ דעם, אינקרימינירט מען דעם האָז אַן אומבייגעוודיקן, קעמפּערישן כאַראַקטער — ער טרעט קיינמאָל ניט אָפּ אַפֿילע אין די סאַמע שווערע אומגעבונגען, קעסיידער שפּרינגט ער פֿאָרויס...

די פֿעלקער, וואָס באַווינען דעם ווײַטן מיזרעך, האָבן ליב דעם האָז — א באַווײַז: ער איז איינער פֿון די סאַמע לעבנסלוסטיקע געשטאַלטן אין זייערע מײַסעלעך, טאָמיד איז ער אין דעם פֿאָלקס פֿאַרשטאַנד א באַרמאַזל. די דיזײַנערס רעקאָמענדירן דערפֿאַר אינעם יאָר פֿונעם האָז העלע, פֿריידיקע מאַלבושים אָנשטאָט טראַדיציִאָנעלע גרויע, שוואַרצע אָדער בלויע.

ווענגן די פּראָטים, וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיטן יאָר פֿונעם האָז, האָב איך געטראַכט, ווען ס׳האָט מיך פֿאַרבעטן צוגאַסט מײַנער א באַקאַנטער, יורי ניקאָלײַעוו, און איך בין צום ערשטן מאָל געקומען צו אים אַהיים אין צוזאַמענהאַנג מיט א געהויבענעם פֿאַמיליען־יאָמטעוו.

אַף דעם פֿײַערלעך געדעקטן טיש איז געשטאַנען א היפּשער לעקעך, אַרום אים — וואַזעס מיט בלומען, עס שפּילט מוזיק, אַלע געסט זײַנען פֿריילעך געשטימט. און בלויז דער באַל־יויוול האַלט זיך רויִק און שווײַגט העפֿלעך. זײַנע אויגן קוקן קאַלט און שטרענג, און די לאַנגע אויערן פֿאַלן געבויגן, ווי א לענטע, אַף די גרויע אַקסלען.

די דירע, ווו עס קומט פֿאָר דער יאָמטעוו, איז א געוויינלעכע מאָסקווער קוואַרטיר, איר באַלעבאָס איז א פּופּציקיאָריקער זשורנאַליסט. איינמאָל האָט ער געבראַכט אַהיים א פּעקעלע און געזאָגט צום ווײַב:

— טו נאָר א קוק, וואָס איך האָב געקויפֿט.

פֿאַר איר פֿאַרכידעשטן בליק האָט זיך באַוויזן א קליינינק העזעלע.

— דערנאָך זײַנען געווען א סאַך האָזן, — דערציילט מײַן פֿרײַנט, — שטיינערנע, פֿון האָלץ און טשוהון, קאַנאַדער און יאַפּאַנישע, אַלטע און יונגע, שיינע און מיִעסע. לעכאַטכילע האָבן די פֿרײַנט און קרויווים ניט פֿאַרשטאַנען, צוליב וואָס מע דאַרף זיי האָבן, מע האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט. נאָר עס זײַנען דורכגעגאַנגען עטלעכע יאָר, און די האָזן־קעגנער האָבן זיך צו זיי צוגעוווינט. און טאַקע: פֿילאַטעליסטן זײַנען פֿאַראַן, נומיזמאַטן — אויך, עקסליבריסטן — ניט ווייניקער. פֿאַרוואָס זשע זאָל מען ניט קאָלעקציאָנירן האָזן־שפּילכלעך? אין א פּאָר יאָר אַרום פֿלעג מען שוין אַהער אין שטוב קומען צוגאַסט, ברענגענדיק אַלס מאַטאָנע די „גרויע לאַנג־אויערנדיקע”. עס באַווײַזן זיך בא מיר נאָכגייער, אָנגעשטעקטע מיט דער „האָזן־קרענק”. דאָס זײַנען, אַלס קלאַל, יענע, וואָס פֿלעגן לעכאַטכילע זיך אויסלאַכן פֿון מײַן האָבי. נאָר, ווי מע זאָגט, די צײַט נעמט אירס.

אַזוי דערציילט דער קאָלעקציאָנער. אָבער דאָס, וואָס מיר האָבן דערזען אין זײַן שטוב מיט די אייגענע אויגן, האָט אונדז מאַמעש דערשיטערט. ס׳האָט זיך באַקומען אַן עכטע קונסט־אויס־




שטעלונג. פראקטיש פארמאגן דא אלע לענדער פון דער וועלט זייערע „פארשטייער". אינדיע איז א לאנד פון העלפאנדן, און דעריבער זעען מיר אף דער פאליצע א גאנצע מישפאכע אויסגעשניצטע פון העלפאנד־ביין האזן; טשעכאסלאוואקיע איז באַרימט מיט אירע גלאז־זאוואדן — איז נאט אייך גלעזערנע האזן; די פאלקס־מייסטערס אין גרוזיע זיינען ספעציאליסטן צו גראווירן אף קאלערליי מעטאלן — זעען מיר גרויסע אויערן אף מעטאלפלאטן; די רוסלענדישע העזלעך זיינען געמאכט פון שטרוי, ליין, האלץ.

אייניקע האזן אף די פאליצעס זיינען ניט נאר סטאטיסטן — דו ציסט זיי אונטער ווי, לעמאשל, א זייגער, הייבט אן שפילן מוזיק, און זיי טאנצן מאדערנע טענץ...

ניט יעדערער פון די לאנג־אויערנדיקע איז אנגעטאן אין דעם, אין וואס די מאמע האט אים געהאט, אייניקע האזן־פיזשאנעס טראגן סאלידע, שטרענגע שווארצע קאסטיומען, עלעגאנטע האלדזטיכער, לאקירטע פאנטאפל, און, פארשטייט זיך, זיי כאווערן זיך מיט ניט ווייניקער שיינע האזיכעס־מאדניצעס.

אף איינער פון די פאליצעס איז אופגעשטעלט אן אינטערעסאנטע פאנאראמע. אין איר איז בוילעט פארקערפערט דער האזישער טרוים וועגן מוט: אפן ראנד פונעם וואלד ליגט א געבונדענער יעגער, וואס איז געקומען אף האזן־יאגד. לעבן אים דרייט זיך ארום א פריילעכע כאליאסטרע לאנג־אויערנדיקע, עס פלאקערט א שייטער — אין א קעסל קאכן פאר זיך די האזן א וועטשערע. איינער פון זיי דערציילט וועגן דעם, וואס פאר א געלונגענער געיעג איז געווען בא די האזן, וויפל וועלף זיי האבן פארצוקט, וויפל פוקסן און... פארשלאפענע יעגער.

פאראן באם קאלעקציאנער אויך א בילדער־גאלעריי. נו, און אף די בילדער, פארשטייט זיך, זעט מען האזן, וועלכע ס'האבן געמאלט באוווסטע קינסטלער.

און אוואדע, מיט יעדן האז איז פארבונדן א וועלכע־ניט־איז וונדערלעכע געשיכטע. מיר וועלן דערציילן בלויז איינע פון זיי.

אן אוראלטער אפריקאנער שייוועט האט געהאט אן אפגאט — א האז. א קליינטשינקן אזא מין, אן אויסגעטאקטן פון אן אייזערנעם בוים. פארוואס א האז גאר? איז הערט זיך איין. אין איינעם א שיינעם פרימארגן האבן זיך די געטער אראפגעלאזט אף דער ערד, געמאכט גליקלעך די מענטשן און דערנאך ווידער זיך אופגעהויבן אין הימל. אלס אנדענק פון זייערע ווילע טאטן איז געבליבן אף דער ערד א קליין באלכייעלע — דער האז. אט פארוואס ער איז געווארן דער סימבאל פונעם שייוועט...

(דא ניט לאנג צוריק, ווען עטלעכע סאוועטישע זשורנאליסטן זיינען געווען צוגאסט בא יענעם אפריקאנישן שייוועט, האט מען זיי געשענקט א סטאטועטקע פון א העזעלע. די סאוועטישע מענטשן זיינען זייער נויסעכיין געווען בא די אפריקאנער, וועלכע גלייבן, אז די לעגענדע וועגן דעם העזעלע איז גאר ניט קיין אויסטראכטעניש — זיי ווייסן אף געוויס, אז דאס איז א וואראפטיקע געשיכטע.)

א גאנצן טאג וואלט מען געדארפט האבן אין רעשוס, קעדיי באקוקן אלע וויטרינעס, סטעלאזשן, שראנקען, אפילע אויב פאר יעדן העזעלע אויסטיילן בלויז א רעגע.

מיט איין ווארט, בעעמעס אן אוניקאלע אויסשטעלונג.

יורי ניקאלייעוו באהאלט ניט אויס זיין קאלעקציע. פארקערט, קעסיידער איז זיין דירע פול מיט נייגעריקע: קומט צו גיין און האט האנאע.

און מענטשן קומען אהער און מע האט א סאך פארגעניגן.

לעסאף בלייבט צוגעבן, אז דער באל־יויוול, צו וועלכן כ'בין געקומען צו יורי ניקאלייעוויטשן, איז דאס מאל געווען דער האז מיטן נומער 1.000, דאס הייסט, אז מיין פריינט פארמאגט שוין טויזנט האזן, און אזא קיילעכדיקע ציפער איז אנגענומען אפצומערקן, ביפראט נאך, אז די געשעניש האט פאסירט אינעם יאר פון דעם האז.

א. ניעמאוו





# ביראָבידזשאַנער נײַעס



## זיגער פונעם קאָנטישן דורכקוק

אין כאַבאַראָווסק איז פאָרגעקומען א קאָנטישער דורכקוק פון אַגיט־טעאַטערן, סטודיעס און קרײַזלעך פונעם קינסטלערישן וואָרט אין די ראַמען פון דעם צווייטן אַלפאַרבאַנדישן פעסטיוואַל פון פאָלקס־שאַפונג, וועלכער איז געווידמעט דעם 70־טן יאָרטאָג פונעם גרויסן אָקטיאַבער.

צוויי טעג האָבן די זעלבסטעטיקע אַרטיסטן פון כאַבאַראָווסק, קאָמסאָמאָלסק־אַפֿן־אַמור, ביראָבידזשאַן באַוויזן זייערע פּראָגראַמען. מיט דיפּלאָמען פון דער ערשטער שטופּע זײַנען באַלוינט געוואָרן די אַגיטבריגאַדעס „קאָמבײַן" (ביראָבידזשאַנער זאַוואָד „דאַלסעלמאַש") און „ווערטיקאַל" (קאָמסאָמאָלסק־אַפֿן־אַמור) און די אַרטיסטן פונעם אַגיט־טעאַטער „שיפבויער" (ניקאָלײַעווסק־אַפֿן־אַמור).

## יונגע ביראָבידזשאַנצעס — וועלט־טשעמפּיאָנען

די יוגנטלעכע קאָמאַנדע פון פּסםר אין דער שפּיל פון כאָקיי מיט א פּילקע איז געוואָרן טשעמפּיאָן פון דער וועלט. דעם טיטל האָט זי זיך דערשלאָגן אויפן יוגנטלעכן וועלט־טשעמפּיאָנאַט, וועלכער איז דורכגעגאַנגען אין דער הויפּט־שטאָט פון נאָרוועגיע אָסלאָ.

אין באַשטאַנד פון דער סאָוועטישער קאָמאַנדע זײַנען אַרויסגעטראָטן צוויי יונגע ביראָבידזשאַנער כאָקייִסטן — מיכאַיל בראַלגין און אַלעקסאַנדער אַגאַפּאָוו. ביידע זײַנען זיי דערצויגלינגען פון דער כאָקייקאָמאַנדע פונעם זאַוואָד „דאַלסעלמאַש". בײַסן וועלט־טשעמפּיאָנאַט האָבן מיכאַיל און אַלעקסאַנדער ארײַנגעקלאַפּט אין די טויערן פונעם קעגנער זעקס פּילקעס.

נאָכן אומקערן זיך אַהיים האָבן די ביראָבידזשאַנער טשעמפּיאָנען זיך באַטייליקט אינעם פינאַל־טורניר פון דעם טשעמפּיאָנאַט פון פּסםר צווישן די יוניאָרן, וועלכער איז פאָרגעקומען אין כאַבאַראָווסק, און זיך אויך דערשלאָגן גלענצנדיקע רעזולטאַטן.

# כראָניק

## וועגן די ייִדישע נעמען און פאַמיליע־נעמען

די הויפּט־רעדאַקציע פון דער מיזרעך־ליטעראַטור פונעם פאַרלאַג „נאַוקאַ" האָט אַרויסגעלאָזט א בוך אונטערן נאָמען „סיסטעמען פון פערזענלעכע נעמען בא די פעלקער פון דער וועלט". די אויסגאַבע באַשטייט פון אַרטיקלען, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם אַנטראָפּאָנימיקאָן פון קימאַט 100 פעלקער און עטנישע גרופּן.

אַן אַרטיקל אינעם בוך דערציילט וועגן דעם אַנטראָפּאָנימיקאָן פון די ייִדן. דער אַווטאָר — אַווראָם טאָרפּוסמאַן איז באַקאַנט די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" אַלס ביבליאָגראַף. אין זײַן נײַער אַרבעט אַנאַליזירט ער די אָפּשטאַמונג פון ייִדישע נעמען און פאַמיליע־נעמען פון פאַרשיידענע שפּראַכן: העברעיִש, ייִדיש, גריכיש, לאַטײַן און אַנד. און באַרירט די פראַגע וועגן די זיטן און מינהאָגים, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיטן צוטיילן נעמען לויט דער ייִדישער טראַדיציע.

צווישן דער רעקאָמענדירטער ליטעראַטור איבער דער דאָזיקער טעמאַטיק ווערט אָנגעוויזן א פּאָרשונג פונעם באַוווּסטן ייִדישן סאָוועטישן אָנאָמאַסט אַווראָם פריבלודע, וועמענס ווערק האָבן זיך הויפּטזאַכלעך געדרוקט אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

## אויף די זײַטן פון א ליטווישער וואָכנשריפט

ניט לאַנג צוריק האָבן די לייענער פון דער ווילנער וואָכנשריפט „גימטאַסיס קראַשטאַס" וועלכע אינפאָרמירט דעם ליטוויש־שפּראַכיקן אוילעם אין אויסלאַנד וועגן די הויפּט־געשעענישן אינעם קולטור־לעבן פון דער סאָוועטישער ליטע, זיך באַקאַנט מיט דער ליטעראַטור־פאָרשערישער סקיצע פונעם יונגן געלערנטן עמאַנועליס זינגעריס „ליטע אין דער וועלטלעכער ליטעראַטור פון די ליטווישע ייִדן". עס איז אויך אָפּגעדרוקט אַן אינטערוויו מיט ע. זינגעריסן וועגן זײַן שעפערישער אַרבעט. אַלס אילוסטראַציע צו דער „ייִדישער זײַט" פון דער וואָכנשריפט ווערט געגעבן א רעפּראָדוקציע פונעם בילד פון דעם ליטוויש־ייִדישן קינסטלער כ. פײַנשטיין (1911 — 1944) „די טפילע". דער אָריגינאַל פונעם בילד געפינט זיך אין די פאָנדן פון דעם טשורליאָניס־מוזיי אין קאָוונע.

